


די רשימה פון די דערשינענע ביכער צום סוף פון בוך.

יצחק טורקאָוו־גרודבערג

# אויף מיין וועג

(שרייבער און קינסטלער)

דערמאָנונגען און אָפּשאַצונגען



הילע געצייכנט דורך
מאַרעק האַלטער

אַרויסגעגעבן דורכן
צענטראַל־פאַרבאַנד פון פוילישע יידן אין אַרגענטינע
בוענאָס־איירעס, 1964 — תשכ"ד

שורען —
די בלעטער פֿון מיינע
באַגעגעניש‎ן, איבערלעבעניש‎ן
און איבערטראַכטונגען —
מיט ליבשאַפֿט.

# אינהאַלט

# די מאַמע אסתר־רחל קאַמינסקאַ

1.

נישט איינמאָל האָט מען מיר שוין געזאָגט, לשבח אָדער לגנאי, אַז אסתר־רחל איז די צענטראַלע טעמע פון מיין שרייבן. ס'איז טאַקע דאָ אַ סך אמת אין דעם. און ס'וואָלט געווען מאָדנע, ווען ס'זאָל זיין אַנדערש.

זייט איך געדענק זיך — זייט מיין זכרון האָט באַוויזן צו פאַרפיקסירן נעמען און פערזענלעכקייטן, וואָס ווערן סימבאָליזירט דורך נעמען — איז איינגעקריצט ביי מיר דער נאָמען אסתר־רחל קאַמינסקאַ. מיין טאַטע — אַ גרויסער ליבהאָבער פון טעאַטער און נאָך אַ גרעסערער פאַרערער פון דער „מאַמען", — פלעגט אָפט רעדן ביי אונדז אין דער היים וועגן אירס אַ יו־בילעי, אַ בענעפיס, אַ פרעמיערע... כ'בין נאָך געווען אַ קינד, ווען דער טאַטע פלעגט מיך מיטנעמען אויף טעאַטער־פאָרשטעלונגען מיטן אָנטייל פון אסתר־רחל קאַמינסקאַ.

אין די יאָרן פון דער ערשטער דייטשער אָקופּאַציע אין וואַרשע — אָנהייבנדיק פון יאָר 1916 — געדענק איך שוין בולט אַ צאָל פאָרשטעלונ־גען מיט אסתר־רחלען, סיי אין „עליזעום", סיי אין קאַמינסקיס טעאַטער. איך זע זי ממש ווי לעבעדיק פאַר מיינע אויגן אין געשטאַלט פון דער הוס־טנדיקער, קראַנקער העלדין פון נאָמבערגס „משפחה". קורץ נאָכדעם האָבן מיינע צוויי עלטערע ברידער — זיגמונט און יאָנאָס — אָנגעהויבן צו שפּילן אין אסתר־רחלס אַנסאַמבל. בין איך שוין געוואָרן אַ בן־בית ביי די קאַמינ־סקיס. אגב: אסתר־רחלס איינציקער זון, יוסף, איז געווען בלויז מיט איין קלאַס העכער פון מיר אין קרינסקיס גימנאַזיע (אויך זיין געשוועסטערקינד, מאָטל ליסקאָווסקי), מיר האָבן זיך געחברט און איך בין טאַקע געוואָרן אַן איינגייער אין דער קאַמינסקי־היים, אויף אָבאָזשנע. און אין יוני 1918 זע־

נען מיר דאָך געוואָרן אמתע מחותנים — מיין ברודער זיגמונט האָט חתונה געהאַט מיט אידאַ קאַמינסקאַ. בין איך געוואָרן גאָר אַ טייל פון דער משפחה, איבערגעלעבט מיט זיי אַלע ליידן און פריידן. ווי זיי — מיט אומגעדולד גע־וואַרט אויף אַ ידיעה, אַ בריוו, פון די מיט פלאַמען פון בירגערקריג אַרומ־געכאַפּטע געביטן אין רוסלאַנד — טראָץ מיין שווערער קראַנקייט אין יענע יאָרן, אַ קראַנקייט, וואָס האָט מיך חדשים־לאַנג געהאַלטן צוגעשמידט צום בעט. דאַן — דאָס צוריקקומען פון אסתר־רחלען אַהיים, אָן איר טאָכטער, איידעם און אייניקל; קורץ נאָכדעם — דאָס פּאַראייניקן זיך צוריק פון דער פאַמיליע. מיר ווייזט זיך אויס, אַז איך בין טאָג־טעגלעך געווען אויף אָבאָזש־נע 11, אַריינגעטאָן אין אַלע שטוב־ און טעאַטער־ענינים.

סוף 1923 בין איך (כמעט נאָך אַ יאָר אַרבעט אין לעמבערג) צוריק־געקומען קיין וואַרשע, אין ברען פון די דערפאָלגן פונעם „צענטראַל״־טעאַטער מיט אסתר־רחלען. צוריקגעקומען בין איך אַ גאַנצער „שרייבער״, אַ רעדאַקטאָר פון אַ יוגנט־זשורנאַל. האָט מיך אסתר־רחל פון צייט צו צייט געבעטן צו ענטפערן אויף בריוו (פון אירע פאַרערער), איבערשרייבן און רעדאַגירן, פאַר פאַרשידענע זשורנאַלן, אירע זכרונות וועגן דוד פרישמאַ־נען, וועגן יעקב דינעזאָן. מיטאַמאָל האָט זיך אונטערגערוקט איר קראַנקייט, זי איז אַוועקגעפאָרן קיין ווין אויף אַן אָפּעראַציע און צוריקגעקומען ערשט אין דער צווייטער העלפט 1924. דאַן האָט זי מיר, אין אַ וויץ, פאָרגעשלאָגן איך זאָל ווערן איר „פּריוואַט־סעקרעטאַר״ און איך האָב זיך מיטביידע הענט אָנגעכאַפּט אין דעם פאָרשלאַג. האָט זי מיר אָנגעהויבן צו דיקטירן בריוו, פראַגמענטן פון זכרונות. שפּעטער האָט זי באַשלאָסן אַליין צו שרייבן די זכרונות („ס׳טראַכט זיך לייכטער, ווען מען איז אַליין מיט זיך, — האָט זי מיר געזאָגט, — און דו וועסט זיך שוין אַן עצה געבן מיט מיינע קאָטשע־רעס און לאַפּאַטעס״); איך האָב זיי דערנאָך איבערגעשריבן און באַאַרבעט. איך האָב, וואָס אַן אמת, בלויז באַוויזן די ערשטע צוויי קאַפּיטלעך אויפצו־נעמען ביי איר — איך האָב אין מאַי 1925 אָנגעהויבן מיינע טעאַטער־וואַנ־דערונגען. די זכרונות האָט איבערגענומען מיין ברודער יאַנאַס, וועלכער האָט זיי רעדאַגירט און דאַן פאַרעפנטלעכט אין וואַרשעווער „מאָמענט״. אָבער איך האָב זיך אַלץ געפילט דער „פּריוואַט־סעקרעטאַר״ פון אסתר־

רחלען — אַפילו נאָך איר טויט, ווייל ווען אידאַ קאַמינסקאַ און זיגמונט טורקאָוו האָבן באַשלאָסן צו אָרגאַניזירן דעם אסתר־רחל קאַמינסקאַ־ מוזיי, וואָס איז דערעפנט געוואָרן אין איר היים צו די שלושים נאָך איר טויט (שפּעטער איז ער אַריבערגעפירט געוואָרן אין „ייִוואָ״, קיין ווילנע, ווו ער איז זיך פאַנאַנדערגעוואַקסן צו אַ מעכטיקער אינסטיטוציע — דער ייִדישער טעאַטער־מוזיי — א״נ פון אסתר־רחל קאַמינסקאַ, ביז היטלער האָט אים פאַרברענט אין דער קרעמאַטאָריע, אין וועלכער ער האָט פאַרוואַנדלט גאַנץ ייִדיש אייראָפּע) — בין איך טעג און נעכט געזעסן, געסדרט דעם מאַטער־יאַל, געלייענט בריוו, דאָקומענטן און קאַטאַלאָגירט.

דאָס אַלץ האָט מיך נישט בלויז פעסט פאַרבונדן מיט אסתר־רחל קאַמינסקאַ, נאָר אויך דערמעגלעכט צו דערקענען דורך און דורך די דאָזיקע גרויסע פּערזענלעכקייט. איך האָב זיך באַקענט נישט בלויז מיט איר טאַלאַנט (פון דער גרויסער צאָל ראָלן, וואָס איך האָב זי געזען שפּילן), נאָר אויך מיט דער שיינער און פּראַכטפולער פּערזענלעכקייט אסתר־רחל קאַמינסקאַ. בין איך טאַקע באַצויבערט געוואָרן פון איר און האָב נישט בדעה דורך מיין גאַנץ לעבן זיך צו באַפרייען פון דעם צויבער.

איך האָב אַ סך וועגן איר געשריבן. אין יולי 1925 האָב איך אָנגעהויבן צו דרוקן אין די וואַרשעווער „ליטעראַרישע בלעטער״ אַ סעריע פּאַרצייכענונגען און אינטערוויוען: „ייִדישע אַקטיאָרן וועגן זיך״. די סעריע האָט זיך אָנגעהויבן מיט אסתר־רחל קאַמינסקאַ. אָט וואָס זי האָט מיר דעמאָלט דערציילט:

„פון אַ קליין ייִדיש שטעטל קום איך.

ווייט פון רוישיקן לעבן, צווישן ברייטע פעלדער און וועלדער, בין איך געוואַקסן. ס׳האָט אַלץ אַרום מיר געזונגען אַ ליד פון לעבן. האָט זיך דאָס ליד איינגעזאַפּט אין מיר. בין איך געגאַנגען אין מיין קליין שטעטל און כ׳האָב געזונגען.

איך בין אויסגעוואַקסן אַ געזונטע, לעבעדיקע, גוט־אַנטוויקלטע מויד — אַ זינגענדיקע.

אַזאַ האָט מען מיך אַריינגעפירט אין אַ גרויסער רוישנדיקער שטאָט — אַזאַ האָט מען מיך געברענגט קיין וואַרשע.

דאָ האָב איך אַן אַנדער לעבן דערקענט. דאָ האָב איך זיך דערוווּסט, אַז ס׳זענען דאָ אַזעלכע, וואָס זינגען זיך אויס זייער גאַנץ לעבן. כ׳האָב זיך דערוווּסט, אַז ס׳איז דאָ אַ טעאַטער.

מען האָט מיך אַהינגעפירט און כ׳בין געבליבן פאַרכאַפּט פון דעם גלאַנץ פון דער בינע. און כאָטש דאָס, וואָס איך האָב געזען אין טעאַטער איז שענער געווען פון מיינע שענסטע חלומות און גרעסער פון דער גרויסקייט וועגן וועלכער מ׳האָט מיר דערציילט — האָב איך דאָך דערפילט, אַז טאַקע נאָך דעם־אָ זינגענדיקן לעבן האָב איך יאָרנלאַנג געבענקט אין מיין קליין שטעטעלע. ס׳האָט מיך געצויגן, באַרוישט, פאַרכישופט. אמת, כ׳האָב בלויז געזען דאָס שיי־נע, דאָס פאַרבלענדנדיקע. אָבער דערפון האָב איך זיך נישט אָפּ־געגעבן קיין חשבון. איך האָב עס ליב געקריגן און דאָס האָט מיך נישט געלאָזט רוען.

טעאַטער האָט מיך אָנגעהויבן צו פאַרפאָלגן, האָט מיך גע־טריבן צו גאָלדפאַדענען אַלס אַ פּופּצניאַריק מיידל. משפחה האָט מיר דאַן נישט געלאָזט מיין שטרעבונג דערפילן. האָב איך ווידער יאָרן איבערגעלעבט אין אומרו און בענקשאַפט.

ביז עס איז געקומען דער טאָג, ווען איך האָב דאָס ערשטע מאָל אַריבערגעטראָטן די בינע־ברעטער — ווען מיין חלום איז געוואָרן וואָר. פאַרציטערט בין איך געווען פון גליק און פון מורא. געציטערט, ווי אַ קליין ביימעלע אין ווינט. כ׳האָב געשפּילט „מי־רעלע״ אין דער „כישופמאַכערין״ — בין איך געוואָרן מירעלע. יעדן שמערץ אירן דורכגעפילט, יעדן ווייטיק אירן דורכגעווייטיקט. די טרערן מיינע זענען אמתע טרערן געווען. איך האָב נישט גע־שפּילט — איך האָב געלעבט.

די בראַוואָס האָבן מיך נישט גענומען. איך האָב זיי נישט גע־פילט און נישט פאַרשטאַנען. איך האָב בלויז געפילט, אַז איך לעב דורך אַ ניי לעבן, אַז איך וועל אַזעלכע לעבנס דאַרפן אַ סך דורכ־לעבן — און דאָס האָט מיך צום מיינסטן גענומען, דאָס האָט מיך צוגעבונדן צו די בינע־ברעטער.

פון דאַן אָן לעב איך שוין עטלעכע און דרייסיק יאָר מיט דער בינע. חתונה־געהאַט, קינדער געבוירן — און אַלץ געלעבט מיט דער בינע. ס׳האָט מיך גאָרנישט באַוויזן אַוועקצורייסן פון איר. אויף איר האָב איך דורכגעלעבט מיינע גרעסטע פריידן — אויף איר מיינע גרעסטע ליידן. אַדורכגעוואַנדערט אַ האַלבע וועלט מיט יידיש טעאַטער, רווישנדיקע דערפאָלגן געהאַט, געוואָרן אַ באַרימטע אַק־טריסע — דאָס אַלץ האָט מיך אָבער נישט געענדערט. כ׳בין גע־בליבן די זעלבע — דאָס זעלבע מיידעלע פון קליינעם שטעטל, וואָס האָט פאַר זיך אַ ניי לעבן דערזען און האָט דערפילט: אַזאַ לעבן מוז איך לעבן.

און איך לעב עס.

מען רופט מיך „מאַמע פון יידישן טעאַטער״. איך בין אָבער אַ קינד, אַ קינד פון יידישן טעאַטער, אַ קינד פון טעאַטער. אַ מענטש וואָס האָט צענדליקער יאָרן דורכגעלעבט מיט טעאַטער, אַ מענטש, וואָס מוז שוין זיין לעבן אויסלעבן אויף דער בינע.

מיינט נישט, קינדערלעך, אַז דאָס איז דערפאַר, ווייל דאָס לעבן איז דאָרט אַזוי זיס. נישט בלויז די סודותפולע הינטערקוליסן — די גלאַנציקע בינע אַליין האָט אויך אירע שאָטן־זייטן. טעאַטער גיט מער ליידן, ווי פרייד אָבער דער, וואָס האָט טעאַטער אין זיין בלוט — דער קאָן זיך דערפון נישט באַפרייען.

ס׳זענען דאָ מענטשן, ביי וועלכע בינע איז — די וויגל־ברעט. ביי אונדז אַלע, ביי אַלע אַקטיאָרן, איז אויך בינע — די קבר־ברעט. אַזעלכע זענען מיר, אַרטיסטן. מיר, מענטשן ליידנדיקע און מיט ליידן — לעבנדיקע״.

די שורות האָט זי באַשטעטיקט. אירע געדאַנקען זענען דאַן געוואָרן מיינע און מיינע שורות — אירע.

גלייך נאָך איר טויט האָב איך אין וואַרשעווער „היינט״ פאַרעפנט־לעכט (אין המשכים) אירס אַן אויספירלעכע ביאָגראַפיע, וועלכע האָט גע־זאָלט דערשיינען אין בוך־פאָרעם אין יאָר 1939 אין שלמה שיינבערגס פאַרלאַג. אָבער נאָך אַ סך פריער האָב איך אויף אַ באַשטעלונג פון ד״ר

ווייכערט אָנגעשריבן אַ גרעסערע אַרבעט וועגן אסתר־רחלען פאַרן מינ־סקער „אינווייסקולט״. כ׳האָב אין לויף פון יאָרן אָנגעשריבן צענדליקער אַרטיקלען וועגן איר און לסוף — מיין בוך, די ביאָגראַפישע דערציילונג „די מאַמע אסתר־רחל״.

איך מיין אָבער נישט, אַז איך האָב שוין „אויסגעשעפּט די טעמע״. איך קאָן נאָך וועגן איר שרייבן און שרייבן.

.2

אין דער פאַרהעלטנישמעסיק־קורצער געשיכטע פון נאָכאַנאַנד־וויר־קנדיקן יידישן טעאַטער שיינען אַרויס אייניקע נעמען, וואָס סימבאָליזירן תקופות אין זיין אַנטוויקלונג; נעמען, דורך וועלכע מיר באַצייכענען באַגין און אויפשטייג; אַנדערע נעמען, וועלכע קאָנען דינען אַלס באַצייכענונג פון באַרג־אַראָפּ, פון פאַלן, פון זינקען.

דער נאָמען אברהם גאָלדפאַדען באַדייט אין דער יידישער טעאַטער־געשיכטע: דער אָנהייב, דער באַגין פון אַ פאָלקס־אינסטיטוציע, וואָס האָט שוין אויף פעסט אָנגעהויבן צו ווירקן אין יידישן לעבן. דער נאָמען באַ־דייט אויך: טעאַטער, וואָס האָט זיך גענערט פון די אורקוואַלן פון פאָלקס־שאַפן, אמתער פאָלקס־טעאַטער. און כאָטש בלויז דער ערשטער פעריאָד פון גאָלדפאַדענס שעפערישן וועג קאָן אָנגערופן ווערן דער פולשטענדיק־פאָלקסטימלעכער, דער שטאַמענדיקער פון די פאָלקס־מאַסן און פאַרבונ־דענער מיט זיי — בלייבט אַלץ ביי גאָלדפאַדענס נאָמען דער צונאָמען „פאָטער פון יידישן טעאַטער״, דער אָפּשיין פון התחלה, פון פיאָנערישן אויפטו און דער חן פון פאָלקס־קונסט. גראָד אַזוי פאַרבלייבט ביי גאָרדי־נען דער צונאָמען „רעפאָרמאַטאָר פון יידישן טעאַטער״, כאָטש דאָס נייע, וואָס גאָרדין האָט אין זיין צייט אַריינגעבראַכט, קאָן היינט קלינגען פאַר־עלטערט, עס קאָן אַפילו צומאָל באַדעקט זיין מיט שטויב און שימל פון ווייניק־געלופטערטן מוזיי־מאַטעריאַל. דאָס מאַכט לחלוטין נישט קלענער די היסטאָרישע באַדייטונג פון גאָרדינען פאַר דער אַנטוויקלונג פון יידישן טעאַטער, דעם געשיכטלעכן באַדייט פון זיין נאָמען.

נישט ווייניקער סימבאָליזירן (דאָסמאָל אָבער דעם באַרג־אַראָפּ) דאָס

יידישע טעאַטער — פון זיינע ערשטע יאָרן — הורוויץ און לאַטיינער. דאָס הייסט, אַז זייערע נעמען האָבן אויך אַ באַזונדערן קלאַנג אין דער געשיכטע פון יידישן טעאַטער — אַ שלעכטן, אַ גרילצנדיקן, אָבער אַן אויסדריקלעכן אין זיין גרילצנדיקייט.

אין דער געשיכטע פון יידישן טעאַטער האָבן אויך זייער שיינעם קלאַנג נעמען פון קאָלעקטיוון, ווי אַ שטייגער די „ווילנער טרופּע". אַפילו נעמען פון טעאַטער־דירעקטאָרן האָבן אָפּטמאָל זייער גרויסע וואָג. זעלטן אָבער קאָנען מיר באַצייכענען אַ וויכטיקן פּעריאָד מיטן נאָמען פון אַן אַקטיאָר, ווי גרויס עס זאָל נישט האָבן געווען דער גלאַנץ פון זיין נאָמען אין דער צייט פון זיין שאַפן, ווי עס זאָל נישט האָבן פאַרבלענדט אין זיין צייט די נעמען פון טעאַטער־אָרגאַניזאַטאָרן און מחברים דער דאָזיקער אַקטיאָרישער גלאַנץ. און דאָס איז געשען נישט געקוקט דערויף, וואָס דאָס יידישע טעאַטער — אין זיין גאַנצער ברייט־ימיקער כוואַליעדיקייט — איז רייך געווען מיט פענאָמענאַלע אַקטיאָרישע דערשיינונגען, מיט אַנטפּלעקונגען פון שוישפּילערישער גאונות, פון אורקוואַליקע טאַלאַנטן, וואָס האָבן באַשיינט די אָרעמע יידישע בינע־ברעטער.

עס ווילט זיך נישט איבערחזרן דעם אַזויפיל אָרויסגעזאָגטן געדאַנק, אַז די שאַפונג פון אַקטיאָר איז די פאַרגענגלעכסטע פון אַלע קונסט־שאַפונגען. ערשטנס דערפאַר, ווייל דער געדאַנק איז שוין אַן אויסגעדראָשענער און צווייטנס — ווייל ער איז נישט אַזוי ריכטיק. לאָזן דאָך אַקטיאָרישע קרעאַציעס איבער אַן אומפאַרגעסלעכן איינדרוק אויף צושויער, קריצן זיך איין ביזן סוף פון לעבן אין צושויערס נשמה — איז עס דאָך ווידער נישט אַזאַ אַבסאָלוט פאַרגענגלעכקייט, אַזאַ פאַרביקער שמעטערלינג, וואָס באַפּוצט בלויז איין איינציקן זומערדיקן טאָג. אמת — די שאַפונג פון אַקטיאָר איז באַגרענעצט מיט די ענגע ראַמען פון אָרט און צייט ווען זי איז געשאַפן (עס רעדט זיך, פאַרשטייט זיך, וועגן בינע־אַקטיאָר, נישט וועגן דעם פילם־שטערן, וועמענס אויסגעשפּילטע געשטאַלט ווערט פאַרפּיקסירט אויפן צעלולאָידענעם באַנד. זי איז אָבער גלייכצייטיק אַ סינטעז פון טעכנישער קאָמבינאַציע, פאָטאָגראַפישער קונסט און שוישפּילערישער שאַפונג, נישט פאַרמאָגנדיק די בלוט־פּולסירנדיקע היץ פון דעם

בינע־אַקטיאָרס שאַפן); אָבער איר עמאָציאָנעלע באַווירקונג אויף דער הייסער מינוט קאָן זיין פון אַזאַ קראַפט, אַז זי איז בכוח איינצוואָרצלען זיך אין געדעכעניש פון באַווירקטן אַזוי לאַנג, ווי דאָס געדעכעניש לעבט.

דוכט זיך, אַז די סיבות דאַרף מען זוכן ערגעץ־ווו אַנדערש. דער בינע־אַקטיאָר, איינער פון די הויפּט־שעפער פון אַזאַ קאָלעקטיווער קונסט, ווי עס איז טעאַטער, איז גלייכצייטיק דער אינדיווידועלסטער און אפשר דער אינדיווידואַליסטישסטער פון אַלע קינסטלער. דער אינדיווידועלסטער, ווייל דאָס, וואָס געשען אין מאָמענט פון זיין קונסט־פּראָדוקציע, קאָן שוין נישט פאַרראַכטן ווערן דורך קיינעם. עס קאָן אויך אין ברען פון פּראָדוציר־פּראָצעס פאַרן עולם דורך קיינעם נישט דיריגירט און רעגולירט ווערן, איז אינגאַנצן אָפּהענגיק פון אַקטיאָרס טאַלאַנט, וויסן, אינטעליגענץ, טעכניק, קולטור, אינטויציע, באַוווסטזיין, געפיל און שטימונג; ער איז דער אינדיווידואַליסטישסטער — אפשר צוליב די פריער־אויסגערעכנטע סיבות, וואָס קאָנען ביים אַקטיאָר אַרויסרופן דאָס געפיל: „איך בין דער יוצר פון דער גאַנצער טעאַטער־פאָרשטעלונג און דאָס גאַנצע קאָלעקטיווע קונסט־ווערק איז אַ חומר, וועלכער ליגט אין מיינע הענט". אויב מיר וועלן נאָך צוגעבן דאָס ביסל אַקטיאָרישע איבער־עמפּינדלעכקייט, וואָס קאָן זיין סיי אַ באַגלייט־דערשיינונג, סיי אַ רע־זולטאַט פון זיין פּראָפעסיע; די ביז היסטעריע דערגייענדיקע נערוון־צערייצטקייט, וואָס איז זיכער אַ רעזולטאַט פון שטענדיקער אַבסאָלו־טער נערוון־געשפּאַנטקייט ביים שאַפן די געשטאַלט אויף דער בינע, ביים אויסשפּילן „דאָס לעבן פון מענטשלעכן גייסט", ווי עס רופט דאָס אָן דער גרויסער רוסישער טעאַטער־קינסטלער און טעאָרעטיקער קאָנסטאַנ־טין סטאַניסלאַווסקי — וועט קלאָר ווערן אַ געוויסער פּאַראַדאָקס: דער קינסטלער, וואָס האָט אפשר צום מיינסטן אַ דירעקטן קאָנטאַקט מיט זיין אָפּנעמער, מיט אַ מענטשלעכער מאַסע, מיט אַ לעבעדיקן טייל פון דער געזעלשאַפט — איז אָפט אַ נישט־געזעלשאַפטלעכער מענטש. עס רעדט זיך, פאַרשטייט זיך, נישט וועגן דער געזעלשאַפטלעכקייט פון פאַרברענ־גען אין אַ פריילעכער קאָמפּאַניע אין אַ נאַכט־לאָקאַל, נייערט וועגן אָנטייל אָדער פאַרשטענדעניש פאַרן סאָציאַלן לעבן. באַקומט זיך טאַקע, אַז דער,

וואָס איז אין זיין שאַפן צום שטאַרקסטן פאַרבונדן מיטן אָפּנעמער פון זיין שאַפן, קאָן אויסערן שאַפן זיין ווייט פון לעבן און טראַכטן פון זיין אָפּנעמער.

די פאַרבינדונג מיט דער געזעלשאַפט איז אַמאָל כמעט נישט געווען צווישן אַקטיאָרן, ספּעציעל — צווישן ייִדישע. אַן אַרויסגעשטויסענער אָדער איגנאָרירטער דורך דער געזעלשאַפט, האָט ער אָפטמאָל איר אָפּ־געצאָלט מיט חוזק, מיט ציניִשן ביטול. דער ייִדישער אַקטיאָר, ביי דער וויכטיקער געזעלשאַפטלעכער פונקציע פון זיין שאַפן, איז בדרך־כלל גע־ווען אַ נישט־געזעלשאַפטלעכער מענטש. באַזונדערס טאַקע דער אַקטיאָר, וואָס זיין שטערן האָט אין זיין צייט געשיינט העלער ווי אַנדערע. דאָס האָט אין אים נאָכמער פאַרשטאַרקט זיינע אינדיווידואַליסטישע נטיות, עס האָט אים פאַרוואַנדלט אין אַ מעטעאָר, וואָס שיינט־אויף מיט אַ בלענדיק ליכט און לויפט דורך זיין שאַפונגס־וועג אַליין — לייכטנדיק, אָבער נישט וואַרע־מענדיק קיינעם — און פאַרשווינדנדיק צוזאַמען מיט זיין בלענדנדיק ליכט.

זעלטן ווען טרעפן מיר אַ ייִדישן אַקטיאָר אין יענע יאָרן, וועלכער זאָל זיין, ווי אַ זון — נישט נאָר שיינען, נייערט אויך אָנוואַרעמען מיט די שטראַלן דעם אַרום, אויסוואַרעמען דעם טעאַטער־באָדן, ברענגענדיק דערמיט צום אויפקום פון נייע געוויקסן. אַקטיאָרן, קינסטלער, וואָס זאָלן — צו דער נישט־צווייפלהאַפטערווירקונג פון זייער טאַלאַנט, פון זייער קונסט — אויך געזעלשאַפטלעך ווירקן דירעקט, אויב נישט אין אַ ברייטערן פאַרנעם, איז כאָטש אין די גרענעצן פון דער טעאַטער־וועלט. גע־ציילט זענען געווען אַזעלכע נעמען אין דער געשיכטע פון ייִדישן טעאַ־טער אויף גאָר דער וועלט.

אַזאַ נאָמען איז געווען אסתּר־רחל קאַמינסקאַ.

אסתּר־רחל קאַמינסקאַ איז נישט געווען קיין טעאַטער־דירעקטאָר, נישט קיין רעזשיסער אין היינטיקן זין פון דער פונקציע אין טעאַטער — ד"ה אַן אינטערפּרעטאַטאָר פון ווערק און אָרגאַניזאַטאָר פון אַלע טעאַ־טער־קאָמפּאָנענטן אין אַ ספּעקטאַקל. און דאָך איז איר ראָל אין דער גע־שיכטע פון ייִדישן טעאַטער געווען אַזוי גרויס נישט בלויז דערפאַר, ווייל זי איז געווען אַ גרויסע אַרטיסטקע — איינער פון די זאַפטיקסטע און רייפסטע אַקטיאָרישע טאַלאַנטן, וואָס די ייִדישע בינע האָט אַרויסגעגעבן;

איר ראָל און אומגעהייערע באַדייטונג איז באַשטאַנען אין דעם, וואָס אין איר האָבן זיך פאַראייניקט אין אַ זעלטענער האַרמאָניע די גרויסע קינסט־לערין און די טעאַטער־באַפרוכפּערנדיקע פּערזענלעכקייט; וואָס איר שאַפן איז געווען פאַרבונדן מיט אַ טעאַטער־דערציִערישער און געזעלשאַפט־לעכער פונקציע פון גרויסער באַדייטונג; וואָס זי האָט באַנומען — אינטוּי־טיוו אָדער באַוווּסטזיניק — די געזעלשאַפטלעכע ראָל פון טעאַטער און געזעלשאַפטלעכע שליחות פון אַקטיאָרן. דאָס איז געווען דער גרויסער — מען קאָן דרייסט זאָגן: היסטאָרישער פאַרדינסט פון אסתּר־רחל קאַמינ־סקאַ. זי איז אַלס קינסטלערין געווען די פאַרביקסטע דערשיינונג און אַלס טעאַטער־פּערזענלעכקייט — די געזעלשאַפטלעך־וואָגיקסטע אין ייִדישן לעבן פון יענע צייטן און דאָס האָט איר געגעבן אייביקייט־רעכט אין די הערצער פון טעאַטער־עולם, אין געדעכעניש פון די טעאַטער־מענטשן און אין דער געשיכטע פון דער ייִדישער פאָלקס־קולטור. דאָס קינד פון די ייִדישע פאָלקס־מאַסן, האָט פאַר זיי טאַקע געשאַפן און אָן פּשרות געשטעלט צו זייער דינסט איר גרויסע קינסטלערישע פּערזענלעכקייט.

פון דעם קליינעם שטעטעלע פּאַראָזאָווע (וואָלקאָווויסקער ראַיאָן, דע־מאָלטיקע גראָדנער גובערניע), איז זי אַרויס אין דער ברייטער וועלט, טראָגנדיק מיט זיך די יניקה פון דעם קליינעם שטעטעלע, — דעם מיט לירישן אומעט פאַרוועבטן פּייזאַזש פון ווייסרוסישן וואַלדיקן פלאַכלאַנד — די יניקה פון דעם אָרעמסטן ייִדישן פאָלקס־לעבן, וועלכעס זי האָט שפּעטער באַשיינט מיט איר קונסט.

אסתּר־רחל קאַמינסקאַ (געבוירן שושן־פּורים 1870, אַלס ייִנגסטע טאָכטער אין דער גרויסער משפחה פון פּאַראָזאָווער שמש־חזן האַלפּערן), האָט זיך אין אירע גאָר־יונגע יאָרן געלאָזט גיין אויף דעם וועג פון גרויסע טיילן פון דער ייִדישער אָרעמקייט, וואָס האָט זיך פון די קליינע שטעט־לעך געצויגן נאָך ברויט און לעבן אין די גרויסע שטעט. מיט אָט דעם שטראָם זענען שוין פון איינפאַלנדיקן שטיבל אויפן פּאַראָזאָווער שיל־הויף אַוועק אין דער וועלט אַריין אַלע עלטערע קינדער פון שמש, דריי פון וועלכע (איין זון און צוויי טעכטער), האָבן זיך געהאַט איינגעאָרדנט אויף פאַרשידענע אַרבעטן אין וואַרשע. עס איז שוין טאַקע נישט געווען

קיין תּכלית פאַר דער גערעטענער מיזינקע, וועלכע דער טאַטע האָט קוים אויסגעלערנט אלף־בית און דאַווענען, אַרומצולויפן אַ באָרוועסע מיט די שיקסעס פון דאָרף און זינגען זייערע לידער (דערפאַר האָט מען טאַקע זי אַליין גערופן אין שטעטל „די שיקסע״) — און עס איז דערי־בער באַשלאָסן געוואָרן אַוועקצושיקן צו די שוועסטערס קיין וואַרשע די פּופּצן־יאָריקע, פיזיש און גייסטיק גוט־אַנטוויקלטע אסתּר־רחל. אָבער נישט קיין טוריסטן־רייזע אָדער פאַרוויילונג האָט באַדאַרפט זיין פאַר איר דאָס פאָרן קיין וואַרשע. זייער גיך האָט זי געמוזט פאַרגעסן וועגן די איינ־דרוקן פון דער ערשטער רייזע אין דער גרויסער וועלט, אָנזעטיקן זיך מיטן שטורעמדיקן לעבן פון דער מעטראָפּאָליע און טראַכטן וועגן דער ערשטער זאָרג פון אָרעמע מענטשן — פּרנסה. דער לייכטסטער וועג פאַר אַ מיידל פון איר אָפּשטאַמונג, אירע קוואַליפיקאַציעס און וויסן איז גע־ווען — אָנקומען ערגעץ „דינען״, אַ דינסט אין אַ וואַרשעווער באַלעבאַ־טישער שטוב. דער איינגעבוירענער שטאָלץ פון אַ נאַטור־קינד האָט עס אסתּר־רחלען נישט דערלויבט. זי האָט בעסער אויסגעקליבן דאָס שווערע לעבן פון אַרבעט אין אַ פאַבריק, איידער דאָס דערנידערנדיקע אויסדינען זיך ביי אויפקומענדיקע גבירים. ווערט אסתּר־רחל אַן אַרבעטערין אין אַ פּאַפּיראָסן־פאַבריק, אַ שירעם־מאַכערין, אַ מאָדעליסטין פון לעדער־גאַ־לאַנטעריע — זי זוכט זיך דורכצושלאָגן אַ ווירדיקן וועג אין לעבן.

נאָר פלוצלינג באַוויזט זיך פאַר דעם מיידל פון קליינעם שטעטל אַ נייע וועלט, וועגן וועלכער זי האָט אפשר קיינמאָל אַפילו נישט געקאָנט חלומען, וועגן דער עקזיסטענץ פון וועלכער זי האָט אַפילו נישט גע־ווּסט: אין וואַרשע שפּילט אַ „יידיש־דייטש״־טעאַטער אונטער דער אָנ־פירונג פון אברהם גאָלדפאַדען. דאָס איז געווען דער קורצער פּעריאָד פון גאָלדפאַדענס וואַרשעווער טעאַטער־טעטיקייט אין „בוף״ („עלדאָראַדאָ״־טעאַטער) אין די יאָרן 1885־1887. די שותּפות פון גאָלדפאַדענען מיט דער רוסין אַלגינסקאַיאַ (וועלכע האָט נאָך דערצו פאַרזעגלעך געהאַט ברייטע פּלייצעס) האָט דערמעגלעכט, אַז דאָס טעאַטער זאָל אַזאַ לאַנגע צייט קאָנען פריי שפּילן, נישט מורא האָבנדיק פאַר שיקאַנעס מצד דער פּאָליציי, אַפילו נישט פאַר די פאַרפאָלגונגען און מסירות פון דער אָרטאָדאָקסיע און קהל־

תקיפים — ביז גאָלדפאַדען האָט זיך נישט צעקריגט מיט זיין שותפטע. דער גרעסטער דערפאָלג פון טעאַטער איז דאַן געווען „שולמית". אסתר־רחל קומט אויף אַ פאַרשטעלונג — ווערט פאַרכישופט פון דער נייער וועלט פון פאַרב, קלאַנג, ליכט, יום־טובדיקייט, באַוועגונג און איבער־לעבונג — און געפינט אין זיך גענוג דרייסטקייט צו קומען צום אַזוי הויך־שטייענדיקן גאָלדפאַדען, אַן אַרומגערינגלטן מיט פאַרטיערן און משמשים, מיטן באַגער אָנצוקומען אין זיין טעאַטער. עס געפעלט גאָלדפאַדענען איר אויסערלעכקייט (כאָטש ער געפינט, אַז זי איז נאָך אַ ביסל צו דאָרפיש); מען עקזאַמינירט זי — עס האָט נושא־חן געווען איר מוזיקאַלישקייט און געפילפולקייט. שפּילן וועט זי, וואָס אַן אמת, קאָנען ערשט אין אַ צייט אַרום, ווען זי וועט אַ ביסל עלטער און רייפער ווערן, ווען איר שטים וועט זיך שטעלן, אָבער דערוויל קאָן מען זי אויסנוצן אין כאָר, אין די מאַסן־סצענעס. אסתר־רחל איז גליקלעך דערמיט, אָבער איר משפּחה — פאַר־קערט. אַזאַ „חרפּה" קאָן מקצר־ימים זיין די פרומע עלטערן, וואָס וועלן זיך מוזן שעמען אַרויסצוגיין אין פאַראַזאָווע פון זייער שטיבל. אסתר־רחל מוז זיך אונטערגעבן אונטערן דרוק פון עלטערן־ליבע. דערוויל ווערט מיט דער צייט דאָס טעאַטער געשלאָסן, זי קאָן שוין אַפילו נישט געניסן פון דער הנאה צו זען און הערן עס, נאָר פון זיין כישוף קאָן זי זיך שוין נישט באַ־פרייען. אין אַ פאָר יאָר אַרום באַקענט זי זיך מיט אַ קרייז אַזעלכע טעאַטער־אַספּיראַנטן, ווי זי — צווישן זיי אייניקע, וואָס האָבן שוין פאַרזוכט די בינע־ברעטער — און זיי אַלע פאַרבינדן זיך מיטן פויליש־דייטשן אַקטיאָר יוליוס אָסקאַר, וואָס ווערט זייער רעזשיסער.

אַזעלכע קרייזן זענען אין יענע יאָרן געווען אַן אָפטע דערשיינונג אין וואַרשע און שפּעטער אויך — אין אַנדערע גרעסערע שטעט פון פוילן. זיי האָבן דערפילט די וויכטיקע ראָל פון אויספילן די בלויזן אין דער טעאַ־טער־אויסלעבונג פון יידישע פאָלקס־מענטשן, זיי זענען גלייכצייטיק געווען די ערשטע — און אין כמעט אַלע פאַלן: די איינציקע — טעאַטער־שולן פון יידישן פאָלקס־אַקטיאָר. דער קרייז, צו וועלכן אסתר־רחל איז צוגע־שטאַנען, איז אַפּנים געווען דער רייפסטער, געהאַט אַזאַ געניטן רעזשיסער, ווי אָסקאַר; אַן אַלטן יידישן טעאַטער־מענטש, ווי דוד שוואַרצבאַרד. דער־

פּאַר איז אים געלונגען ווידער צו איבערצייגן די אלגינסקאַיאַ זי זאָל מאַכן אַ נייעם פּרווו מיט יידיש־טעאַטער. ווערט טאַקע אין איר „עלדאָראַדאָ״, אין יאָר 1892, אויפגעפירט גאָלדפאַדענס „כישופמאַכערין״ דורך אַ „יידיש־דייטש״־טעאַטער אונטער דער רעזשי פון יוליוס אָסקאַר, אַ פאָרשטעלונג אין וועלכער עס באַטייליקט זיך צום ערשטן מאָל אסתּר־רחל אין דער ראָל פון „מירעלע״ (אָדער די „מאַדעמואַזעל האַלפערן״, ווי עס ווערט געזאָגט אין אַפיש). דערמיט הייבט זיך אָן דער רומפולער, אָבער שווערער און פיינפולער וועג פון אסתּר־רחל קאַמינסקאַס בינע־קאַריערע.

.3

ביאָגראַפישע איינצלהייטן זענען ווייט נישט דער עיקר ביי דער אָפּשאַצונג פון אַ קינסטלער, פון זיין ווערט און וואָג — סיי קינסטלערישן, סיי געזעלשאַפטלעכן. מיר מוזן נישט אומבאַדינגט קענען אַלע פּרטים פון לעבנס־וועג פון דעם קינסטלער — דערצו נאָך אפשר זיין אינטים לעבן — כדי זיך צו שאַפן אַ באַגריף וועגן דער אַנטוויקלונג און תּוכן פון זיין שאַפן. נישט שטענדיק גייט דאָס קינסטלערישע שאַפן פּוסטריט מיטן פּריוואַטן לעבן פון קינסטלער — לרעה און לטובה. פאַראַן אָבער קינסטלערישע פערזענלעכקייטן, וואָס זייער שעפעריש לעבן איז ענג פאַרבונדן מיט ביאָגראַפישע דאַטן און פאַסירונגען. אין דעם פאַל וועט אויסמיידן די ביאָגראַפיע צו פאַרנעפּלען דעם שעפערישן פּאָרטרעט פון דעם קינסטלער. אַזאַ פאַל איז, דוכט זיך, מיט אסתּר־רחל קאַמינסקאַ. איר פּריוואַט לעבן איז אַזוי ענג פאַרבונדן מיט איר שאַפן; איינס דאָס צווייטע באַווירקט אַזוי שטאַרק, אַז אין די באַטראַכטונגען וועגן דער קינסטלערין אסתּר־רחל קאַמינסקאַ וועט אויסקומען נישט איינמאָל צו דערמאָנען דאַטן און פאַקטן פון איר פּריוואַט־לעבן. ווייל מען קאָן דאָך בשום־אופן נישט אויסמיידן, למשל, ביים באַטראַכטן דעם קינסטלערישן אַנטוויקלונגס־וועג פון אסתּר־רחל קאַמינסקאַ — דעם נאָמען פון אברהם־יצחק קאַמינסקי, וועלכער האָט געהאַט אַ גרויסן חלק אין אסתּר־רחלס אַרויפקומען אויף די בינע־ברעטער, מיט איר צוזאַמען דורכגעמאַכט אַ גרויסן טייל פון קינסטלערישן און לעבנס־וועג.

אברהם־יצחק קאַמינסקי, דער וואָליער קאַמאַשן־מאַכער און לאַנג־יאָריקער טעאַטער־אַספּיראַנט, איז איינער פון די איניציאַטאָרן און אָר־גאַניזאַטאָרן פון דער גרופּע, וועלכע שפּילט אין „עלדאָראַדאָ". ער איז דער אָרגאַניזאַטאָר פון דעם אַרויספּאָר פון דער טרופּע, בעת וועלכן ער פאַר־בינדט זיך מיט אסתר־רחל האַלפּערן, אַ דאַנק דעם, וואָס זי פאַרוואַנדלט זיך אין אסתר־רחל קאַמינסקאַ. נאָך אַ פּאָר חדשים שפּילן אין „עלדאָראַ־דאָ", הייבט זיך אָן זייער שותּפותדיקער וואַנדער־וועג. פול מיט דערנער און שטיינער אונטער די פיס איז געווען דער וועג — באַזונדערס אין די ערשטע יאָרן. מען שלעפּט זיך אַרום איבער שטעט און שטעטלעך פון פּוילן, ווייסרוסלאַנד, ליטע, אוקראַינע, רוסלאַנד — כמעט אומעטום אי־בער דער רוסישער אימפּעריע, ווו עס האָט געלעבט אַ גרעסערע יידישע באַפעלקערונג. נישט האָבנדיק אָפטמאָל צו באַצאָלן פאַר דער אכסניה. נישט האָבנדיק צייטנווייז אויף רייזע־הוצאות אין אַ צווייטער שטאָט. מען פאָרט מיט דער אָקס, מען גייט צופוס, שלעפּנדיק אויף זיך דאָס אָרעמע דאָברע־מזל, די קינדער, די טעאַטער־קאָסטיומען. נישט איינמאָל גנבעט מען זיך אַרויס ביינאַכט פון אַן אכסניה, כדי אויסצומיידן ערגערניש מיט די באַלעבאַטים. און בעת די וואַנדערונגען ווערן קינדער געבוירן און קינדער שטאַרבן אין די שווערע באַדינגונגען פון נע־ונד. דריי קינדער באַווייזן די קאַמינסקיס אויסצוהאָדעווען פון די זיבן, וואָס זענען געבוירן געוואָרן אין די צוועלף יאָר וואַנדערונגען (פון „עלדאָראַדאָ" ביזן צוריק־קומען קיין וואַרשע): רעגינע, וואָס איז געשטאָרבן אין יאָר 1913 אַלס יונ־גער, אויפגייענדיקער שטערן פון דער יידישער בינע; די באַרימטע קינסט־לערין אידאַ קאַמינסקאַ און דעם באַגאַבטן פידלער און קאָמפּאָזיטאָר יוסף. וואָס פאַר אַ קוואַלן פון וויטיק,ליידן, זאָרגן און אומרו דאָס איז געווען פאַר אַ הייס־ליבנדיקער מוטער און ווי שטאַרק דאָס האָט געמוזט שטערן אין איר קינסטלערישער אַרבעט; גלייכצייטיק — ווי דאָס האָט געמוזט באַרייכערן מיט טראַגישע טענער איר קינסטלערישע פּאַליטרע — איז דוכט זיך איבעריק צוצוגעבן.

ביים אויסמאָלן זיך דאָס בילד פון אסתר־רחלס לעבנס־ און שאַפונגס־וועג מוז מען שטענדיק האָבן אויפן אויג דאָס בילד פון די באַדינגונגען,

אין וועלכע עס איז דאַן אויסגעקומען צו שפּילן ייִדיש טעאַטער. מען טאָר נישט פאַרגעסן, אַז דאָס איז געווען די צייט פון „ייִדיש־דייטש"־טעאַטער, דאָס טרויעריקסטע קאַפּיטל אין דער געשיכטע פון ייִדישן טעאַטער אין צאַרישן רוסלאַנד; די צייט, וואָס האָט אויף לאַנגע יאָרן איבערגעלאָזט אַ שווערן חותם אויפן טעאַטער און אויפן ייִדישן אַקטיאָר. די געזעלשאַפט־לעכע לאַגע פון ייִדישן אַקטיאָר איז דאַן געווען אַן אַבסאָלוט הפקרדיקע. נישט האָבנדיק קיין אָפיציעלע דערלויבעניש צו שפּילן, אָדער ריכטיקער — אַרומגייענדיק דעם אָפיציעלן פאַרבאָט צו שפּילן ייִדיש טעאַטער — איז מען געווען אויסגעשטעלט אויף אַלערליי קלעפּ און אָנשיקענישן. דאָס טעאַטער און די אַקטיאָרן זענען געווען אָפּהענגיק פון חסד, גוטער שטימונג, אָדער שגעון פון אַ ליאַדע צאַרישן קנעפּל, וועלכן מען האָט זיך געמוזט קויפן מיט כאַבאַר און נישט איינמאָל — מיטן חן און שיינקייט פון עפּעס אַן אַקטריסע. דאָס האָט געגעבן אַ ברייט פעלד פאַר פאַרשידענע הפקר־יונגען, מוסרים, אונטערוועלטניקעס, וועלכע האָבן שאַנטאַזשירט אַקטיאָרן. צו דעם פּעקל צרות דאַרף מען נאָך צוגעבן די פאַרפאָלגונגען פון קלער און דער אָרטאָדאָקסיע (באַזונדערס אין די שטעטלעך פון פּוילן) — וועט זיך ערשט באַקומען אַ בלאַס בילד פון די שוועריקייטן, וואָס ייִדיש טעאַטער האָט דאַן געהאַט אויסצושטיין אויף זיין וועג.

אַזאַ לאַגע האָט זיך מיט דער גאַנצער שאַרפקייט אָפּגעשלאָגן אויפן קינסטלערישן ניוואָ פון טעאַטער. מוזנדיק אָפטמאָל — צוליב מורא פאַרן אַנווענזנדיקן איספּראַווניק, אָדער צוליב דער מורא פאַר אַ מסירה — איבער־גיין אויף „דייטש", דאָס הייסט אויף אַ צעקאַליעטשעטן ייִדיש מיט פּתחס, האָבן די אַקטיאָרן בכלל אָנגעהויבן גרינגצושעצן איינעם פון די וויכטיק־סטע באַשטאַנדטיילן פון דער טעאַטער־קונסט: דאָס וואָרט, די שפּראַך. וואָס מער פאַרקריפּלט דאָס וואָרט, וואָס אויסטערלישער ס'איז געווען — איז עס דאָך געווען מער „דייטש". דערביי האָט נאָך דעם שפּראַכלעכן כאַאָס פאַרגרעסערט דער מיש־מאַש פון דיאַלעקטן, מיט וועלכע דאָס ייִדישע טעאַטער האָט זיך לחלוטין דאַן נישט אינטערעסירט — יעדער אַקטיאָר האָט זיך געברענגט „זיין" דיאַלעקט פון דער היים, פון זיין שטעטל, פון זיין געגנט און דעם דיאַלעקט אויף זיין שטייגער פאַרדייטשמערישט. אין

דעם אויסטערליש־געבראָכענעם און געמישטן לשון, אין וועלכן מען האָט דאָן געשפּילט ייִדיש טעאַטער, האָט נישט געקאָנט זיין קיין רייד וועגן שאַפן עפּעס אַ מענטשלעכע געשטאַלט, געבן עפּעס אַן אויפריכטיקע מענטשלעכע איבערלעבונג. דער רעפּערטואַר איז געווען אַ באַגרענעצטער. עפּעס פייַנערס, עפּעס נייס איז נישט געווען כדאי צו זוכן. מען האָט זיך געהאַלטן נאָר אין געזאַנג־ און טאַנץ־רעפּערטואַר און אַפילו דער מין רעפּערטואַר איז דורך דער העסלעכער שפּראַך־דעפאָרמאַציע נאָכמער פאַרקריפּלט געוואָרן, האָט געשטויסן די אַקטיאָרן צו זוכן פאַרשידענע מיטלען צו געפעלן ווערן דעם עולם — אַפילו ווען דער עולם זאָל כמעט גאָרנישט פאַרשטיין דער־פון, וואָס מען רעדט און זינגט אויף דער בינע. דאָס האָט געפירט צו צע־לאָזענער האַפּקע, צום לצעווען, קאָזשעליק־מאַכעריי — צום ביליקסטן באַלאַגאַן־טעאַטער, צו דעם מין טעאַטער, וואָס נישט נאָר עס האָט נישט געזוכט צו דערהייבן זיין עולם, צו פאַרפיינערן זיין געשמאַק, נייערט אַלץ מער פאַרדאָרבן דעם פּרימיטיוון, רוי־ערדיקן טעאַטער־קאָנסומענט, וועל־כער האָט זיך ערשט פאָרמירט אַלס טעאַטער־עולם. די פאַרוויסטונג־שפּורן פון „ייִדיש־דייטש״־טעאַטער צווישן עולם האָבן יאָרצענדליק געדריקט אויפן ייִדישן טעאַטער.

אָבער נישט קיין קלענערע פאַרוויסטונג האָט די תקופה פון „ייִדיש־דייטש״־טעאַטער געמאַכט אין די רייען פון די ייִדישע אַקטיאָרן. ווייל ווער זענען זיי אייגנטלעך געווען אין יענע יאָרן? — ייִדישע פאָלקס־מענטשן, וואָס זענען מיט זייער קנאַפּע שול — אָדער אָן קיין שום שול, אָן קיין שום צוגרייטונג, געקומען צום טעאַטער (מיר מעגן זיך זאָגן דעם אמת: אָפּט־מאָל אָן דער עלעמענטאַרסטער בילדונג). דאָס טעאַטער האָט באַדאַרפט ווערן זייער שול, זייער דערציִונג. דאָ האָבן זיי זיך באַדאַרפט אָנזאַפּן מיט קולטור, וויסן, פאַך־קענטעניש, באַציִונג. דאָס איינציקע, מיט וואָס די מערהייט פון זיי איז געקומען צום טעאַטער, איז דאָך געווען דער זאַפטי־קער אָבער רויער טאַלאַנט, דער גליִענדיקער בינע־טעמפּעראַמענט און דער אומגעהייערער דראַנג צו טעאַטראַלער אויסלעבונג. דאָס זענען זייער וויכ־טיקע — די וויכטיקסטע — מעלות פאַרן טעאַטער, אָבער... אָבער ווען אַזעלכע טייערע געשאַנקען ווערן נישט געפלעגט, נישט קולטיווירט, ווערן

זיי כמעט שטענדיק פאַרדאָרבן. וואָס־זשע האָט די באַגאַבטע פּאָלקס־מענ־טשן געגעבן דאָס „יִדיש־דייטש"־טעאַטער? הפקר־באַציִונג צו שפּראַך, הפקר־באַציִונג צו זיך און צום עולם, און געפעלן דעם זעלביקן עולם וויל מען דווקא, ווייל דאָס ליגט שוין אין דער טבע פון אַקטיאָר (דאָס איז אפשר דאָס ווייבלעכע אַפילו ביי די מענערישסטע אַקטיאָרן: זיי ווילן — ווי פרויען — אַלעמען געפעלן ווערן); און ווייל אָן דעם וואָלט דער אַק־טיאָר טאַקע ווייטער נישט געקאָנט עקזיסטירן, קיין דירעקטאָר וואָלט אים נישט געלאָזט שפּילן. גייט מען אויפן וועג פון גראָבסטן וויץ (וועלכער גע־פינט לייכט צווישן פּרימיטיוון עולם זיין אָפּנעמער), פון דער ביליקסטער צירק־קלאָונאַדע. דאָס האָט מערסטנס אַרויסגעשטויסן און באַזייטיקט יעט־ווערן ערלעכן קינסטלערישן צאַפּל ביי די דעמאָלטיקע יִדישע אַקטיאָרן. אָט די זינד פון „יִדיש־דייטשן"־טעאַטער האָבן מיר אין די רייען פון יִדישע אַקטיאָרן אויף דער גאַנצער וועלט געפילט כמעט ביז די לעצטע יאָרן (אויב נישט — ביז היינט).

אין אַזעלכע פאַרסמטע באַדינגונגען האָט דער לויטערער טאַלאַנט פון אסתּר־רחל קאַמינסקאַ נישט געקאָנט אויפשיינען אין דער פולער מאָס. נישט אין איר כאַראַקטער איז געלעגן דאָס לצעווען (עס איז פּאָפּולער געווען איר ווערטל צווישן יִדישע אַקטיאָרן: „פון וועמען מאַכט איר חוזק? איר מאַכט דאָך חוזק פון זיך אַליין"), זי האָט געפירט אַ גראַנגל קעגן דער שפּראַך־פאַרקריפּלונג, נישט קאָנענדיק פועלן ביי זיך צו ברעכן איר זאַפטיקן, פאָלקסטימלעכן יִדיש (איר ווערטל איז עס געווען: „קליאַטשע, נישט קיין שפּראַך"); זי האָט מיט איר טיפער, איינגעבוירענער אינטעליגענץ נישט געקאָנט פאַרטראָגן דעם אומזיניקן רעפּערטואַר, וואָס איז דאַן בעיקר געשפּילט געוואָרן (לאַטיינער, הורוויץ און ענלעכע „מייסטערס"; זעלטע־נער — אַ פאַרקריפּלטער גאָלדפאַדען). איז כאָטש די אידעאַלע סצענישע מיטלען, מיט וועלכע זי איז באַשאָנקען געווען פון דער נאַטור, האָבן זי פּרע־דיסטינירט צו פאַרנעמען דעם אויבנאָן אין יעדן מין רעפּערטואַר, האָט זי זיך אין יענע יאָרן געהאַלטן אין שאָטן, פאַרנעמענדיק זיך מער מיט קינד־לען, מיט האָדעווען קינדער, איידער מיט שפּילן טעאַטער.

.4

דער גרויסער איבערברוך אין אסתר־רחלס שאַפן און אין איר בינע־טעטיקייט בכלל איז געווען די רעוואָלוציע פון 1905 יאָר. צווישן די ערשטע שוואַלבן פון רעוואָלוציע־יאָר איז געווען דאָס אָפּשאַפן דעם פאַר־באָט צו שפּילן יידיש טעאַטער.

דאָס אָפּשאַפן דעם פאַרבאָט אויף יידיש טעאַטער האָט פונאַנדער־געבונדן די געצוימטע און געדריקטע כוחות פון דעם נע־ונד, געפּלאָגטן טעאַטער־מענטש, האָט אים געגעבן דעם שאַנס פרייער זיך צו באַווייזן מיט זיינע מעגלעכקייטן פאַר דער ברייטער עפנטלעכקייט. גלייכצייטיק האָט דער רעוואָלוציאָנערער אויפברויז אין רוסלאַנד אויפגעוועקט דעם נאָך־דרימלענדיקן יידישן מאַסן־מענטש, האָט געמאַכט אַ פעסטן ריס אין דעם געדיכטן שלייער פון קלעריקאַלן ווילקיר איבערן יידישן לעבן, האָט פאַר־אינטערעסירט דעם מאַסן־מענטש מיט דעםווירקלעכן רעאַלן לעבן, וואָס האָט געברויזט אַרום. ווי אַ נאַטירלעכער רעזולטאַט פון דעם אויבן־גע־זאָגטן איז געקומען די שטאַרקערע דערנענטערונג פון דעם מאַסן־מענטש צו דער פאָלקס־אינסטיטוציע, וואָס האָט געררייצט זיין פאַנטאַזיע, געוועקט און באַפרוכפּערט זי — צום יידישן טעאַטער. און אין שיין פון דערוואַכנדיקן באַוווּסטזיין האָט דער מאַסן־מענטשן אָנגעהויבן צו פאָדערן פון טעאַטער נישט די האָפּקע און קלאָונאַדע, נייערט די פאַרענטפערונג פון געוויסע מאַטעריעלע לעבנס־פּראָבלעמען. במילא זענען פאַרן טעאַטער אַרויסגע־שווומען פּראָבלעמען פון אידעאָלאָגיש־קינסטלערישן כאַראַקטער. דאָס פאַרבינדן דאָס, וואָס עס קומט פאָר אויף דער בינע, מיטן אַרומיקן לעבן, מיט דער רעאַליטעט.

די וויכטיקסטע מאַסן־צענטערן פון יידישן לעבן אין פוילן — וואַרשע און לאָדזש — זענען געוואָרן גלייך די וויכטיקסטע באַזעס פאַרן יידישן טעאַטער. די טעאַטערס הייבן־אָן צו זוכן אַ וועג צום האַרצן פון אויפ־וואַכנדיקן יידישן מאַסן־מענטשן. דער וועג איז נאָך זיכער נישט אויסגע־קלאָרט פאַר קיינעם פון די טעאַטער־פירער. מען זוכט אין דער פינצטער־ניש, מען לאָזט זיך פירן דורך אינטויציע. די אינטויציע פירט עס אברהם־יצחק קאַמינסקין צו געפינען דעם וועג צו זיין וואַרשעווער עולם און פאַר

דעם קינד פון קליינעם שטעטל, פאַר אסתר־רחלען, עפנט עס נייע האָרי־זאָנטן... נייִן, ריכטיקער וועט זיין — פירט צוריק צו איר אורקוואַל, צו דער פּשטות און אוממיטלבאַרקייט, צו דער נישט־געפעלשטער פאָלקס־טימלעכקייט, וואָס האָט די גאַנצע צייט געלעבט אין איר און איז אַפילו אין אַ געוויסער מאָס געווען אַ שטערונג צו מאַכן אַ קאַריערע אין „ייִדיש־דייטש"־טעאַטער.

פאַר דעם דערוואַכטן ייִדישן פאָלקס־מענטש איז די אַנטפּלעקונג פון אסתר־רחלס קינסטלערישע אייגנשאַפטן געווען אַן אוצר, דער אוצר, וואָס האָט אַזוי אָנזעעוודיק באַרייכערט דאָס ייִדישע טעאַטער. דורך אסתר־רחלען אין דער ערשטער ריי איז פאַרגעקומען דער קער פון ייִדישן טעאַ־טער צום לעבן, צו דער אַרומיקער רעאַליטעט, צו דערווירקלעכקייט.

די ראָל פון אסתר־רחלען אין יענעם פעריאָד אין דער אַנטוויקלונג פון ייִדישן טעאַטער איז געווען נישט בלויז אַן אַקטיאָרישע. זי איז געווען אַ פּילזייטיקערע, אַ פאַרשידנאַרטיקע. אָבער די גרעסטע וואָג האָט טאַקע געהאַט איר אַקטיאָרישע באַגאַבונג, דער פאַרבליפנדיקער אַקטיאָרישער טאַלאַנט פון דער קינסטלערין, וואָס האָט מיט אַזאַ רייכקייט אויפגעשיינט קודם־כל אין דעם גאָרדין־רעפּערטואַר.

די היסטאָרישע ראָל פון גאָרדינען און זיינע ווערק פאַר דער אַנט־וויקלונג פון ייִדישן טעאַטער, פאַרן שאַפן דאָס רעאַליסטישע ייִדישע טעאַ־טער (ווען אַפילו מיט אַ געוויסן נאַטוראַליסטישן אָנוווקס, וואָס איז אין יענע יאָרן גאָר געווען אין גייסט פון דער צייט) — ווערט שוין דורך קיי־נעם, דוכט זיך, נישט אָפּגעפרעגט. ער, גאָרדין, איז געווען די בריק, דורך וועלכער דער פרימיטיווער ייִדישער עולם איז געגאַנגען פון דער האָפּקע צום מאָדערנעם טעאַטער. איינער פון די בולטסטע, די וואָגיקסטע און ווערטפולסטע ביישפּילן פון דער דערציִערישער ראָל, וועלכע גאָרדין האָט אָפּגעשפּילט אין דער געשיכטע פון ייִדישן טעאַטער, איז טאַקע געווען אסתר־רחל קאַמינסקאַ.

אסתר־רחל האָט אין גאָרדינס „כאַסיע די יתומה" באַקומען דעם שטח אָן אָטעם צו טאָן מיט איר פאַראָזאָווער יוגנט־פרישקייט און גלייכצייטיק אויסדריקן די געפילן פון פאַרביטערונג קעגן די „שיינע באַלעבאַטים",

די גבירישע בעלי־טובות, צו וועלכע עס האָט זיך איר באַציִונג אויך גע־האַט נאָך אויספּאָרמירט אין די פריִע יאָרן אין קליינעם שטעטל. אויך אין אַנדערע געשטאַלטן פון גאַרדין־רעפּערטואַר האָט זי געקאָנט אַנטפּלעקן די רייכע פּאַליטרע פון אירע שוישפּילערישע פאַרבן, די גרויסע לעבנס־דערפאַרונג, וואָס זי האָט אָנגעזאַמלט בעת אירע וואַנדערונגען, איר חכמה — אַלע ווינקעלעך פון איר טאַלאַנט. און דער טאַלאַנט אירער איז געווען פון אַ באַזונדערער קוואַליטעט און טיף. ביי דעם פולשטענדיקן מאַנגל פון וועלכער עס איז סיסטעמאַטישער בילדונג, האָט פון איר עמאַנירט אַן אוי־סערגעוויינטלעכע אינטעלעקטועלע קראַפט, אַ פאָלקס־חכמה אין באַנעמען די וועלט און לעבנס־דערשיינונגען, דער כוח פון אוממיטלבאַרן אויסדריקן די אינערלעכע געפילן־וועלט, דעם אינערלעכן אמת פון איבערלעבונגען. ביי אסתר־רחלען פלעגט דער צושויער טיף־איבערצייגט ווערן: די קינסט־לערין לעבט אויף דער בינע, זי לעבט איבער. איר איבערלעבונג איז אָבער אויך געווען פולסטע טעאַטער־שפּיל, נישט קיין איבערלעבונג פאַרן איי־גענעם געברויך, נייערט פאַר די מאַסן, פאַר די צושויער. דאָס האָט אויף קיין האָר נישט געמינערט דעם אמת פון דער איבערלעבונג, גראָד ווי די איבערלעבונג האָט אויף קיין האָר נישט געמינערט דאָס באַזאַכט־צילבאַ־ווסטע, אויסבויען די געשטאַלט און איר געפילן־וועלט — אַלס טייל פון דער גאַנצער פאָרשטעלונג.

די אינערלעכע שוישפּילערישע מעלות זענען ביי אסתר־רחלען אַריינ־געפּאַסט געווען אין דער פּאַסיקער ראַם פון איידעלע אויסערלעכע מיט־לען: די שלאַנקע פיגור (אין אירע יונגע און מיטעלע יאָרן); דאָס שיינע, קלוגע פּנים; די אויגן, וואָס האָבן סוגעסטיוו אויסגעדריקט די ברייטסטע גאַמע פון געפילן און געהאַט דעם זעלטענעם כוח פון אַריינדרינגען און באַווירקן די געפילן־וועלט פון עולם, קאָנענדיק — אָן קונצן און טריקן, בלויז מיט דער ערלעכקייט פון אויסדרוק, מיט דעם אינערלעכן אמת — אַרויסרופן די זעלביקע איבערלעבונגען פון פרייד און טרויער, אויפברויז און אומעט ביי דעם ברייטסטן קרייז צושויער; די רייכקייט פון איר שטים, מיט דעם גרויסן דיאַפּאַזאָן טענער — פון די צאַרטסטע, לירישע, פון אַ צניעותדיקן בלחש, דורך אַ קרעפטיקער, מיט מעטאַל רייכער מיטללאַגע

(אַפילו אין די עלטערע יאָרן, ווען עס האָט שוין אָנגעגריפן אַ מאַטקייט אירע שטימבענדער), ביז צו די העכסטע, אויפשווידערנדיקע טענער (וועל־כע זי פלעגט זייער זעלטן באַנוצן) — מיט איר זאַפטיקן, געזונטן, נאַטור־אָטעמדיקן געלעכטער און אויפטרייסלענדיקן געוויין, וואָס איז געקומען ממעמקים און איז געווען אָנגעזאַפּט מיט אירעליידן פון אַ מאַמע, וואָס האָט די מערהייט דורך איר געבוירענע קינדער פריצייטיק פאַרלוירן; פון אַ פרוי, וואָס האָט געהאַט אַ מיטפילנדיק האַרץ און געזען ליידן און עוולות אַרום זיך; פון אַ קינסטלערין, וואָס האָט אינערלעכער און טיפער געזען און אויפגענומען דערשיינונגען. צו דעם אַלעם האָט אסתּר־רחל נאָך פאַרמאָגט אַן איינגעבוירן געפיל פאַר דער פּלאַסטיק פון זשעסט, וועלכער איז געווען נאַטירלעך און טעאַטראַליש־ווירקנדיק, געהאַט אין זיך אַלע עלעמענטן פון דער יידישער תנועה — נאָר אין אַן אויסגעפיינערטער, נישט־סטיליזיר־טער, נייערט אין אַן אויסגעאיידלטער פאָרעם, וואָס האָט דערביי גאָרנישט פאַרלוירן פון רעאַליסטישן כאַראַקטער.

די רייכקייט פון איר באַגאַבונג איז געווען פון אַזאַ מין, אַז זי האָט געצויגן די אויפמערקזאַמקייט פון דער נישט־יידישער טעאַטער־וועלט און דאָס האָט דאַן שוין געהאַט אַ גרויסע באַדייטונג פאַר דער אַנטוויקלונג פון יידישן טעאַטער. די גאַסטשפּילן פון אסתּר־רחלען מיט איר טעאַטער אין פעטערבורג; דאָס צוזאַמענטרעפן זיך מיט די אַרטיסטן פון סטאַניס־לאַווסקיס קונסט־טעאַטער, וואָס ווערן איבערראַשט פון איר טאַלאַנט; די באַגייסטערטע אָפּרופן פון באַרימטע רוסישע קונסט־קריטיקער מיט האָמאָ־נאָוווס בראש — דאָס אַלץ האָט געהויבן דעם אָנזען פון יידישן טעאַטער און האָט געווירקט אַפילו אויף דער באַלעבאַטישער יידישער סנאָבן־אינ־טעליגענץ. עס איז געווען אַ מין לעגאַליזאַציע פון יידישן טעאַטער אין זייערע אויגן און דאָס האָט שוין באַשאַפן דעם טעאַטער אַ פעסטערע פּאָ־זיציע אין דער געזעלשאַפט.

אָבער דאָס אַלץ געפינט זיך דאָך אין קרייז פון אַקטיאָרישן שאַפן און טעטיקייט און מען וואָלט עס געקאָנט אָנרופן: די אומדירעקטע באַווירקונג פון אסתּר־רחלען — איר אומדירעקטע ווירקונג אויף דער אַנטוויקלונג פון

יידישן טעאַטער. דאָס וואָלט נישט געהאַט אַזאַ וואָג און באַדייטונג, נישט איבערגעלאָזט נאָך זיך אַזעלכע לאַנג־אָנהאַלטנדיקע שפּורן, ווען עס וואָלט נישט באַקרעפּטיקט געוואָרן דורך דער דירעקטער ווירקונג אויפן טעאַ־טער, דורך דער טעאַטער־בויערישער און דערציִערישער טעטיקייט פון אסתר־רחל קאַמינסקאַ; דורך דער אוממיטלבאַרער אויסווירקונג פון דער גרויסער פּערזענלעכקייט. אַרום איר האָט זיך שטענדיק געזאַמלט אַן ערשט־קלאַסיקער אַקטיאָרן־קאָלעקטיוו, צוזאַמען מיט וועלכן אסתר־רחל האָט געשאַפן אַ האַרמאָנישע גאַנצקייט. פון דער גאַנצקייט איז געבוירן געוואָרן דער טעאַטער־נוסח — אסתר־רחלס נוסח — וואָס איז געווען רעוואָלוציאָ־ניזירנדיק אין דעמאָלטיקן יידישן טעאַטער: דער פאָלקסטימלעכער רעאַ־ליסטישער נוסח.

אַרום אסתר־רחלען האָט זיך געשאַפן דער ערשטער פולווערטיקער און צוזאַמענגעשפּילטער קינסטלער־אַנסאַמבל אין יידישן טעאַטער („די פאַראייניקטע דראַמאַטישע טרופּע", „קאַמינסקאַס טרופּע", אָדער ווי דער אַנסאַמבל האָט געהייסן אין פאַרשידענע צייטן — צווישן אַנדערע אויך דעם אומגעלומפּערטן נאָמען „ליטעראַרישע טרופּע"), אַן אַנסאַמבל, אין וועלכן עס האָט געהערשט אַן איינהייטלעכער טאָן אויף דער בינע, אַן איינהייטלעכער סטיל, אַ קעגנזייטיק אַרויספילן זיך און פאַרשטיין — דאָס אַלץ, וואָס מען רופט אָן „נוסח פון טעאַטער־שפּיל". אָט דער נוסח האָט קינסטלעריש דערצויגן דעם יידישן אַקטיאָר — סיי דעם, וואָס האָט מיט אסתר־רחלען געשפּילט, סיי די גרויסע מחנה אַקטיאָרן, וואָס האָט זיך ביי איר בכיוונדיק געלערנט, אָדער אומבאַוווסטזיניק באַרייכערט געוואָרן דורך די השפּעות פון איר טעאַטער; דער נוסח האָט דערהויבן און פאַרפייַנערט דעם עולם, וואָס איז דאַן באַשטאַנען בעיקר פון האָרע־פּאַשניקעס, פאָלקס־מענטשן, אַרבעטער און פאָלקס־אינטעליגענץ; טעאַ־טראַליש דערצויגן און מענטשלעך דערהויבן, ווי עס האָט זיך אויסגעדריקט אלתר קאַציזנע וועגן אסתר־רחלען, אַז זי איז געוואָרן „די פאָן פון דער־הויבנקייט פאַר דער גרויער און שפּלער יידישער מאַסע".

דאָ דערגייען מיר צו דער וואָגיקסטער באַדייטונג פון דער דערשיי־

נונג „אסתּר־רחל קאַמינסקאַ" אין דער געשיכטע פון יידישן טעאַטער, צו דעם געזעלשאַפטלעכן אויסקלאַנג פון איר שפּילן, דער ווירקונג פון איר געשטאַלטן־בויונג און אויסדרוק אויף די טעאַטער־צושויער. אסתּר־רחל האָט די גאַנצע רייכקייט פון אירע שוישפּילערישע מיטלען און באַגאַבונג, איר גרויסע אינטויציע, לעבנס־ און בינע־חכמה געווידמעט דער פאַרקער־פערונג פון דער אונטערדריקטער אָדער רעוואָלטירנדיקער פרוי — בעיקר טאַקע דער יידישער פרוי, וואָס איז געווען צווייפאַך אונטערדריקט: צוליב איר סאָציאַלער לאַגע אַלס פרוי און דער ספּעציפישער לאַגע — דער אונ־טערדריקונג דורך די קאַנאָנען פון יידישן דין און מינהג. איר פּראָטעסט און רעוואָלט קעגן דער דאָזיקער אונטערדריקונג האָט אסתּר־רחל אַרויס־געבראַכט מיט אַזאַ קינסטלערישער קראַפט און אַזוי אויפריכטיק (אויס־געוואַרעמט דורך איר אינערלעכער באַציִונג און סימפּאַטיעס), אַז דאָס האָט אָנגעצונדן די דרימלענדיקע טיילוויז געפילן ביי די פאָלקס־מאַסן, וואָס האָבן אין אסתּר־רחלס איבערלעבונגען דערזען די פאַרקערפּערונג פון זייערע אייגענע רעוואָלט־געפילן. און נישט איינמאָל זענען בעת אסתּר־רחלס אויפטריטן אין יענע רעוואָלוציאָנערע שטורעם־ און דראַנג־יאָרן פאָרגע־קומען ספּאָנטאַנע אויסברוכן פון פאָלקס־צאָרן, פון אויפפלאַם ביים עולם — אויסברוכן, וואָס זענען אינספּירירט געוואָרן דורך דער קראַפט פון אסתּר־רחלס שפּילן, דורך די סאָציאַלע אָנדייטונגען, וואָס האָבן געקוואַלט אין אונטערטעקסט פון אירע קינסטלערישע אינטערפּרעטאַציעס, ווי צ"ב אין „כאַסיע די יתומה". אַזעלכע אויסברוכן האָבן נישט איינמאָל באַדראָט די ווייטערדיקע לעגאַלע עקזיסטענץ פון יידישן טעאַטער — אַ קוים־דערגרייכטע נאָך אַזוי פיל צרות און נאָך נישט אומעטום זיכערע (אָפּהענ־גיק פון דעם אָדער יענעם צאַרישן סאַטראַפּ) — זיי זענען אָבער פאַר דער קינסטלערין געווען די גרויסע סאַטיספאַקציע פון געפינען דעם אומ־מיטלבאַרן געפילן־קאָנטאַקט מיט דער צושויער־מאַסע. און דאָס איז דאָך די העכסטע מדרגה פון קינסטלערישער דערגרייכונג, די אייגנטלעכע ראָל פון דער קונסט — עמאָציאָנעל באַווירקן דעם אָפּנעמער דורך בילדער און איבערלעבונגען.

צו די וויכטיקסטע פאַרבן פון אסתּר־רחלס פּאַליטרע האָט אויך גע־

הערט די געשטאַלט פון דער מוטער, די איבערלעבונגען פון דער מוטער — בעיקר אין די שפּעטערע יאָרן פון איר שאַפן. מוטער־ליידן און מוטער־געפילן זענען דאָך אייביקייט־פּראָבלעמען אין דער קונסט. מיר האָבן זיי שוין אין דער אַנטיקער גריכישער דראַמאַטורגיע. פאַר דעם פּראָבלעמען־אָרעמען קליינבירגערלעכן יידישן טעאַטער און דראַמאַטורגיע, זענען זיי געווען דער וויכטיקסטער, דער צענטראַלער שטאָף, וואָס איז הונדערטער מאָל איבערגעחזרט, איבערגעקייט און מעלה־גיר׳הט געוואָרן אויף די פאַר־שידנסטע אופנים. ס׳האָט שוין געלאַנגווייליקט און געאיבלט פון דעם מע־לאָדראַמאַטישן „מאַמעווען״ אויף דער יידישער בינע. אסתר־רחל האָט — ווידער אַנגעלאָדן דורך אירע פּערזענלעכע שווערע מאַמע־איבערלעבונגען — דערהויבן די מאַמע־געשטאַלטן און זייערע איבערלעבונגען צו אַ טראַגי־שער הויך. זי האָט זיי אויסגעאיידלט, פאַרפיינערט און פאַרמענטשלעכט, אַרויסציענדיק טאַקע דאָס אייביק־מאַמעשע פון אירע געשטאַלטן — אַפילו פון גאָרדינס „מירעלע אפרת״, וואָס האָט געהאַט איר טראַדיציע געשפּילט צו ווערן אין טענער פון פייערלעכער אָנגעצויגנקייט, פון נישט־יידישער גרעפישקייט און פון נישט־מאַמישער קאַלטקייט. אסתר־רחל האָט איר מירעלע פאַרמענטשלעכט און פאַרמאַמישט — אַפילו פאַרטראַגישט — אין די פאַרבן, אויף וועלכע מיר האָבן פריער אָנגעוויזן. דאָס איז טאַקע געווען דער סוד פון דעם נישט־נאַטירטן דערפאָלג פון איר „מירעלע אפרת״, אור־מעטום, ווו זי האָט די ראָל געשפּילט אין איראָפּע און אַמעריקע.

די אויבנגעבראַכטע עלעמענטן פון אסתר־רחלס קינסטלערישער און פערזענלעכער ווירקונג זענען געווען ענג פאַרבונדן צווישן זיך. זיי זענען געווען טיילן פון דער הערלעכער געשטאַלט „אסתר־רחל קאַמינסקאַ די קינסטלערין און טעאַטער־בויערין״. זיי האָבן עס גורם געווען אַז דער אויפשטייג פון יידישן טעאַטער אין פוילן זאָל זיין פאַרבונדן מיט איר נאָ־מען — מיט דעם נאָמען פון דער „מאַמען פון יידישן טעאַטער״, ווי דאָס פאָלק האָט זי אָנגערופן (אַ נאָמען, וואָס איז דעם פאָלקס־מענטש געווען נענטער און ליבער, ווי „די יידישע עלעאָנאָראַ דוזע״, ווי עס האָט זי באַ־טיטלט די רוסישע קריטיק און טעאַטער־וועלט).

.5

מיר האָבן שוין דערמאָנט וועגן דעם, אַז אסתר־רחל האָט זיך צום בעסטן געפילט און זי האָט צום טיפסטן געקאָנט איבערגעבן די אינער־לעכע וועלט פון דער ייִדישער פרוי. דאָך האָט זי געהאַט די אַמביציע צו ברעכן די מויערן פון רעפערטואַר־געטאָ, אַנטפּלעקן פאַרן עולם און פאַר די אַקטיאָרן נייע וועלטן. שוין אין די ערשטע צייטן נאָכן ווידער־לעגאַליזירן דאָס ייִדישע טעאַטער זעען מיר אין קאַמינסקאַס רעפערטואַר פּיעסן פון דער וועלט־דראַמאַטורגיע: מאָליערס „איינגעבילדעטער קראַנ־קער", גאָרקיס „אויפן אָפּגרונט" („נאַ דניע"), איבסענס „נאָראַ", פּשי־בישעווסקיס „צוליב גליק", זודערמאַנס „היימאַט", צי אַפילו דימאַס „קאַ־מעליען־דאַמע" און אַנדערע. דאָס זענען שוין ערנסטע פּרווון אַרויסצו־פירן דאָס ייִדישע טעאַטער אין פּוילן פון די דושנע געסלעך פון געטאָ אין דער ברייטער וועלט פון נייע פּראָבלעמען, נייע איבערלעבונגען, נייע געשטאַלטן. דאָס האָט געהאַט אַ גאָר גרויסע דערציִערישע באַדייטונג פאַר די אַקטיאָרן און פאַרן עולם — אומאָפּהענגיק דערפון ווי גרויס אָדער קליין עס איז געווען דער מאָמענטאַלער דערפאָלג פון די אויפפירונגען. ווייל די פראַגע פון שפּילן דעם אַזוי־גערופענעם אייראָפּעיִשן רעפּער־טואַר איז געווען אַ וועזנטלעכע פאַר די טעאַטערס. נישט צוליב מאַנגל אין אָריגינעלן רעפּערטואַר — דערמיט האָט מען זיך דעמאָלט געקאָנט אַן עצה־געבן. אייראָפּעיִשער רעפּערטואַר האָט דעמאָלט באַדייט די דער־נענטערונג פון די פּשוטע ייִדן צו דער גרויסער וועלט און דאָס איז געווען אַ סאָציאַל־דערציִערישע פונקציע אין יענע יאָרן. דערציִעריש פאַרן עולם און דערציִעריש אויך פאַרן אַקטיאָר, וועלכן דאָס שפּילן אַ נייע נישט ייִדישע פּיעסע האָט, ווילנדיק נישט ווילנדיק, באַקענט מיט נאָך אַ ווינקל פון דער גרויסער וועלט, וואָס איז דאָך פאַר אים געווען אינגאַנצן אומ־באַקאַנט. דערפאַר האָט דאָס שפּילן דעם מין רעפּערטואַר באַדייט פאַר יעדן טעאַטער, וואָס האָט עס געטאָן — אַ פּראָגרעסיווע דעקלאַראַציע. און גראָד ווי היינט דאַרפן מיר טראַכטן וועגן שפּילן וואָס מער ייִדישן רעפּערטואַר, כדי איינצוהאַלטן דעם נאַציאָנאַלן תוכן פון ייִדישן טעאַטער, איז דאַן געווען נייטיק דער אייראָפּעיִשער רעפּערטואַר, כדי אויסצובריי־

טערן די האָריזאָנטן און פּאַראינטערעסירונגען פון אַקטיאָר און פון עולם.

די רעפּערטואַר־דרייסטקייט איז בכלל געווען כאַראַקטעריסטיש פאַר אסתר־רחלס סביבה, ווי פאַר אַ סך יידישע טעאַטערס, וואָס האָבן דאַן געווירקט. די יונגקייט פון טעאַטער און פרישקייט פון עולם האָבן אַרויסגערופן אַ געוויסע יוגנטלעכע דרייסטקייט אין עקספּערימענטן — אַ כאַראַקטעריסטישע פאַר אַ סך יידישע טעאַטערס פון יענער צייט. אין דער קאַמינסקאַ־טרופּע למשל האָט מען ריזיקירט אויפצופירן — אַחוץ גאָרדינען — ווערק פון יונגע יידישע דראַמאַטורגן פון אַזוי־גערופענעם ליטעראַרישן שניט. אמת, קיין גרעסערן דערפאָלג האָבן די אויפפירונגען נישט געהאַט. דער פאַקט אַליין רעדט אָבער וועגן דער פּיאָנערישער דרייסטקייט פון אסתר־רחלען און איר סביבה. דאָס אַלץ האָט זיכער אין אַ גרויסער מאָס משפיע געווען אויף אַנדערע דרייסטע פאַרמעסטן אין יידישן טעאַטער. די פּרוּוון פון י. ל. פּרצן צו רעפאָרמירן דאָס יידישע טעאַטער זענען אויפגעקומען אונטער דער דירעקטער ווירקונג פון קאַמינסקאַ־טעאַטער — אין די ערשטע פּרוּוון האָט זי זיך אַפילו אַליין באַטייליקט — אין דער אויפפירונג פון די „שוועסטער" און פון „נסיון".

פּרצעס פּרוּוון האָבן טאַקע קיין גרעסערע רעזולטאַטן נישט געבראַכט, ווייל זיי זענען געווען פאַרמאָסטן ווייט איבערן ניווא פון די דעמאָלטיקע טעאַטער־באַגריפן און מעגלעכקייטן, איבער די אויפנעם־פעיקייטן פון עולם און קינסטלערישע פּאָטענצן פון דער דערשיטערנדיקער מערהייט אַקטיאָרן. זיי זענען אָבער נישט געגאַנגען לאיבוד, ווייל זיי האָבן אַריינגעבערענגט אַ געזונטע יוירונג אין טעאַטער און אין דער סביבה אַרום טעאַטער. דער פאַרמעסט פון פּרץ הירשביין צו שאַפן זיין קינסטלערישע טרופּע (אָנגעהויבן אין אָדעס, אין 1908), וואָלט זיכער נישט אַרויסגערופן אַזאַ אינטערעס ביי דער יידישער אינטעליגענץ מיט ח. נ. ביאַליקן בראש, ווען עס וואָלט שוין נישט געווען צוגעגרייט דער באָדן פאַר יידיש טעאַטער דורך אסתר־רחלס אויפטריטן און ווען עס וואָלטן נישט דערגרייכט די אָפּקלאַנגען פון אסתר־רחלס דערפאָלגן ביי דער רוסישער קונסט־וועלט.

דער פאַקט, וואָס אסתר־רחל האָט באַוויזן (הגם מיט געראַנגל און מאַטערניש) צו האַלטן זיך אויף די דעראָבערטע פּאָזיציעס אין יידישן

לעבן, האָט געשטאַרקט דעם גלויבן ביי דער יונגן בעסערן אַקטיאָרן־עלעמענט, וועלכער האָט אָנגעהויבן צוצוקומען צום יידישן טעאַטער. דאָס האָט צוגעגרייט דעם באָדן פאַרן אויפקום פון נייע קינסטלערישע קאָלעקטיוון, ווי די „ווילנער טרופּע", וואָס איז אַנטשטאַנען אין יאָר 1916, ווי אַ מין המשך פון דער הירשביין־טרופּע, זייענדיק דערביי צווייפאַך פאַרבונדן מיטן נאָמען פון אסתּר־רחל קאַמינסקאַ: צוליב איר אויסווירקונג אין יידישן טעאַטער בכלל און צוליב דער ספּעציעלער הילף, וואָס אסתּר־רחל האָט צוגעטיילט דער טרופּע (ווי בכלל אַלע נייע דערשיינונגען אין טעאַטער־לעבן). דאָס האָט אויסגעדריקט איר באַציִונג צו אַלע בעסערע פּרוּוון אין טעאַטער און צום טעאַטראַלן נאָכוווּקס. אויך אין דעם פּרט איז זי געווען די האַרציקע, ליבנדיקע „מאַמע פון יידישן טעאַטער". פריי פון יעטוועדער קאַבאַטינישער געמאַכטקייט, פון אַקטיאָרישער קנאה־שנאה (דעם אַזוי־גערופענעם „קאַיאַפּיזם"), האָט זי געלויבט און אונטערשטיצט אַלץ, וואָס איז געווען געלונגען, טאַלאַנטירט און אויפריכטיק אין יידישן טעאַטער, נישט פאַרטראָגן און געליטן פון אַלדאָס נישט־געלונגענע און נישט־געזונטע. זי האָט נישט געקאָנט פאַרטראָגן קיין פּאָזע, נאָכקרימעניש, לייכטזיניקע באַציִונג צו אַ פאָרשטעלונג, ווער שמועסט נאָך — צום טעאַטער בכלל. זי האָט באַטראַכט די אַקטיאָרישע אַרבעט פאַר אַ געזעלשאַפטלעכער שליחות און דאָס זעלביקע פאַרלאַנגט פון אַנדערע. די האַרציקע אסתּר־רחל פלעגט אין פאַלן פון נישט־ערלעכער באַציִונג צו דער אַקטיאָרישער שליחות — ווערן שטרענג־שטראָפנדיק. זי האָט נישט געזען קיין מעגלעכקייט פון קאָמפּראָמיסן אין פראַגן פון טעאַטער־קונסט.

בכלל איז געווען ביי אסתּר־רחלען אַ קאָנסעקווענטקייט אין אירע מיינונגען און האַנדלונגען. זי האָט פאַרמאָגט פעסטע, אויסגעפורעמטע קריטעריעס וועגן קונסט און וועגן לעבן. עס איז געווען צו באַוווּנדערן, ווי די דאָזיקע אין גרונט פּרימיטיווע פרוי, פון קליינעם יידישן שטעטעלע, אָן וועלכער עס איז סיסטעמאַטישער בילדונג, האָט זיך באַוויזן אויסצואַרבעטן אַזעלכע ברייטע אינטעלעקטועלע האָריזאָנטן. דערביי איז זי נישט געווען קאָנסערוואַטיוו, געהאַט אַ חוש פאַרן נייעם אין לעבן, כאָטש זי איז געווען אַ גרויסע קעגנערין פון פאַרשידענע מאָדערניסטישע שיטות און

עקספּערימענטן אין דער טעאַטער־קונסט. געשען איז עס דערפאַר, ווייל זי איז געווען דורך און דורך אַ רעאַליסטישע קינסטלערין אין איר וועלט־באַנעם און אין איר שילדערן די וועלט. דעריבער איז זי אין די לעצטע יאָרן פון איר לעבן געווען באַזונדערס פאַרביטערט קעגן די פאָרמאַליס־טישע עקספּערימענטן, וואָס האָבן זיך דאַן אָנגעהויבן צו מערן אין ייִדישן טעאַטער („מען באַגראָבט דאָס טעאַטער״, — פלעגט זי זאָגן וועגן דעם) און זי פלעגט גאָר שטאַרק ווייטיקן, ווען עמעצער פון אירע באַליבטע אַק־טיאָרן און רעזשיסערן האָט זיך געלאָזט אויף די וועגן. נישט דערפאַר, ווייל זי איז געווען קעגן נאָוואַטאָרישקייט. זי האָט עס אָבער געהאַלטן פאַר קינסטלעריש פאַלש און שעדלעך. דערביי האָט זי געהאַט אַן אייזערנע לאָ־גיק אין באַרעכטיקן איר שטאַנדפּונקט און אַ פּשוטע, שכל־הישרדיקע אַר־גומענטאַציע: „אַז איך פאַרשטיי נישט, וואָס איך האָב דאָך עפּעס שוין אַ פּאָר יאָר צו טאָן מיט טעאַטער, ווי אַזוי זאָל עס דער עולם פאַרשטיין?״ און אַז דער עולם זאָל פאַרשטייין, עס זאָל דערגיין צו אים דאָס, וואָס עס קומט פאַר אויף דער בינע, דערגיין מיטן כוח פון ערלעכן קינסטלערישן שאַפן — דאָס איז געווען איר דעוויז אין דער קונסט.

דער פּעריאָד פון דער ערשטער רוסישער רעוואָלוציע ביז צום אויס־ברוך פון דער ערשטער וועלט־מלחמה איז אין דער געשיכטע פון ייִדישן טעאַטער אין פּוילן און רוסלאַנד געשטאַנען אונטערן צייכן פון אסתּר־רחל קאַמינסקאַס שטערן. פון דער צווייטער זייט איז עס אויך געווען דער פּרוכטבאַרסטער פּעריאָד אין לעבן און אין שאַפן פון דער גרויסער קינסטלערין. אין די יאָרן האָט זי אויספאָרמירט איר אַנסאַמבל, אויסגעבויט אירע שענסטע געשטאַלטן. אין די יאָרן איז אויסגעוואַקסן איר רום. אין די יאָרן האָט זי געמאַכט אירע גרויסע טורנעען קיין מערב־אייראָפּע און צפון־אַמעריקע, אויפבויענדיק פון די פאַרדינטע געלטער דאָס פּאָפּולער־געוואָרענע קאַמינסקיס טעאַטער אין וואַרשע, אויף דער אָבאָזשנע גאַס.

.6

קורץ פאַרן אויסברוך פון דער ערשטער וועלט־מלחמה לעבט אסתּר־רחל איבער אַ טראַגעדיע, וואָס צעברעכט זי אויף אַ לאַנגער צייט: עס

שטאַרבט איר ניינצן־יאָריקע טאָכטער רעגינע — אַ הויך־טאַלאַנטירטע קינסטלערין. אין דער צייט קאָן נישט זיין קיין רייד וועגן וועלכע עס איז שעפערישע פּרווון מצד דער דערשיטערטער מאַמע, וועלכע פּאַרטויבט זיך טאַקע מיט אַרבעט, מיט אַרומפּאָרן — אין לאַנד און אין אויסלאַנד, — אָבער אָן נייע פּאַרמעסטן. ווידער גלייך נאָכן אויסברוך פון דער מלחמה קומט אַ נייער פּאַרבאָט אויף ייִדיש טעאַטער. מיט „ייִדיש־דייטש״־טעאַטער קאָן מען זיך שוין נישט ראַטעווען, ווייל די מלחמה איז דאָך געווען מיט דייטשלאַנד. אסתר־רחל, וואָס געפינט זיך דאַן אויף אַ טורנע אין דרום־רוסלאַנד, העלפט זיך אַרויס אַ געוויסע צייט דורך שפּילן ייִדישע פּיעסן אויף רוסיש. אָבער דאָס קאָן זי נישט באַפרידיקן און קאָן זיכער נישט שטילן איר אומרו וועגן דער היים. אַהיימקומענדיק, קאָן זי נאָר אַ קורצע צייט זיין טעטיק אויף די בינע־ברעטער פון איר טעאַטער אויף דער אָבאָזשנע, ווייל דאָס טעאַטער ווערט באַלד צוגענומען דורך דער אָקו־פּאַציע־מאַכט פאַר איר געבראָיך. מוז אסתר־רחל ווידער נעמען דעם וואַנ־דער־שטעקן אין האַנט. זי שטעלט צונויף אַ טרופּע פון יונגע, באַגאַבטע שוישפּילער פון דער אינטעליגענץ, וואָס האָט שוין דאַן ברייטער אַ שטראָם־געטאָן אין ייִדישן טעאַטער אַריין, פון די בעסערע מיטגלידער פון די דראַ־מאַטישע קרייזן — און לאָזט זיך מיט דער טרופּע איבער די געביטן, וואָס זענען אָקופּירט דורכן דייטשישן און עסטרייכישן מיליטער. דאָרט האָבן זיך געפונען, אין די קלענערע שטעט און שטעטלעך (אחוץ דער אָרטיקער ייִדישער באַפעלקערונג) — ייִדישע פּאָלקס־מענטשן פון וואַרשע און לאָדזש, וואָס זענען צוליב אַרבעטסלאָזיקייט און הונגער אַנטלאָפן פון זייע־רע היימען און באַזעצט זיך אין די לאַנדווירטשאַפטלעכע געביטן. און ווי־דער חזרן זיך איבער אירע שטורמישע דערפאָלגן ווי פאַר דער מלחמה. פאַר די ייִדישע סאָלדאַטן און אָפיצירן פון דער דייטשישער און עסטריי־כישער אַרמיי — איז זי אַן אַנטפּלעקונג. מיט איר ווערט פאַר זיי אַנט־דעקט אַ ייִדיש קינסטלעריש טעאַטער. אַפילו די, וואָס האָבן געשטאַמט פון גאַליציע און בוקאָווינע און האָבן אין זייערע היימשטעט יאָ געהאַט ייִדיש טעאַטער, איז עס אויך געווען אַן איבעראַשנדיקער סיורפּריז: די עקזיסטענץ פון אַזאַ ייִדיש טעאַטער האָבן זיי זיך נישט פאָרגעשטעלט און

אַזאַ אַרטיסטישע דערשיינונג, ווי אסתר־רחל, איז געווען אויסערן גבול פון זייער פאָרשטעלן זיך יידיש טעאַטער. אין די וואַנדערונגען און מיט אַ נייעם יונגן אַנסאַמבל — ביי זיין גאַנצער באַגאַבונג און אינטעליגענץ — דאַרפנדיק שווער אַרבעטן ביים באַנייען אַלטע פּיעסן, איז שווער געווען צו טראַכטן וועגן אַ סך נייע אויפירונגען. כאָטש זי שאַפט אויך דאַן נייע גלאַנץ־לייסטונגען, ווי די פּאַראַליזירטע אין עמיל זאָלאַס „טערעז ראַקען" — איינע פון אירע אינטערעסאַנטסטע קרעאַציעס, אויב עס האַנדלט זיך וועגן פּסיכאָלאָגישן שטודיום פון דער געשטאַלט און כוח פון טראַגישן אויסדרוק. דאָס אַלץ צוזאַמען שאַפט אָבער נישט קיין יש פון טעאַטער־היסטאָרישן ווערט. עס איז,ליידער, בלויז חיי־שעה — אין אַ פאַרפיינער־טער פאָרעם.

בעת די כסדרדיקע טורנעען וואַנדערט זי אַוועק מיט איר טרופּע אין דעם דורכן דייטשישן מיליטער אָקופּירטן אוקראַינע; לעבט איבער אַלע גרוילן פון בירגער־קריג, פּאָגראָמען, שפּילן אונטער אַ האָגל פון קוילן און דורך פאַרשידענע אומוועגן קומט זי ביים סוף פון 1920 יאָר קיין וואַרשע, ווו עס הייבט זיך אָן דער לעצטער עטאַפּ פון איר שעפערישן וועג און דער לעצטער עטאַפּ פון איר לעבן.

אויף אַ קורצער צייט לעבט זי ווידער אויף אין איר היים, צווישן איר פאַמיליע, צווישן איר עולם. איר טעאַטער איז נאָך פאַרנומען דורך דער אַמעריקאַנער האַלב־מיליטערישער אָרגאַניזאַציע „אימקאַ", שפּילט זי אין די יאָרן 1921־1922 אין וואַרשעווער „צענטראַל"־טעאַטער (בעיקר איר אַלטן רעפּערטואַר) עס איז וואָכעדיקע טעאַטער־אַרבעט, כאָטש דאָס „צענ־טראַל"־טעאַטער, מיט זיין ערשטקלאַסיקן אַנסאַמבל, הייבט אָן אַלץ בולטער צו פאַרנעמען אַן אָרט פון אַן אינטערעסאַנט־קינסטלעריש יידיש טעאַטער. יום־טובדיק אָבער ווערט געפייערט דער יובילעי פון דרייסיק יאָר בינע־טעטיקייט פון אסתר־רחלען — אַ יום־טוב פאַר דער קינסטלערין און אַ גרויסער פאָלקס־יום־טוב. דער יובילעי ווערט שוין געפייערט אין בנין פון איר קאַמינסקיס טעאַטער, וואָס האָט ווידער אָנגעהויבן צו דינען דעם יידישן וואָרט. אין די יאָרן 1923־1924, נאָך אַ ריי גאַסטשפּילן — קומט זי צוריק אין „צענטראַל"־טעאַטער, ווו זי באַווייזט זיך אין אייניקע נייע

ראָלן, נייע געשטאַלטן. מיר זעען זי אין דער ראָל פון דער קינסטלערין קרוטשינינאַ אין אָסטראָווסקיס „אומשולדיק שולדיקע"; אין דעם דער־שיטערנדיקן עפּיזאָד פון „פּרוי גאָלאָווין" אין די „זיבן געהאָנגענע"; אין דער טיף־רירנדיקער גאָלדע אין שלום־עליכמס „טביה דער מילכיקער" און דער עיקר — אין דער אויפפירונג פון שלמה עטינגערס „סערקעלע", פון אָט דער אַלטער ייִדישער קאָמעדיע, וואָס איז הונדערט יאָר נאָך איר אָנשרייבן צום ערשטן מאָל אויפגעפירט געוואָרן אין פּראָפעסיאָנעלן טעאַ־טער דורך זיגמונט טורקאָוו, מיט אסתּר־רחל קאַמינסקאַ אין דער טיטל־ראָל. און ווען פון „צענטראַל"־טעאַטער וואַקסט אַרויס דער וואַרשעווער ייִדישער קונסט־טעאַטער „וויקט" — אונטער דער לייטונג פון אידאַ קאַ־מינסקאַ און זיגמונט טורקאָוו — איז עס אַ געזעצלעך קינד פון אסתּר־רחלס יאָרנלאַנגן טעאַטער־וועג. נאָר דער נאָמען אסתּר־רחל קאַמינסקאַ, וואָס באַ־שיינט מיט פּעטע אותיות דעם ערשטן אַפיש פון „וויקט", איז געבליבן נישט מער ווי אויפן אַפיש. לאַנג איז אסתּר־רחלען נישט באַשערט געווען צו פרייען זיך מיט דעם דאָזיקן אויסגעחלומטן טעאַטער־קינד אירן. באַלד נאָך דער גרינדונג פון „וויקט" ווערט אסתּר־רחל ערנסט קראַנק און מוז פאָרן קיין אויסלאַנד זיך לאָזן מאַכן אַן אָפּעראַציע. ווען זי קומט צוריק — כלומרשט אַ געזונטע — פאָרט זי אין פרילינג 1925 אויף גאַסטשפּילן קיין ווילנע. עס ווערט ווידער באַנייט דער „וויקט", וועלכער שפּילט דערווייל אין וואַרשעווער קאַמינסקיס טעאַטער. עס הייבן זיך אָן די גאַסטשפּילן מיט אסתּר־רחלס באַרימטער „מירעלע אפרת". די גרויסע קינסטלערין באַווייזט נאָך צו שאַפן אַ נייע געשטאַלט, צום לעצטן מאָל באַווייזנדיק זיך פאַר איר וואַרשעווער טעאַטער־עולם. דאָס איז די משוגענע מוטער אין דער שטייג — זשערוויעז — אין דער דראַמאַטיזאַציע פון וויקטאָר הוגאָס „דער גלאָקן־קלינגער פון נאָטר־דאַם", איינער פון די מאָנומענטאַלע „וויקט"־ספּעקטאַק־לען. אסתּר־רחל דערגרייכט אין דער געשטאַלט ווידער אַ הויכער מדרגה פון טראַגיזם און פאַרענדיקט זי מיט אומפאַרגעסלעכע צעווייטיקט־פריי־דיקע טענער פונעם שפּעטן טריומף פון מוטער־ליבע. אָבער דאָס איז שוין כמעט איר טעאַטער־סוף. אסתּר־רחל פאָרט נאָך אַרויס מיט אַ טייל פון דער „וויקט"־טרופּע אויף דער פּוילישער פּראָווינץ. נאָך אַ פּאָר קורצע

וואָכן ווערט צוליב איר קראַנקייט דער טורנע איבערגעריסן אין אַ שטעטעלע ערגעץ אויף די „קרעסן", גאָרנישט ווייט פון דעם שטעטל, ווו זי איז מיט 55 יאָר פריִער אויף דער וועלט געקומען. דער קאַנסער וואָס האָט געפרעסן איר אָרגאַניזם, האָט זיך אַלץ מער פאַרשפרייט — דאָסמאָל אין דער שוידערלעכסטער פאָרעם פון אַ לונגען־ראַק — און נאָך אייניקע חדשים שווערסטעליידן, שטאַרבט די גרויסע קינסטלערין אין איר וואַרשע, אין איר היים, אויף אָבאָזשנע גאַס, נישט ווייט פון איר טעאַטער, פון וועלכן זי האָט קיין גרויס נחת נישט געהאַט.

די לוויה פון אסתר־רחל קאַמינסקאַ איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ גראַנדיעזער מאַניפעסטאַציע פון פאָלקס־טרויער, וועלכע וואַרשע האָט נישט געזען זייט דעם טויט פון י. ל. פרץ. לויט שאַצונגען פון דער פרעסע האָבן זיך אין דער לוויה באַטייליקט ביי די 75 טויזנט מענטשן, וואָס זענען געקומען אָפּגעבן דעם לעצטן כבוד דער אויפריכטיק־געליבטער „מאַמען פון יידישן טעאַטער".

אָבער דער טרויער האָט געגרייכט אַ סך ווייטער. ער האָט אַרומגענומען הונדערטער טויזנטער יידישע מענטשן — אין פוילן און ווייט אויסער די גרענעצן פון פוילן.

# דער רבי דוד הערמאַן

.1

מאַי 1937 איז אין ניו־יאָרק פּלוצלינג געשטאָרבן דער פּאָפּולערסטער רעזשיסער פֿון ייִדישן טעאַטער אין פּוילן. אייניקע יאָר נאָך זיין באַזעצן זיך אין אַמעריקע, ווו ער האָט זיך צו גאָרנישט געקאָנט דערשלאָגן און גאָרנישט דערגרייכט, האָט ער — אינגאַנצן נישט אויסרעזשיסירט — פֿאַרלאָזט די סצענע פֿון לעבן. איבערגעלאָזט נאָך זיך זיין לאַנגיאָריקע לעבנסבאַגלייטערין — די גוט־באַקאַנטע אין ליטעראַריש־קינסטלערישע קרייזן סאַלטשע — אַ סך נאָך אים טרויערנדיקע תלמידים און פֿאַרערער.

וואָלט דוד הערמאַן געשטאָרבן אין וואַרשע, אין פּוילן, וואָלט ער זיכער זוכה־געווען צו אַ גרויסער געזעלשאַפֿטלעכער לוויה, צו מאַסן־אויסדרוקן פֿון טרויער. ווייל ער איז דאָך געווען דער צום מייסטן ייִדיש־פּוילישער, דעם צום מייסטן וואַרשעווער ייִדישער קינסטלער. מיט זיין מענטאַליטעט, דיאַלעקט, מנהגים און פֿאַראינטערעסירונגען.

אין זיין באַשיידן דירהלע אויף כמיעלנע גאַס איז געווען אַ גרויסע אַנטיקן און בילדער־זאַמלונג. ער איז געווען פֿאַרליבט אין אַנטיקן, באַזונדערס — אין ייִדיש־פּוילישע. אָבער אומאָפּהענגיק דערפֿון האָט עפּעס געאָטעמט — סיי פֿון אים, סיי פֿון סאַלטשען — מיט דער אַטמאָספֿער פֿון אַ וואַרשעווער ייִדישן אַנטיקוואַריאַט. ס'האָט געאָטעמט מיט דורות־דיקער פּוילישער ייִדישקייט דורך וועלכער ס'האָט זיך געטראָגן דאָס רוישן פֿון די ווייסל־וואַסערן, אויסגעמישט מיט די תּפֿילה־קולות פֿון אַ גערער שטיבל, פֿון וועלכן דוד הערמאַן איז אַרויסגעוואַקסן. איז ער אָבער געשטאָרבן אין כּרך ניו־יאָרק, זענען זיינע פֿאַרערער און תּלמידים אָפּגעקומען מיט אַ קרעכץ, ווער מיט אַן אויפֿריכטיקער טרער און די פֿאַרצווייגטע ייִדישע פּרעסע אין וואַרשע — מיט נעקראָלאָגן. ווער — גרעסערע, ווער — קלענערע;

ווער — קורצערע, כמעט טעלעגראַפישע. ווייל דאָס ברויזנדיק וואַרשע־ווער יידישע לעבן האָט זיך ווייטער אויסגעשוימט מיט אימפּעט, נישט געקוקט דערויף, וואָס אויף דער גרענעץ האָט שוין געברענט דאָס נאַצי־פייער און אין געציילטע דריי־פיר יאָר אַרום האָט עס שוין פאַרלענדט דאָס יידישע וואַרשע — צוזאַמען מיט כמעט גאַנץ יידיש אייראָפּע.

בלויז איין וואָכנבלאַט האָט זיך ברייטער און הייסער אָפּגערופן אויף דעם גרויסן פאַרלוסט: „די ליטעראַרישע בלעטער״ האָבן געווידמעט דוד הערמאַנען פינף זייטן פונעם נומער פון 21סטן מאַי — אָנהייבנדיק פון דער פראָנט־זייט — מיט אַ צאָל בילדער און אַרטיקלען פון נחמן מייזיל, יצחק גרודבערג, אברהם מאָרעווסקי, יאָנאַס טורקאָוו.

איך האָב דאַן, אויף דער הייסער מינוט, אָנגעשריבן דאָס פאָלגנדיקע אַרטיקל: „אויפן קבר פון אַ רבין״:

„ס׳איז נישט קיין צייט פאַר אָפּשאַצונגען ביי אַ פרישן קבר.

אָפּשאַצונגען, כדי זיי זאָלן זיין אַפילו סוביעקטיוו ריכטיק, מוזן אויפדעקן ליכט און שאָטן־זייטן. אין אָנבליק פון טויט פעלט די רויקייט דערצו.

ס׳וועט נאָך זיכער זיין אַ צייט, געלעגנהייטן — און די פאַסיקע מענטשן — וואָס וועלן אַלזייטיקן באַלייכטן די קינסטלערישע געשטאַלט פון דוד הערמאַן.

איצט — זאָל דערלויבט זיין צו זאָגן אַ באַשיידן געזעגן־וואָרט — אַ רבין.

נישט בלויז דעם רבין פון אַקטיאָרן — דוד הערמאַן איז עס אָן שום ספק געווען (אַ גרויסע אַרמיי יידישע בינע־קינסטלער, אין די לעצטע דריי צענדליק יאָר, האָבן נישט איין אות פון אים געלערנט) — נייערט דעם רבין אין יידישן טעאַטער.

אַ רבי — נישט אין וואולגאַריזירטן זין פון הייַנטצייטיקן חסידיזם; אַ רבי — אַ באַגייסטערער, אַ רבי — אַ נשמה־באַפרוכפּערער.

דוד הערמאַן דער רעזשיסער: אַ וויזיאָנער, וואָס האָט געוואָלט זיינע וויזיעס אויסשפּרייטן דורך דער בינע — צום עולם. וויזיעס

— די פאַנטאַסטישסטע. אָפּטמאָל — די אומרעאַלסטע (אַפּילו אין ענגן זין פון וואָרט). אַפּילו נישט סצענישע, נאָר פשוט — דיכ־טערישע וויזיעס

יאָ, דיכטערישע ווייל הערמאַן איז געווען דער דיכטער פונעם יידישן טעאַטער. דער דיכטער־רבי. עפּעס אַן אָפּשיין פון ר׳ נחמן בראַסלאַווער אויף דער יידישער בינע. פאַנטאַסטישע נשמהדיקייט און נשמהדיקע פאַנטאַסטיק, געשעפּט פון די קוואַלן פון פאָלקס־טימלעכקייט.

קליין איז קוואַנטיטאַטיוו די צאָל פון דוד הערמאַנס אויפפי־רונגען פאַר דריי צענדליק יאָר. גרויס — זיינע אויסערלעך־קוואַ־ליטאַטיווע אויפטוען: איניקע סצענישע דערפאָלגן פון אייביקן רום אין דער יידישער טעאַטער־געשיכטע. אָבער נאָך גרעסער — די אינערלעכע קוואַליטעט פון זיינע אויפטוען, די קראַפט פון אינספּי־ראַציע, דער כוח זיינער אויפצופלאַקערן שוישפּילער.

ווער עס האָט מיט דוד הערמאַנען געאַרבעט, ווייסט עס.

שעהנלאַנג איבער אַ וואָרט, טעג איבער אַ סצענע, וואָכן און אפשר חדשים האָט הערמאַן געמאַטערט מיט אַן אויפפירונג. און ווידער — ס׳איז אַן ענין פאַר אָפּשאַצונג: פאַרשידענע פאָרווורפן וואָלט מען געקאָנט מאַכן זיין אַרבעט־סיסטעם; אָבער איינס מוז יעדער, וואָס האָט מיט אים געאַרבעט, מודה זיין: אין איין מאָמענט פון דער אָנגעשטרענגטער אַרבעט האָסטו ביי הערמאַנען דערפילט אַ פונק, וואָס איז אין דיר אַריינגעדרונגען און דיך אויפגעפלאַ־קערט — אַ טאָן, וואָס האָט דיך דורכגענומען, דורכגעשווידערט. און דאָס איז געוואָרן דער לייטמאָטיוו, דאָס איז געוואָרן די אַנט־פּלעקונג פון אַ וועג פאַר דיר; אַ וועג דורך וועלכן ביסט שוין מיט זיכערע טריט געגאַנגען צו דער סצענישער געשטאַלט. און ווער עס האָט איינמאָל די איבערלעבונג געהאַט, וועט אייביקן טראָגן אַ דאַנקבאַרקייט פאַרן רבין, דעם באַגייסטערער.

*

דוד הערמאַן איז מער נישטאָ. ווייט פון דעם אָרט, ווו ער האָט קנאַפּע דריי צענדליק יאָר געשאַפן. ווייט פון דער סביבה, וואָס האָט זיין חסידישע דביקות געבוירן און וואָס האָט אים נאָך צום מיינסטן פאַרשטאַנען און געפילט — איז אַוועק די פאַרבנרייכע, אייגנאַרטיקע געשטאַלט פון יידישן טעאַטער.

זאָלן די פּאָר ווערטער זיין ווי אַ באַשיידענע באַטייליקונג אין דעם טרויער נאָך אַ רבין פון איינעם, וואָס האָט געהאַט דאָס גליק צו זיין אַ קורצע צייט צווישן זיינע תלמידים און פאַרבליבן ביזן סוף — צווישן זיינע חסידים".

.2

איצט, נאָך אַזויפיל פאַרגאַנגענע יאָרן, האָב איך זיך גענומען דער־גענצן יענע הייסע הספד־שורות מיט בלעטלעך פון זכרונות און פּרוּוון פון אַן אָפּשאַצונג פון צענדליקער יאָרן דיסטאַנץ — קאָן איך מיר אויך דער־לויבן צו ברענגען עפּעס אַנעקדאָטישס, ווייל אַרום הערמאַנען האָבן גע־קרייזט אָן אַ שיעור אַנעקדאָטן, געבוירענע פון זיין נישט־פּראַקטישקייט (און טיילמאָל אומבאַהאָלפנקייט). און דער עיקר — די מערהייט אַנעקדאָטן זענען געווען פאַקטן.

ראשית — קורצע ביאָגראַפישע פּרטים: אַ זון פון אַ באַלעבאַטישער חסידישער היים אין וואַרשע, אַ ישיבה־בחור. נאָך אין דער לאַנגער קאַ־פּאָטע האָט ער אָנגעהויבן צו פאַרקערן (אָנהייב איצטיקן יאָרהונדערט) אין פּרץ־קרייז. געוואָרן אַ משכיל, אויסגעלערנט זיך גוט פּויליש, אַוועק אין אַ פּוילישער־דראַמאַטישער שול און צוריקגעקומען אין פּרץ־קרייז צו פירן דאָרט דאָס נייע יידישע טעאַטער. דערווייל האָט עס זיך געענדיקט מיט דראַמאַטישע קרייזן, מיט אויפפירונגען פון פּרצעס איינאַקטערס, פון שלום אַשס „מיטן שטראָם" א"אַ. פאַרשטייט זיך, אַז קיין צו זיכערע פּרנסה איז דאָס נישט געווען, איז ער געוואָרן אַ לערער אין אַ פּויליש־יידישער פּרויען־גימנאַזיע. און רעזשיסירט פאָרשטעלונגען כמעט אין אַלע יידישע גימנאַ־זיעס, ווי אויך דער רעזשיסער פון פּרץ־קרייז אין „הזמיר", שפּעטער פון איניקע פאָרשטעלונגען אין „עליזעום" (1916־1917). ביז היינט געדענק

איך זיינע אויפפירונגען פון דוד פינסקיס „פאַמיליע צבי" און שלום אַשס „יורשים" (אפשר דערפאַר, ווייל אין איינער האָט זיך באַטייליקט מיין ברודער זיגמונט און אין דער צווייטער — יאָנאַס). ביז עס איז אָנגעקומען קיין וואַרשע די „ווילנער טרופע" און הערמאַן האָט אָנגעהויבן ביי זיי צו צו רעזשיסירן: פּרץ הירשביינס „די נבלה", „תקיעת־כף" און דער עיקר — ש. אַנ־סקיס „דיבוק", די פּרעמיערע פון וועלכן ס'איז פאָרגעקומען צו די שלושים נאָכן טויט פון מחבר. „דיבוק" איז געוואָרן אַן עפּאָכע־מאַכנדיקע פאָרשטעלונג אין דער געשיכטע פון דער „ווילנער טרופּע", פון ייִדישן טעאַטער און דוד הערמאַן — דער פאָפּולערסטער רעזשיסער. ווי אַ קוריאָז וויל איך דאָ דערמאָנען, אַז דער באַרימטער פוילישער קריטיקער באָי־זשעלענסקי האָט געזען הערמאַנס געניאַליטעט אין „אויסטראַכטן" דעם פאָרהאַנג פון שוואַרצע און ווייסע פּאַסן (ד"ה: דעם טלית...).

עס קומט דער דיבוק־טורנע מיט אַ טייל „ווילנער" קיין אויסלאַנד. סיכסוכים, רייסערייען. הערמאַן קומט צוריק קיין וואַרשע און ווערט דערווייל לערער אין דער ערשטער ייִדישער דראַמאַטישער שול פון ד"ר ווייכערט. אין צווישנצייט פירט ער אויך אויף די ערשטע ייִדישע אָפּערע „דוד און בת־שבע" (מוזיק פון הענעך קאָן, טעקסט פון משה בראָדערזאָן, מיט רות לעוויאַש און משה רודינאָװ) — אויפן ייִדישן טעאַטער־הימל אַ מעטעאָר, וואָס איז גיך פאַרלאָשן געוואָרן.

די דראַמאַטישע שול פאַרוואַנדלט זיך לסוף אין „דוד הערמאַן סטודיע". דערויף וויל איך זיך אַ ביסל ברייטער אָפּשטעלן, ווייל אין דער לעצטער תקופה פון איר עקזיסטענץ, בין איך אויך געווען אַ מיטגליד אין דער סטודיע און בין צוזאַמען מיט איר אַריין אין דעם ניי־געגרינדעטן קליינקונסט־טעאַטער „אַזאַזעל".

געקענט פּערזענלעך דוד הערמאַנען האָב איך נאָך פון פריִער. כ'האָב אים געדענקט נאָך אַלס לערער און רעזשיסער אין די גימנאַזיעס און דער דער עיקר — פון די פאָרשטעלונגען אין „עליזעום". איך געדענק ווי ער האָט אָרגאַניזירט די פאָרשטעלונג „פאַמיליע צבי" מיט בלויז יונגע אַקטיאָרן (מרים שיק, מאָריס נאָרוויד, זיגמונט טורקאָוו, י. שידלאָ א"אַ) — כמעט אַלע אַביטוריענטן פון פוילישע דראַמאַטישע שולעס און לסוף האָט

ער זיך קורץ פאַר דער פּרעמיערע דערשראָקן — צוגעצויגן דעם אַלטן אַקטיאָר אייזיקאָוויטש פאַר דער ראָל פון אַלטן צבי.

אין יאָר 1923 האָב איך באַלייגט עקזאַמען אין דער וואַרשעווער יידי־שער דראַמאַטישער שול און דוד הערמאַן איז געווען מיין הויפּט־עקזאַמי־נאַטאָר. אָבער דירעקט זיך צונויפגעטראָפן מיט אים ביי דער אַרבעט האָב איך זיך ערשט סוף 1925, אין זיין סטודיע.

ביז מיין קומען האָט שוין הערמאַן געהאַט אויפגעפירט מיט דער סטודיע פּרץ הירשביינס „גרינע פעלדער" און דעם איינאַקטער „אליהו הנביא"; י. ל. פּרצעס „ביינאַכט אויפן אַלטן מאַרק" אין ערשטן וואַריאַנט פון הערמאַנס באַאַרבעטונג (איניקע יאָר שפּעטער — דער לעצטער וואַר־יאַנט מיט די „ווילנער" אין עליזעום") און „ס׳ברענט", ווי אויך אַנ־סקיס „דיבוק". געווען זענען עס סטודיע־אויפפירונגען, זעלטן געשפּילטע פאַרן עולם, אויף ביטאָגן אין טעאַטער־זאַלן, אָדער אין איניקע פּראָווינץ־שטעט. ווען איך בין אַריין אין דער סטודיע, האָט מען זיך געקליבן צו מאַכן אַ לענ־גערן אַרויספאָר אויף דער פּראָווינץ.

דער ערשטער אַרויספאָר איז געווען די שטאָט שעדלעץ. איך בין דאָן איבעראַשט געוואָרן ווען הערמאַן האָט פאַרלאַנגט פון מיר איך זאָל — כמעט עקספּראָמט — אַריינשפּרינגען אין איניקע עפּיזאָדן (אין „דיבוק" און „ביינאַכט אויפן אַלטן מאַרק"). אויף מיין „סטייטש", האָט ער רויִק געענטפערט:

— מיר מוזן זיך פּראָפעסיאָנאַליזירן, אַז נישט וועלן מיר אונטערגיין.

אַ צייט לאַנג האָט דוד הערמאַן געשטעלט פּראָגראַמען אין „אַזאַזעל" און באַוויזן דאָרט איניקע רעזשיסערישע שעדעווערס, הגם ס׳איז אים זעלטן געלונגען אויסצובויען אַ גאַנצן פּראָגראַם.

איך וויל אָבער איצט בלויז דערמאָנען איניקע הערמאַן־קוריאָזן. אין די קורצע וואָכן פון מיין זיין אין דער סטודיע, בין איך געווען אַן עדות פון פאָלגנדיקן פאַקט: מען האָט צוגעגרייט די ליכט צו „ביינאַכט אויפן אַלטן מאַרק". דער עלעקטריקער פרעגט הערמאַנען וואָס עס פעלט, ענט־פערט ער: „אַ שוואַרצער רעפלעקטאָר". און ווען עס איז אויסגעבראָכן אַ געלעכטער, האָט ער נישט פאַרשטאַנען פאַרוואָס. אין זיין וויזיע האָט ער

געזען שוואַרצע ליכט, ווי ביי דער חרם־סצענע אין „דיבוק”. איז אים גע־ווען אומפאַרשטענדלעך, אַז מען קאָן נישט מיט אַ שוואַרצן גלאָז־צודעק (אגב — אַזעלכע זענען בכלל נישטאָ ביי רעפלעקטאָרן) אַרויסבאַקומען אַזאַ עפעקט.

דער צווייטער פאַל איז געווען מיט מיר גופא. איך האָב געשפּילט דעם דריטן בטלן אין „דיבוק”. נאָכן גרימירן זיך (און איך בין שוין געווען באַקאַנט מיט דער קונסט פון גרים, ווייל כ׳בין דאָך צו דער סטודיע גע־קומען פון פּראָפעסיאָנעלן טעאַטער און געאַרבעט מיט מיין אומפאַרגעס־לעכן חבר יעקב מאַנדלבליט, וועלכער איז געווען אַ מייסטער פון גרים — שוין אָפּגערעדט וועגן דער מייסטערשאַפט פון זיגמונט טורקאָוו אויף דעם געביט) — האָב איך געהאַלטן פאַר מיין חוב זיך צו באַווייזן פאַרן רעזשי־סער. דוד הערמאַן האָט מיך זייער ערנסט באַטראַכט און מיטן זעלבן ערנסט געזאָגט:

— עס פעלט אַביסל אין אייער גרים דער צער פון דער שכינה אין גלות...

האָט זיך אין מיר דערוועקט דער לץ. כ׳בין אַריין אין גאַרדעראָב, אויסגערויכערט אַ פּאַפּיראָס און מיט דער גאַנצער ערנסטקייט זיך ווידער באַוויזן פאַרן רעזשיסער.

— אָט דאָס איז עס, וואָס האָט אייך געפעלט, — האָט ער מיט התלהבות אויסגערופן.

איך דערמאָן דעם קוריאָז, ווי אַ באַוויז פון זיין גרויסער נאַיִווקייט.

און נאָך אַ קוריאָז (וועגן וועלכן איך האָב בלויז געהערט): אין סטאַ־ניסלאַוואָוו, אין מזרח־גאַליציע, כמעט צופוסנס פון די קאַרפּאַטן, ווען הער־מאַן איז דאָרט געווען פאַרבעטן צו רעזשיסירן מיטן „גאָלדפאַדען־קרייז” (אַן אַמאַטאָריש טעאַטער, וואָס האָט געהאַט אַ גרעסערן פאַרנעם ווי אַ סך פּראָפעסיאָנעלע טעאַטערס מיט זייער אַן ערנסטן צוגאַנג), האָט ער פאַר־לאַנגט מען זאָל אים דינגען אַ דירה מיט „אַן אַרויסבליק צום ים”. אַפּנים, אַז ער איז נישט געווען צו שטאַרק באַקאַנט אין געאָגראַפיע.

בכן — עס האָבן נישט געפעלט קיין קוריאָזן מיט דוד הערמאַנען און וועגן דוד הערמאַנען. סיי ביי דער אַרבעט, סיי אין לעבן. קוריאָזן, וועלכע

האָבן אָפּטמאָל עדות־געזאָגט װעגן זײַן נאַיִװקײט און דער עיקר — זײַן נישט־פּראַקטישקײט. די דאָזיקע שטריכן זענען אױך געװען כאַראַקטע־ריסטיש פאַר אים אַלס קינסטלער. זײ האָבן אים אפשר פאַרװאַנדלט אין דעם דיכטער פון טעאַטער, װײַל דאָס איז אײגנטלעך געװען הערמאַנס רעזשי־קונסט: אױסדיכטן אַ פאָרשטעלונג, אױספיבערן זי.

די דיכטערישקײט איז אױך גאָר שטאַרק געװען קענטיק בײַ זײַנע רעציטאַציעס. דער עיקר, װען ער האָט בײַ ברענענדיקע ליכט, מיט אַ סך פײַער און חסידישן ברען, פאָרגעלײענט פּרצעס „די גאָלדענע קײט".

װידער געטראָפן דוד הערמאַנען בײַ דער אַרבעט האָב איך אים זומער 1927, איז מזרח־גאַליציאַנער קוראָרט טרוסקאַװיעץ, װו ער האָט געגרײט מיט די „װילנער", װעלכע זענען צוריקגעקומען פון רומעניע (אָרלעסקאַ, קאַמען, װײסליץ, די נאַטאַנס און צו זײ — מאַרעװסקי און אַ צאָל יונגע, דער עיקר פון גאַליציע, צװישן זײ: רחל האָלצער און דוד ליכט) יעקב פּרעגערס „דער בסיון". איך האָב געזען אײניקע רעפּעטיציעס און האָב זיך װידער איבערצײַגט, אַז ער איז אַלס רעזשיסער אַ גרױסער קינסטלער־אימפּראָװיזאַטאָר, אַ דיכטער. טאַקע דערפאַר איז אים געלונגען פון י. פּרע־גערס דיכטעריש מעשהלע אױסצושפּילן — נישט אױסצובױען — אַ קינסט־לעריש־אָנגעזעטיקטע פאָרשטעלונג. דערנאָך איז געקומען דער געװאַגטער, אָבער נישט־געלונגענער פּרװו: העבעלס „יהודית און האָלאָפערנעס". און אין װאַרשע (נאָך דעם פאַנטאַסטישן דערפאָלג פון װײַכערטס אױפפירונג „קידוש השם" פון שלום אַש) — דער עקספּערימענט מיטן באַנײַען אַן אַלטע ייִדישע קאָמעדיע: ל. לעװינזאָנס „װײַבערישע קניפּלעך". דאָס איז געװען אַן אינטערעסאַנטער פּרװו אַרױסצוהײבן אַ פּערל פון אונדזער קולטור־ירושה. אָבער נאָך „קידוש השם" איז שװער געװען צו דערגרײכן אַ סצע־נישן דערפאָלג. און אפשר האָט הערמאַן טאַקע נישט געפונען די פּאַסיקע ר"אַם פאַרן אַנטיק פון דער ייִדישער דראַמאַטורגיע. דאַן האָט דוד הערמאַן אױפסנײ אױסגעדיכטעט מיט די „װילנער" פּרצעס „בײַנאַכט אױפן אַלטן מאַרק". דאָס איז געװען דער קינסטלערישער הױכפּונקט פון הערמאַנס רעזשי. ער האָט באַװיזן אַרײַנצוברענגען אַזױפיל סצעניש לעבן אין פּרצעס מתים־שפּיל, אַזױפיל פּלאַסטיק אין דער פינצטערניש פון דער בינע־באַ־

לייכטונג; ער האָט באַוויזן אַזוי צו דערטראָגן צום געמיט פון צושויער פּרצעס דיכטעריש וואָרט און געדאַנק, אַז „ביינאַכט אויפן אַלטן מאַרק" האָט זיך פאַרוואַנדלט אין אַ גלאַנץ־לייסטונג פון די „ווילנער" און פון דוד הערמאַנס רעזשיסערישע אויפטוען.

ס'איז אַוועק אַ צייט פון קלענערע און גרעסערע טעאַטער־פּרוּוון, ווי וו. קאַטאַיעווס קאָמעדיע „מאַן, ווייב און רעוואָלוציע („די קוואַדראַטור פון ראָד") — איינע פון די ערשטע סאָוועטישע קאָמעדיעס, אויפגעפירטע אין פּוילן) און ה. לייוויקס „גולם" — אין אַ שפּעטערדיקן פּעריאָד פון די „ווילנער", — וואָס איז געווען אַ גרויסער פּאַרמעסט, אָבער אַ פּלאָנטער, אין וועלכן הערמאַן האָט זיך פאַרלוירן.

מיר איז ווידער אויסגעקומען צו טרעפן זיך מיט הערמאַנען ביי דער אַרבעט סוף 1929, אין „עליזעום"־טעאַטער. נישט ביי די „ווילנער" (פון וועלכע איך בין גראָד דאַן אַוועק), נייערט אין „וואָניט" (וואַרשעווער ביי יידיש טעאַטער) — אַ פּרווו פון אַ געזעלשאַפטלעך טעאַטער, וואָס איז דאַן געגרינדעט געוואָרן פון יאָנאַס טורקאָוון. הערמאַן האָט רעזשיסירט י. ב. ציפּורס „אויפשטאַנד". אויף די וואָכנלאַנגע רעפּעטיציעס פלעג איך אָפּט אַרויסגעבראַכט ווערן פון געדולד צוליב דער סיסטעמלאָזיקייט פון הערמאַנס אַרבעט. ס'האָט מיך געלאַנגווייליקט זיין גרענעצלאָזע באַרעדעוור־דיקייט ביים באַהאַנדלען אַ פּרט. אָבער איינמאָל — ס'איז שוין געווען אַ קורצע צייט פאַר דער פּרעמיערע — האָט הערמאַן, איינטענהנדיק מיט מיר, זיך אָנגעצונדן. ער האָט אָפּגעשפּילט אַיין פּראַזע און עפּעס אַ פּונק האָט זיך געטראָגן פון אים צו מיר, האָט מיך אָנגעצונדן און — אויפגע־פלאַמט אין דער ראָל. אין אייך־איינציקן טאָן זיינעם האָב איך געפונען דעם שליסל צו דער גאַנצער ראָל. דאַן איז מיר ערשט קלאָר געוואָרן הערמאַנס כוח ביי זיין אַרבעט מיט אַקטיאָרן. ער איז געווען דער אינספּיראַטאָר, דער אָנצינדער, דער באַגייסטערער פון אַקטיאָר. דאָס איז געווען דער הויפּט־שטריך פון זיין קינסטלערישער אינדיווידואַליטעט.

אין יענער תקופה האָט נאָך דוד הערמאַן געהאַט איין העלן שעפערישן אויפבליץ: די אויפפירונג פון דוד בערגעלסאָנס „דער טויבער" מיט דער טרופּע פון „עליזעום" אין „קאַמינסקי"־טעאַטער (מיט סאַמבערגן אין דער

טיטל־ראָל. אָבער מען דאַרף עס נישט פאַרמישן מיט יעקב ראָטבאַומס אויפפירונג פון „דער טויבער" ביי די „ווילנער"). פאַר הערמאַנען, דעם נישט־פּראַקטישן טעאַטער־מענטש, וואָס איז געווען שוואַך באַהאַוונט אין טעכניש־סצענישע פראַגן, איז עס געווען זייער אַ ריזיקאַלישער פּאַרמעסט. ס'איז אים אָבער געלונגען. איבערלייענענדיק ווי געהעריק דעם קינסטלע־רישן תוך פון בערגעלסאָנס ווערק, האָט הערמאַן — מיטן כוח פון זיין ווי־זיע — באַוויזן אים צו געבן אַזאַ סצענישן אויסדרוק, אַז די טעכנישע מעג־לעכקייטן פון יידישן טעאַטער האָבן אויסגעהאַלטן דעם פייער־פּרווו. אָבער „דער טויבער" און „דער גולם" זענען שוין געווען דוד הערמאַנס רעזשי־סערישע שוואַנען־לידער. ער פּרווט נאָך צו אָרגאַניזירן (מיט די אָפּגע־שפּאָלטענע „ווילנער" — קאַמען, וויסליץ, נאַטאַן) אַן אַנסאַמבל מיט דער פּיעסע „ראַסע", נאָר עס גייט שוין נישט. דער אַנסאַמבל שליסט זיך ווידער איין אין דער „ווילנער טרופּע" און הערמאַן וועגעטירט אין פּוילן, ביז ער פּאָרט אַוועק קיין אַמעריקע.

און דאָס איז געווען זיין פאַטאַלסטער לעבנס־טעות. ווייל ווי ער וואָלט זיך נישט געמאַטערט אין פּוילן, האָט אים זיין רום דאָרט אַלץ געשאַפן אַ מעגלעכקייט פון עקזיסטענץ און פון עפּעס פּרווון. און אין דעם דורכויס קאָמערציאַליזירטן אַמעריקאַנער יידישן טעאַטער האָט דער אַזוי נישט־פּראַקטישער דוד הערמאַן זיך בשום אופן נישט געקאָנט אַריינפּאַסן. איז אים אויסגעקומען קינסטלעריש צו צאַנקען — מיט אָוונטן, מיט דראַמאַ־טישע קרייזן — ביז ער איז אינגאַנצן פאַרלאָשן געוואָרן אין דעם גיגאַנ־טישן ניו־יאָרק.

און מיט אים איז אויסגעלאָשן געוואָרן דער לעצטער פונק פון דער פרץ־אַטמאָספערע אין יידישן טעאַטער. ס'איז אויסגעלאָשן געוואָרן אַ גרוי־סער טאַלאַנט, וועלכער האָט געבליט — און געשטיקט זיך — אין די ענגע דלד אמות פון יידישן טעאַטער אין פּוילן. פאַר קיין אַנדער טעאַטער האָט ער נישט געטויגט מיט זיין חסידישער דביקות און התלהבות, מיט זיין איי־גנאַרטיקייט אין די קוואַלן פון פּוילישן יידנטום, מיט זיין רבישן נשמה־יתירה־פונק, נאָר פאַר דעם יידישן טעאַטער אין פּוילן.

מיר איז אָפטמאָל אויסגעקומען זיך צו אַמפּערן מיט טעאַטער־מענטשן

וועגן דוד הערמאַנען. אייניקע האָבן געטענהט: ער איז געווען אַן אייבי־קער דילעטאַנט; אַנדערע ווידער — ער האָט זיך דערלויבט צו שניידן און איבערצודרייען טעקסטן פון מחברים אָן שום פיעטעט פאַרן פאַרשטאָר־בענעם מחבר (ווי אַ שטייגער: אַנסקיס „דיבוק"). אין די אַלע טענות זענען געווען אַ סך אמתן. אָבער די בעלי־הטענות האָבן וועגן איין זאַך פאַרגעסן: אַז מיר האָבן געהאַט צו טאָן מיט אַן אָריגינעלן קינסטלער; מיט אַ זעלבסט־שטענדיקער, אויטאָנאָמער קינסטלער־נאַטור. ער איז געווען דורך און דורך סצענישער דיכטער, קאָמפּאָזיטאָר פון יידישע סצענישע סימפאָניעס און באַגייסטערער, קינסטלערישער אָנצינדער פון אַקטיאָרישע פייערן.

אין מיין בוך „יידיש טעאַטער אין פוילן" האָב איך וועגן אים געשריבן:

„הערמאַן איז געקומען (צו די „ווילנער") מיט אַ דורכויס פּוילישער טעאַטער־קולטור, מיט בולטע השפעות פון אַ יונג־פּוילישן נעאָראָמאַנטיזם און מיסטיציזם"...

„ס'איז אין אים פאָרגעקומען אַ גערענגל צווישן וויספּיאַנסקי און פּשיבישעווסקי — מיט אַן איבערוואָג פון וויספּיאַנסקי־השפעות, וועלכע זענען ביי הערמאַנען איבערגעשמאָלצן געוואָרן אין דער ראָמאַנטיק פון חסידיזם, אין דער מיסטיק פון קבלה. הערמאַן איז, אַזוי מיטגעריסן געוואָרן דערמיט, אַז אַ חסידישער ניגון האָט געקאָנט ווערן דער צענטער פון זיין רעזשיסערישער קאָנצעפּציע. אָפּערירנדיק מיטן ניגון, מיט געדעמפּטקייט פון בילד און טאָן, מיט סודותפולער טונקלקייט, האָט ער אָפט דערגרייכט גרויסע עפעקטן"...

וואָס עס ווילט זיך בלויז צוגעבן דערצו איז: ער האָט געהאַט אַ רייכע נשמה. דוד הערמאַנס נשמה, די נשמה פון אַ חסיד־קינסטלער. דאָס האָט זיך דורכגעשלאָגן אין יעדער אַרבעט זיינער, אין יעדן אַרויסטריט זיינעם און אַפילו אין זיין טאָג־טעגלעכן לעבן.

# די טראַגעדיע רודאָלף זאַסלאַווסקי

.1

„רודאָלף זאַסלאַווסקי איז אויף אַן אמת געשטאָרבן" — אַזוי האָט מען מודיע געווען דעם ייִדישן טעאַטער־עולם וועגן טויט פון דעם דאָזיקן אייגנאַרטיקן קינסטלער.

אַ יאָר פריִער האָט מען חושד געווען זאַסלאַווסקין אין מיסטיפיקאַציע — אין צוזאַמענהאַנג מיט די ידיעות וועגן זיין טויט אין דאַנציק. „ער האָט זיך דורכן טויט געזונט לעבעדיק געמאַכט" — האָבן געטענהט אפיקורסים אין די טעאַטער־קרייזן.

„אַן אמת, אָדער נישט?" — אַ פאַקט איז, אַז מענטשן האָבן אויך דאָס־מאָל געצווייפלט אין זיין טויט און מען האָט ממש געמוזט שווערן: „ייִדן, אויף נאמנות, ער איז געשטאָרבן! ס'איז נישט קיין טעאַטער־שפּיל".

קאָמיש, ביים גאַנצן טראַגיזם פון טויט. טראַגיש, ווי דאָס גאַנצע לעבן פון דעם דאָזיקן אַלייניקן רודאָלף זאַסלאַווסקי.

*

איינער פון די גרעסטע טאַלאַנטן אויף די ייִדישע בינע־ברעטער. „דער אַקטיאָר מיטן פּידעלע אין האַלדז". דער אַקטיאָר מיט אַן אויסערגעוויינלעך־רייכן דיאַפּאַזאָן פון סצענישע געשטאַלטן און טענער.

און — איינער פון די דיסציפּלינלאָזסטע אין דעם געגנוג דיס־ציפּלינלאָזן ייִדישן טעאַטער.

מען איז געוווינט ביי אונדז צו האָבן טענות צום ייִדישן פאָלק,

טראַגישע איבערלעבענישן פון קעמפער, שרייבער, קינסטלער — דאָס יידישע פאָלק איז שולדיק.

צו וואָס די טענות? ענלעכע טראַגעדיעס קומען דאָך פאָר ביי אַלע פעלקער. איז עס נישט די שולד פון פאָלק, נאָר פון דער אָר־דענונג.

ביי יידן איז עס אָפטער, בלוטיקער און בלאָטיקער — ווייל דאָס יידישע לעבן איז אַזוי. נישט אַ האָר מער, ווי די ספּעציפישע באַדינגונגען פון צעשטויבטן, נישט־אָרגאַניזירטן יידישן עקאָנאָמישן און במילא — קולטור־לעבן.

אינדיווידועלע, מענטשלעכע קינסטלער־טראַגעדיעס קומען אויך פאָר אַפילו ביי די בעסטע אַנטוויקלונג־מעגלעכקייטן. יעסענין, מאַיאַקאָווסקי — בולטעביישפילן. מיכאַיל טשעכאָוו — נאָך אַ ביי־שפּיל.

רודאָלף זאַסלאַווסקיס טראַגעדיע איז אַזאַ ריין־אינדיווידועלע. ער האָט זיך אַליין דערפירט דערצו, אַז דאָס „פּידעלע" אין זיין האַלדז זאָל בלייבן אָן סטרונעס. אין די צייטן פון זיין שענסטן אויפבלי האָט ער געקאָנט, מיט אייגענע הענט — צוליב אַ קאַפּריז, אַ שפּי־צעלע — איבערקערן טעאַטער־אינסטיטוציעס. זיין גאַנץ לעבן האָט ער זיך געגראָבן אַ גרוב.

אייניקע עפּיזאָדן פון דעם מין: „פאַר דער מלחמה. זאַסלאַווסקי טרעט אויף אין ווילנע אַלס „האַמלעט". דער באַקאַנטער רוסישער רעזשיסער ביעלאַיעוו, לויפט אַריין נאָכן ערשטן אַקט צו זאַסלאַוו־סקין, קושט אים, שרייט אין התפעלות: „דאָס איז אַ גאָט!".

אין צווייטן אַקט פאַלט אָן זאַסלאַווסקין אַ ווילדער חשק צו לצעווען און דאָ האָט שוין קיינער נישט געהאָלפן. אין אַזעלכע פאַלן פלעגט ער זיך דערלויבן אומגלייבלעכע זאַכן. און דערזעלבער ביע־לאַיעוו לויפט אַרויס נאָכן צווייטן אַקט פון טעאַטער, ווי אַ פאַרסמ־טער, מיט אַ געוואַלד: „אַ פּראָפאַנאַציע! דאָס איז דאָך אַן אומדער־טרעגלעכער קאָמעדיאַנט!" אאַז"וו.

ביידע זאַכן זענען געווען אמת: אַ „גאָט" און אַ קאָמעדיאַנט.

אַלץ צונויפגעקניפּט און צונויפגעבונדן. געקאָנט אָנזאַמלען אין אַ פאַרשטעלונג אוצרות מיט שיינקייט, וואַרפן פונקען פון געניאַליטעט און — מיטאַמאָל אַלץ איבערקערן צוליב אַ שפּאַס (אגב, עפּעס ענ־לעכס דערציילט וועגן אים ד״ר א. מוקדוני אין זיינע זכרונות אין „אַרכיוו פון יידישן טעאַטער״).

דאָס איז געווען זאַסלאַווסקיס אומגליק, וואָס האָט אונטערגע־גראָבן זיינע דערפאָלגן און מיטגעהאָלפן צו זיין ירידה. אָבער דאָס עיקרדיקע אומגליק זענען געווען זיינע גאָלדענע מאַנזשעטן־ספּיג־קעס.

דער ווייטערדיקער עפּיזאָד וועט עס קלאָר מאַכן:

סוף זומער 1930. דער אַרטיסטן־פאַראיין מאַכט אַ גיגאַנטישן פּרווו — שאַפט דעם דירעקטאָריאַט פון יידישע טעאַטערס. אַ פּרווו געזעלשאַפטלעך צו אָרגאַניזירן און פירן אַלע יידישע טעאַטער אין פוילן.

איך האָב דאַן געהערט צו דער פאַרוואַלטונג פון אַרטיסטן־פאַראיין. טעג און נעכט אַרבעט און וויכוחים, יאָ־ און ניין־זאָגערס, ווי דער שטייגער. יאָ־זאָגערס ווילן בויען מיט גלויבן; ניין־זאָגערס (אָפענע און פאַרבאָרגענע) שטערן — אָפטמאָל מיט שפּיצלעך.

זאַסלאַווסקי ווערט געשטעלט אין שפּיץ פון אַ פּראָווינצער טעאַטער. איך פיר מיט אים אַ שמועס אין פאַרוואַלטונג־צימער פון אַרטיסטן־פאַראיין. ער וואַרפט מיר צו אַ פראַגע — מיט זיין כאַ־ראַקטעריסטיש בייז שמייכעלע.

— ע, חברל, ווער וועט דאָ אָפּלעקן אַ פעט ביינדל? שוין גע־האַט אַזעלכעס אין ראַטנפאַרבאַנד. אַלץ צעגנבעט, חברל, אַלץ צע־גנבעט!

איך הייב זיך אָן צו קאָכן:

— סטייטש, די גרעסטע שטראָף קומט דאָך דערפאַר...

ענטפערט ער רויק און ציניש:

— ביסט נאָך אַ יונג, חברל, וועסט זיך נאָך איבערצייגן!

און ער דערציילט מיר אַ גאַנצע ריי עפּיזאָדן פון יענער צייט

אין ראַטנפאַרבאַנד. מיט ממש אַ דערשטוינטער גלייכגילטיקייט דער־ציילט ער וועגן בולטע קרימינעלע פאַרברעכנס. דאַן הייבט ער אָן צו דערציילן וועגן דער צייט, ווען דאָס לעבן און די אַרבעט אין ראַטנפאַרבאַנד האָבן זיך נאָרמאַליזירט, ווי ס'איז גוט אַוועק, וואָס פאַר אַ מעגלעכקייטן ער האָט געהאַט, אאַז"וו.

פאַלט פון מיין זייט די פראַגע:

— פאַרוואָס־זשע זענט איר אַוועק פון דאָרט?

— די גאָלדענע מאַנזשעטן־ספינקעס האָבן מיך געלאָקט, חברל, דאָס זיידענע העמדל, חברל, נישט צו מאַכן!

האָט ער טאַקע די ערשטע צייט געפונען גאָלדענע מאַנזשעטן־ספינקעס און פּאָרטסיגאַרן, אָבער לסוף אויך — פאַרוואָרלאָזונג און טויט.

*

זאַסלאַווסקין האָט זיך פאַרבענקט נאָך די גאָלדענע מאַנזשעטן־ספינקעס און ער איז אַוועק וואַנדערן איבער דער וועלט צוליב זיי — נישט צוליב קינסטלערישע דערגרייכונגען און בענקענישן. די „וועלט" האָט אים לכתחילה אַ סך געגעבן — און לסוף אַלץ צוגע־נומען.

ערשט ביי די וואַנדערונגען האָט זיך צום בולטסטן אַרויסגע־וויזן זיין שוואַכער כאַראַקטער און דיסציפּלינלאָזיקייט.

יעדער קינסטלער מוז קאָנען פאַרטראָגן אַ דורכפאַל, גראָד ווי ער איז מסוגל אויפצונעמען אַ דערפאָלג. ס'איז אוממעגלעך אַ קינסטלערישע קאַריערע פון בלויזע דערפאָלגן — ביי די גרעסטע קינסטלער אַפילו. מען מוז קאָנען אַריבערטראָגן די שווערסטע נסיו־נות. זאַסלאַווסקי האָט עס נישט געקאָנט. ביי דערפאָלגן איז ער גע־ווען ווילד־פאַרריסן; ביי אַ קליינער שטרויכלונג — פאַרלוירן דעם קאָפּ און זיך גופא.

ער האָט געפירט אַ פאַרשווענדעריש לעבן אין באַצוג צו זיין שוואַכן געזונט און כסדר אַלץ מער עס רויִנירט. איז דען אַ ווונדער,

אַז ביי קנאַפּע 50 יאָר איז ער שוין געווען אַ צעבראָכענער מאַן — דערצו נאָך ביים יידישן טעאַטער, ווו צווישן די יוגנט־יאָרן און עובר־בטלדיקייט ליגט אַ קאַצן־שפּרונג?

דער טויט פון רודאָלף זאַסלאַווסקי איז זיכער געווען אַ שווע־רער פאַרלוסט: ס'איז אַוועק אַ גרויסער טאַלאַנט פון יידישן טעאַ־טער. קיינער האָט נישט בדעה אויף קיין האָר צו פאַרמינערן זיינע פאַרדינסטן און באַדייט.

אָבער לאָמיר אויסמיידן, ווי דער שטייגער איז ביי אונדז, צו באַשולדיקן דאָס יידישע פאָלק אין דעם אומגליק. אין פאַל זאַס־לאַווסקי איז עס נישט אינגאַנצן שולדיק. דאָ האָבן זיך פאַרשולדיקט די אייגענע פעלן פון דעם דאָזיקן פאַרבנרייכן און העכסט טראַגישן יידישן קינסטלער.

.2

די דאָזיקע כאַראַקטעריסטיק איז געשריבן געוואָרן אין ווין, אין אָק־טאָבער 1937. אָפּגעדרוקט איז זי געווען אין די וואַרשעווער „ליטעראַרישע בלעטער", נומ' 47, פון 19טן נאָוועמבער. דאַן האָב איך זיך שוין געפונען אין דער טשעכאָסלאָוואַקיי, וווהין איך בין אַנטלאָפן פון דעם אַלץ מער זיך היטלעריזירנדיקן ווין.

קיין בראַטיסלאַוואַ איז צו מיר אָנגעקומען אַ מאָדנער בריוו: מען האָט מיך געוואָרנט, אַז זאַסלאַווסקיס ברודער, דער אַקטיאָר און מוזיקער שלמה נאַומאָוו, וועט זיך מיט מיר „אָפּרעכענען", בלוטיק אָפּרעכענען, פאַרן „פאַרשוועכן דעם אָנדענק" פון זיין פאַרשטאָרבענעם ברודער. ער וועט אין מיר נקמה־נעמען.

איך האָב זיך פון אַזעלכע דראָאונגען נישט צו שטאַרק גענומען צום האַרצן. כ'האָב פונדעסטוועגן געפּרוווט איינִיקע מאָל דורכצואַנאַליזירן „די טראַגעדיע רודאָלף זאַסלאַווסקי" און — נישט געפונען אין איר קיין „פאַר־שוועכונג". אויך לעצטנס — ביים אויססדרן דעם מאַטעריאַל פאַרן אַריינ־געבן אים אין די טאָמען פון אַ בוך — האָב איך ווידער געמאַכט אַן אַנאַ־ליז פונעם אַרטיקל אין ליכט פון דער אָפּגעלאָפענער צייט און זיך איבער־

ציִיגט, אַז ער איז געווען געראַכט, יושרדיק און טרעפלעך. מיט מער אָביעקטיווקייט שטעל איך פעסט, אַז דאָס איז אַ גרונטיקע, הגם אַזאַ קורצע כאַראַקטעריסטיק פון דעם גרויסן בינע־טאַלאַנט און שוואַכן מענטשלעכן כאַראַקטער רודאָלף זאַסלאַווסקי.

ס׳האָט מיך אַליין געוווּנדערט: פאַקטיש האָב איך דאָך קיינמאָל נישט צוזאַמענגעאַרבעט מיט זאַסלאַווסקין און בלויז ספּאָראַדיש זיך מיט אים געטראָפן. אין וואַרשע, ווען ער איז נאָך געווען אין פּוילן גלאַנץ און ווען ס׳האָט זיך שוין אָנגעהויבן זיין באַרג־אַראָפּ, ד״ה, ווען ער האָט געפּייערט גרויסע טריומפן אין גאַנץ פּוילן מיט זיין אומפאַרגעסלעכער אינטערפּרעטאַציע פון שלום־עליכמס „טביה״ און ווען ער האָט אין „סקאַלאַ״־טעאַטער שוין „נישט געטראָפן״ מיט זיינע אויפפירונגען פון דזשעק לאָנדאָנס „וועלפישע נשמות״ אָדער לייב מלאכס „הערצער צו פאַרקויפן״.

איך האָב געהאַט אַ באַזונדערע הנאה מיט אים צו שמועסן, הערן פון אים עפּיזאָדן און קוריאָזן. ס׳איז געווען ביי מיר אַ טעאַטער־פאָרשערישע נטיה, הגם — אויב צו זיין אויפריכטיק — אינטעלעקטועל בין איך נישט באַרייכערט געוואָרן ביי אים. ער פלעגט אָבער אַזוי קינסטלעריש אָפּשפּילן זיינע דערציילונגען, אַז דאָס אַליין איז כדאי געווען צו הערן. דערביי איז זיין ציניזם, זיין „נאַפּלעוואַטיעלסטוואָ״ („איך שפּיי דערויף״) געווען שוין אַזוי אָרגאַניש ביי אים, אַז מען האָט געמוזט שלום־מאַכן דערמיט, אָדער — אויסמיידן זיין געזעלשאַפט. דאָס האָט זיך אויך אויסגעדריקט אין זיין ווילדקייט לגבי פּאַרטנערס אויף דער בינע. נישט איינמאָל איז מען זיך וועגן דעם געקומען באַקלאָגן אין אַרטיסטן־פאַראיין און מיר איז אויסגעקומען וועגן דעם אַ ביסל איינטענהן מיט אים. ער איז אָפּגעקומען מיט אַ הלצהלע, אָדער סתם חוזק פונעם אָנקלאָגער.

איך האָב אים אויך באַגעגנט אין יאָר 1931 אין בעלגיע און פּאַריז, וווּ ס׳איז יאָ קאָנטיק געווען זיין פּערזענלעכער באַרג־אַראָפּ — דאָס זוכן אַ „יאָלד״, וואָס זאָל שטעלן אַ קאַווע, אָדער אַ גלעזל; אין צוויי־דריי יאָר שפּעטער — ווידער אין פּוילן — שוין אַ חורבה, סיי אַלס מענטש, סיי אַלס קינסטלער. זיין אַסטמע האָט אים געפּייניקט און ער האָט געפּייניקט דעם אָרום.

61570



5
6

אָבער ווען איך האָב — אין 1936 — געקריגן אַ טעלעפאָנישן אָפּרוף פון י. שפּיגעלן, דעם רעדאַקטאָר פון דער טעאַטער־אָפּטיילונג אין לעמ־בערגער „מאָרגן", אַז איך זאָל למען־השם תיכף אָנשרייבן אַ הספּד־אַרטיקל וועגן זאַסלאַווסקין, ווייל ס'איז אָנגעקומען אַ טעלעגראַמע, אַז ער איז באַ־גאַנגען זעלבסטמאָרד אין דאַנציק, האָב איך זיך אָפּגעזאָגט דאָס צו טאָן. כ'האָב שפּיגעלן געענטפערט: וועגן זאַסלאַווסקין דאַרף מען נישט שרייבן אויף דער הייסער מינוט און איך בין חושד, אַז די גאַנצע ידיעה איז זיינס אַ שפּיצל (מאָרעוווסקי, וועלכער איז אויך דאַן געווען אין לעמבערג, האָט אָנגעשריבן אַ פּאַטעטיש אַרטיקל וועגן „טראַגישן טויט פון אַן אַקטיאָר"). און ווען ס'איז איין אייניקע טעג שפּעטער געקומען אַן אָפּלייקענונג: לא היה ולא נברא, זאַסלאַווסקי לעבט און וועט אַוועקפאָרן אויף גאַסטשפּילן קיין אַרגענטינע, — האָט מיר דער רעדאַקטאָר שפּיגעל מודה־געווען, אַז — איך האָב געקענט זאַסלאַווסקין.

איך רעד זיך איין, אַז איך האָב אים געקענט. טאַקע פון אונדזערע צאָלרייכע שמועסן און פון דעם וואָס אַנדערע האָבן מיר דערציילט וועגן אים. פון קוריאָזן, עפּיזאָדן, שפּיצלעך זיינע. און ווייל איך האָב אים גוט געקענט, האָב איך אים אויך ליב געהאַט — מיט אַלע זיינע חסרונות — אַלס אייגנאַרטיקע קינסטלער־נאַטור, אַלס זעלטן־טאַלאַנטירטן אַקטיאָר. דערפאַר איז אין מיין אַרטיקל נאָך זיין טויט נישט געווען קיין שמץ פון בייזוויליקייט, אָדער „פאַרשוועכונג", נייערט אַן אויפריכטיקער צער אי־בערן פריצייטיקן פאַרלוסט פון אַזאַ באַגאַבטן קינסטלער. דער צער איז אָבער געווען פאַרבונדן מיטן פּרוּוו צו זוכן די סיבות פון דער טראַגעדיע זאַסלאַווסקי. דאָס האָט אַפנים אַזוי אויפגעבראַכט זיינע נאָענטע.

# דער ערשטער קרבן, דניאל שאַפּיראָ

**.1**

ס׳איז באַשערט געווען, אַז אין מיין שטוב זאָל געשען די טראַגעדיע פונעם ערשטן יידישן אַקטיאָרן־קרבן בעת דער היטלעריסטישער פאַר־לענדונג. אין מיין צימער, אויף מיין סאָפע, איז געהרגעט געוואָרן דער „ווילנער״, דער אַרטיסט דניאל שאַפּיראָ. אין דעם לעצטן טאָג פון דער באָמבאַרדירונג, דעם 26סטן סעפטעמבער 1939, ווען גאַנץ וואַרשע איז געווען איין ים פון פייער, פון פלאַמען, איז פאַרלאָשן געוואָרן אַ קינסטלע־רישער פלאַם, וואָס האָט נישט איין מאָל אַ לייכט געטאָן אויף די וואַנדע־רונגען פון יידישן טעאַטער.

— דאָקטער, ראַטעוועט דעם יידישן אַרטיסט דניאל שאַפּיראָ — האָט ער געשריִען אויף רוסיש צום באַקאַנטן דאָקטער און געזעלשאַפטלעכן טוער י. מילייקאָווסקי, ווען איך האָב אונטער אַ האָגל פון קוילן און שראַפּנעלן געבראַכט צו שלעפּן פון זיין באַהעלטעניש, אויף אָרלע, צו אונדז, אויף לעשנע 19.

דאָקטער מילייקאָווסקי האָט בלויז געקאָנט אין אייניקן מינוטן אַרום קאָנסטאַטירן דעם טויט. שפּליטערן פון אַ שראַפּנעל, וואָס האָט אויפגעריסן ביי מיר אין צימער, האָבן פאַרוווּנדיקט אין פוס דעם באַקאַנטן בינע־קינסט־לער משה ליפּמאַן, וואָס אויך ער האָט זיך געפונען אין צימער; מיך אַ ביסל פאַרטויבט. דאַקעגן, אויסגעלאָזט די גאַנצע רציחה צו שאַפּיראָן, וואָס איז געשלאָפן אויף דער סאָפע אין ווינקל. דורכגעלעכערט דעם טייסטער און פאַרוווּנדיקט דעם ברוסטקאַסטן; צעריסן דאָס מויל און דער עיקר געטראָפן אין שאַרבן, ווו אַ נייער שפּליטער האָט זיך צונויפגעגאָסן מיט אַן אַלטן, אַן אַריינגעוואַקסענעם אין אַ קנויל פעטס אויפן שטערן — אַ זכר פון דער

ערשטער וועלט־מלחמה, ווען שאַפּיראָ האָט געקעמפּט פאַרן צאַר „באַ־טיושקאַ".

זיין איינציק זונדל, איזיקל, וועגן וועלכן ער האָט געהאַלטן אין איין רעדן און חלומען, האָט זיך געפונען ביי שאַפּיראָס שוועסטער אין גראָדנע; זיין פרוי, די לירישע זינגערין און שוישפּילערין רבקה גאַמאַרסקאַ, איז בעתן אויסלענדישן טורנע פון דער „ווילנער טרופּע", אין יאָר 1933, פּלוצ־לינג קראַנק געוואָרן אין בעלגיע. מען האָט ביי איר פעסטגעשטעלט אַ שטאַרק־אַוואַנסירטע, אָפענע שווינדזוכט, פאַרשפּאַרט אין אַ סאַנאַטאָריע, ווו זי האָט שוין באַדאַרפט פאַרבלייבן — אפשר אַ לעבן־לאַנג. (היטלער האָט זיך געמיט, אַז דאָס זאָל נישט זיין צו לאַנג). און ער, דניאל, האָט זיך אַן איינזאַמער אַרומגעשלעפּט אויף די וואַנדערונגען פון יידישן טעאַטער. אַ סימבאָל פון נע־ונדקייט און היימלאָזיקייט.

.2

שאַפּיראָ איז געווען אַ ווילנער — איידער ער איז אַריין אין דער „וויל־נער טרופּע". ס'איז געווען אַ צייט (באַזונדערס אין די לעצטע יאָרן פון מאַזאָס „ווילנער"), ווען אמתע ווילנער זענען דאָרט געווען אַ פאַרשווינדנ־דיקע מינדערהייט. ממש — צו ציילן אויף די פינגער. אין דער זעלבער צייט זענען אין ווילנע, גראָדנע און אין די שכנותדיקע שטעטלעך, געווען טע־טיק אמתע ווילנער, אָדער פון ווילנער קאַנט, וועלכע האָבן געזוכט זיך אויסצולעבן אין טעאַטער און געבן זייער סביבה אַ טעאַטער־אויסלעבונג. מערסטנטייל זענען עס אַפילו נישט געווען קיין „פּאַראיינס־אַקטיאָרן" און דערפאַר פאַרמשפּט אייביק אַרומצוּוואַנדערן איבער די קלענסטע שטעט־לעך, אין דער גרעסטער נויט.

דניאל שאַפּיראָ האָט געהערט צו די אויסדערוויילטע פון יענעם מין בלאָנדזשענדיקע שטערן. אַליין אַ סקידלער, איז ער, צוריקקומענדיק נאָך דער מלחמה אין די היימישע געגנטן, אַן אויסגעהיילטער פון די פיזישע בראָנטוווּנדן — גייסטיק פאַרווונדעט געוואָרן פון מעלפּאָמענעס פיילן.

אַ הויכער, ברייטפּלייציקער, מיט אַלע מעלות פון אַ „פיגור"־אַקטיאָר, האָט ער פאַרמאָגט אַ פיינע שטים און איז געווען אַ גרויסער מנגן דערצו.

אַ ייִדישער מענטש — און דאָך האָט עפּעס אַ רוסישקייט געשלאָגן פון אים — פון זיין אַקצענט, אופן פון רעדן און אַפילו שטייגער פון לעבן.

אַ צייט איז ער געווען מיט דער „ווילנער אַפּערעטע" פון דער כאַש־משפחה; אַ צייט — אַרומגעשלעפּט זיך בראש פון פאַרשידענע טרופּעס, ביז עס האָט זיך אָנגעהויבן די גרויסע תקופה אין זיין בינע־קאַריערע — דאָס „ריגער ייִדישע מיעוטים־טעאַטער" (סוף 1926), ווו ער האָט פאַרנומען אַן אָנגעזעענע אַקטיאָרישע פּאָזיציע און פון וואַנען עס האָט אָנגעהויבן צו דערגיין דער שם וועגן אים: „אַ גוטער אַקטיאָר". בכלל איז דאָס ריגער מיעוטים־טעאַטער געווען אַ מין פיליע פון ווילנע: די אָרגאַניזאַטאָרן — קינסטלערישער אָנפירער אברהם מאָרעווסקי; דירעקטאָר — משה קאַרפּינאָוויטש; מערסטע אַקטיאָרן האָבן אויך געשטאַמט פון ווילנע און אומגעגנט.

און אין די זומער־חדשים — אין גאַמאַרסקאָס היים, קיין ווילנע, ווו מען האָט גערוט, געקיבעצט ביי וועלפקען אין רעסטאָראַן, אָדער אַריינגעכאַפּט אַ שפּיל אויף אַ קורצן סעזאָן מיט לידיאַ פּאָטאָצקאַ, מיט אַנדערע גאַסטשפּילערס און קאָלעקטיוון.

מיר איז אויסגעקומען זיך אָפט צו טרעפן מיט שאַפּיראָן אין די ווילנער זומער־חדשים און דירעקט ביי דער אַרבעט — ערשט אָנהייב 1931, ביי זיגמונט טורקאָווס גאַסטשפּילן אין קאַמינסקיס טעאַטער אין וואַרשע: דיצענשמידטס דאָס הויז פון פאַרברעכער, ווו שאַפּיראָ האָט אַריינגעבראַכט אַ סך רירנדיקן ליריזם מיט זיין אַלטן ייִדישן הענדלער; שלום אַשס אָנקל מאָזעס („מאַנעס אַגיטאַטאָר"). פון יענער צייט אָן האָבן מיר זיך צונויפגעטראָפן ביי די ווילנער אין לאָדזש, אין „עליזעום" אין וואַרשע, אין מאָריס שוואַרץ־אַנסאַמבל איבער פּוילן און ווין.

דער וויכטיקסטער עטאַפּ אין זיין שאַפן איז טאַקע געווען ביי די „ווילנער". דאָרט האָט ער זיך געהאַט איינגעוואָרצלט — קינסטלעריש און פערזענלעך — מיטן „גולם" אין לייוויקס דראַמאַטישער פּאָעמע. די פאַרשטעלונג איז טאַקע ביי דעם מייסטער־רעזשיסער דוד הערמאַן אַרויס נישט קיין פאַרגאַנצטע, אָבער דריי געשטאַלטן האָבן איבערגעלאָזט אַ נישט־פאַרגעסלעכן רושם: יוסף קאַמען — תנחום; יעקב ווייסליץ — דער מהר״ל;

דניאל שאַפּיראָ — דער גולם. אין דער מגושמדיקייט פון שטיק לייב האָט שאַפּיראָ באַוויזן אַריינצוגעבן אַזוי פיל צאַרטע מענטשלעכקייט, אַז ביי אים האָט ערשט לייוויקס חלום וועגן גאולה פון מענטש באַקומען אַ תּיקון. שאַפּיראָ האָט זיך מיט זיין „גולם" אַוועקגעשטעלט אין דער מיזרח־זייט פון יידישן טעאַטער.

ער האָט אַדורכגעמאַכט אַלע אומוואַנדלונגען און וואַנדערונגען אין די לעצטע יאָרן פון מאַזאָס „ווילנער". געווען פון מאַזאָס געטרייער גוואַר־דיע. געשפּילט אין כמעט אַלע אויפפירונגען, אַליין אויפגעפירט פאָרשטע־לונגען (צווישן אַנדערע: אַ מיליאָן צרות פון קאַטאַיעוו). זיין געשטאַלטן־גאַלעריע איז געווען אַ פאַרביקע, ווייל ער האָט פאַרמאָגט אַ ברייטן דיאַפּאַ־זאָן פון מעגלעכקייטן. אָפּט מאָל האָט אַפילו געחידושט: ביי אַזאַ פליישיק־פונאַנדערגעוואַקסענעם גוף — אַזוי פיל צאַרטקייט. דאָס איז געווען די גרויסע סתירה צווישן זיין אויסערלעכקייט און אינעווייניקסטער וועלט. אין פלוג — מגושמדיק. אין דער אמתן געפילפול־סענטימענטאַל; שטאַרק רוסיפיצירט און טיף־יידיש; כלומרשט בייז און אין גרונט — גוט־וויב־טשנדיק און גוט־טועניק. אַ טובאַלע גוטסקייט, אַנגעטאָן אין בעל־גופי־שער אומגעלומפּערטקייט.

בעת אונדזערע אָפטע שמועסן האָט ער מיך איבעראַשט מיט דער רייכקייט פון זיין גייסטיקער וועלט. זיין איינזאַמקייט (אין דער צייט פון אונדזערע בשותּפותדיקע וואַנדערונגען) האָט אָפּט אַרויסגערופן השתּפּ־כות־הנפש. דעמאָלט האָט זיך בולט אַנטפּלעקט דער מענטש און די קינסט־לער־נאַטור.

מיר האָבן געחלומט וועגן אַ טעאַטער, ווו מען קאָן אַנטוויקלען שע־פערישע מעגלעכקייטן; וועגן אַ בינע, ווו מען זאָל נישט בלויז שפּילן, נייערט שאַפן. שאַפן יידישע קונסטווערטן, יידישע טעאַטער־ווערטן. אויפ־לעבן געשטאַלטן פון דער יידישער ליטעראַטור, פון דער וועלט־ליטעראַ־טור. אַרויסהייבן פּראָבלעמען. דערפירן צו אַ צונויפקום פון זיווג: טעאַטער און ליטעראַטור. אַ זיווג, וואָס איז פון טעאַטער־מאַכערס און טעאַטער־קאָמבינאַטאָרן — אויף דער יידישער בינע צעשטערט געוואָרן. דניאל שאַ־פּיראָ האָט געברענט מיט ליבע צו דעם דאָזיקן זיווג. אפשר אין נישט קיין

קלענערער מאָס, ווי צו זיין איינציקן זון, איזיקל. דאָס פייער האָבן פאַר־לאָשן די דייטשע שראַפּנעלן אין ברענענדיקן וואַרשע...

...און אייניקע וואָכן שפּעטער, ווען ס'איז צו מיר קיין ביאַליסטאָק געקומען צו פאָרן פון גראָדנע דער 8־9־יאָריקער איזיקל מיט אַ פרוי (וואָס האָט זיך אַרויסגעוויזן אַלס דניאלס שוועסטער) און אָנגעשטעלט אויף מיר אַ פּאָר פאַרטרערט־פרעגנדיקע אויגן, האָב איך בלויז געקאָנט ענטפערן:

— ער איז געווען דער ערשטער אַקטיאָרישער קרבן פון היטלערן...

מיר האָבן אים מקבר געווען אויפן הויף לעשנע 21. און צו מאָרגנס, גלייך נאָכן וואָפנשטילשטאַנד, אַוועקגעפירט אויפן גענשער בית־עולם, ווו ער האָט זוכה געווען צו אַן אייגענעם קבר אין אַ צייט, ווען מען האָט געגראָבן ברודער־קברים פאַר טויזנטער און טויזנטער. ער איז געווען דער ערשטער קרבן אונדזערער...

און נישט געאָנט האָב איך נאָך דעמאָלט, אַז בקרוב וועט אַזוי גרויס ווערן דער בית־הקברות אונדזערער.

# אַלתר קאַציזנע

.1

אין יאָר 1956, ווען כ׳בין געווען אין פּאַריז מיטן וואַרשעווער ייִדישן מלוכה־טעאַטער, האָב איך אומגעריכט באַגעגנט אַ באַקאַנטע, וועלכע כ׳האָב 15 יאָר נישט געהאַט געזען. דאָס איז געווען „מיטקע״, שולמית קאַציזנע — די איינציקע טאָכטער פון אלתר קאַציזנע. זי איז מיט ניסים אָפּגעראַטעוועט געוואָרן אין גאַליציע — אונטער דער היטלעריסטישער אָקופּאַציע — דורך אַן איטאַליענער, וועמענס פרוי זי איז שפּעטער געוואָרן. דאָס איז געווען דער פּראָפעסאָר רעאַלע, דער שפּעטערדיקער איטאַליענישער אַמבאַסאַדאָר אין וואַרשע, נאָך שפּעטער — קאָמוניסטישער סענאַטאָר אין איטאַליע. נאָך אַ קורצער באַגריסונג האָט זי מיר געמאַכט פאָרוורפן, פאַרוואָס איך, קאַציזנעס אַ פריינד, דערלאָז פאַרשוויגן זיין נאָמען. איך שרייב גאָרנישט וועגן אים, טו גאָרנישט זיינע פּיעסן זאָלן אויפגעפירט ווערן, באַזונדערס „דעם ייִדנס אָפּערע״. זי האָט מיר דערמאָנט, אַז איך בין געווען פון די לעצטע מענטשן, פאַר וועמען קאַציזנע האָט פאָרגעלייענט דעם נייעם וואַריאַנט פון זיין „ייִדנס אָפּערע״, פון די לעצטע מענטשן, מיט וועמען ער האָט גערעדט וועגן דער פּיעסע. דאָס איז מיך מחייב.

זי איז געווען גערעכט. איך האָב אַ טייל פון מיין זומער־אָפּרו, אין יאָר 1941, פאַרבראַכט אין לעמבערג. ס׳איז געווען סוף מאַי, אָדער אָנהייב יוני, ווען קאַציזנע האָט מיך אַרויפגעפירט צו זיך אין ענגן צימערל, וווּ ער איז געווען צונויפגעפּרעסט מיט זיין ווייב חנה און זיין אונטערוואַקסנדיקער טאָכטער שולמית און פאָרגעלייענט מיר דעם נייעסטן וואַריאַנט פון „דעם ייִדנס אָפּערע״.

ער איז געווען פול מיט האָפענונגען: אָט פאָרט ער קיין מאָסקווע, מיכאָעלס וועט זיכער אויפפירן די פּיעסע (כאָטש ער האָט געהערט זיינע

באַוואָרעניש וועגן דעם „נאַציאָנאַליזם" פון דער פּיעסע), מאַרקיש האָט צוגעזאָגט אונטערשטיצן אַזױ.

מיר זענען שפּעטער אַרומגעגאַנגען איבער די לעמבערגער גאַסן ביז טיף אין דער נאַכט. ער האָט זיך — ווי זיין שטייגער — באַקלאָגט, אַז מען פאַרשטייט אים נישט, מען שאַצט אים נישט אָפּ, מען גיט אים דאָ נישט קיין געהעריקע שעפערישע מעגלעכקייטן. און ער האָט דאָך אַזוי פיל מקריב געווען פאַרן „דאָ", אַזוי געקעמפט און זיך געמיט. איך האָב פאַר אים נישט אויסבאַהאַלטן, אַז „דעם ייִדנס אָפּערע" געפעלט מיר אָן באַוואָרעניש — דאָס איז געווען אַ זעלטנקייט אין אונדזערע צווישן־באַציִונגען, ווייל שטענ־דיק כמעט איז ביים אָפּשאַצן זיינס אַ פּיעסע געווען ביי מיר אַן „אָבער" און דאָס האָט אים שרעקלעך וויי־געטאָן. האָט ער טאַקע אין יענעם אָוונט שטאַרק הנאה געהאַט. ער האָט מיר דערמאָנט, ווי איך האָב אין סוף 1939, ווען איך האָב אים באַגעגנט אין קאָוועל (ער איז אַהין אַנטלאָפן פון וואַרשע און איך בין דאָרט געווען פאַרבייפאָרנדיק, פון ביאַליסטאָק קיין לעמבערג), געמאַכט פאַרשידענע באַוואָרענישן צום פריִערדיקן וואַריאַנט פון "ייִדנס אָפּערע". האָב איך ווידער אונטערגעשטראָכן, אַז איך האַלט איצט די זאַך פאַר קינסטלעריש און דראַמאַטורגיש רייפער, ממש — אַ מוסטער פון אַ ייִדישער טראַגעדיע. אויף זיין קיילעכדיק פּנים האָט זיך אויסגעגאָסן אַ ליטזעליק שמייכעלע, וואָס האָט עדות־געזאָגט וועגן זיין סאַטיספאַקציע. מיר האָבן זיך געזעגנט, אָפּרעדנדיק כסדר צו שטיין אין שריפטלעכן קאָנ־טאַקט — סיי וועגן גורל פון „ייִדנס אָפּערע", סיי בכלל — דירעקט. אָדער דורך זיין נאָענסטן פריינד אברהם מאָרעווסקי, מיט וועלכן איך האָב דאַן געאַרבעט צוזאַמען. און אין אייניקע וואָכן אַרום איז אלתר, ערגעץ היִנטער טאַרנאָפּאָל, אויף טויט דערשלאָגן געוואָרן מיט שטעקנס פון זיינע אוקראַיִ־נער „ברידער". ווי עס האָט דערציילט אַן עד־ראיה, דער שרייבער נחמן בליך.

.2

ווער עס האָט זיך בלויז אַ ביסל אינטערעסירט מיטן וואַרשעווער ייִדישן וועלטל קורץ פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה, האָט געוווּסט, אַז

דער באַקאַנטער קונסט־פאָטאָגראַף, אלתר קאַציזנע, איז אַ מקורב צו פרצן. מען האָט אויך געשמועסט, אַז ער איז אַליין אַ דיכטער, אָבער די דאָזיקע שמיעה האָט זיך באַשטעטיקט ערשט נאָך פּרצעס טויט, ווען ער איז דער־שינען גלייכצייטיק אַלס דיכטער און דראַמאַטורג מיט זיינע דראַמאַטישע פּאָעמעס „דער גייסט דער מלך" און „פּראָמעטעוס". דראַמאַטורגיע איז עס טאַקע געווען בלויז טעאָרעטיש; אַלס פּאָעמעס איז עס געווען פאַרפלאָנ־טערט און זוכעניש און פונאַנדערגעבלאָזן לאַגער־ליטעראַטור. זעלטן ווער האָט זיך געקאָנט גובר זיין און איבערלייענען דעם געשוואָלענעם „דער גייסט דער מלך" ביזן סוף.

גאָר בקרוב האָט זיך קאַציזנע געלאָזט דערקענען אויך אַלס פּראָ־זאַיִקער (דאָס בוך „אַראַבעסקן") און אַלס פּראַקטישער דראַמאַטורג: ער האָט פאַרענדיקט די פראַגמענטן פון ש. אַנ־סקיס „טאָג און נאַכט". אויפן סמך פון נאָטיצן און אַנ־סקיס אָנדייטונגען, האָט קאַציזנע אויסגעבויט אַ שטאַרק־ווירקנדיקע, פאַרגאַנצטע יידישע טראַגעדיע. איך שטרייך אונטער דאָס וואָרט טראַגעדיע, ווייל דאָס איז געווען קאַציזנעס אייגנטלעכער זשאַנר אין דער דראַמאַטורגיע. דאָ איז ער געווען אין זיין סטיכיע און געערוקט זיך אויבן־אָן אין יידישן טעאַטער פון צווישן מלחמה־פעריאָד. ער האָט עס באַוויזן מיט זיין ערשטער אָריגינעלער דראַמאַטורגישער שאַפונג, וואָס איז געשפּילט געוואָרן אין כמעט דער גאַנצער יידישער וועלט — דער „דוכס" (אָדער דער „גר־צדק"). די אור־אויפפירונג איז פאָרגעקומען אָנהייב 1925 אין וואַרשעווער „צענטראַל"־טעאַטער (א. מאָרעווסקיס רעזשי און מ. ליפּ־מאַנס מיזאַנסצענירונג) און די פּיעסע איז אין פאַרשידענע רעזשיסערישע קאָנצעפּציעס געשפּילט געוואָרן אין אַ סך לענדער, ביזן גרויסן חורבן. אַ טראַגעדיע אַרום אַן אינטערעסאַנט קאַפּיטל פון דער יידישער געשיכטע אין פּוילן, מיט אַ דורכמאַרש פון אַ גאַנצן צוג מאַרקאַנטע געשטאַלטן (יידן און נישט־יידן) און אַ פאַרטיפטע שילדערונג פון אייניקע; אַ פּיעסע מיט אויסגעצייכנט גוט דראַמאַטורגיש־קאָנסטיטוירטע דריי אַקטן און מיט אַ ביסל אָן אַרכיטעקטאָניש־צעטרייסלטן סוף, וועלכער טראָגט אָבער אויך אין זיך דעם שעקספּירישן אָטעם פון דער זאַך.

די הצלחה פון „דוכס" האָט, ווייזט אויס, אָנגערעגט קאַציזנען צו אַ

צווייטער היסטאָרישער טראַגעדיע — „הורדוס״, אָבער זי איז שוין פאַר־בליבן בלויז אין בוך, נישט זוכה־געווען אויפגעפירט צו ווערן. דער עיקר — צוליב טעכנישע שוועריקייטן. ווייל סצענישער רוי־שטאָף פאַר אַ פאַרנע־מיקן ייִדישן היסטאָרישן ספּעקטאַקל איז אויך אין „הורדוס״ פאַראַן. און אייניקע ראָלן.

אויב איך האָב נישט קיין טעות האָט אברהם מאָרעווסקי אָנגערעגט קאַציזנען אָנצושרייבן פאַר אים די קאָמעדיע „אין קריזיס״. די קאָמעדיע, טאַקע אָן אַקטועל ייִדיש־פּוילישע, איז אויפגעפירט געוואָרן פון מאָרעוו־סקין. אָבער זי האָט קיין אריכת־ימים נישט געהאַט. קאָמעדיע איז טאַקע נישט געווען קאַציזנעס סטיכיע. ער איז געווען צו פּאַטעטיש און צו — ווייַ־נענדיק, וואָלט איך געזאָגט, פאַר אַ קאָמעדיע־שרייבער. ווייַנענדיק מיין איך דאָ ממש ווערטלעך. ער איז געווען זייער לייכט אויף טרערן — פון פרייד אָדער פון פאַרדרוס. די פּאַטעטישקייט — און אַפילו די טרער, וואָס פלעגט זיך אַראָפּגליטשן פון זיין פעדער — זענען געווען קענצייכנס פון קאַציזנען. צי דאָס האָט אים געלענקט צו טראַגעדיע? — אפשר. ווייל עלע־מענטן פון אַ טראַגעדיע (געמישט מיט עלעמענטן פון סצענישן רעפּאָר־טאַזש) זענען אויך געווען אין קאַציזנעס „וועלט־געוויסן״ (דער פאַל: שלום שוואַרצבאַרד), וואָס איז אויפגעפירט געוואָרן פון אַלעקסאַנדער גראַנאַך אין לאָדזש (מיט גרויסע שוועריקייטן פון דער צענזור, וואָס האָט שפּעטער בכלל פאַרווערט די פאָרשטעלונג, ווו עס ווערט „פאַרשוועכט דער כבוד״ פון פּילסודסקיס פריינד, דעם אַטאַמאַן פּעטליוראַ) און דוכט זיך אויך אין אַנדערע לענדער. אַ פּרווו פון אַ היינטצייטיקער טראַגעדיע איז געווען „אסתר״ (אַ פּיעסע וועגן רעוואָלוציאָנערן און פּראָוואָקאַטאָרן אין דער רוי־סישער אַרבעטער־באַוועגונג, געדרוקט אין המשכים אין קאַציזנעס סאָלאָ־טריבונע, דעם זשורנאַל „מיין רעדנדיקער פילם״), וועלכע איז קיינמאָל נישט אויפגעפירט געוואָרן און ס׳איז אַ ספק צי זי וואָלט דערגאַנגען צום עולם, ווען זי ווערט אויפגעפירט אין דער פאָרעם, ווי זי איז לכתחילה געווען גע־שריבן. און אַ טראַגעדיע פון גרויסן פאַרנעם, אַ ייִדישע טראַגעדיע פון וואַגיקער קינסטלעריש־סצענישער ווערט, איז געווען „דעם ייִדנס אָפּערע״, נאָך פאַרשידענע געכאַפּטע אויפפירונגען אין פאַרשידענע לענדער — איז

זי די לעצטע יאָרן אויפגעפירט געוואָרן פון אידאַ קאַמינסקאַ אין יידישן מלוכה־טעאַטער אין וואַרשע.

.3

אלתר קאַציזנע איז געווען פאַרליבט אין זיינע סצענישע ווערק, כאָטש ער האָט אַ חוץ דעם געשריבן פּאָעזיע, אַ גרויסן ראָמאַן, דערציילונגען, עסייען, געווען רעדאַקטאָר פון פאַרשידענע אויסגאַבעס, מיטרעדאַקטאָר פון אַנדערע. אָבער קיין קריטיק, די מינדסטע קריטיק, האָט ער נישט גע־קאָנט פאַרטראָגן. נישט איינמאָל האָב איך אים געזען וויינען ווי אַ קליין קינד — צוליב קריטישע באַמערקונגען.

איך האָב זיך נענטער באַקענט מיט אים, ווען ער איז געוואָרן פאַר־וואַלטער פון אַנ־סקיס ירושה (צוזאַמען מיט יצחק גרינבוים און ד״ר חיים זשיטלאָווסקי). דער טעכנישער סעקרעטאַר איז געווען אַנ־סקיס געווע־זענער סעקרעטאַר, בער י. ראָזען; פון די „דוכס״־רעפּעטיציעס, וועלכע איך האָב פון צייט צו צייט באַזוכט (כ׳האָב זיך דאַן געריסן אַנצוקומען אין טעאַטער); פון דער צייט ווען ער איז געווען רעדאַקציע־מיטגליד פון די „ליטעראַרישע בלעטער״; פון פאַרשידענע צוזאַמענטרעפן אין וואַרשע, אויף דער פּראָווינץ, אין ליטעראַטן־פאַראיין, אין וויכוחים וועגן טעאַטער און ליטעראַטור.

סוף צוואַנציקער יאָרן האָבן מיר זיך צונויפגעטראָפן אין עפּעס אַ וואָ־לינער שטעטל, ווו ער איז אַראָפּגעקומען אַלס פאָטאָ־רעפּאָרטער פון ניו־יאָרקער „פאָרווערטס״. ער האָט מיך דאַן שטאַרק געלויבט פאַר אַ ראָל אין אַנרי בערנשטיינס „שמשון״ און האַרציק געשמועסט מיט מיר, ביז איך האָב זיך אַרויסגעכאַפּט מיט מיינע באַוואָרענישן וועגן פערטן אַקט פון „דוכס״. טרערן האָבן זיך אָנגעהויבן גיסן פון זיינע אויגן, ער האָט זיך צעוויינט (ער האָט מיר אַליין דערמאָנט דעם פאַל כמעט צען יאָר שפּעטער, ווען איך האָב אים דערציילט וועגן דעם דערפאָלג פון „דוכס״ אין ווין, ווו איך האָב צום ערשטן מאָל געשפּילט דעם יונגן דוכס). דאָס האָט אים נישט געשטערט אַן ערך אַ יאָר שפּעטער, — ווען ער האָט געהאַט זיין פאָטאָ־גראַפישן אַטעליע אין הויף פון טעאַטער „נאָוואָשטשי״ אין וואַרשע און ער

האָט מיך אַמאָל דערזען בייטאָג אַרויסגיין פון טעאַטער — ער זאָל מיך אַריינשלעפּן אין אַטעליע.

— איך מוז אייך מאַכן אַ קראַנאַך־בילד. אייער קאָפּ געפעלט מיר.

ביים איינשטעלן מיך צום אַפּאַראַט, האָט ער געהאַלטן אַן עקספּאָזע וועגן „הורדוס״ און וועגן דער עוולה, וואָס די טראַגעדיע ווערט נישט אויפ־געפירט. אָנגעלערנט פון דערפאַרונג האָב איך שוין דאַן געשוויגן און נישט געמאַכט קיין איין קריטישע באַמערקונג וועגן „הורדוס״. איז ער געווען אין זיבעטן הימל.

אָבער איניקע יאָר שפּעטער האָב איך עס ווידער פאַרגעסן, ווען עס איז אימפּראָוויזירט געוואָרן אַ באַנקעט ביים „ברודיקן שמואל״ אין לאָדזש, נאָך דער פּרעמיערע פון „וועלט־געוויסן״. צופעליק איז אויף דער אימ־פּראָוויזירטער מסיבה געווען אויך א. מאָרעווסקי און קאַציזנע האָט צוליב דעם באַזונדערס געשיינט. גראַנאַך האָט געברויזט, געזאָגט, אַז ער איז צופרידן פון דער פּיעסע, פון דער ראָל, געגלויבט אין גרויסן דערפּאָלג פון דער פאָרשטעלונג (און ער וואָלט זיך אפשר נישט טועה געווען, ווען נישט די צענזור, וואָס האָט נישט געלאָזט לעבן). אויך איך בין געווען צופרידן פון מיין אָנטייל אין דער פאָרשטעלונג (כ׳האָב געהאַט צוויי שיינע עפּיזאָדן — דעם דיכטער אָשר שוואַרצמאַן אין ערשטן אַקט און דעם פּראָפעסאָר לאַנזשעווען — אין לעצטן), אָבער כ׳האָב געהאַט באַוואָרענישן לגבי דער פּיעסע אַלץ גאַנצע. נאָר איך האָב געשוויגן. קאַציזנע האָט אָבער נישט גע־לאָזט צורו און מיך געצוווּנגען צו רעדן. האָב איך אָנגעוויזן אויף די שוואַכ־קייטן פון דער פּיעסע: דעם ויתרוצצו, וואָס קומט אין איר פאָר צווישן טראַגעדיע און רעפּאָרטאַזש. איך האָב נעגירט די נוצלעכקייט פון סצעניש רעפּאָרטאַזש, בייערט אַלס ספּעציעלן זשאַנר. רעפּאָרטאַזש־עלעמענטן אין אַ טראַגעדיע — פאַרפלאַכן די טראַגעדיע; דאַקעגן שעקספּיר־עלעמענטן אין אַ רעפּאָרטאַזש זענען — אויסגעשאָסענער פולווער אָן קוילן. און איך האָב געראָטן קאַציזנען צו באַאַרבעטן זיין פּיעסע, זי זאָל ווערן: בלויז סצענישער רעפּאָרטאַזש, אָדער — בלויז טראַגעדיע.

ס׳איז פאָרגעקומען — אַן אויסברוך. טרערן האָבן געשטראָמט פון קאַציזנעס אויגן, ווען ער האָט מיר געענטפערט:

— נישט געגוג וואָס מיינע שונאים האָבן מיך פאַרסמט שיעור נישט אויף טויט (ער איז דאַן אויפגעשטאַנען פון אַ שווערער קראַנקייט נאָך דער העצע, וואָס קעגנער האָבן קעגן אים געפירט, ווייל ער איז געווען אַ מיט־רעדאַקטאָר פון דער עקסטרעם־לינקער טאָג־צייטונג „דער פריינד״), קור־מען איצט מיינע חברים און סמען מיך...

חדשים שפּעטער איז פאָרגעקומען אין וואַרשעווער ליטעראַטן־פאַר־איין אַ געזעגענונג־מסיבה פאַר גראַנאַכן, צו זיין אָפּפאָרן קיין ראַטנפאַר־באַנד. איך האָב דאַן אָנגעווונטשן גראַנאַכן אַלדאָס בעסטע און אָנגעוויזן, אַז דאָס איז דער איינציק־ריכטיקער וועג פאַר אַ יידישן קינסטלער (ווי איך האָב דאַן ערלעך און אויפריכטיק געגלייבט). דערויף איז קאַציזנע אַרויס מיט אַן אָנגריף אויף מיר, פאַרגעוואָרפן מיר דעזערציע, פּחדנות און כלערליי אַנדערע חטאים. ס׳האָט אויסגעזען, ווי דער מענטש קאָן מיך פיזיש נישט פאַרטראָגן, ווייל אידעיש זענען מיר דאַן געווען זייער נאָענט. אָבער — ניין! אַ וואָך שפּעטער האָט ער צו מיר פריינדלעך געשמייכלט און באַגריסט מיך פון דערווייטנס.

אין אַ לאַנגער צייט אַרום, ווען איך בין צוריקגעקומען קיין וואַרשע נאָך גרויסע נסיעות — אין דער פּראָווינץ און אין אויסלאַנד — האָט מיך קאַציזנע געכאַפּט אויף דער גאַס, מיט אַ פרייד, אַ שמחה. דער עיקר: צי האָב איך געלייענט „אסתר״ און — ער וויל מיר פאָרלייענען פראַגמענטן פון „יידנס אָפּערע״. נאָר ס׳איז אונדז עפּעס דאַן נישט אויסגעקומען זיך צו טרעפן מער. ערשט ווען דער „וויקט״ איז געקומען אויף גאַסטשפּילן קיין וואַרשע מיט „שולמית״ — ערשט דאַן האָט זיך געמאַכט די געלעגנ־הייט. ער האָט פאָרגעשלאָגן דעם „וויקט״ זיין „יידנס אָפּערע״. אָבער ס׳איז דאַן נישט געווען קיין מעגלעכקייט זי צו רעאַליזירן. זיגמונט טורקאָוו האָט אים פאָרגעשלאָגן דראַמאַטורגישע מיטאַרבעט מיטן „וויקט״ — אַ באַ־אַרבעטונג פון גאָלדפאַדענס ביבלישע פּיעסן, אָדער — אָנשרייבן נייע פּיעסן אויף אַ ביבלישער טעמאַטיק, אין דער פאָרעם פון פאָלקס־אָפּערעס, אָדער טראַגעדיעס — מיט מוזיק־באַגלייטונג. ער האָט זיך אָנגעכאַפּט אָן דעם: „ס׳איז אַ געניאַלער פּלאַן״.

קורץ נאָכדעם האָבן היטלעריסטישע עראָפּלאַנען באָמבאַרדירט וואַר־

שע, חרוב געמאַכט דאָס „נאָוואָשטשי"־טעאַטער, צעשטערט דאָס ייִדישע לעבן אין פּוילן. עס האָט זיך אָנגעהויבן די לויפעניש פון וואַרשע, דאַן — אונדזער באַגעגעניש אין קאָוועל, לסוף אין לעמבערג.

עטוואָס נאָך אונדזער לעמבערגער באַגעגעניש האָבן די דייטשן חרוב־געמאַכט לעמבערג, פאַרפּלייצט ריזיקע שטחים פון ראַטנפאַרבאַנד (צו וועלכן לעמבערג האָט שוין דאַן געהערט) און האָבן געפּאַקט אַלתר קאַציז־נען אַן אַנטלויפנדיקן ערגעץ הינטער טאַרנאָפּאָל.

און דאָרט — ווי אין אַ מאַקאַברישער טראַגעדיע, ווי אין אַ פאָרשטעע־לונג פון שוידער־טעאַטער „גראַן גיניאָל" — האָט פאַרענדיקט זיין לעבן איינער פון די באַדייטנדיקסטע ייִדישע דראַמאַטורגן, דער מקורדיקער טראַגעדיע־שרייבער אַלתר קאַציזנע.

# בער האָראָוויץ

.1

נישט קיין יאָרצייט־געלעגנהייט. און אפשר גאָר יאָ? ווייל ווער ווייסט דען ווען און ווי אַזוי ס׳איז פאַרשניטן געוואָרן דאָס ברויזנדיקע לעבן פון בער האָראָוויצן, ווו עס געפינט זיך זיין קבר? ס׳איז גריילעך מעגלעך, אַז דאָס איז געשען מיט צוואַנציק יאָר צוריק, צופוסנס פון זיינע באַליבטע קאַרפּאַטן; אָדער אין אַ קרעמאַטאָריע־אויוון פון אַ היטלעריסטישן פאַרניכטונג־לאַגער; אָדער גאָר פון די הענט פון זיינעם אַ שכן אַן אוקראַאינער — ווער קאָן עס וויסן?

און איז דען וויכטיק די סיבה, פאַרוואָס מען דערמאָנט איינעם פון אונדזערע פאַרשניטענע שעפערישע פערזענלעכקייטן? ס׳איז כדאי זיי צו דערמאָנען וואָס אָפטער, ביי יעדער געלעגנהייט און אָן אַ געלעגנהייט, אַרויסצורייסן זיי פון דער שיכחה, וואָס איז אַ צווייטער טויט. זאָל זיין אין דער פאָרעם פון זכרונות; זאָל זיין אין דער פאָרעם פון אַ קריטישער אָפּשאַצונג, פון איבערדרוקן. דערמאָנען.

וועגן האָראָוויצן האָב איך נישט בדעה צו שרייבן אַן אָפּשאַצונג, אויך נישט צייכענען זיין שעפערישן פּאָרטרעט. בלויז אַ בינטל אינטימע זכרונות, פון וועלכע עס קאָן — צופעליק — אַרויסקומען זיין פּאָרטרעט — אַלס מענטש און קינסטלער.

און נישט צופעליק ווערט דאָ געלייגט דער טראָפּ אויפן קינסטלער בער האָראָוויץ. דער ברייטער עפנטלעכקייט איז ער טאַקע געווען באַקאַנט אַלס דיכטער. אַלס שרייבער; אַ קלענערער קרייז מענטשן האָט געוווסט, אַז ער איז אויך געווען אַ מאָלער, אַ צייכנער; און ווער עס האָט אים נענטער געקענט האָט געוווסט, אַז דער עיקר איז ער געווען אַ קינסטלערנאַטור, אַ קינסטלער מיט זיינע רמ״ח אברים. אַלס אַזאַ האָב איך אים גע־

קענט פון אונדזער ערשטן צוזאַמענטרעף, אָנהייב צוואַנציקער יאָרן. אין הויז פון י. מ. ניימאַן אין וואַרשע; און אין משך פון קנאַפּע צוואַנציק יאָר, טרעפנדיק אים — שטענדיק צופעליק און אומגעריכט — אין לעמבערג, צי אין קראָקע; אין ווילנע, צי אין סטאַניסלאַוואָו; אין ווין, צי ווידער אין וואַרשע.

ווייל בער האָראָוויץ — דער הויכער, ברייטפּלייציקער, מיט אַ מעכ־טיקן סלאַוויש־בלאָנדן קאָפּ אויפן פעסטן קאַרק — איז געווען אַ פאַרקער־פּערונג פון אַ מענטשן אָן „זיך־פּלייש". ער איז געווען פאַרליבט אין זיין קאַרפּאַטן־דאָרף, מאַידאַן (דאָרט געבוירן געוואָרן אין יאָר 1895), פאַרליבט אין ערד־אַרבעט (אַ פּויער בן פּויער) און נישט געקאָנט איינזיצן אין זיין דאָרף און ביי דער ערד־אַרבעט. אַן אייביקער אימפּעט האָט אים געטראָגן. „פאַרשאָלטן זאָל ווערן דער נאַפט. ער רייסט מיך אָפּ פון דער ערד" — האָט ער מיר אַמאָל געזאָגט. אויף זיין פעלד האָט מען געפונען נאַפט. די פּאָר ברונעמער זענען געווען צו מאָגער, זיי זאָלן אים מאַכן פאַר אַ גביר און צו גרויס, מען זאָל די ערד אים איבערלאָזן אויף צו באַאַרבעטן. האָט ער געקריגן אַ געוויסן פּראָצענט פון דער נאַפט־עקספּלאָטאַציע און — אַרומגעטראָגן זיך ווי אַ וויכער איבער יידישע ישובים.

ער האָט הילכיק געלאַכט, דערמאָנענדיק זיך, ווי מען האָט אים גע־וואָלט מאַכן פאַר אַ דאָקטער. מען האָט אים געצוווּנגען צו שטודירן מע־דיצין. ס'איז נישט געווען פון די לייכטע זאַכן אַריינצובאַקומען זיך אויפן מעדיצינישן פאַקולטעט. איז אויסגענוצט געוואָרן די פּראָטעקציע פון באַ־קאַנטן פּוילישן דיכטער יאַן קאַספּראָוויטש — אויך אַ באַזינגער פון די קאַרפּאַטן און אַן אוניווערסיטעט־פּראָפעסאָר — מען זאָל בערן דאָך אָנ־נעמען אויף מעדיצין. „אָבער עפּעס האָב איך געגאָסן פון די מעדיצין־שטודיעס. די אַנאַטאָמיע האָט מיר געהאָלפן צום צייכענען" — האָט ער גע־דונערט מיט זיין געלעכטער.

ווען כ'האָב אים באַקענט דאָס ערשטע מאָל, איז ער געקומען קיין וואַרשע צו דער „כאַליאַסטרע" — מאַרקיש, ראַוויטש, א. צ. גרינבערג, בראָדערזאָן. שוין דאַן איז ער געווען אַ מחבר פון בוך לידער „פון מיין היים אין די בערג" (ווין, 1919) און געהאַלטן ביים אַרויסגעבן די „וווּנדערלעכע

מעשיות" (וואַרשע, 1923), דאָס הייסט — שוין טעטיק געווען סיי אין פּאָע־זיע, סיי אין פּראָזע. און אויב איך האָב נישט קיין טעות, איז דער פראַגמענט פון זיין פּאָעמע, וואָס איז געווען געדרוקט אין אַ „כאַליאַסטרע"־אויסגאַבע (ס'איז געווען עפּעס אַ געמיש פון חסידישער און אורקריסטלעכער התרוממות), געוואָרן אילוסטרירט מיט זיינע אייגענע האָלץ־שניטן, ווייל אויך אין דעם פּרט איז ער שוין געווען טעטיק. אָבער איבער אַלץ איז ער געווען — אַ באָהעם, אַ קינסטלער־נאַטור דורך און דורך.

איז טאַקע געווען אומפאַרשטענדלעך, ווען ס'האָט זיך פאַרשפּרייט אַ קלאַנג, אַז בער האָראָוויץ איז געוואָרן אַ לערער אין דער ייִדישער גימ־נאַזיע אין ווילנע. צי האָט געקאָנט זיין אַ לערער דער, וועמען קיינער האָט נישט געקאָנט לערנען, וועמענס טעמפּעראַמענט האָט נישט דערלאָזט ער זאָל זיך לערנען? און דערצו — אין ווילנע, אויפן אָרט פון קולבאַקן, צי עריקן. פאַרשטייט זיך, אַז זיין לערערישע קאַריערע האָט זיך גיך געמוזט ענדיקן מיט אַ סקאַנדאַל. זיין פאַרברענגען אין ווילנע האָט נאָר געהאַט איין וויכטיקע פּעולה: דאָס דערשיינען פון זיין בוך „ריח פון דער ערד" (ווילנע, 1930).

און געווען איז אין דעם בוך אייגנטלעך דער תמצית פון בער האָראָ־וויצן, פון זיין פאַרליבטקייט אין ערד, אין געזונטער ערדישער פרייד, אין שיינקייט — מיט אַלע אירע אַנטפּלעקונגען.

ער איז געווען ממש אַ פרעסער פון שיינקייט, אַ זויפער פון לעבנס־פרייד. אויסערלעך — אַ סלאַווישער טיפּ; אין טעמפּעראַמענט — גיכער אַ ציגיינער; אין געדאַנקען־גאַנג — אַ געמיש פון אורקריסט מיט בעל־שם־טובישן חסיד; אין נאַציאָנאַלער איינשטעלונג — אַ הייסער ייִד; אין דער פּאָעזיע — ביי זיין גאַנצער צעברויזטער פאַנטאַזיע און אָריגינעלער ביל־דערישקייט — אַ דערציילער; אין דער פּראָזע — אַ ליריקער; אין צייכענען — אַ דיכטער...

ס'איז פאַר מיר אומפאַרגעסלעך אַ געוויסער פרילינג־טאָג פון 1939, אין קראָקע. בער האָראָוויץ מיט נאָך אַ צווייטן דיכטער און קינסטלער, הערש וועבער, האָבן גלייכצייטיק געצייכנט מיין פּאָרטרעט. וועבער האָט

אויסציזעלירט יעדן שטריך. כ'האָב אים פאַרגעוואָרפן, אַז ער אידעאַליזירט מיך; בער האָראָוויץ האָט מיר געמאַכט אַ טויטן־מאַסקע.

— וואָס איז דאָס? — האָב איך זיך אויפגעקאָכט.

— אַזוי זע איך דיך — האָט ער מיר רויִק געענטפערט. און נאָך אַ רגע צוגעגעבן: — עפּעס אַזוי זע איך אונדז אַלע. מיך אַליין אויך...

און פאַרקוקט זיך אין עפּעס אַ פּינטל. דאָס איז געווען אין יאָר 1939.

און געווען איז ער נאָך דאַן אָנגעפּראָפּט מיט פּראָיעקטן, ווי זיינע קעשענעס מיט פּאַפּירן. פאַרשידענע קינסטלערישע פּראָיעקטן: אויסער שרייבן און מאָלן — אַ פילם־סצענאַר, אַ ציקל פּיעסן. ער האָט פיינט געהאַט קליינעם פאַרנעם. אויב פּיעסן, איז אַ ציקל. איי, ער האָט נישט געדולד צו פאַרענדיקן אַ גרעסערע דערציילונג, אָפּגערעדט שוין וועגן אַ פּאָעמע? — דאָס איז גאָרנישט. דער עיקר איז די כוונה, דער אימפּעט. און טאַקע — די פאַנטאַזיע. אויף אירע פליגלען פלעגט ער אַרומשוועבן מיט זיין כמעט הונדערט־קילאָדיקן גוף, ווי אַ פעדערל. דער אפשר צעשפּאָלטנסטער צווישן די אַזוי פּסיכיש־צעשפּאָלטענע יִדישע שרייבער און קינסטלער; און זיכער — די צום מייניסטן קינסטלער־נאַטור אין דער יִדישער שרייבער־משפחה פון צווישן־מלחמהדיקן פוילן.

# מרדכי געבירטיג

### .1

סוף 1923 איז די סענסאַציע פון ייִדישן וואַרשע געווען בועז יאָנגס אויפפירונג „די רומענישע חתונה" אין קאַמינסקיס טעאַטער. דער בעל־שמחה, בועז יאָנג, איז אַרומגעגאַנגען אין ליטעראַטן־פאַראיין, אַגיטירט יונג און אַלט צו גיין זען די פאָרשטעלונג. „איר וועט הערן גאָר עפּעס נייעס".

האָט מען זיך אַראָפּגעגליטשט דעם געפערלעכן באַרג־אַראָפּ אויף אָבאָזשנע גאַס און — געהערט עפּעס נייעס.

קינדער־יאָרן, זיסע קינדער־יאָרן,
אייביק בלייבט איר וואַך אין מיין זכרון...

דאָס איז עפּעס נישט געווען די געוויינלעכע „ליריקס" פון דער ייִדישער אָפּערעטע. ס'האָט געאָטעמט — פון די ווערטער און פון דער מעלאָדיע — מיט נישט געפעלשטער פאָלקסטימלעכקייט, מיטן גלי פון אָריגינעלן שאַפן.

און ווייטער האָט מען שפּעטער געהערט —

הוליעט, הוליעט, קינדערלעך,
כל־זמן איר זענט יונג,
ווייל פון פרילינג ביז צום ווינטער —
איז אַ קאַצן־שפּרונג.

— ווער האָט געשאַפן די „ליריקס"? — האָבן מיר, נייגעריקע, געפרעגט ביי בועז יאָנג.

— אַ ביסל איך, אַ ביסל דער קראָקעווער פֿאָלק־זינגער געבירטיג...

דאַן האָט דאָס ייִדישע וואַרשע צום ערשטן מאָל אפשר דערהערט דעם נאָמען: געבירטיג. אָט דאָס „אַביסל" פֿון „קראָקעווער פֿאָלקס־זינגער" האָט צוגעצויגן די אויפֿמערקזאַמקייט פֿון ליטעראַריש־קינסטלערישן ייִדישן וואַרשע.

וואָס אַן אמת, מיר איז פֿערזענלעך דער נאָמען מרדכי געבירטיג שוין געווען באַקאַנט פֿון פֿריִער. בעת מיין אַרבעט אין מזרח־גאַליציע, אין דעם־זעלבן יאָר 1923, האָב איך געהערט וועגן אים און געזען אַפֿילו דאָס קליינע ביכעלע לידער זיינס „פֿאָלקסטימלעך", וואָס איז דערשינען אין קראָקע, אין יאָר 1920. כ'האָב געוווּסט, אַז עס געפֿינט זיך אין קראָקע, אויפֿן קוז־מאַרק, אַ ייִד אַ סטאָליער, וואָס איז אַ דיכטער — אַ פֿאָלקס־דיכטער און פֿאָלקס־זינגער. ער זינגט אַליין אויס זיינע לידער און פֿייפֿט אויס די מע־לאָדיע אויף אַ פֿאַסטוך־פֿלייטל. כ'האָב געהערט, אַז ער איז פֿאַרליבט אין טעאַטער (האָט אַפֿילו אַמאָל — אין 1906 — אַליין געשפּילט און זוכה־געווען אַריינצוכאַפּן אַ גוטע רעצענזיע פֿון אברהם רייזען), חלשט ממש צו שפּילן אויף דער בינע. אָבער גאָר אַ קליינער קרייז מענטשן אין וואַרשע האָט געוווּסט אויך דאָס ווייניקע וועגן דעם דאָזיקן געבירטיג.

ערשט מיטן אַנטשטיין פֿון די ייִדישע קליינקונסט־בינעס אין פּוילן איז דער נאָמען געבירטיג געוואָרן אַלץ פּאָפּולערער. כמעט נישט געווען קיין פּראָגראַם פֿון ייִדישער קליינקונסט ער זאָל נישט באַשיינט ווערן מיט געבירטיגס אַ ליד, אַ דועט. „מיין טאַטע איז אַ כהן", „אברהמלע און יאַ־סעלע", „משהלע", „מאָטעלע", „חנהלע און נחומל", „כ'וויל נישט אַזאַ חתן", „קום, לייבקע, טאַנצן", „נאָך אַ גלעזעלע טיי", „רייזעלע", „ביים טיי־בעלע", „דריי טעכטערלעך", „חלוצים־ליבע", „קאַרטאָפֿל־זופּ מיט שוואָ־מען", „אברהמל דער מאַרוויכער" און אַ סך אַנדערע לידער זיינע זענען געוואָרן „שלאַגערס", וואָס זענען אומעטום געזונגען און נאָכגעזונגען גע־וואָרן.

ס'איז צו באַמערקן אין די נעמען פֿון געבירטיגס לידער אַ סך קינדער־נעמען. דאָס איז טאַקע געווען דער הויפּט־מאָטיוו פֿון זיין שאַפֿן: קינדער, קינדער פֿון נויט — אַזוי ווי ער אַליין; קינדער — ווי זיינע טעכטערלעך,

וועלכע ער האָט אַזוי גרענעצלאָז ליב געהאַט. און אַרבעטער־לידער — נישט בלויז מיטן רחמנות־טאָן פון מיטלייד צו די אָרעמע, נאָר לידער אָנגעלאָדענע מיט סאָציאַלן פּראָטעסט.

מען האָט געבירטיגן גערופן „דער פאָלקס־טרובאַדור", „דער בראָדער זינגער". עפּעס דערפון איז ער טאַקע געווען. ער איז געווען אַ מין יורש פון וועלוול זבאַרזשער און פון די בראָדער. דער חילוק צווישן זיי איז אָבער געווען: ער איז געווען אויסגעשפּראָכן סאָציאַל און דאָס אויסגעדריקט אין זיין ליד. ער איז געווען נישט בלויז זינגער, נאָר אויך דיכטער, וואָס מען קאָן נישט זאָגן וועגן רוב פון די בראָדער.

אויסערדעם איז פאַראַן ביי געבירטיגן אַ גוואַלדיקע ליבע צו דער נאַטור, וואָס קומט צום אויסדרוק אין זיינע לידער אין פאַרשידענע פאַרמען און באַזונדערס — טויבן, וועלכע פלאַטערן אין אַ גאַנצער ריי פון זיינע לידער. טויבן, אַלס שפּיל־עלעמענט פאַר קינדער און טויבן — אַלס סימבאָל. כ'וואָלט זיך נישט געשראָקן צו זאָגן: אַלס סימבאָל פון געבירטיגס סאָציאַלער איינשטעלונג. ווייל ער איז געווען דורך און דורך „דער זינגער פון נויט", ווי עס הייסט איינס פון זיינע לידער.

ווייל, מיין קינד, אַן אַרבעטער
אויף עסן קוים פאַרדינט;
דער שוסטער אַרבעט שיכעלעך
און באָרוועס גייט זיין קינד...

(„פאַרוואָס, זאָג מיר מאַמעניו")

ער פּראָטעסטירט, ער רעוואָלטירט — קעגן מענטשן און קעגן גאָט:

ידעלעך הייליקע! הערט אויף צו קלאָגן!
אומזיסט איז אַ יעדערע טרער —
די סליחה פאַרמאַכט, נעמט אייך קדיש צו זאָגן,
אייער טאַטע — ער הערט אייך נישט מער!

(„סליחות")

אַזוי האָט געבירטיג מוט צו זינגען, — נאָך פאַר די רעוואָלוציעס אין איראָפּע, ביים סוף פון דער ערשטער וועלט־מלחמה.

ווען מען לייענט אַזעלכע לידער פון געבירטיגן, מען הערט וועגן אים ווי וועגן אַ רעוואָלוציאָנערן פאָלקס־זינגער, קאָן זיך שאַפן אַ פאָרשטעלונג, אַז דאָס איז געווען אַ מאַן מיט אַ צעשויבערטער טשופּרינע, אַזאַ וואָס רעדט מיט שוים אויף די ליפּן און די אויגן זיינע שפּריצן מיט פונקען. אַ בעל־גוף מיט געזונטע ידים (אַ סטאָליער!). און בסך־הכל —

אַ העל, ליכטיק, אויסגעדאַרט פּנים, פון וועלכן עס האָבן אַרויסגע־שיינט גרויסע שמייכלענדיק־גלײַענדיקע אויגן. אויפן פּנים איז געווען אויס־געגאָסן אַ צעוויייטיקט שמייכעלע, ווי ביי שלום־עליכמס אַ העלד: ס׳איז געווען שמייכלענדיק־וויינענדיק, אָדער וויינענדיק־שמייכלענדיק.

ס׳איז טאַקע שווער צו האָבן אַ באַגריף וועגן דער דערשיינונג מרדכי געבירטיג, ווען מען האָט אים נישט געקענט פּערזענלעך.

.2

דוכט זיך, אַז ס׳איז נישט געווען קיין איין מאָל ביי מיינע פאַרהעלט־נישמעסיק אָפטע באַזוכן אין קראָקע, איך זאָל זיך נישט באַגעגענען און נישט פאַרברענגען מיט מרדכי געבירטיג. אָבער צום שטאַרקסטן איז מיר געבליבן אין זכרון אַ געוויסער צייט־אָפּשניט — פרילינג 1928 — ווען איך בין געווען אין קראָקע אַלס קאָנפעראַנסיע פון „אַזאַזעל״. מיר זענען שיינע וואָכן דאָן געזעסן אין קראָקע און צוגעגרייט מאַטעריאַל פאַר נייע פּראָ־גראַמען. געבירטיג האָט אונדז אַ סך געהאָלפן, שאַפנדיק נייע דועטן פאַר יוסף סטרוגאַטש און באַדיאַ קאַרעני; סאָלאָ־נומערן פאַר מאַלווינע ראַפּעל, וועלכע איז נאָך אַ לאַנגער צייט נישט שפּילן געוואָרן — אין אַ גרויסער מאָס, אַ דאַנק געבירטיגס מאַטעריאַל — זייער פּאָפּולער אין ביאַליסטאָק, ווילנע, דאָן אין וואַרשע און גאַנץ פּוילן.

דער קינסטלערישער טרעפפּונקט איז דאָן געווען אין אַלטן ייִדישן רעסטאָראַן און וויינקעלער ביי טאַרנען, אויפן קוזמאַרק. אַ חוץ פּיקאַנטע (און אומגעזונט־פעטע) ייִדישע מאכלים, האָט מען דאָרט אויך געקאָנט קריגן אַ גוט גלעזעלע שליוואָוויץ און דער עיקר — ערשטקלאַסיקן אַלטן מעד און וויין. נאָך אַ פאָרשטעלונג פלעגט מען דאָרט פאַרברענגען ביז די שפּעטע נאַכט־שעהן און געבירטיג האָט אויסגעשפּילט אויף זיין פּייפל די

נייע מעלאָדיעס, וואָס ער האָט געשאַפן און אויסגעזונגען די ווערטער. אַזוי, ביי אַ גלעזל, פלעגט מען אָפטמאָל גלייך פאַרצייכענען (געבירטיג האָט נישט געקענט קיין נאָטן) און צומאָל איינלערנען געבירטיגס אַ ניי ליד.

עסן פלעגט געבירטיג כמעט קיינמאָל נישט (מיר דוכט זיך, אַז ער איז געווען אַ מאָגן־קראַנקער. אַזאַ איינדרוק האָט געמאַכט זיין אויסגעדאַרט, צעוויייטיקט־שמייכלענדיק פנים), אָבער ער האָט ליב געהאַט צו טרינקען אַ גלעזל וויין.

אוי, ברודערל, לחיים!
טרינק אַ ביסל וויין,
דאָס פאַרטרייבט די מרה־שחורה,
יעדע זאָרג און פיין.
אוי, ברודערל, לחיים!
ווען עס רוישט אין קאָפּ
פייף איך אויף דער גאַנצער וועלט
און טאַנץ מיר האָפּ, האָפּ, האָפּ.

(„אוי, ברודערל, לחיים”)

אַמאָל פלעגט ער זיך טאַקע לאָזן אין אַ טאַנץ מיטן „האָפּ, האָפּ, האָפּ”. ער האָט זיך געוואַלדיק געריסן צום טאַנץ — דעם אורעלטסטן אופן פון אויסדריקן לעבנס־פרייד. ס׳פלעגן אים אָבער באַלד אָפּהאַלטן דערפון — די פרוי, אַ טאָכטער, פריינד. מען האָט מורא געהאַט פאַר זיין שוואַך געזונט. פלעגט ער זיך צוריק אַוועקזעצן אַ פאַרשעמטער, בלויז שטיל צו־ברומען דעם ניגון, גלעטנדיק די אַרומיקע מיט זיינע וויינענדיק־שמייכלענדיקע אויגן.

זיין געזעלשאַפט האָט אונדז באַשיינט דאָס פאַרברענגען אין קראָקע. ווען ער איז נישט געווען — אָפט אויסגעפעלט צוליב קראַנקייט — האָט פאַר אַ יידישן מענטשן עפּעס אַ פּוסטקייט געהערשט אַרום.

די יסודותדיקע יידישע פאָלקסטימלעכקייט פון מרדכי געבירטיג איז דאָך געווען אַן אויסנאַמלעכע פאַר קראָקע. להיפוך צו ווילנע, וואַרשע, לאָדזש, אַפילו לעמבערג, ווו די פאָלקסטימלעכקייט איז נאַטירלעכערהייט אויסגעוואַקסן פון די אָרעמקייט־ראַיאָנען און האָט מיטגעריסן מיט זיך

שיכטן פון אינטעליגענץ, פון בירגערטום (וועגן דער אַרבעטערשאַפט איז דאָך שוין אָפּגערעדט), איז קראָקע געווען דער צום מיינסטן שפּראַכלעך־אַסימילירטער גרויסער ייִדישער ישוב אין פּוילן. עפּעס האָט זיך דאָס ייִדישע קראָקע — אַפילו דער קוזמאַרק — געגרויסט מיט זיין קנאַפּע יאָר־טויזנט פּויליש מלכות., ווי די ייִדן וואָלטן זיך געפילט מחותנים אויף דער שמחה פון קעניג קאַזשימיעזש דעם גרויסן מיט זיין געליבטער אסתרקע.

אַ שבת און יום־טוב האָט איר געקאָנט טרעפן אויפן קוזמאַרק ייִדן מיט אַטלאַסענע קאַפּאָטעס, שטריימלעך, ווייסע זאָקן, אין דער באַגלייטונג פון זייערע ווייבער, ביי וועלכע די שייטלעך זענען געווען פּריזירט לויט דער לעצטער מאָדע. די ווייבער האָבן גערעדט פּויליש צווישן זיך. חסי־דישע ייִדן אין קראָקע האָבן גערעדט אַ געשמאַקן, זאַפטיקן און צומאָל — ליטעראַריש־שיינעם פּויליש. וויספּיאַנסקיס „ראַכעלאַ״ פון „וועסעלע״ איז נישט געווען סתם אַ דיכטערישער דמיון — זי האָט געוואָרצלט אין דער קראָקעווער, מערב־גאַליציאַנער ייִדישערווירקלעכקייט. וואָלט אפשר גע־ווען אַ חידוש פון וואַנען עס האָט זיך גענומען אין דער סביבה אַזאַ נישט־געפעלשטע ייִדישע פאָלקסטימלעכקייט, ווי עס האָט עמאַנירט פון זיך מרדכי געבירטיג. דער תירוץ איז: ביי אַ געוויסן שיכט פון דער גענוג־שיטערער ייִדישער אַרבעטערשאַפט אין מערב־גאַליציע — ביי געוועזענע חדר־ייִנגלעך, אָדער אַפילו ישיבה־בחורים, וועלכע האָבן זיך פּראָלעטאַ־ריזירט (באַזונדערס ביי אָפּשטאַמיקע פון די קליינע שטעטלעך) — האָט טיף געוואָרצלט ייִדיש און וועלטלעכע ייִדישקייט. אויף אַזוי וויט טיף, אַז זיי האָבן אַפילו משפּיע־געווען אויף דער האַלב־ (אָדער גאַנץ) אַסי־מילירטער ייִדישער אינטעליגענץ און זי צוגעבראַכט צו ייִדיש. די אינ־טעליגענץ האָט זיך דערנענטערט צו דער אַרבעטערשאַפט, איז געווען טעטיק אין די אַרבעטער־פּאַרטייען — „בונד״, „פּועלי־ציון״. דאָס איז געווען אַ פּאָפּולערע דערשיינונג: דאָקטוירים, סטודענטן האָבן זיך אויסגע־לערנט ייִדיש (טאַקע — געמוזט זיך אויסלערנען), געוואָרן אַפילו אויסגע־צייכנטע קענער פון דער שפּראַך, אָנגעהויבן צו קאָקעטירן מיט אַ שיינעם ייִדיש (ס׳רוב דווקא מיט אַ ליטווישן דיאַלעקט).

מרדכי געבירטיג האָט נישט קאָקעטירט מיט זיין ייִדיש. ער האָט

געלעבט אין יידיש. אין דעם פּיל־קאָליריקן (כאָטש קוים־קוים פאַרדייטש־מערישטן) גאַליציאַנער יידיש. ער האָט אָנגעשטעקט מיט יידישקייט דעם אַרום.

עס דערמאָנט זיך מיר אַן עפּיזאָד מיט געבירטיגן אין אַ געזעלשאַפט, ווו ס׳איז געווען אַלעקסאַנדער גראַנאַך (שוין נאָך היטלערס קומען צו דער מאַכט). גראַנאַך האָט ווי זיין שטייגער אַ סך געטרונקען, געטומלט, פאַר־לאַנגט פון געבירטיגן ער זאָל עפּעס זינגען. געבירטיג האָט זיך דעם אָוונט גראָד געפילט זייער געקוועלט, זיך שמייכלענדיק אַנטשולדיקט, אַז ער איז נישט געשטימט. גראַנאַך האָט געשטורעמט, לסוף האָט ער געזיגט. געבירטיג האָט אַרומגענומען זיין יינגסטע טאָכטער און געמאַכט אַ צייכן צום קליינעם אָרקעסטערל, וואָס האָט געשפּילט אין דעם רעסטאָראַן, זיי זאָלן אים אַקאָמפּאַנירן (דוכט זיך, אַז ס׳איז אין קראָקע נישט געווען קיין איין אָרקעסטער, אין אַ יידישן לאָקאַל, די מוזיקער זאָלן נישט קענען גע־בירטיגס לידער). ער האָט אָנגעהויבן מיט אַ קראַפט, וועלכע קיינער האָט נישט געקאָנט דערוואַרטן פון אים, וועגן דער עלטסטער טאָכטער, וואָס איז אויסגעגעבן:

שפּילט, קלעזמאָרים, נעמט די כלי־זיין,
זאָל די גאַנצע וועלט מיט אונדז זיך פרייען,
אוי, אונדזער שמחה ווייסט נאָר איין גאָט
און דער וואָס טעכטער האָט...

און ווען ער איז צוגעקומען צו דער יינגסטער טאָכטער, האָט ער זי שטאַרק צוגעדריקט צו זיך און טרערן האָבן געציטערט אין זיין שטים:

שפּילט, קלעזמאָרים, אַרויס אונדז טרערן,
ס׳לעצטע בעטל וועט היינט ליידיק ווערן,
ס׳גאַנצע שטיבל, איר קליידער־שאַנק —
אוי, ווײ, ווי פּוסט און באַנג.

ער האָט געוויינט, דער טרובאַדור, געוויינט מיט הייסע טרערן פון ליבע צו זיין קינד, צו זיינע קינדער, צו אַלע קינדער. ער האָט זיי אַלע ליב געהאַט, באַוווּנדערט און באַדויערט.

גראָד אַזוי פלעגט ער לאַכן ביים זינגען זיינע פריילעכע לידער; פרייען זיך, ווי אַ קונדס, מיט זיינע מאָטעלעך, הערשעלעך און רייזעלעך. קעגן עוולות און אונטערדריקונג, קעגן צביעות און אָפּגעשטאַנענקייט, האָט ער ווידער געפלאַמט מיט צאָרן.

אין דער אמתן האָט ער אויסגעזונגען, וואָס ס'האָט אים וויי־געטאָן, אָדער וואָס ס'האָט אים געפרייט. געווען דער זינגער און אויסזינגער פון אַ רייכער אינערלעכער וועלט, וועלכע איז נישט געווען עגאָיסטיש־אָפּגע־שלאָסן — זיין וועלט. דערפאַר איז ער געוואָרן דער יידישער פאָלקס־דיכטער, דער טרובאַדור פון דער יידישער אָרעמקייט.

.3

עס ווילט זיך נאָך באַזונדערס אָפּשטעלן אויף איין ליד, וואָס האָט געבירטיגן געמאַכט אומשטערבלעך און אַרום וועלכן ס'איז דאָ אָפּטמאָל אַ פּלאָנטער. כ'מיין דאָ דאָס ליד „אונדזער שטעטל ברענט", אָדער ווי מען רופט עס פשוט „ס'ברענט".

ס'איז אמת, אַז דאָס דאָזיקע ליד איז געווען אַ מין קאַמף־ליד פון די געטאָס — נישט בלויז פון דער קראָקעווער געטאָ. מען קאָן עס אין פרט פון פּאָפּולערקייט אַוועקשטעלן אין איין רייע מיט „זאָג נישט קיינמאָל, אַז דו גייסט דעם לעצטן וועג". אָבער נישט ריכטיק איז, אַז דאָס ליד איז געשאַפן געוואָרן אין קראָקעווער געטאָ. פאַרקערט, ס'איז געווען אַ מין נביאישע פאָראויסזאָגונג פון דעם שווידערלעכן קאַטאַקליזם — נאָך אין יאָר 1938.

דאָס ליד האָב איך געהערט פון געבירטיגן פרילינג 1939, אין קראָקע, אין דעמאָלטדיקן יידישן ליטעראַריש־קינסטלערישן קאַפע־הויז „שמאַט־קע". פאַר דער גאַנצער געזעלשאַפט, וואָס האָט זיך דאָרט געפונען, איז דאָס ליד שוין נישט געווען ניי. ס'האָבן זיך דאַן געפונען דאָרט קראָקעווער יידישע שרייבער, קינסטלער, געזעלשאַפטלעכע טוער. צווישן זיי — דער נאָענטער פריינד פון געבירטיגן, דער מאָלער אברהם נוימאַן — דער ווינער קינסטלער מיטן ווייסן שויבער אויפן קאָפּ (דריי יאָר שפּעטער איז ער אומגעקומען צוזאַמען מיט געבירטיגן).

י. טורקאָוו־גרודבערג

ס'איז נישט אויסגעשלאָסן, אַז אין געטאָ האָט געבירטיג אַריינגע־בראַכט געוויסע קליינע ענדערונגען אין ליד — אָבער טאַקע אומבאַדייטנ־דיקע ענדערונגען. ווייל ביז היינט קלינגט מיר אין די אויערן דאָס ציטערן פון זיין שטים; איך זע פאַר זיך דעם פלאַם פון זיינע אויגן, ווען ער האָט געזונגען:

ס'ברענט! ברידערלעך, ס'ברענט!
די הילף איז נאָר אין אייך אַליין געווענדט.
אויב דאָס לעבן איז אייך טייער —
נעמט די כלים, לעשט דאָס פייער,
לעשט מיט אייער אייגן בלוט,
באַווייזט, אַז איר דאָס קענט.

שטייט נישט, ברידער, אָט אַזוי זיך,
מיט פאַרלייגטע הענט,
שטייט נישט, ברידער, לעשט דאָס פייער,
אונדזער שטעטל ברענט!

די וואָרענונג־ווערטער און דער רוף צו באַלדיקער פאַרטיידיקונג, צו ווידערשטאַנד, איז געווען געווענדט קעגן די אַנטיסעמיטישע עקסצעסן אין פוילן, אין יאָר 1938. אָבער דאָס איז אויך געווען אַ נביאישער אָנזאָג וועגן דעם גרויסן אומגליק, וואָס איז געהאָנגען איבער יידישע קעפּ — אַ רוף נישט צו שטיין בכלל מיט פאַרלייגטע הענט, אַקעגנווירקן כל־זמן ס'איז צייט.

אין יענעם מאָמענט, ווען כ'האָב אים געהערט זינגען „ס'ברענט", האָב איך באמת געהאַט פאַר זיך אַ נביא — לויט מיין פאַרשטעלונג.

וויפל שטראָפנדיקע ווערטער זענען פאַראַן אין זיין געטאָ־ליד „ס'איז גוט":

...דער שונא פרעסט לענדער
און נעמט אָן אויפהער,
דער מאָגן אַ פולער
פאַרנעמט שוין נישט מער —

און ייִדעלעך שרייען: ס׳איז גוט,
און ייִדעלעך קוועלן — ס׳איז גוט,
ס׳איז ווויל, ס׳איז פיין,
זיין מאָגן נישט ריין...

דאָ באַנוצט ער זיך מיטן וואָרט „ייִדעלעך". ער האָט אין זינען די קליינע מענטשעלעך פון געטאָ, וועלכע האָבן געזוכט זיך צוצופּאַסן, צו־נויפצולעבן מיט די אוממענטשלעכע באַדינגונגען. ווייל ער אויסדריקן אַנ־דערע געפילן, האָט ער פאַר זיך ייִדן:

ס׳איז שוין שלום, ס׳איז שוין פרידן,
נעכטן שונאים, היינט שוין פריינד.
מער פון אַלע זינגען ייִדן,
זייער גרעסטער יום־טוב היינט.

(„מיין חלום")

ער זעט שוין דעם שונא אַ געשמידטן אין קייטן, און ענדיקט:

איך האָב דאָס בילד געזען אין חלום,
נאָר איך האָף אין גיכן גאָר,
אַז מיין שיינער זיסער חלום
וועט בקרוב ווערן וואָר.

עס איז געווען ביי אים נביאות — אין פולן באַוווסטזיין פון זיין נבי־אישער שליחות פאַרן ייִדישן מאַסן־מענטש.

ער איז טיף־גלייביק — אויף זיין שטייגער — און אַ רעוואָלטירנ־דיקער לעסטערער. ס׳איז נישטאָ דערביי קיין שום סתירה צווישן דעם וואָס איז דאָ אין „סליחות", „פון וואַנען" און ענלעכע לידער, מיט דעם נביא פון די לעצטע געטאָ־לידער. ס׳האָבן זיך בלויז געביטן די אומשטענדן: אין שטילן בלאָטקעלע פון גאַליציאַנער ייִדיש לעבן האָט געבירטיג גע־לעסטערט, פּראָטעסטירנדיק. אין דער טראַגישער פינצטערניש פון דער היטלער־נאַכט, האָט ער געוועקט צום קאַמף, צום „לעשן ס׳פייער", צו גלייבן אין אַ בעסערער צוקונפט.

דער פאָלקס־זינגער האָט איבערגענומען זיין אייגנטלעכע ראָל, ווי עס פאַסט פאַר גורל־צייטן. ער איז געוואָרן אַ פאָלקס־וועקער, אַ נביא. זענען דעריבער נישט וויכטיק די פאָרמעלע ווערטן פון זיינע לידער — כאָטש אויך אַזעלכע שיינען אַרויס פון אַ צאָל פון זיינע פערזן, ווי די ריינסטע פערל פון פּאָעזיע. וויכטיק איז די אויטענטישקייט, דער פאָלקסטימלעכער אמת פון זיין דיכטונג. וויכטיק און אייביק וועלן בלייבן די פאָלקס־אייגענע ווערטן — סיי פון זיין געזאַנג, סיי פון זיין נבואה. ווייל ס׳איז נישט אָפּצושאַצן זייער עכטקייט, די נישט־געפעלשטקייט זייערע.

פּונקט ווי ס׳איז געווען נישט־געפעלשט, קרישטאָל־ריין אין זיין דענקען, פילן און אויסדרוק — דער יידישער פאָלקס־טרובאַדור פון קראָקע און דער נביא פון יידישן ווידערשטאַנד קעגן היטלעריזם — מרדכי געבירטיג.

בעתן „בלוטיקן דאָנערשטיק״ אין קראָקע, דעם 4טן יוני 1942, איז ער דערשאָסן געוואָרן, צוזאַמען מיט זיין חבר, דעם קינסטלער אברהם נוימאַן, אויפן וועג צו די וואַגאָנען, וואָס האָבן אים געזאָלט אַרויספירן פון זיין קראָקע.

# קלאַראַ סעגאַלאָוויטש

.1

קלאַראַ סעגאַלאָוויטש איז געווען — מיט אַלע אירע חסרונות — אַ פּערזענלעכקייט. אויף דער בינע און אין לעבן.

ס׳וואָלט געווען נישט ריכטיק זי אָנצורופן „אַ גרויסע אַקטריסע״. אין לעבן איז זי אפשר געווען אַ גרעסערע אַקטריסע, ווי אויף דער בינע. אָבער סיי אין לעבן, סיי אויף דער בינע, האָט זי געשיינט מיט דער גרויסער ליכט פון אַן אינדיווידואַליטעט, מיט קענצייכנס פון איינמאָליקייט.

צום ערשטן מאָל האָב איך זי דערזען אין וואַרשעווער ליטעראַטן־פאַראיין קורץ נאָכדעם, ווי זי איז געוואָרן די פרוי פון דיכטער ז. סעגאַלאָוויטש. זי האָט זיך דאָן נאָך גערופן אויף דער בינע מיט איר מיידלשן נאָמען, באַראָדינא, כאָטש זי איז שוין געווען אַ חתונה־געהאַטע נאָך פון טאָמאַשאָוו (דוכט זיך: פרוי ליפשיץ). איך האָב געהאַט דעם איינדרוק: אַ אַ צאַפּלדיקער ליכט־שטראַל האָט זיך באַוויזן. אין מיין יונגער — אפשר צופיל צעשטורעמטער — פאַנטאַזיע, האָט זי אויסגעזען ווי די פיזישע פאַרקערפּערונג פון אַ ליכט־שטראַל. דער איינדרוק איז שוין ביי מיר פאַר־בליבן אין משך פון די וויטערדיקע 18 יאָר, וואָס איך פלעג זי טרעפן — אַמאָל זעלטענער, אַמאָל עפטער, אַמאָל גאָר אָפט — אין אַ גרעסערער גע־זעלשאַפט, אין אַן ענגערן קרייז, אין טעאַטער, ביי דער אַרבעט, אין וואַנ־דערונגען.

אויף דער בינע האָב איך זי צום ערשטן מאָל דערזען אין זיגמונט טורקאָווס אויפפירונג פון גאָגאָלס „רעוויזאָר״ אין „צענטראַל״ טעאַטער, סוף יאָר 1921. דאָרט האָט זי בלויז אימפּאָנירט מיט איר שיינקייט און פרישקייט. אָבער קורץ נאָכדעם האָט אויפגעשיינט איר „מערי״ אין שלום אַשס „מאָטקע גנב״ — אָ ראָל, וואָס האָט זי אַרויסגערוקט אויפן אויבנאָן

פון ייִדישן טעאַטער און אין וועלכער זי איז טאַקע געווען קאָנקורענצלאָז. אפשר נישט פון שטאַנדפּונקט פון שוישפּילערישער פאַקטור, אויב מען קאָן זיך אַזוי אויסדריקן, נייערט — ווידעראַמאָל — אַלס דערשיינונג; צו־ליב דעם איינדרוק, וואָס זי האָט איבערגעלאָזט: מיטן גלי פון די אויגן, מיטן פלאַטערן פון די נאָזדרעס, מיטן צאַפּל פון קערפּער, מיטן אויפברויז אין טאָן. קלאַראַ סעגאַלאָוויטש איז געווען מערי — די צום טויט־ליבנדיקע (ווען זי האָט אויף אַן אמת געליבט) ציגיינער־מויד.

אין לעבן איז זי געווען פון גאָר אַן אַנדער אינטעלעקטועלער קוואַ־ליטעט, אינטעלעקטועלן אויסמעסט, ווי די פּרימיטיווע אַש־העלדין. נייערט פון איין כאַראַקטער־קאַטעגאָריע. ווי אַזוי האָט עס זיך געפּאָרט ביי דער הויך־אינטעליגענטער קלאַראַ, דעם דענקענדיקן מענטשן — איז שווער צו זאָגן. אין פּרט פון גייסט איז זי געווען איינע פון די אימפּאָזאַנטסטע דערשיינונגען אין ייִדישן טעאַטער. עס איז ממש געווען צו שטוינען, ווי ביי דעם אינטענסיוון לעבן, וואָס זי האָט געפירט — און ביי דער זייער אינטענסיוו זיך אַנטוויקלענדיקער אָפענער שווינדזוכט — האָט זי אַזויפיל געוווסט, אַזויפיל ביכער אויסגעלייענט, אַזויפיל וויסן דערוואָרבן. מעגלעך, אַז זי האָט נישט דערלערנט גרונטיק קיין זאַכן. אָבער דאָס, וואָס זי האָט דערוואָרבן, האָט זי געקענט אַזוי שאַרמאַנט און איבערצייגנדיק באַנוצן, אַז מען האָט באַקומען דעם איינדרוק: אַן אומגעהויערע טיפקייט.

מיר דוכט זיך, אַז זייט דאַן האָבן איך געזען קלאַראַן אין אַלע אירע ראָלן. זיכער — אין אַלע וויכטיקע, געשפּילטע אין פּוילן. זי האָט זיך טאַקע קינסטלעריש, אין פּרט פון איינדרוק, קיינמאָל נישט דערהויבן צו דער מדרגה פון אַשס מערי — אַפילו נישט אין נחמהלע, אין קאַציזנעס „דוכס״, וואָס איז ווי ספּעציעל געשריבן געוואָרן פאַר איר (אין דער אויפפירונג פון א. מאָרעווסקי, אונטער משה ליפּמאַנס דירעקציע אין „צענטראַל״). אָבער אין יעדער ראָל האָט זי אַריינגעטראָגן דאָס פאַר איר כאַראַקטעריס־טישע — דעם פלאַם און נשמה־פלאַטער פון קלאַראַ סעגאַלאָוויטש.

אַ באַזונדער קאַפּיטל איז איר געזעלשאַפטלעכע אַנגאַזשירונג, איר חברישקייט, וואָס איז געווען אַ נישט־געוויינטלעכע אין די טעאַטער־קרייזן.

און לסוף — איר אָנפירנדיקע ראָל אין טעאַטער — דאָס אָנפירן מיטן „טעאַטער פאַר יוגנט" אין די לעצטע פאַרמלחמה־יאָרן.

.2

צוזאַמענגעאַרבעט האָב איך צום ערשטן מאָל מיט איר אייניקע וואָכן, אין יאָר 1927, ביי לידיאַ פּאָטאָצקאַ אין „קאַמינסקיס טעאַטער". לענגער — 1930־1931 אין וואַרשעווער „נאָוואָשטשי" — ביז צו מיין ערשטן אַרויס־פאָר קיין אויסלאַנד (זי האָט מיך שטאַרק צוגערעדט צום אַרויספאָר: „וועסט זען אַ וועלט. דאָס וועט דיר אַ ביסל מער געבן, ווי די נעכט, געפּטרטע אין ליטעראַטן־פאַראיין אָדער אין נאַכט־לאָקאַלן")... דאַן איז זי שוין געווען די פרוי פון באַקאַנטן פּעדאַגאָג און אַרבעטער־טוער שלמה מענדעלסאָן. אָבער עס האָט שוין געהאַלטן ביים פאַנאַנדערפאַלן דאָס צוזאַמענלעבן מיט מענדעלסאָנען. מענדעלסאָן איז געווען גרענעצלאָז פאַרליבט אין איר און — גרענעצלאָז טאָלעראַנט לגבי איר. אָבער דעם פאַנאַנדערפאַל פון זייער צוזאַמענלעבן האָט ער זייער שווער איבערגענומען. זי האָט זיך טראַגיש פאַר־ליבט אין אַ יונגן וואַרשעווער אַדוואָקאַט, וועלכער האָט זי ברוטאַל און געוויסנלאָז באַהאַנדלט.

אַ מענטש פון שטאַרקע סתירות. אין דער נאַטור — אַ גרויסע קינסט־לערין, האָט זי די קונסט־פּאָטענצן אירע צעדרויבלט צווישן דער בינע און לעבן.

צו יעדן פּרווו פון עפּעס נייעס — האָט זי זיך אָנגעצונדן. ווען מיר האָבן (אין 1929) פּראָיעקטירט אַרויסצוציִען פון אַלע טעאַטערס די בעסערע יונגע כוחות און שאַפן אַ דרייסט קינסטלעריש, נאָוואַטאָריש טעאַטער, איז זי געווען פון די ערשטע, וואָס האָט צוגעזאָגט צוצושטיין צו אונדז, כאָטש זי איז שוין געווען אַן אָנערקענטע אַרטיסטין, מיט אַ גרויסער פּאָ־זיציע אין טעאַטער.

ווען די יוגנט האָט רעוואָלטירט אין אַרטיסטן־פאַראיין; ווען ס'איז געווען עפּעס אַן עקאָנאָמישער קאָנפליקט אין אַ טעאַטער, האָט מען שטענ־דיק געוווּסט, אַז קלאַראַ וועט זיין אויף דער זייט פון די רעוואָלטירנדיקע. און טאַקע — מיט דער ברייטער האַנט. איר לייכטקייט אויסצוגעבן געלט

האָט זיך שטענדיק בולט אָנגעזען אין אַזעלכע פאַלן. ווען עס איז צו רייד געקומען וועגן הילף פאַר אַ קראַנקן, פאַר אַ חבר אין אומגליק, אָדער אין נויט — איז נישט געווען קיין גלייכן צו קלאַראַ. תמיד גרייט געווען צו העלפן פאַר אַ פּאָליטישן אַרעסטירטן, פאַר אַ „דורכגעפאַלענעם", וואָס האָט געמוזט אַנטלויפן קיין אויסלאַנד.

די לעצטע פאָר יאָר פאַר דער מלחמה איז איר שוין שווער געווען אַרומצופאָרן און שפּילן. די בלוט־שטורצן האָבן זיך צו אָפט איבערגעחזרט. האָט איר פריינד (און שפּעטערדיקער מאַן), דער דזשאָינט־דירעקטאָר נוי־שטאַט, גערינדעט פאַר איר דאָס „טעאַטער פאַר יוגנט". אין דער ערשטער אויפפירונג — מאַנגערס „כישופמאַכערין" (אין ראָטבאַומס רעזשי), — האָט זי נאָך אַ צייט געשפּילט. בעת די ווייטערדיקע פּרעמיערעס — שעקספּירס „שטורעם", אין דער רעזשי פון באַרימטן פּוילישן רעזשיסער לעאָן שילער אין יעקב פּרעגערס „מלך פּריילעך", אין ווייכערטס רעזשי — איז זי געווען בלויז קינסטלערישע לייטערין. אַזוי האָט זי זיך שוין געמוזט טעאַטראַליש אויסלעבן, ווייל ס'האָט געצאַנקט דאָס ליכט פון איר לעבן.

נישט צו פאַרגעסן איז קלאַראַ, בעת דער שטאַרקסטער באָמבאַרדירונג פון וואַרשע, ווי זי קומט אויף לעשנע (זי האָט דאַן שוין געוווינט אויף זשאָליבאָזש), צונעמען אין שפּיטאָל אַריין איר געטריי דינסטמיידל געניע, וועלכער אַ שראַפּנעל האָט אָפּגעריסןביידע פיס. ווי די צאַנקענדיקע קלאַראַ האָט דאָס איבערגעלעבט — דאָס איז געווען אַ סוד פון דער אומגעהייערער וויטאַליטעט, פון די איבערמענטשלעכע כוחות, וואָס זענען אין איר געווען פאַרבאָרגן. אַ דאַנק די איבערמענטשלעכע כוחות האָט זי מן־הסתם אויך איבערגעלעבט אַלע קריזיסן אין איר געזונט־צושטאַנד, אַלע בלוטשטורצן און אָנפאַלן.

און געשטאָרבן איז זי דאָך גאָר נישט פון איר קראַנקייט, נייערט פון אַ דייטשער קויל אין וואַרשעווער פּאַוויאַק — ערב דער גרויסער „אויס־זידלונג־אַקציע" פון די וואַרשעווער ייִדן, יולי 1942.

אַזוי איז פאַרלאָשן געוואָרן איינער פון די צום מייניסטן פינקלענדיקע שטערנס אויפן ייִדישן טעאַטער־הימל.

# משה קולבאַק

זיין קאָפּ לייכט־אויף מיט זיבן ליכטער
אַריבער זיבן מאָל פּאַראַט,
ער ווערט צוריק געזאַלבטער דיכטער
אויף טויטן דיל פון קאַזעמאַט.

ה. לייוויק: „דיכטער־אַרעסטאַנט״,
(דעם אָנדענק פון משה קולבאַק).

.1

פון „שטערנדל״ ביז „בויטרע״ איז בסך־הכל אַריבער אַ צייט־אָפּשניט פון אַן ערך 20 יאָר. אָבער אין די 20 יאָר קאָן איינגעשלאָסן ווערן דאָס גאַנצע שאַפן פון משה קולבאַק און כמעט זיין גאַנץ לעבן. ווייל דאָס לעבן זיינס איז געווען נישט אָפּצוטיילן פון שאַפן. דאָס שאַפן איז געווען דער תמצית פון זיין לעבן.

עס האָט מיר דערציילט אַ צווייטער יידישער דיכטער־קדוש, זעליק אַקסעלראָד, אַז ווען עס זענען אין 1937 די ענקאַוועדע־לייט אַריינגעקומען אין קולבאַקס מינסקער היים אים צו אַרעסטירן, איז זייער ערשטע פּאָדע־רונג געווען, „גיב אָפּ דיין געווער״. קולבאַק זאָל האָבן רויק צוגעגאַנגען צום שרייבטיש, דערלאַנגט פון דאָרט די פּעדער מיט די ווערטער: „אָט איז מיין געווער״. מען האָט אים טאַקע דערפאַר שפּעטער צוגעשריבן אַ פּאַראַגראַף פאַר „באַליידיקן די מאַכט״. אָבער נישט דאָס איז וויכטיק. דאָס איז געווען אַ דעמאָנסטראַציע פון קולבאַקס סאַטירישע נטיות און פון זיין גאַלגן־הומאָר. וויכטיק איז דערביי דאָס באַוווסטזיין פון דיכטער, זיין גלויבן אין דער קראַפט פון זיין פּעדער.

פון „שטערנדל״ — דעם ערשטן אָפּגעדרוקטן ליד פון קולבאַקן (1916),

וואָס איז ממש פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ פאָלקס־אייגנטום, געזונגען גע־וואָרן אין אַלע ייִדיש־קאָנטינענטן אַלס אַ פאָלקס־ליד, ביז „בויטרע״ — קולבאַקס סאָציאַלע פאָלקס־פּיעסע, וואָס איז (אין יאָר 1936) געדרוקט גע־וואָרן פראַגמענטנווייז אין מינסקער זשורנאַל „שטערן״ און אויפגעפירט געוואָרן אויף דער בינע פון מאָסקווער „גאָסעט״ (ס׳איז דער פאָרשטעלונג, טראָץ איר גרויסן דערפאָלג, נישט באַשערט געווען זיך לאַנג צו האַלטן אויף די ברעטער. זי איז באַגראָבן געוואָרן, אויף לא יזכר ולא יפּקד, גלייך נאָכן אַרעסט פון מחבר). אין די ראַמען גייט אַדורך קולבאַקס שאַפן, קול־באַקס לעבן.

דאָס לעבן — אַ בילד פון „שטורעם און דראַנג״: פונעם שטעטל אין ווילנער געגנט (סמאָרגאָן), אין דער וועלט אַריין. פון מאַמעס צד — אַ קינד פון דאָרף; פון טאַטנס צד — אַ קינד פון וואַלד; די דערציִונג — אַ געמיש פון ייִדישקייט און וועלטלעכקייט.

געבוירן צום סוף פון אַ יאָרהונדערט (1896), האָט ער אין זיך פון קינדווייז אָן געטראָגן אַלע ראַנגלענישן פון דעם סוף אַלטן און דעם נייעם יאָרהונדערט אין ייִדישן לעבן. דערפון — חדר און ישיבה. גלייכצייטיק — וועלטלעכע העברעיִשקייט און אַלגעמיינע לימודים. דאָס קינד פון וואַלד און דאָרף ווערט אַ לערער אין שטאָט. פריִער — אַ העברעיִשער לע־רער אין קאָוונע; שפּעטער — אַ ייִדישער לערער אין ווילנע. דאָס צאָלט ער זיין חוב דער וועלט, כדי צו קאָנען לעבן. גלייכצייטיק הייבט ער אָן צו צאָלן זיין לעבנס־חוב — שרייבן לידער. קודם — העברעיִשע, ווי דער דרך פון כמעט יעדן אויפגעקלערטן ייִדישן בחור פון אונדזער דור; שפּע־טער — ייִדישע. און דאָס פאַרבלייבט שוין זיין דרך אין ייִדישן לעבן.

1920 איז דאָס גרויסע איבערברוך־יאָר אין קולבאַקס לעבן. ס׳דער־שיינט זיין ערשטע לידער־זאַמלונג „שירים״ און ער פאָרט שטודירן קיין בערלין.

אַ יונג האָט זיך געלאָזן אין דער וועלט
מיט גאָרנישט, בלויז מיט גאַנצע ריפּן.

— זינגט ער שפּעטער אין זיין „דיסנער טשאַילד האַראָלד״.

## משה קולבאַק

„...ער פאָרט שטודירן קיין איראָפּע,
אַ יעדער צו זיין פאַך,
אַ פויגל זינגט,
אַ באָלשעוויק מאַכט רעוואָלוציעס
און ליולקעמאַן מוז אומבאַדינגט שטודירן״...
„...ס׳הערט ליולקעמאַן און הערט
די דולע צייט,
בערלין פאַרגייט זיך אין געשרייען;
דער אַלטער מיכעל אין די גלעקלעך שרייט;
עס שרייען די טעאַטערס און מוזייען״...

צי דאַרף מען נאָך אַ בעסערן מקור פון צעיושעטן עקספּרעסיאָניס־טישן באַנעם ביי קולבאַקן אין יענער תקופה?

דאָס דויערט ביז 1923.

און דאַן — צוריק ווילנע. קולבאַק ווערט קולבאַק. דער „לערער קול־באַק״ און משה קולבאַק. דאָס שיינדל פון שפּעטערישן יידישן ווילנע און דער אָפּגאָט ממש פון זיינע גימנאַזיע־ און סעמינאַר־תלמידים.

ס׳האָט מיר זיינער אַ תלמיד געזאָגט: „קולבאַק האָט אונדז געלערנט ליב צו האָבן ליטעראַטור״.

קולבאַק האָט אויסגעלערנט דאָס קאַלט־שכלדיקע, ראַציאָנאַליסטישע ווילנע — ליב צו האָבן פּאָעזיע. דורך זיין אייגענער פּאָעזיע, דורך זיין אַנגעגליט און דורכגעוויטיקט וואָרט.

אַזוי איז געווען ביזן יאָר 1928, ווען ער איז פון ווילנע אַוועק קיין ראַטנפאַרבאַנד, ווו ס׳האָט זיך אָנגעהויבן דער רייפסטער און טראַגישסטער עטאַפּ אין זיין לעבן. אַזוי איז פאַרבליבן זיין השפּעה נאָכן 1928סטן יאָר — דורך זיינע תלמידים, דורך „יונג ווילנע״, וואָס איז געווען אַ געזעצלעך קינד פון קולבאַקס דערציערישער אַרבעט און קולבאַקס שאַפן.

.2

אין קולבאַקס שאַפן שלאָגט זיך דורך דער צוזאַמענשמעלץ פון צוויי דערציונג־שטראָמען: טראַדיציאָנעלע יידישקייט און פאָרגעשריטענע וועלט־

לעכקייט; די צוגעבונדנקייט צום יידישן פאָלקלאָר — באַזונדערס, צום ליטווישן, רייסישן. ער לייגט דערביי קלאַפּטערס אויף די צעשטורעמטע כוואַליעס פון וועלט־פּראָבלעמען.

דערפון:

**געזען** האָב איך יידישע ווערטער,
וווי פייערלעך קליינע, ווי פייערלעך קליינע,
ווי פונקען, געצויגן פון פינצטערן אַרץ;
**געפילט** האָב איך יידישע ווערטער,
ווי טייבעלעך ריינע, ווי טייבעלעך ריינע...
די טייבעלעך וואָרקען און וואָרקען אין האַרץ..

**און אין ליד „וועלט":**

אין טויזנט פנימער פאַרשטעלט
איך גיי צו דיר אויף טויזנט וועגן —
וווהין? איך ווייס נישט ווו...
איך וויל אינגאַנצן דיך פאַר מיינעטוועגן,
איך בין דו:

**פאָלקסטימלעכע פשטות און וועלט־אידעיִשער געראַנגל.**

**בערלין ברענגט לכתחילה די עקספּרעסיאָניסטישע צעברויזטקייט — אין פערז, בילד, געפיל, דערביי — צעבונטעוועטע דאָרפישקייט, וועלפּי־שער הונגער־געוואָי, געזאַנג פון אָרעמקייט. אַן איבערוף מיט סערגיי יע־סענינס לירישן ווייי־געשריי, וואָס קומט באַזונדערס צום אויסדרוק אין די „וועלפישע לידער":**

העי, העי, שווער צו טראָגן הויך דעם קאָפּ
דעם באַטשופּרינעטן!
און דאָס גראָבע האַרץ, דאָס שרייִקע...
איך וועל אַוועק צום דאָרף דעם אויסגעמאַנדאָליניעטן
און אויף די פעלדער, אין די גערטנער די מאַיקע
אַ טאַנץ־טאָן הפקרדיק און טרויעריק און שטומערהייט —
אַ שריי־טאָן, שרייען מיט אַן אָטעם אַ פאַרכליניעטן
פון יעדן קוסט, פון הינטער יעדן בייט...

דאַן ווערן אויך געבוירן זיינע פּאָעמעס „יאָסטע דער שמיד‟, „לאַ־מעד־וואָוו‟, „רייסן‟ — לידער און פּראָזע. פון קולבאַקס פּאָעזיע אין יענער צייט זינגט קודם־כל אַרויס זיין אָפּשטאַם: דאָרף, וואַלד. דער פּייזאַזש פון רייסן, דאָס געזאַנג פון פעלדער און וועלדער. אין דעם פּרט איז קולבאַק געווען דער ערשטער אין דער ייִדישער פּאָעזיע, וואָס האָט אויך אַזאַ קרעפטיקן און אַלייניקן אופן אַריינגעבראַכט דעם אָטעם פון דאָרף, דאָס געזאַנג פון ייִדישן פויער און ישובניק. און — ווי אַ המשך פון זיין וועלפּישן הונגער־געוואָי — דאָס געזאַנג פון אָרעמקייט, ייִדישער און נישט ייִדישער.

דער שענסטער עטאַפּ אין קולבאַקס שעפערישן לעבן: ווילנע 1923־1928. ברייט־אָטעמדיקע פערזן וועגן ירושלים דליטא („ווילנע‟); „וואַגאַבונדישע רעוואָלוציע („בוניע און בערע‟). פּאָעמען, ליריק, פּראָזע, עסייען. אין די יאָרן קריסטאַליזירט זיך דער אייגנאַרט פון רייפן קולבאַק; דער סאַטירישער טאָן און זאַפּטיקער הומאָר.

דער סאָוועטישער פעריאָד אין זיין שאַפן האָט ווידער אין דער פּאָעזיע געגעבן די אויסגעשליפענע אין דער פאָרעם און צעשטורעמטע לויטן איבּהאַלט רייפע פּאָעמע „דיסנער טשאַילד האַראָלד‟: צוויי בענד פון זיין מייסטער־ראָמאַן „זעלמעניאַנער‟, „בויטרע‟.

עס צעפינקלען זיך מיט די קאָלירן פון דיכטערישער רייפקייט אַ צאָל לידער, וואָס זענען באַקאַנט, ווייל זיי זענען געדרוקט געוואָרן און — ווער ווייסט וואָס איז נאָך געבליבן אין די שופלאָדן? וואָס איז פאַרטיליקט געוואָרן אין די בלוטיקע טריבן פון דער ענקאַוועדע־מאַשין?

## 3.

אין סאָוועטישן פעריאָד האָט אין קולבאַקס שאַפן דאָמינירט די פּראָזע. אָבער דער אָנהייב אויף דעם וועג איז שוין געמאַכט געוואָרן אין בערלינער פעריאָד. דאָרט, אין בערלין, האָט ער געשאַפן זיין ערשטע דראַמע „יעקב פראַנק‟ — אַ פרווו דראַמאַטורגיש צו באַלעבן אַ טראַגישן עפּיזאָד אין דער ייִדישער געשיכטע און דעם ראָמאַן „משיח בן אפרים‟.

„יעקב פראַנק" איז געווען קולבאַקס שעפערישע פאַרקנסונג מיטן טעאַטער. אפשר זענען די ערשטע ליבע־סימנים געווען: קולבאַק אַרבעט אַ געוויסע צייט אַלס סופליאָר אין אַ בערלינער יידישן טעאַטער. קיין ספעציעלע סצענישע ווערטן האָט „יעקב פראַנק" נישט פאַרמאָגט, זי איז אָבער געווען אַן אָנזאָג פון קולבאַקס אַריינדרינגען אין דער יידישער געשיכטע און אין די ראַנגלענישן פון יידישן גייסט — דער צווייטער — נאָכן דאָרפישן — שאַפונג־שטראָם פון דיכטער. דער שלוס־אַקאָרד פון קולבאַקס דראַמאַטורגיע איז ווידער געווען „בויטרע", אָנגעשריבן אין ראַטנפאַרבאַנד, אַ רייפע דראַמאַטישע שאַפונג, אין געוועב פון וועלכער עס זענען געווען אַריינגעפלאָכטן אַלע צענטראַלע מאָטיוון פון דיכטערס מוזע: אָטעם פון דאָרף, יידישע געשיכטע, ראַפינירטער פאָלקלאָר, מיטגעפיל מיט אָרעמקייט און רעוואָלוציאָנערער אויפברויז. דערביי — דער סאַטירישער נאָגל פון קולבאַקן און זיין חוש פאַר הומאָר, שפּילעוודיקייט און צעשפּילטקייט — ביי געדאַנקלעכער פאַרטיפונג (טראָץ דעם ענגן גאַרסעט פון „סאָצבאַשטעלונג").

אָבער צווישן „יעקב פראַנק" און „בויטרע" איז געווען אַ פאַרבנרייכע ווילנער תקופה פון קולבאַקס סעמינאַר־ און גימנאַזיע־אויפפירונגען, דראַמאַטיזאַציעס, באַאַרבעטונג פון פאָלקס־ און פורים־שפּילן. קאָן מען דרייסט זאָגן: כאָטש קולבאַק האָט נישט באַוויזן צו פאַרנעמען אַ באַשטימט אָרט אין אָפיציעלן יידישן טעאַטער, איז דאָך געווען וואָגיק זיין אָנטייל אין דרייסטע יידישע טעאַטער־זוכונגען, אין געראַנגל פאַר אַן אייגענעם פרצוף און וועג פון יידישן פאָלקס־טעאַטער.

אין דער פּראָזע ווידער, אין די פּאָעטיש־לירישע ראָמאַנען זיינע — סיי אין בערלינער „משיח בן אפרים", סיי אין ווילנער „מאָנטאָג" — איז ער געקומען מיט אַן אייגענעם וועג פאַרן יידישן ראָמאַן, זיין אייגענעם פּראָזע־נוסח. די שפּורן פון עקספּרעסיאָניזם זענען געווען זייער בולט אין דער פּראָזע. אויך — די פּאָעטישע אויסדרוק־אופנים. קולבאַק האָט זיינע ראָמאַנען אפשר נישט אַזוי אויסגעבויט, ווי אויסגעזונגען. ניגונים פון דער ישיבה, טראַנספּאָנירטע אויף דער שפּראַך פון קינסטלערישער פּראָזע. ביידע ראָמאַנען זענען דורכגעזאַפּט מיט מיסטיציזם, מיט מעטאַפיזישן וועלט־

באַנעם. דאָס איז טאַקע אין סתירה מיטן ראַציאָנאַליסטישן גייסט פון ייִדישן ווילנע, ס׳איז אָבער אין הסכם מיט קולבאַקס אָפּשטאַם און דערציִונג.

און אין דער סאָוועטישער תקופה — די קרוין פון קולבאַקס פּראָזע, די „זעלמעניאַנער״.

„זעלמעניאַנער״ — דאָס איז דער רעוואָלוציאָנערער ייִדישער ראָמאַן. רעוואָלוציאָנער אין דער פאָרעם און אין אינהאַלט. און טאַקע רעוואָלוציאָנער דערמיט, וואָס ער איז אינגאַנצן אַנדערש, ווי די אָפּיציעלע ייִדישסאָוועטישע פּראָזע און נישט לויט דער סכעמע, לויט די פאָרשריפטן פון די „פּראָלעטאַרישע״ ליטעראַטור־אינסטרוקטאָרן. ס׳איז די איינציקע סאָוועטישע קינסטלערישע שילדערונג פון ייִדישן שטעטל אין אָקטאָבער (אַרומכאַפּנדיק רעטראָספּעקטיוו־פראַגמענטאַריש צענדליקער יאָרן ייִדיש לעבן און געשטאַלטן ביזן אָקטאָבער) מיט אַ סאַטירישן בליק אויף די געשעענישן און געשטאַלטן, וואָס שווינט נישט קיינעם און — מיט הומאָר. אַ געוויסע ענלעכקייט אין צוגאַנג איז בלויז געווען ביי אַ צווייטן גרויסן ייִדישן שרייבער, וועלכער האָט געשריבן אין רוסיש (און אויך „ליקווידירט״ געוואָרן אין 1937סטן יאָר), ביי איסאַק באַבעל. אָבער באַבעל האָט געשריבן וועגן אַ כרך (אָדער ריכטיקער — וועגן זיינע הינטערגאַסן) — וועגן אָדעס. קולבאַק דאַקעגן האָט געהאַט די דרייסטקייט מיט זיין אייגענעם רעפלעקטאָר צו באַלייכטן דאָס ייִדישע שטעטל — דורך דער געשיכטע פון אַ פאַרצווייגטער פאַמיליע, כוואָסט — מיט אַזאַ יאָדערדיקן הומאָר און פאָלקסטימלעכן טאָן, אַז ער איז מיט זיין ווערק אַריבערגעוואַקסן די סאָוועטישע ייִדישע ליטעראַטור און אַ שפּרייז־געטאָן אין דער אַלוועלטלעכקייט פון ייִדישן שאַפן.

„די מלחמה און די רעוואָלוציעס זענען סוף־כל־סוף אַדורכגעגאַנגען בשלום, בלויז מיט דער מומען העסיען האָט געטראָפן דער אומגליק אומזיסט־אומנישט, צוליב אַ נאַריש ביסל זופּ״.

דאָס איז דער טאָן פון קולבאַקס סאָוועטישן ראָמאַן. דערביי — די פּאָעטישע אַנגאַזשירונג אין יעדן אָרט, ווו עס געפינט זיך נאָר אַ שפּאַרע עס זאָל זיך דורכרייסן דער דיכטער.

„און אין דרויסן, אין דער פינצטער, איז געלעגן דער ווינטער,
ווי אַ קאַלטע זילבערנע שיסל".

מיט „זעלמעניאַנער" האָט קולבאַק באַוויזן, אַז ער איז פאַרבליבן געטריי זיין אייגנאַרט און זיין קינסטלערישן דרך ביזן סוף.

כאָטש, אייגנטלעך — דער סוף פון קולבאַקס לעבן איז איינגעהילט אין טראַגישן שלייער פון אומבאַוווסטקייט. מער אפשר, ווי פון אַלע אומגעבראַכטע ייִדישע שרייבער אין ראַטנפאַרבאַנד.

.4

מען איז געווּוינט צו שרייבן, אַז קולבאַק איז אומגעקומען „אָנהייב פערציקער יאָרן אין אַ לאַגער ערגעץ אויף אוראַל". לויט מיינע ידיעות, איז דאָס שטאַרק נישט־פּינקטלעך.

ווען איך האָב זיך געפונען אין די מלחמה־יאָרן אין מיטל־אַזיע, אוראַל און סיביר, האָב איך געפּרוווט אויף אייגענער האַנט עפּעס געוווּיר ווערן וועגן גורל פון פאַרשיקטע ייִדישע מענטשן, באַזונדערס — פון קולבאַקן. דער „פאַל קולבאַק" האָט מיך פאַרפאָלגט זייט איך בין —סוף 1939 — אַריבער די סאָוועטישע גרענעץ און געוווּיר־געוואָרן, אַז קולבאַק איז פאַרשווּנדן.

איך האָב אויסגעפרעגט ביי פּוילישע ייִדן, באַפרייטע פון לאַגערן — וועמען זיי האָבן געטראָפן אין די לאַגערן. געטאָן האָב איך עס אונטערן אויסרייד פון זוכן משפּחה. אָבער געווען איז עס ביי מיר אַן אינערלעכע נויטווענדיקייט: אפשר וועל איך אַמאָל עמעצן קאָנען העלפן (און אין דער אמתן איז מיר אייניקע יאָר שפּעטער געלונגען צו העלפן אייניקע פאַרשיקטע). צווישן אַנדערע האָב איך, אָנהייב 1942, געהערט פון אַ ייִדישן בחור אין סאַמאַרקאַנד, אַז סוף 1941 האָט ער באַגעגנט קולבאַקן אין אַ לאַגער אין קאַראַגאַנדאַ (קאַזאַכסטאַן). קולבאַק זאָל אויף אים האָבן געמאַכט דעם איינדרוק פון אַ נישט־נאָרמאַלן. יעדנפאַלס: ער איז געווען אַ שוויי־גער, פון וועלכן מען האָט קיין וואָרט נישט געקאָנט אַרויסבאַקומען (דער בחור האָט זיכער נישט געהאַט געלייענט די „זעלמעניאַנער" — די געשיכטע פון אַ ייִדישן שוויגער־שטאַם).

## משה קולבאַק

ביי שפּעטער־באַגעגנטע באַפרייטע פון קאַראַגאַנדער לאַגער האָב איך שוין אָבער גאָרנישט געקאָנט געוווּיר־ווערן וועגן קולבאַקן.

גלייך נאָך דער מלחמה (אין אויגוסט 1945) בין איך געווען אַ געוויסע צייט אין מאָסקווע און זיך אויך מטפּל־געווען מיט ענינים פון די קרבנות פונעם 37סטן יאָר. אין אַ שמועס מיטן דיכטער אהרן קושניראָוו האָב איך זייער פאָרזיכטיק געפרעגט וועגן קולבאַקן. קושניראָוו האָט נישט גערן גע־רעדט אויף דער טעמע. ס׳האָט בכלל געמאַכט דעם איינדרוק, אַז די ענינים פון „37סטן״ און ענלעכע (אַ שטייגער דער ענין דזשיגאַן־שומאַכער, וועל־כע האָבן זיך זייט אייניקע יאָר געמאַטערט אין אַ לאַגער) האָבן אים פאַר־שאַפט אַ סך פּיין. דער אמת וועגן די גרוילן האָט ער נישט געטאָרט דער־ציילן — אָדער ער האָט זיך אַפילו אַליין נישט געוואָלט אָפּגעבן קיין חשבון דערפון; קיין ליגן ווידער האָט דער פיינפילנדיקער, איידעלער קושניראָוו נישט געקאָנט זאָגן. האָט ער געוואָלט פאַרשווייגן. איך בין אָבער געווען צודרינגלעך. לסוף האָב איך פון אים אַרויסבאַקומען: ער האָט געהערט, אַז קולבאַק איז געשטאָרבן „ערגעץ אין קאַזאַכסטאַן״, אין יאָר 1943 און מער קיין וואָרט.

איך האָב געפּרוווט עפּעס צו דערגיין פון נסתר, מיט וועלכן כ׳האָב זייט אייניקע יאָרן — זייט אונדזער ערשטער באַקאַנטשאַפט אין סאַמאַר־קאַנד (סוף 1941) — ביי יעדער געלעגנהייט געפירט אויפריכטיקע שמועסן וועגן אַלץ און אַלעמען. אין מאָסקווע, ווען איך האָב זיך מיט אים באַגעגנט און דערציילט, אַז איך אינטערוועניר וועגן אַ חבר, וואָס איז זייט דעם 37סטן יאָר געווען אין אַ לאַגער הינטער טאַשקענט, האָט דער נסתר מיך רעקאָ־מענדירט צו אַ באַקאַנטן יוריסט יאַכניטש (דערזעלבער האָט, דוכט זיך, געפירט דעם ענין פון דעם נסתרס אַרעסטירטן זון); ער האָט מיך פאַר־בונדן מיט דער הויפּט־פּראָקוראָרין, פּרוי סטעלמאַך, אַ ווייסרוסין, וועלכע האָט אויף אַן אמת אַ סך געהאָלפן (און ווען איך האָב איר געדאַנקט בעת אונדזער אַ „צופעליקער״ באַגעגעניש אין גאַס, האָט זי מיר געענטפערט: „איך טו מיין חוב. כ׳בין אויך אַ קרבן פון 37סטן. מיין מאַן...״). האָב איך אים, נסתרן, ווידער געפרעגט וועגן קולבאַקן. ער האָט געענטפערט:

— בהן שלי, איך ווייס נישט ווען און ווי אַזוי. כ'האָב בלויז געהערט, אַז — עליו השלום...

דאָס איז אַלץ, וואָס מען האָט זיך געקענט דערוויסן וועגן טויטן קול־באַק. דער עיקר אָבער וויל איך איצט דערמאָנען דעם לעבעדיקן קולבאַק.

ווען איך האָב אָנגעהויבן צו פרעגן ביי זעליק אַקסעלראָדן אויף אים, האָט ער מיך קודם־כל געפרעגט:

— וואָס בינדט אייך עפּעס מיט קולבאַקן? וואָס פאַר אַ שייכות האָט איר צו אים?

איך האָב אים דאַן דערציילט די „געשיכטע" פון מיינע פאַרבינדונגען מיט קולבאַקן, וואָס האָט אין זיך טאַקע אַ שפּאָר ביסל אַנעקדאָטישע עלע־מענטן. אָבער אויך דאָס אַנעקדאָטישע איז געווען אַזוי כאַראַקטעריסטיש, אַז עס קאָן צוגעבן עפּעס אַ שטריך צו קולבאַקס סקיצירטן פּאָרטרעט.

.5

אויב איך האָב נישט קיין טעות, איז עס געווען זומער 1924, ווען קול־באַק איז צום ערשטן מאָל געקומען קיין וואַרשע. יעדנפאַלס — ווען ער האָט געהאַט זיינע ערשטע אָוונטן אין וואַרשעווער ליטעראַטן־פאַראיין. צום ערשטן מאָל האָב איך אים דאַן געהערט אויסזינגען —

העי, אַנטאָשע, טו אַ זונג,
טו אַ קלונג
אויף דער באַנדורע...

איך בין געווען קורץ נאָך מיין אַרבעט אין דאָרף, נאָכן איבעררייסן מיט מיין „פויערישקייט" — אפשר האָט דאָס מיך אַזוי צוגעצויגן צו קול־באַקס געזאַנג, צו זיינע פערזן. טאַקע צו די פערזן, ווייל זיין פּראָזע פון יענע יאָרן האָט צו מיר נישט אַפּעלירט. און בלויז צוליב זיי בין איך גע־וואָרן אַ קולבאַק־חסיד.

אייניקע חדשים שפּעטער, ווען איך בין צום ערשטן מאָל געפאָרן קיין ווילנע (געווען די פּרעמיערע פון מיין ערשטער טעאַטער־איבערזעצונג — ה. באָכוויצס קאָמעדיע „די ראָמאַנטישע נאַכט"), האָט מיך אפרים קאַגאַ־

נאָווסקי געבעטן מיטצונעמען עפּעס אַ פּעקל פֿאַר קולבאַקן. איך האָב עס מיט פֿאַרגעניגן געטאָן. אַ חוץ אַלעמען — אַזאַ געלעגנהייט, זיין ביי קול־באַקן אין שטוב!

כ׳בין אַוועק אויפֿן אָנגעוויזענעם ווילנער אַדרעס, אָנגעקלאַפּט אין טיר. אַ פֿרוי האָט מיר געעפֿנט און ווען איך האָב זי געפֿרעגט אויף פּויליש: צי דאָ וווינט הער קולבאַק? — האָט זי מיר פֿאַרקלאַפּט די טיר פֿאַר דער נאָז. בין איך ווידער אַראָפּ, נאָכקאָנטראָלירט דעם אַדרעס, ווידער אָנגעקלאַפּט. דאָסמאָל האָט מיר שוין געעפֿנט קולבאַק אַליין. ווען איך האָב אים דער־ציילט וועגן דער פֿרייער פֿאַרקלאַפּטער טיר, האָט ער געפֿרעגט זיין פֿרוי פֿאַרוואָס? און זי האָט מיט אַ זעלבסטפֿאַרשטענדלעכקייט געענטפֿערט:

— ער האָט מיך געפֿרעגט אויף פּויליש, האָב איך געמיינט, אַז דאָס איז אַ פֿרעמדער...

מיר האָבן געהאַט שטאַרק האַרציק צו לאַכן און שפּעטער — דורכ־שמועסן זיך אַביסל וועגן ליטעראַטור, טעאַטער און ווילנע. ווייל די רע־אַקציע פֿון זיין פֿרוי איז געווען כאַראַקטעריסטיש פֿאַר נוסח ווילנע 1924 (אייניקע יאָר שפּעטער האָט שוין די פּאָלאָניזאַציע אָנגעמאַכט אַ קענטיקן חורבן אין דער ליטוויש־פֿאַרביסענער ייִדישקייט פֿון ווילנע).

זייט דאַן האָב איך זיך נישט איינמאָל געטראָפֿן און געשמועסט מיט קולבאַקן. געקוויקט זיך מיט זיין הומאָר און זיינע בייסיקע רעפּליקעס. ס׳האָט אַ שטייגער אָפּגעקלונגען אין גאַנצן לאַנד זיין ענטפֿער דעם פֿאָר־זיצער פֿון אַ באַנקעט לכבוד קולבאַקן אין וואַרשעווער ליטעראַטן־פֿאַראיין, וועלכער האָט געהאַלטן פֿאַר מעגלעך אָנצוהייבן זיין רעדע: „איך האָב דעם דיכטער (דאָ האָט ער אַפֿילו פֿאַרדרייט קולבאַקס נאָמען) נישט געלייענט, אָבער...״ קולבאַק האָט אים דאַן אויפֿן אָרט געענטפֿערט, אַז ער האָט דעם פֿאָרזיצערס בוך יאָ געלייענט, ער קאָן אַפֿילו אָנווייזן דעם מקור, פֿון וואַ־נען ער האָט „געשעפּט״...

קולבאַק בעל־פּה — יעדנפֿאַלס אין דער ווילנער תקופֿה — דאָס איז געווען אַ קאַפּיטאַל פֿאַר זיך. זיינע רעפּעראַטן, לעקציעס און באַמערקונגען בעת רעפּעטיציעס.

.6

זייט דאַן זענען פאַרביי מער ווי צען יאָר. איך האָב נאָכגעפאָלגט מיט אינטערעס (באַזונדערס, זייענדיק אין אויסלאַנד) קולבאַקס שאַפן, זיך גע־פרייט מיט זיין יעדן שעפערישן דערפאָלג. ווען איך בין, העלפט 1938, צוריקגעקומען קיין פוילן, האָט מען שוין עפּעס געמורמלט, אַז קולבאַק איז אַרעסטירט, עריק איז אַרעסטירט. אָבער ווער האָט דען געגלייבט אין אַזעלכע „רכילות"? הלמאי האָט מען אויך געזאָגט, אַז איזי כאַריק איז אַרעס־טירט? — וואָס שונאים קאָנען אַלץ צוטראַכטן...

און אָט געפין איך זיך, נאָכן פאַלן פון וואַרשע, אין ביאַליסטאָק, אין סאָוועטישן ביאַליסטאָק. עס קומען דעלעגאַציעס פון יידישע שרייבער — קולבאַק איז נישטאָ צווישן זיי.

— ווו איז ער? פאַרוואָס קומט ער נישט? — האָב איך געפרעגט.

— פרעג נישט קיין קלאָץ־קשיות, — איז געווען דער ענטפער.

נאָך מיינעם אַ שאַרפן צוזאַמענשטויס, אויף אַ מסיבה אין ביאַליס־טאָקער שרייבער־פאַראיין לכבוד דער קיִעווער דעלעגאַציע: פעפער, סיטאָ, גאָנטאַר, מיט אַ געוויסן שרייבער, וועלכער האָט אויף אַ פאַרברעכערישן אופן אָנגעגריפן פאַרדינסטפולע יידישע שרייבער פון „בורזשואַזן" לאַגער (לעאָ פינקעלשטיין, אפרים קאַגאַנאָווסקי), איז מיר אויסגעקומען צו האָבן אַ לענגערן שמועס מיט זעליק אַקסעלראָדן, דעם דעמאָלטיקן וויצע־פּאָרזי־צער פון ווייסרוסישן שרייבער־פאַראיין, וואָס איז דאַן אָפּט געקומען קיין ביאַליסטאָק און געפירט אַן אויספאָרשונג וועגן פאַרשידענע ענינים.

דעם אמת מוז מען זאָגן, אַז אַלע געקומענע קיין ביאַליסטאָק סאָוועטישע שרייבער זענען דאַן געווען צו אונדז, פליטים, זייער האַרציק און חברים און „ליבעראַל" ביז גאָר.

— מען דאַרף געבן אַ שאַנס זיך איבערצובויען, איינלעבן זיך אין דער סאָוועטישער ווירקלעכקייט — האָבן זיי ביי יעדער געלעגנהייט געזאָגט. און טאַקע אַזוי געהאַנדלט אויך. אָבער צום מיינסטן צונויפגעלעבט זיך מיט דער סביבה פון פליטים האָט זעליק אַקסעלראָד. נאָך פאַר דעם, ווי ער האָט חתונה־געהאַט מיט א. מ. וויסנבערגס טאָכטער. פון דעם ערשטן צו־זאַמענטרעף מיט אים, איז ער מיר ליב געוואָרן — צוליב זיין האַרציקייט,

חברישקייט און ייִדישער היימישקייט, וואָס האָט פון אים אויסגעשטראַלט.

ביי די ערשטע שמועסן, ווען מיר האָבן זיך שוין אַביסל נענטער באַ־קענט, האָב איך אים געשטעלט די פראַגע:

— ווו איז קולבאַק?

אַקסעלראָד האָט מיך אָנגעהויבן צו לערנען, אַז אין ראַטנפאַרבאַנד איז געזונטער, ווען מען פרעגט ווייניקער...

— איר זענט נאָך אַ יונגער סאָוועטישער בירגער. אייך איז מען נאָך אַ סך מוחל. אָבער סוף־כל־סוף וועט איר זיך אָפּבריִען, — האָט ער מיך געוואָרנט. און וועגן קולבאַקן קאָן ער מיר נאָך גאָרנישט זאָגן. „אַן ענין אין אויספאָרשונג".

זומער 1940 איז מיר אויסגעקומען צו זיין אין מינסק, ביי אַקסעלראָדן, אין רעדאַקציע פון זשורנאַל „דער שטערן". ער האָט מיט מיר אַרומגערעדט פּרטים וועגן אַ גרעסערער אַרבעט, וואָס איך האָב באַדאַרפט אָנשרייבן פאַרן „שטערן".

אַז מיר זענען פאַרטיק געוואָרן דערמיט און פאַרבליבן אונטער פיר אויגן, האָב איך אים ווידער געפרעגט וועגן קולבאַקן. דער איידעלער אַק־סעלראָד האָט מיר דעמאָלט מיט פרייד געענטפערט, אַז דער ענין איז אויף אַ גוטן וועג. פאַדייעוו, אַלעקסיי טאָלסטאָי, פּרץ מאַרקיש מאַכן באַמיִונגען אים צו באַפרייען; ס'זענען דאָ גרויסע האָפענונגען, ווייל ס'איז נישטאָ קיין שום ערנסטע באַווייזן קעגן קולבאַקן אַאַז"וו.

איך האָב אַלץ נישט געקאָנט פאַרשטיין: אויב ס'איז נישטאָ קיין שום באַווייזן, פאַרוואָס האַלט מען אים אין תפיסה? (וועגן די לאַגערן האָבן מיר נאָך דאַן כמעט גאָרנישט געוווּסט). דערויף האָט מיר אַקסעלראָד געענט־פערט מיט אַ זיפץ: אַז מען האָט אים אַרעסטירט, איז ער טאַקע געווען אומשולדיק. אָבער ער זיצט שוין דריי יאָר. האָט ער דאָך געקאָנט ווערן אַ שונא. האַלט מען, אַז ס'איז בעסער אַ מעגלעכער שונא זאָל בלייבן זיצן...

אין יוני 1941 איז זעליק אַקסעלראָד אַרעסטירט געוואָרן צוליב אַ מסירה פון זיין פאַרטיי־סעקרעטאַר, אַ געוויסן מאָדעל, פאַר אַ „נאַציאָנאַ־ליסטישן אַרויסטריט", טאַקע אין קולבאַקס ווילנע, וואָס האָט נישט געלאָזט אָנהייבן צו ליקווידירן דאָס אימפּעטיקע ייִדישע קולטור־לעבן. אַקסעלראָד

האָט זיך דאַן געשטעלט אויף דער זייט פון די ווילנער. דעם 24סטן יוני איז די מינסקער תפיסה עוואַקויִרט געוואָרן צוליבן דערנענטערן זיך פון די היטלעריסטן. די קרימינעלע האָט מען פריי געלאָזט לויפן. זעליק אַק־סעלראָד האָט זיך, אין זיין נאַיִוקייט, אויסגעגעבן אַלס „פּאָליטישער", האָט מען אים טאַקע אויפן אָרט דערשאָסן.

און דערווייל האָט זיך קולבאַק נאָך געמאַטערט אין אַ לאַגער ערגעץ אין קאַזאַכסטאַן. צי האָט ער געהאַפט, אַז מען וועט אים באַפרייען? — ווער ווייסט. איינס איז אָבער זיכער: ער האָט זיך נישט געקאָנט מוחל זיין דעם פאַטאַלן שריט פון 1928, צו וועלכן ער האָט מיך אויך צוגערעדט.

ווייל ער האָט אויפריכטיק געגלייבט, — אַז „אַנדערש קאָן נישט טאָן אַ יידישער שעפערישער מענטש".

איך האָב גוט פאַרגעדענקט זיינע ווערטער. אפשר דערפאַר האָט מיך אַזוי שטאַרק אינטערעסירט זיין גורל און אַזויפיל זיך אָפּגעגעבן מיט זיין טראַגעדיע. אַ חוץ וואָס כ'בין געוועזן אַ חסיד פון זיין שאַפן. ווייל זיין טראַ־געדיע איז געוועזן די טראַגעדיע פון אונדזער דור. די טראַגעדיע פון גרויסע טיילן פון דער יידישער יוגנט אין פאַרשידענע ווינקעלעך פון דער וועלט.

# לידיאַ פּאָטאָצקאַ

.1

אין אַ גליִענדיקן מיטל־אַזיאַטישן זומער־טאָג האָב איך ביים פאַרבייגיין אַ צענטראַלע גאַס אין טאַשקענט, דערהערט רופן מיין נאָמען. פון אַ פענצטער אין אַ באַלעבאַטישער אוזבעקישער פּאַרטער־הייזקע האָט אַרויסגעשטעקט אַ ווייסער פּרויען־קאָפּ. אַ בלאַס מויל האָט מיט אַלע כוחות, און מיט אַלע שמייכלען פון אַן אויסגעטריקנט, כמעט דורכזיכטיק פּנים — מיך גערופן. כ׳האָב זיך אָפּגעשטעלט, אָבער באין־אופן זיך נישט געקאָנט דערמאָנען ווער עס קאָן זיין די דאָזיקע זקנה. ערשט די ריִעקאָנסטרוקציע פון שמייכל אויף אַ גאָר אַנדער פּנים, די טרעריקע פאַרגלאָזטקייט פון די גרויע, אַ ביסל אַרויסטאַרטשענדיקע אויגן — ערשט דאָס האָט ביי מיר אַרויסגערופן דעם פאַרחידושטן אויסרוף:

— לידיאַ באָריסאָוונאַ ?!

איר צעוויטיקטער שמייכל האָט מיר באַשטעטיקט, אַז דאָס איז טאַקע זי, די אַמאָליקע דאַמע פון יִדישן טעאַטער, לידיאַ פּאָטאָצקאַ.

די פרייד אירע פון דער באַגעגעניש איז געווען אַ סך גרעסער, ווי איך וואָלט עס געקאָנט דערוואַרטן לויט אונדזער באַקאַנטשאַפט. ס׳איז אַפּנים געווען אַ פּועל־יוצא פון דער גרויסער איינזאַמקייט, אין וועלכער ס׳האָט געלעבט — און געוועלקט מיט אַ גאַלאָפּ־שנעלקייט — די גרויסע בינע־קינסטלערין. כ׳האָב געמוזט אַריינגיין צו איר אין שטוב, זי האָט גלייך אָנגעהויבן צו פּרעגלען פאַר מיר קאַרטאָפל־לאַטקעס (גאָר נישט קיין ביזליק מאכל אין יענע הונגער־יאָרן), מיך מכבד געווען מיט אמתער געציקערטער טיי — מיט איין וואָרט: אַרויסגעוויזן די גרעסטע ברייטהאַרציקייט אין כיבוד. דערביי האָט זי מיר דערציילט וועגן איר לעבן און אירע ליידן פאַר די לעצטע עטלעכע יאָר.

אייגנטלעך קאָן זי זיך אויף גאָר נישט באַקלאָגן. זי מיט איר מאַן — דעם אימפּרעסאַריאָ ניקאָלאַי זאָלאָטאַריאָוו, וואָס האָט דאַן פאַרנומען דעם בכבודיקן פּאָסטן פון אַדמיניסטראַטיוון דירעקטאָר אין „פּאַרק קולטורי אי אָטדיכאַ" א"נ פון מאַקסים גאָרקי, דעם גרעסטן פאַרוויילונגס־צענטער אין טאַשקענט — האָבן באַקומען צו זייער דיספּאָזיציע אַ גאַנץ צימער, אָן שותפים, אויף אַ צענטראַלער גאַס; דער מאַן האָט פון זיין פּאָסטן מכל־טוב — צו די אָפיציעלע פּאַרדינסטן און צוטיילונגען. אָבער זי ווערט איינגעטריקנט און פאַרוועלקט, ווייל מען לאָזט איר דאָ נישט צו צום טעאַטער. פון גאַנץ רוסלאַנד זענען זיך דאָ צוזאַמענגעלאָפן רוסישע אַקטיאָרן און אַקטריסעס (ס'איז געווען בעת די העפטיקסטע קאַמפן הינטער סטאַלינגראַד, סוף זו־מער 1942) — איז שוין פאַר איר קיין אָרט נישטאָ אויף דער רוסישער בינע. און די לעצטע צייט האָט זי דאָך אין קעשענעוו ווידער געשפּילט רוסיש טעאַטער, אַזוי ווי אַמאָל, איידער זי איז געוואָרן אַ יידישע אַקטרי־סע... איז איר אומעטיק, זי איז איינזאַם, זי גייט אונטער.

זי האָט מיך אָנגעבעטן, איך זאָל אָפטער צו איר אַריינקומען. איך האָב אָבער דאַן געאַרבעט ביי אַ פילם אין דער טאַשקענטער קינאָ־סטודיע און זי נישט געקאָנט אָפט באַזוכן. באַלד נאָכדעם האָט מען מיך מאָביליזירט אויפן „טרוד־פראָנט" און פאַרשיקט אויפן ווייטן צפון פון אוראַל. ווען איך בין חדשים שפּעטער צוריקגעקומען קיין טאַשקענט, איז זי שוין נישט גע־ווען צווישן די לעבעדיקע. „איינגעטריקנט געוואָרן פון בענקשאַפט צו דער בינע" — ווי זי האָט געמיינט. איך האָב אָבער געהאַט דעם איינדרוק, אַז זי איז אויפגעפרעסן געוואָרן פון אַ קאַנסער. און זומער 1945, ווען איך האָב צופעליק געטראָפן אין מאָסקווע דעם מאַן אירן, זאָלאָטאַריאָוון, האָט ער באַשטעטיקט מיין השערה. אגב, אויך ער איז אין אַ קורצער צייט אַרום, צוליב דערזעלביקער סיבה, אַוועק פון דער וועלט. ער האָט זיך מיט מיר געזעגנט: ער פאָרט אין באַפרייטן רומעניע, וועלכע ער האָט געהאַלטן פאַר זיין צווייט פאָטערלאַנד, מיט גרויסע פּלענער צו אָרגאַניזירן דאָרט דאָס קונסט־לעבן. ער קען די באַציִונגען, די מענטשן — ער וועט דאָרט אויפ־טאָן אַ וועלט.

מיט געציילטע חדשים שפּעטער איז אָנגעקומען די ידיעה, אַז ער איז

געשטאָרבן דאָרט, ווו ער האָט גערעכנט אָנצוהייבן דאָס לעבן פון דאָסניי. ער איז נאָכגעגאַנגען זיין פרוי.

.2

אָבער לידיאַ באָריסאָוונאַ פּאָטאָצקאַ איז געווען אַזאַ דערשיינונג אויף דער יידישער בינע, וואָס דאַרף נישט אַזוי גיך פאַרגעסן ווערן. זי האָט זיך דערוואָרבן אָנדענק־רעכט מיט איר אויפשיינען אויף די יידישע בינעס פון רומעניע, פוילן, אַנדערע לענדער פון אייראָפּע און אַמעריקע. זי איז געווען די דאַמע פּאַר עקסעלאַנס אין יידישן טעאַטער. זי האָט געשפּילט, מער־ווייניקער, דיזעלביקע ראָל, ווי פּאַול באַראַטאָוו, וואָס האָט זי, אייגנט־לעך, צוגעצויגן צו שפּילן יידיש — אַלס מאַן. מיט דעם חילוק, וואָס באַ־ראַטאָוו איז געווען מער פאַרבונדן מיט אַמעריקע, ווו ער האָט נישט גע־שפּילט קיין ערשטע פידל, זי ווידער איז געווען פאַרבונדן מער מיט רו־מעניע און פוילן — ווו זי האָט אָן צווייפל געשפּילט אָן ערשטע פידל.

שוין איר דערשיינען אויף דער בינע איז געווען אַ סענסאַציע פאַרן יידישן טעאַטער־עולם. ס'האָט אימפּאָנירט די שטאַלטנע, הויכע פיגור פון אַ מיטליאָריקע העל־בלאָנדער פרוי, וואָס האָט מיטן אויסזען און האַלטונג גערעדט וועגן אייראָפּעישער קולטור; וועגן ניעזלאָבינס טעאַטער אין פּע־טערבורג, ווו זי האָט אָנגעהויבן איר בינע־קאַריערע. אין דעם וואַלירטן בליק פון אירע גרויע אויגן, אין דער מוזיקאַלישער ניואַנסירונג פון דער שטים איז געווען אַ סודותדיקייט, וואָס האָט פאַסצינירט. עפּעס אַ סודות־דיקייט פון זינדיקע תשוקות, פון סאַלאָן־ליבעס און בית־השמשותדיקע פּאַראַטן.

עס וועט זיין אַ טעות זי אָנצורופן: יידישע אַקטריסע. דאָס איז זי קיינמאָל נישט געווען. זי האָט זייער ווייניק געהאַט צו טאָן מיט יידישקייט אַפילו ווען זי האָט געשפּילט יידיש טעאַטער. אגב: ביז די לעצטע יאָרן פון איר לעבן האָט זי גערעדט אַ שלעכטן, רוסיפיצירטן עכט־גוייִשן יידיש — אין טאָן און אין אַקצענט.

עס האָט זיך מיר איינגעקריצט אין זכרון, ווי זי איז אַמאָל — פּונקט

פאַרן אַרויפגיין אויף דער בינע אַלס „מירעלע אפרת" (אין וואַרשע) — צוגעלאָפן צו מיר אין פּאַניק:

— זאָגט מיר, איך בעט אייך, ווי דאַרף מען זאָגן: מאַקסים אָדער מאַסקים? (דאָס גאַנצע האָט זי געפרעגט אין רוסיש, און דער „מאַסקים", מיט רוסישן אַקצענט, האָט באַזונדערס קאָמיש געקלונגען). און געהאַנדלט האָט זיך, פאַרשטייט זיך, וועגן דעם פּשוטן ייִדישן וואָרט: מסכים.

איז זי טאַקע אין „מירעלע אפרת" געווען פרעמד — אַן אמתע „גראַפיניע פּאָטאָצקאַ", ווי עס רופט זי חנה־דבורה. די ייִדישקייט פון מירעלען איז אויך איר פרעמד געווען. אָבער דערפאַר אין רוסישע דאַמען („האַרבסט־פידלען", אַ שטייגער), אין אייראָפּעיִשע דאַמען („ראָמאַן"), אַפילו אין רוסיפיצירטע ייִדישע פרויען („פון יענער וועלט" פון י. ד. בערקאָוויטש), האָט זי נישט געהאַט אירס גלייכן אין ייִדישן טעאַטער. דוכט זיך, נישט בלויז אין פּוילן. זי איז געווען די מייסטערין פון סאַלאָן־האַלטונג און סאַלאָן־טאָן אויף דער ייִדישער בינע.

איינע פון אירע לעצטע ראָלן אין פּוילן איז געווען די מוטער אין סאָמערסעט מאָמס „דער הייליקער פלאַם", וואָס איך האָב איבערגעזעצט פאַר איר און וואָס זי האָט געשפּילט מיטן לעצטן אָפּשפּליטער פון דער „ווילנער טרופּע". די ערשטע צייט האָט זי נאָך נישט באַהערשט, ווי געהעריק שפּראַכלעך די ראָל. אָבער אַלס געשטאַלט! — דאָס איז געווען איינע פון די אינטערעסאַנטסטע געשטאַלטן פון אַ דאַמע אויף דער ייִדישער בינע. מיט דער פולסטער אַנלאַדונג פון ערנווירדיקייט, פון אַריסטאָקראַטישקייט, וואָס איז נאָך ביז איר, דוכט זיך, נישט געזען געוואָרן אין ייִדישן טעאַטער אין פּוילן.

נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה, בעת דער רעוואָלוציע און בירגערקריג אין רוסלאַנד, זענען אַ סך רוסישע אַקטיאָרן „פאַרוואָגלט" געוואָרן אין ייִדישן טעאַטער. עס רעדט זיך נישט, פאַרשטייט זיך, וועגן אברהם מאָרעווסקי אָדער אַלעקס שטיין, וועלכע זענען געווען קינדער פון ייִדישן ווילנע און געווען איינגעטונקען אין ייִדישקייט (מאָרעווסקי — מער, שטיין — ווייניקער). די איבעריקע האָבן אַרומגעוואַנדערט צווישן די ייִדישע אַקטיאָרן, אין ייִדישן טעאַטער, נישט ווי בלאָנדזשענדיקע, נאָר ווי פאַר־

בלאָנדזשעטע שטערן — שטערן פון אַ פרעמדן הימל. ווו־נישט־ווו האָבן טאַקע אייניקע פון זיי אַריינגעבראַכט אַ פרישן טאָן אין דער ייִדישער טעאַטער־מוזיק. עס זענען געווען לעאָניד סניעגאָוו און אָזשעוווסקאַיאַ, שי־גאָרין א״אַ. געווען אָבער אויך אַזעלכע, וואָס זענען פאַרביי אָן אַ שפּור אין ייִדישן טעאַטער־לעבן.

די מאַרקאַנטסטע פון אַלע אויסגערעכנטע און די אינטערעסאַנטסטע קינסטלערישע געשטאַלט פון צווישן די פרויען, וואָס זענען דורכגעגאַנגען אַ סצענישע גיור, איז געווען לידיאַ פּאָטאָצקאַ. זי האָט נישט געקאָנט פאַר־בייגיין אָן אַ שפּור.

זי איז טאַקע פאַרבליבן ביזן סוף אַ פרעמדע אין ייִדישן טעאַטער — די פרעמדע דאַמע, אָבער דערביי: אַ קינסטלערין, וואָס האָט געגעבן איר צושטייער — און אַן ערנסטן צושטייער צום קינסטלערישן אויפשטייג פון ייִדישן טעאַטער, באַזונדערס — אין פּוילן.

# דער פֿאָלקס־אַרטיסט אייזיק סאַמבערג

.1

קיין שום מלוכה־אינסטאַנץ האָט אים נישט באַקרוינט מיטן טיטל „פֿאָלקס־אַרטיסט" — דאָך האָט דער טיטל געפּאַסט צו אים אַ סך מער, ווי אַן אָפֿיציעלע באַקרוינונג. דער טיטל איז צוגעוואַקסן צו אייזיק סאַמ־בערגן, ס'האָט האַרמאָנירט — סיי זיין אויסערלעכקייט, סיי זיין אויפֿפֿיר, סיי דער כאַראַקטער פֿון זיין טעאַטראַלער קונסט — מיט אָט דעם טיטל.

געווען אַפֿילו צייטן, ווען אַרנאָלד — דער אומעטומיקער און אַלץ־וויסנדיקער רעקלאַמע־שעף פֿון יִדישע טעאַטערס — האָט סאַמבערגן געקרוינט מיטן מער אַריסטאָקראַטישן טיטל „קייזער". סאַמבערג אַליין האָט זיך אַזוי איבערגענומען מיט דער קרוינונג, אַז ער האָט זיך נישט איין מאָל פֿאַרגעסן און אַפֿילו אויסגערופֿן אין אַרטיסטן־פֿאַראיין צו זיין אַלטן חבר, מיכאל קליין: „דרך־ארץ, איך בין דער קייזער פֿון די יִדישע אַרטיסטן". קליין האָט זיך קאָמיש אויסגעצויגן, סאַלוטירט און אָנגעהויבן זינגען דעם צאַרישן הימען: „באָזשע צאַריאַ כראַני...". אַן אַלגעמיינער געלעכטער... אפֿשר האָט דאָס דעמאָלט דערוועקט סאַמבערגס געזונטן חוש און געטייטלט אויף דער לעכערלעכקייט פֿון דער קרוינונג. ער האָט סוף־כל־סוף „אַבדיקירט". כאָטש אין האַרצן האָט ער מן־הסתם ביז די לעצטע טעג פֿון זיין לעבן נישט אויפֿגעהערט צו פֿעסטען דעם חלום פֿון אַ טראָן. טאַקע אַ „פֿאָלקס־טראָן", אַ פֿאָלקסטימלעכער קייזער, אָבער פֿאָרט אַ קייזער. עפּעס האָט די מלכותדיקייט געררייצט זיין פּרימיטיווע, אָבער רייכע און צעשפּילטע פֿאַנטאַזיע. ס'איז דאָך געווען אַ שטיק טעאַטראַלישקייט אין דעם. און טעאַטער איז ער געווען דורך און דורך, אין יעדן קעמערל פֿון זיין נשמה.

אגב: די דאָזיקע נטיה צו מלכותדיקייט איז געווען אויך ביי אַ צווייטן

גרויסן ייִדישן פאָלקס־מענטש, וועלכער האָט טאַקע אַ סך איבערגעשטיגן סאַמבערגן מיטן זיין פלי אין די הייכן, איז אָבער אויסגעוואַקסן פון דער זעלביקער פאָלקסטימלעכער רויערדישקייט און האָט עמאָציאָנעל געשטעקט אין איר ביזן סוף — שלום אַש. אַש האָט נישט ווייניק צוגעהאָלפן צו סאַמבערגס אויפשטייג מיט זיינע געשטאַלטן, וואָס האָבן דעם פאָלקס־קינסטלער געגעבן די מעגלעכקייט באַליבט צו ווערן ביים פאָלק. ווייל די וויכטיקסטע ראָל אין סאַמבערגס קינסטלערישן אויפשטייג האָבן געשפילט די שלום אַש־געשטאַלטן: לייזער, דער פערד־סוחר („פּאַר אונדזער גלויבן", „מאָטקע גנב", יאַנקל שאַפּשאָוויטש („גאָט פון נקמה"), מענדל אַרענדאַר („קידוש השם"). כמעט יעדע פון אָט די געשטאַלטן איז געווען אַן עטאַפּ אין סאַמבערגס קינסטלערישן באַרג־אַרויף. שוין דאָס אַליין איז געווען גענוג סאַמבערג זאָל אַדאָרירן אַשן; נאָך מער — ווען אַש האָט נישט געקאַרגט קיין ווערטער פון אָנערקענונג פאַר סאַמבערגן. און געווען איז עס אַן אויפריכטיקע אָנערקענונג פון אַ קינסטלער־נאַטור פאַר אַן אַנדערער קינסטלער־נאַטור. געווען אויך אַ סך ענלעכקייט בייביידן אין דער ליבע צו צעלעבראַציע, צו פייערלעכקייט ובכן — אויך צו מלכותדיקייט.

אָבער דאָס האָט אויף אַ האָר נישט געמינערט פון זיין פאָלקסטימלעכקייט. נישט די כלומרשטע פאָלקסיטמלעכקייט פון די געשמאַקלאָזע אַנאָנסן־אויסגעשרייען, וועלכע עס האָבן נישט געקאַרגט די עם־הארצישע רעקלאַמע־שעפן פון ייִדישן טעאַטער. דאָס איז אַ פּנים אַ געבורט־פעלער געווען ביים ייִדישן טעאַטער אין אַלע לענדער — און עס איז נאָך ביזן היינטיקן טאָג. האָט מען טאַקע סאַמבערגן, אין די דרייסיקער יאָרן, רעקלאַמירט אין אַ וואַרשעווער טעאַטער: „דער ,פאָלקס־אַרטיסט', אין ,פאָלקס־טעאַטער', וועט שפּילן דעם ,פאָלקס־מענטש' צו ,פאָלקס־פּרייזן'"... ניין, נישט וועגן אַזאַ מין פאָלקסטימלעכקייט האַנדלט זיך, נאָר וועגן דער אמתער, שפּרודלדיקער, אָנוואַרעמענדיקער. דער, וואָס איז בכוח צו רעדן מיט דער שפּראַך פון פאָלק, שפּינען דעם ניגון פון פאָלק, ווירקן מיט דער געשטאַלטן־פורעמונג און געפיל־אָנלאָדונג אויף דער עמאָציע פון פאָלקס־מענטשן. אָט מיט דער פאָלקסטימלעכקייט איז געווען אָנגעזאַפּט אייזיק סאַמבערג.

מחמת דעם, מן־הסתם, האָט מען אים אויך געפּרוּווט צו מאַכן פאַר אַ

פאָלקס־העלד — שוין נאָכן טויט. ווייל פאַרשידענע ווערסיעס זענען פאַראַן וועגן זיין טויט: געווען קלאַנגען, אַז ער האָט זיך מיט געוועהר אין האַנט באַ־טייליקט (און דאָס וואָלט געווען נישט אין גייסט פון סאַמבערגן, וועלכער האָט פיינט געהאַט געוועהר) אין אויפשטאַנד פון וואַרשעווער געטאָ און איז אויפגעהאַנגען געוואָרן אויף דער גאַס; איינער ווידער האָט דערציילט, אַז סאַמבערג איז אויף זיינע הענט אויסגעגאַנגען אין דאַכאַו־לאַגער; סאַמבערגס לאַנגיאָריקער חבר, דער איינציק־פאַרבליבענער קינסטלער פון וואַרשעווער געטאָ, יאָנאַס טורקאָוו, דערציילט אין זיין בוך „פאַרלאָשענע שטערן״, אַז סאַמבערג איז אַרויסגעפירט געוואָרן אין לאַגער פּאָניאַטאָוו (הינטער לובלין) און פון דאָרט — קיין מיידאַנעק, ווו ער זאָל האָבן דעם 3טן נאָוועמבער אומ־געקומען — אונטער די קלאַנגען פון „ווינער וואַלץ״; בשעתו האָב איך אָפּ־גענומען אַ גבית־עדות פון אַ געראַטעוועטן לאַגערניק פון מיידאַנעק, וועל־כער האָט דערציילט וועגן סאַמבערגס אַן אויפטריט אין מיידאַנקער „בלאָק פאַר אויסלעגנדער״. בכן — ס׳חזרט זיך איבער אין אַלע דערציילונגען איין עלעמענט, וואָס איז געווען נישט אָפּצוטיילן פון סאַמבערגן: דאָס טעאַטראַ־לישע.

.2

ביי אַ צוואַנציק יאָר איז מיר אויסגעקומען צונויפצוטרעפן זיך מיט סאַמבערגן, צו באַוווּנדערן אים פון דער בינע, צוזאַמענצואַרבעטן פּראָפע־סיאָנעל, געזעלשאַפטלעך. כ׳האָב אים געזען, ווען איך בין נאָך כמעט אַ קינד געווען, נאָך זיין צוריקקומען פון רוסלאַנד, אין די יאָרן פון בירגערקריג. ער איז דעמאָלט אין וואַרשעווער „צענטראַל״־טעאַטער אַרויסגעטראָטן ווי איי־נער פון די קאָמיקערס (און נישט דער ערשטער, חלילה) אין דער אָפּערעטע. נאָך אַ גרעסערע באַדייטונג האָט דעמאָלט אין דער טעאַטער־וועלט געהאַט זיין פרוי, די עלטערע (אַלס פרוי און אַלס אַקטריסע) פון אים, העלענע גאָט־ליב. דערנאָך — נאָכן צעפאַלן פון דער אָפּערעטע אין „צענטראַל״ — אין דער חברים־טרופּע, וואָס איז אָנגעפירט געוואָרן פון אים און פון ש. לאַנדאַו — האָט זיך סאַמבערג אָנגעהויבן אַרויסצורוקן אויבנאָן אַלס איינער פון די קרעפטיקסטע יידישע כאַראַקטער־אַקטיאָרן; ווייטער — ווען צום „צענטראַל״

איז צוגעקומען אסתר־רחל מיט אידאַ קאַמינסקאַ און זיגמונט טורקאָוו — די בלי־תקופה פון „צענטראַל". סאַמבערגס ערשטע גרויסע קרעאַציע — לייזער אין „פּאַר אונדזער גלויבן". און אין משך פון געציילטע צווי יאָר — אַזאַ פאַרשידנפאַרביקע גאַלעריע פון געשטאַלטן, ווי: מאָטקע גנב און דער גאָראָדניטשי אין גאָגאָלס „רעוויזאָר"; פּאָטאַש, אין דער קאָמעדיע „פּאָטאַש און פּערלמוטער" און הארפּאַגאָן אין מאָליערס „קאַרגער"; באַראָן פאָן פּלי־סענהיים אין „ד"ר שטיגליץ" (אַ מייסטער־געשטאַלט אין אַ ביליקער ווינער קאָמעדיע, דווקא אַ סאַלאָן־ראָל — און ווי דין, ווי איינגעהאַלטן אָפּגעשפּילט פון דאָזיקן ברויזנדיקן בלוט־אַקטיאָר!) און איינע פון סאַמבערגס גרעסטע קרעאַציעס — שימעלע סאָראָקער אין שלום־עליכמס „דאָס גרויסע געווינס". און נאָך און נאָך — צענדליקער געשטאַלטן, וואָס זענען פון אים געשאַפן געוואָרן אין די געציילטע יאָרן פון „צענטראַל"־טעאַטער. און פון 1923 — „ווילנער טרופּע" אין לעמבערג, אויפן וועג קיין רומעניע. סאַמבערג אין אַ נייער סביבה, מיט אַ נייעם דיאַלעקט. אַ „ווילנער" משולח אין „דיבוק" (אין „צענטראַל" האָט ער געשפּילט דעם צדיק). ער, דער הונדערט־פּראָצענטיק וואַרשעווער, ווערט איבערנאַכט אַ ליטוואַק — אין אַ צאָל פון זיינע אַלטע און נייע ראָלן. און אויך דאָס קומט ער ביי.

אין 1925, נאָך זיין צוריקקומען פון רומעניע, האָב איך געהאַט מיט סאַמבערגן אַן אינטערוויו פאַר „די ליטעראַרישע בלעטער". אייניקע שעה בין איך געזעסן מיט אים ביי אַ טישל אויף טלאָמאַצקע 13 און — געשלעפּט תשובות. געשלעפּט — און זייער ווייניק אַרויסגעשלעפּט. כאָטש סאַמבערג האָט זייער אַ סך דערציילט, אינטערעסאַנט דערציילט — אָבער נישט דאָס, וואָס די רעדאַקציע האָט פאַרלאַנגט פון מיר. פּיקאַנטע עפּיזאָדן פון רומעניע, כאַראַקטעריסטישע געשעענישן, אַ שפּאַר ביסל וועגן זיינע אַקטיאָרישע דער־פאָלגן, אָבער וועגן עצם: יידיש קולטור־לעבן אין רומעניע; אַ שטיקל אָפּ־שאַצונג פון די „ווילנערס" קינסטלערישע דערגרייכונגען; אַפילו וועגן זיינע אייגענע קינסטלערישע פּלענער — שווער געווען אַרויסצוקריגן פון אים עפּעס. לסוף, ווען כ'בין שוין גאָר צוגעשטאַנען, האָט ער מיר געגעבן אַ פעסטן קלאַפּ אין פּלייצע: „טראַכט עפּעס צו, יונגער קאָפּ (אַזוי האָט ער גע־רופן די מערהייט פון דער דעמאָלטיקער היימישער יוגנט), וועסט עס בעסער

מאַכן פון מיר. איך בין דאָך נישט קיין שרייבער. כ'בין אַן אַקטיאָר. איך קען אָפּשפּילן און דו — באַשרייב עס".

יאָרנלאַנג איז סאַמבערג געווען פאָרזיצער פון יידישן אַרטיסטן־פאַראיין אין פוילן. אין דער געזעלשאַפטלעכער אַרבעט איז ער געווען פאַרליבט. בכלל געווען אַ מענטש, וואָס האָט ליב געהאַט געזעלשאַפט. אין דער פאַראיינס־טעטיקייט האָט ער זיך אויסגעצייכנט מיט זיין שכל־הישר, מיט דעם אמתן „קאָמאָנסענס", מיט זאַכלעכע פאָרמולירונגען און באַמערקונגען. אָבער ווען עס איז געקומען צום עפנטלעכן רעדן, האָט ער זיך פאַרלוירן. „ס'איז נישט פאַר מיין פאַך".

מיר איז אויסגעקומען מיטצואַרבעטן מיט סאַמבערגן אין דער פאַרוואַלטונג פון אַרטיסטן־פאַראיין. דווקא אין אַ צייט פון גרויסע פאַרמעסטן און אויפטרייסלונגען אין פאַראיין. ס'איז טאַקע געווען אַ פאַרוואַלטער — דער יונגער, דינאַמישער מאַרק יווילער — אָבער פאָרמעל האָט אָנגעפירט מיט אַלע ענינים די פאַרוואַלטונג. סאַמבערג — פאָרזיצער; מאָרעווסקי — וויצע־פאָרזיצער. ביידע האָבן זיי געשפּילט אין „נאָוואָשטשי"־טעאַטער, ווו אויך איך בין געווען (די צייט פון דער גרויסער אויפפירונג — ג. ביכנערס „דאַנטאָנס טויט"), און ביידע האָבן פּרעטענדירט צו זיין די צענטראַלע פּערזענלעכקייט אין טעאַטער, ווו עס האָט ווי אויף צו להכעיס טריומפירט דעמאָלט אַ דריטער — מנחם רובין. זייער „קנאת קינסטלערס" האָבן זיי געפּרווט אויסצושפּילן אויפן חשבון פון דעם דריטן, פאַרבלייבנדיק צווישן זיך אין גוטע באַציִונגען. דאָס אויסשפּילן איז פאָרגעקומען אין דער פאַרוואַלטונג פון אַרטיסטן־פאַראיין. מאָרעווסקי האָט אַטאַקירט סאַמבערגן מיט פּאַראַדאָקסן, מיט אינטעלעקטועלע עקסקורסיעס, פאַרטיידיקנדיק רובינען; סאַמבערג האָט אַטאַקירט רובינען מיט פאָרמעלע פאָרוווּרפן, מיט אַרגומענטן פון טעאַטער־דיסציפּלין, מיינענדיק אין דעם פאַל מאָרעווסקין. איז עס געווען אַ דועל „בילעטן צו נעמען". אַ קאָנצערט פון אַקטיאָרישן פאַרמעסט אָדער, ריכטיקער, אַ פאַרמעסט פון אַקטיאָרישקייט.

אגב, אַז עס האָט זיך שוין דערמאָנט „דאַנטאָנס טויט": סאַמבערג איז געווען אַ מאָנומענטאַלער ראָבעספּיער; אַ דיקטאַטאָר ווי פון שטיין אויסגעהאַמערט; אַ „פאָלקס־קייזער". די ראָל איז געווען אויסערלעך אויסגעגאָסן

אויף אים און אינערלעך אַריינגעוואַקסן אין אים. אָבער — גלייך נאָך דער פּרעמיערע האָב איך באַמערקט, ווי ער איז זיך טועה מיט אַ פּראַזע. ער האָט געדונערט מיט זיין לייבנשטים (אויף וויפל איך געדענק די ווערטער): „אי־בער די קעפּ פון די דעמאָקראַטן וועלן מיר גיין צו דער הערשאַפט פון די אַריסטאָקראַטן". אַנשטאָט פאַרקערט, פאַרשטייט זיך. איך האָב אים אויפ־מערקזאַם געמאַכט אויף דעם, האָט ער לכתחילה נישט געוואָלט גלייבן. דער־נאָך — האַרציק געדאַנקט און פאַרזיכערט: „יונגער קאָפּ, עס וועט זיך שוין מער נישט איבערחזרן". אין צוויי טעג אַרום האָט עס זיך יאָ איבערגעחזרט. פּרווידיסטן וועלן דאָ זיכער געפינען די סיבות. פאַר מיר איז עס געווען אַ באַשטעטיקונג פון מיין אָפּשאַצונג: מיר האָבן געהאַט פאַר זיך אַ סצענישע סטיכיע פון אומגעהייערער קראַפט — אין די שטימבענדער, אין אַרויסגע־רוקטן אונטערשטן געביס, אין פייערדיקן טעמפּעראַמענט. אַ ווולקאַן. אָדער — זאַפטיקסטע רויערד פון קינסטלערישער פעיִקייט. נישט קולטיווירט, נאָר געפּרוכפּערט מיט געבענטשטע פּירות פון זיך אַליין, פון די אייגענע פּאָטענצן. פון די אייגענע געפיל־ און פאַנטאַזיע־אוצרות.

3.

אייגנטלעך איז דאָס געווען דער קענצייכן פון אַלע פאָלקסטימלעכע סצענישע ייִדישע טאַלאַנטן — פון די פּורים־שפּילערס און די בראָדער זינ־גערס אָנהייבנדיק, איבער די גאָלדפאַדען־אַקטיאָרן, די פאַרשידענע שפּעטער־אויפגעקומענע טעאַטער־טרופּעס, אויך פון דער אסתּר־רחל קאַמינסקאַ־גוואַר־דיע, צו וועלכער סאַמבערג איז געווען נאָענט.

ווייל יצחק־אייזיק סאַמבאָרעק, אַ קינד פון פאָלקסטימלעכן ייִדישן וואַרשע, ווו פלייש־אַרבעטער, לעדער־אַרבעטער, שניידער־געזעלן האָבן גע־שאַפן דעם דאַנקבאַרסטן קאָנסומענט און אויך דעם אייפעריקסטן פּראָדו־צענט פון טעאַטער, איז געווען אַ קרוב פון דירעקטאָר אברהם־יצחק קאַ־מינסקי. דורך אים „אַריינגעלאָזט" געוואָרן אין טעאַטער, באַקומען דעם נאָמען סאַמבערג (קאַמינסקי האָט געהאַט אַ שוואַכקייט צו שאַפן אַקטיאָ־רישע פּסעוודאָנימען). האָט ער זיך געפילט אַ מיטגליד פון דער קאַמינסקי־משפּחה.

אַז אין אוניווערסיטעטן און דראַמאַטישע שולן האָט ער זיך נישט גע־לערנט, דאַרף מען דאָך נישט דערמאָנען. זיין שול איז געווען דאָס טעאַטער גופא. באַזונדערס — נאָך דער חתונה מיט דער שוין דעמאָלט פּאָפּולערער שוישפּילערין העלענע גאָטליב, וועלכע האָט געהערט צו די זעלטענע ייִדישע שוישפּילערינס מיט אַ געענדיקטער (אָדער כמעט געענדיקטער) מיטלשול, אַנהייב יאָרהונדערט. מיט איר האָט ער אַרומגעוואַנדערט איבער פאַרשידענע טרופּעס אין רוסלאַנד: ספּיוואַקאָווסקי, קלאַראַ יאַנג און אַ סך אַנדערע אַנערקענטע אָדער אַליין געקרוינטע שטערנס. דאָס שיינדל איז געווען הע־לענע גאָטליב, סאַמבערג איז געווען איר מאַן. ביזן „צענטראַל"־טעאַטער אין וואַרשע — זיין גרויסער אויפשטייג. און דערנאָך — וואַנדערונגען גאַסט־ראָלן איבער כמעט גאַר דער ייִדישער וועלט, ביידע אַמעריקעס אַריינגע־רעכנט; דאָס שפּילן יאָרנלאַנג אין דער „ווילנער טרופּע". ער, דער געקרוינ־טער „סטאַר", האָט זייער לייכט רעזיגנירט פון זיין קרוין, דערפילנדיק נאָר די מעגלעכקייטן פון אַ שעפערישן אויפשטייג, פון נייע, אינטערעסאַנטע ראָלן. ביי די „ווילנער" האָט ער די מעגלעכקייט געהאַט. בלויז צו דערמאָ־נען: מענדל אַרענדאַר אין אַשס „קידוש השם"; דער לץ, אין פּרצעס „ביינאַכט אויפן אַלטן מאַרק"; שיילאָק — אין דער שעקספּיר־אויפפירונג. צורעכענען די געשטאַלטן צו די פריִער־דערמאָנטע ראָלעס זיינע און די נאָך נישט־דערמאָנטע, ווי בערגלסאָנס „דער טויבער"; דער חסיד אין זינגערס „יאָשע קאַלב" (אַ פאַרשטעלונג, וווּ ער האָט אויך דובלירט דעם ניעשאַווער צדיק, מיט משה ליפּמאַן). טאַקע ביי דער פאַרשטעלונג האָב איך אַ לאַנגע צייט געאַרבעט מיט סאַמבערגן. אַרומגעפאָרן איבער גאַנץ פּוילן (1936־1937), געווען צוזאַמען אין ווין. ס'האָט מיך דערשטוינט זיין ראַפינירטקייט, וואָס איז געווען אַ פועל־יוצא פון זיין ווונדערלעכער אינטויִציע. גלייכצייטיק — פרימיטיוּוקייט, וואָס האָט אים אָפט מאָל געמאַכט פאַר אַ פאַרחלומט גרויס קינד, וואָס האָט זיך אַליין ליב צו שפּילן און פאַרשפּילן אַנדערע. און איבער אַלץ — די קוואַלנדיקע שטראָמען פון טאַלאַנט, פאַנטאַזיע, קינסטלערישע דערהייבונגען. ער איז געווען צוזאַמענגעשטעלט פון מאָדנע סתירות: אַ גלענצנדיקער אָרגאַניזאַטאָר אין פאַראיין־אַרבעט, איז ער געווען צייטנווייז אומבאַהאָלפן ביים אָרגאַניזירן אַ ספּעקטאַקל, אָפגעזען דערפון, אַז ער האָט

נישט פאַרמאָגט קיין רעזשיסערישע פאַנטאַזיע (ביי אַזאַ ברייטצווייגיק אַנט־וויקלטער שוישפּילערישער פאַנטאַזיע). אפשר דערפאַר האָט ער געפּילט אַ גרויסע דאַנקבאַרקייט פאַר רעזשיסאָרן, וועלכע האָבן אים געהאָלפן אויס־צובויען געשטאַלטן: פאַר זיגמונט טורקאָוו, אָבער באַזונדערס פאַר די רע־זשיסאָרן נישט־שוישפּילערס — דוד הערמאַן, וויכערט. ער פלעגט בליץ־שנעל אויפכאַפּן און פאַרדייען זייערע באַמערקונגען און אינספּיראַציעס. אָפט מאָל נישט צעקייענדיק זיי אינטעלעקטועל. ס'איז דאָך פּאָפּולער געוואָרן זיין ענטפער, ווען דער רעזשיסער האָט אים אויפמערקזאַם געמאַכט, ער זאָל אָפּהיטן דעם פּערז, דעם יאַמב אין „שיילאָק": „לאָזט מיך אָפּ מיטן יאַמבוס. איך וועל אַרויף אויף דער בינע, וועל איך דערלאַנגען".

און ער האָט „דערלאַנגט". מיטן גאַנצן האַרצן, מיטן גאַנצן פייער פון זיין נשמה, מיט דער גאַנצער עשירות פון זיינע שוישפּילערישע מיטלען.

סאַמבערג האָט געהערט צו דער קאַטעגאָריע גרויסע בינע־קינסטלערס. אָבער צו די קינסטלערס, וואָס האָבן אָפט געקאָנט נישט „אַריינטרעפן" מיט אַ ראָלע. באַזונדערס, ווען ער האָט נישט געהאַט קיין רעזשיסער, וואָס זאָל אים ווייזן דעם וועג צו דער געשטאַלט, אָנרעגן, אַריינוואַרפן אַ קינסט־לערישן פונק אין דעם ברענשטאָף פון זיין טאַלאַנט. גלייכצייטיק האָט ער געהערט צו די קינסטלערס וואָס קאָנען נישט אַדורך אומבאַמערקט, מוזן זיך איינקריצן אין זכרון, אַריינדרינגען אין דער עמאָציאָנעלער וועלט. אַזוי אויף דער בינע, אַזוי אין פילם (געשפּילט אין אַ צאָל פילמען: יאַנקל צימ־באַליסט אין „פּאַן טאַדעוש", לויט מיצקעוויטשן; משולח אין „דיבוק", לויט אַנסקין א"אַ). ער איז געווען אפשר דער פאַרבליפנדיקסטער יידישער אַר־טיסט, אין פּרט פון אומדערוואַרטע אויפטרייסלונגען, ווי גאונישע אויפבליצן. און געווען אַ נישט־גלייכער, אַ שאַרעכצוואַטער, האַרבער, פול מיט סורפּריזן, אַזוי ווי די וואַרשעווער יידישע פאָלקס־אַרעמקייט, פון וועלכער ער איז אַרויסוואַקסן, — און מיט וועלכער ער איז געווען אַזוי פאַרבונדן ביזן טראַגישן סוף פון זיין לעבן. ער — דער פאָלקס־אַרטיסט, דער קדוש, ווי זיינע שטאַמברידער, די מערהייט וואַרשעווער יידן, פוילישע יידן.

4.

די טראַגעדיע פון אונטערגייענדיקן יידישן וואַרשע האָט מען געקאָנט באַשיימפּערלעך זען אויף סאַמבערגס פּנים אין יאָר 1939, נאָך דער באָמ־באַרדירונג פון וואַרשע, ווען ער האָט זיך אַרויסגעגראָבן פון אונטער די חורבות פון זיין צעשטערטער דירה, ווו העלענע גאָטליב איז שווער פאַר־וווּנדיקט געוואָרן און ווו עס איז אויך אַ תל געוואָרן פון זיין אָנגעזאַמלטן פאַרמעגן, אַרכיוו און סוּווענירן פון פאַרשידענע וועלט־טיילן. דער אייביקער ברען, אַ גייענדיק פייער — און ער איז דעמאָלט קוים געוואָרן פופציק יאָר — איז מיט אַ מאָל אויסגעלאָשן געוואָרן. פון אונטער די חורבות איז אַרויס אַ פאַרלאָשענער זקן.

אָבער גאָר גיך איז ער צו זיך געקומען נאָך די איבערגעלעבטע אויפ־טרייסלונגען. ווידער געוואָרן געזעלשאַפטלעך אַקטיוו, געוויצלט זיך, גע־טראָגן אָפּטימיזם און אויפהייטערונג. ער האָט אַפילו נישט געפּרוווט, דוכט זיך, גנבענען די גרענעץ. צו וואָס? „סיי ווי וועלן די דייטשן בקרוב פאַר־כאַפּט ווערן פון דאַנען". צייטנוויז האָט ער שוין אַפילו געמאַכט דעם איינ־דרוק פון דעם טרייסטער לוקאַ אין גאָרקיס „נאַ דניע". עפּעס אַ מיסטישער אָפּטימיזם אויפן פאָן פון גרויסן קאַטאַקליזם.

דערווייל האָט ער געשפּילט טעאַטער אין געטאָ. זיין לאַנגיאָריקע לע־בנס־חברטע, העלענע, איז אָוועקגעריסן געוואָרן קיין טרעבלינקע. דער קלאַפּ האָט אים אויף אַ רגע פאַרטויבט, אָבער נישט צעשמעטערט זיין אָפּטימיזם, דעם ווילן דורכצוהאַלטן. ער האָט חתונה געהאַט מיט דער פּאָפּולערער אָפּע־רעטן־אַקטריסע רעגינע צוקער. ווידער געגערט און נישט ווילנדיק געגאַרט — זיך און אַנדערע — מיט זיין „ס'וועט נאָך גוט זיין".

אין דער צייט פון אונדזערע בשותפותדיקע וואַנדערונגען האָט מיך סאַמבערג געמוסרט: „צו וואָס איינרייסן וועלטן? קיין צוויי מיטאָקן עסט מען דאָך סיי ווי נישט". אין געטאָ, אָבער, ווען מען האָט געכאַפּט די אָרעמע זופּ־לעך — וואָס פאַר אַ חלום עס זענען געווען פאַר סאַמבערגן די אויסגעלאַכטע „צוויי מיטאָקן"! נאָר דערשלאָגן האָט עס אים נישט. אַ שמייכל האָט אויסגע־קרימט זיין ברייט מויל און אַ ווונק פון די אַרויסשטייענדיקע אויגן האָט אָנ־געזאָגט: „מען וועט דאָס אויך איבערלעבן".

ווי אַ קינד פלעגט ער זיך שפּילן מיט זכרונות. באַשפּילן זאַכן, וואָס ער האָט געבערענגט פון זיינע נסיעות: „דאָס איז פון פּאַריז... לאָנדאָן... ניו־יאָרק... בוענאָס־איירעס... ווין...".

בעת אַ שפּאַציר אויפן ווינער פּראַטער האָב איך אים געזאָגט:

— איר ווייסט, חבר סאַמבערג. דאָ, אין ווין, דערמאָנט זיך מיר, אַז איינע פון אייערע בעסטע ראָלעס איז געווען דער באַראָן פליס פאָן פליסענ־היים אין „דר" שטיגליץ". פון וואַנען האָט זיך מיט 15 יאָר צוריק גענומען צו אייך אַזאַ עכטע, לייכטע ווינערישקייט?

— פון דאַנען! — האָט זיך סאַמבערג אַ קלאַפּ געטאָן אין האַרצן.

אַלץ איז טאַקע ביים אים געקומען „פון דאַנען", פון האַרצן. ער איז געווען דורכויס: האַרץ, טעמפּעראַמענט און אינטויציע. אַקטיאָרישע טעכניק איז אים ווייניק אָנגעגאַנגען. ער איז געווען דער קינסטלער פון אימפּראָוויזאַציע. „איך וועל אַרויף אויף דער בינע, וועל איך דערלאַנגען".

און אויף דער בינע האָט ער טאַקע געברענט, געפלאַקערט. אַ צעברויזטע סטיכיע. ווי זעלטן ווערלכער אַקטיאָר, געקאָנט מיטרייסן, אויפשטורעמען. אַן אומרו, וואָס איז בכוח געווען צו דערוועקן אומרו ביים עולם. ביי אַלע קרייזן; אָבער באַזונדערס ביי זיין עולם, ביי ייִדישע פאָלקס־מענטשן.

ער איז געווען זייער שליח־ציבור אין שפּילן, זייער פירשפּילער, אַזוי צו זאָגן, זייער באַגייסטערער —

— דער פאָלקס־אַרטיסט אייזיק סאַמבערג.

# האַרצקע גאָלדשלאַק

.1

ווען מען בלעטערט דורך די ערשטע יאָרגענג פון די וואַרשעווער „לי־טעראַרישע בלעטער", קאָן מען געפינען אינטערעסאַנטע קינסטלערישע וויניעטן, אילוסטראַציעס, פּאָרטרעטן־צייכענונגען, אונטערגעשריבענע מיטן נאָמען האַרצקע גאָלדשלאַק. די צייכענונגען ציִען צו די אויפמערקזאַמקייט מיט זייער אָריגינעלקייט, קינסטלערישער פאַנטאַזיע און טיפער ייִדישקייט.

מיט אַמאָל פאַרשווינדט דער נאָמען גאָלדשלאַק פון די שפּאַלטן פון די „ליטעראַרישע בלעטער", פון ייִדישן לעבן אין פּוילן. דאָס איז אַפילו נישט געווען קיין זעלטנקייט אין יענע יאָרן, ווייל נישט איינער פון די יונגע ייִדי־שע שרייבער, קינסטלער האָט זיך דאַן אויף אַן אומלעגאַלן אופן אַריבער־באַקומען קיין ראַטנפאַרבאַנד. האָט מען אָפטמאָל מורא־געהאַט מען זאָל שאָדן ברענגען דער משפחה, שרייבנדיק וועגן דעם; אָדער מען האָט מורא־געהאַט, אַז די פּאָליאַקן זאָלן דער ייִדישער קולטור־וועלט נישט אָנהענגען דאָס שילדל פון קאָמוניזם (סיי־ווי האָבן די אַנטיסעמיטן אָנגערופן די ייִדן „זשידאָ־קאָמונאַ"). אַזוי צי אַזוי — מען האָט עס פאַרשוויגן. און האַרצקע גאָלדשלאַק איז אין יאָר 1927 אַוועק קיין ראַטנפאַרבאַנד.

ביז אין דער העלפט דרייסיקער יאָרן איז אַזאַ פאַרשוויגן טאַקע אפשר געווען לטובה פון די אַוועקגעפאָרענע. דער עיקר — פון זייערע משפחות. אָבער שפּעטער, באַזונדערס פון יאָר 1937, איז עס געוואָרן ווי אַ שטילע הסכמה צו דעם מאַסן־פּאָגראָם, וואָס איז דאַן געמאַכט געוואָרן אין ראַטנפאַרבאַנד אונטער דער מאַסקע פון פּאָליטישע פּראָצעסן, פון זוכן „שונאים פון פאָלק".

אָבער ווער האָט זיך דאַן געקאָנט צוגלייבן, אַז דאָס האָט אָנגענומען אַזאַ מאַסן־כאַראַקטער? אַז די גאַנצע מאַקאַברע איז געווען אַ פון פּאַריס־

געפּלאָנטער אָפּפלוס פון שטראָמען פריש, געזונט בלוט, כדי אָפּצושוואַכן די ווידערשטאַנדפעיִקייט פון צענדליקער מיליאָנען און צו פאַרוואַנדלען זיי אין אַ ווילנלאָז געצייג אין די הענט פון דער שרעקלעכסטער פון אַלע דיקטאַטורן אין אונדזער צייט, דער טאָטאַלסטער דיקטאַטור — דער סטאַ־לין־דיקטאַטור? פון דער שרעקלעכסטער — ווייל זי איז נישט געגאַנגען אָפן מיטן חיהשן פּרצוף, ווי דער היטלעריסטישער משחית, נייערט מיט דער מאַסקע פון אַ מלאך, וואָס טראָגט מיט זיך די וועלט פון גערעכטיקייט — „די וועלט פון ליכטיקן מאָרגן".

האַרצקע גאָלדשלאַק איז אויך געפאַלן אַ קרבן פון דער דאָזיקער די־ק־טאַטור, פון יאָר 1937. פאַרשיקט געוואָרן אַלס „שונא פון פאָלק" אין איי־נעם פון די צאָלרייכע לאַגערן אין די אייז־שטחים פון ווייטן סאָוועטישן צפון און דאָרט אומגעקומען — מען ווייסט נישט אַפילו ווען, ווו און ווי אַזוי. ווי אַ שטויבעלע, וואָס איז אָפּגערוימט געוואָרן פונעם וועג פון סטאַ־לינס נצחון־מאַרש.

ביז טיף אין די דרייסיקער יאָרן האָט מען געהאַט פון אים זייער דער־פרייענדיקע גרוסן פון מאָסקווע: ער איז געוואָרן פּראָפעסאָר פון דער קונסט־אַקאַדעמיע, געשאַפן סצענאָגראַפישע פּראָיעקטן פאַר די גרויסע מאָסקווער באַלעטן, פאַרנומען אַ חשוב אָרט אין דער קינסטלערישער וועלט פון מאָסקווע.

דאָס איז געווען כשר פאַרדינט. ווייל ער איז געווען איינער פון די קערנדיקסטע ייִדישע פאָלקס־טאַלאַנטן. אַ קינסטלער, וואָס האָט זיך כסדר אַנטוויקלט, וועמענס טאַלאַנט און גייסטיקער באַגאַזש האָבן געהאַלטן אין איין וואַקסן, כדי — — —

— כדי אומצוקומען אין די אייז־וויסטעניש פון ווייטן צפון, ביים האַקן האָלץ, קוילן אָדער אַרויסבאַקומען גאָלד פאַר די הערשער — ווייט אין פאָלאַרן קרייז.

.2

פון די וואַרשעווער ייִדישע הינטערגעסלעך האָט ער געשטאַמט, האַרצקע גאָלדשלאַק. אַ לערן־ייִנגל ביי אַ גאָלדשמיד — אַ גאָלדשמיד־

געזעלן — האָט ער שוין אין די יונגע יאָרן געצויגן די אויפמערקזאַמקייט מיט זיינע פילזייטיקע פלאַסטישע פעיִקייטן און איז געשיקט געוואָרן קיין קראָקע אין דער קונסט־אַקאַדעמיע.

געווען איז ער שוין דאַן נאָכן מיליטער־דינסט, אַ קאַוואַלעריסט אין פוילישן מיליטער, אַ פראָנט־קעמפער (מאָביליזירט געווען אין דער פויליש־סאָוועטישער מלחמה). אַביסל געגנאַשט פון אַלגעמיינעם וויסן און אָנגעפראָפּט מיט חדר־תורה. די לאַנגע חדר־יאָרן האָבן איבערגעלאָזט אַ טיפן חותם אויף זיין שאַפן, געדינט אים אַלס עיקר־אינספּיראַציע — אין די וואַרשעווער יאָרן.

אַן אינטערעסאַנטער פּרט: האַרצקע איז געווען אַ געלינקטער און זיינע פיין־אויסגעציזעלירטע מעטאַלן־אַרבעטן און גראַפישע צייכענונגען, די אומפאַרגלייכלעכע קאָלירטע מיניאַטורן — אַלץ האָט ער געמאַכט מיט דער לינקער האַנט. אין טאָג־טעגלעכן לעבן האָט ער אויך לייכט געשטאַמלט און געווען גלייכצייטיק אַן אויסגעצייכנטער רעדנער (געשיקט געוואָרן פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי אויף מאַסן־מיטינגען בעת וואַל־אַקציעס).

אין זיין גייסטיקער וועלט איז ער געווען טיף־יידיש — אין עמאָציאָנעלן אויסדרוק, אין די תנועות, אין טאָן פון רעדן — און אַ קאָסמאָפּאָליט אין זיין וועלט־באַנעם. ער איז געווען גוט באַהאַוונט אין דער יידישער ליטעראַטור און געקענט אַלע אירע נייעסטע אַנטפלעקונגען. גלייכצייטיק נאָכגעפאָלגט אַלע נייע דערשיינונגען אין דער פּוילישער און רוסישער פּאָעזיע און געווען זייער פּראָפּאַגאַטאָר צווישן דער וואַרשעווער יידיש־ליטעראַרישער און קינסטלערישער יוגנט.

באַקענט האָב איך זיך מיט אים סוף 1924, אין ליטעראַטן־פאַראיין און מיר האָבן זיך שטאַרק דערנענטערט. אַ יאָר שפּעטער, ווען איך האָב זיך דאָס ערשטע מאָל אַרויסגעצויגן אין וואַרשע פון מיינע עלטערנס היים און געדונגען זיך אַ קאַוואַליר־צימער אויף נאָוואָליפּקי גאַס, פלעגט ער אָפטמאָל ביז פאַרטאָג זיצן ביי מיר און שמועסן. מעגלעך, אַז דאָס האָט ער דאַן מורא־געהאַט אַהיימצוגיין, ווייל ער האָט געפילט, אַז מען שפּירט אים נאָך (ער איז געווען אַן אַקטיווער קאָמוניסט און איך בין דאַן געווען אַ רעכטער פּועלי־ציוניסט, וואָס איז נישט געווען אַזוי חשוד ביי דער פּאָ־

ליטישער פּאָליציי); אָדער אפשר האָט ער אויף אַן אמת געהאַט אַזאַ אינ־טערעס אין אונדזערע שמועסן — אַ פאַקט בלייבט, אַז אַזעלכע געכט זע־נען נישט זעלטן געווען, און דערביי — אינטערעסאַנט ביז גאָר. אָפט האָבן זיך אויך אַנדערע חברים פון אונדזער סביבה באַטייליקט אין די נאַכט־שמועסן און ס'איז געוואָרן אין מיין צימער אַן אמתער דיסקוסיע־קלוב.

געקומען איז ער אין דער ליטעראַרישער סביבה פון לינקן מעטאַל־פאַראיין, ווו ער איז געווען אַן אַקטיווער טוער. זיין קומען איז נישט געווען קיין צופעליקייט. פון דעמזעלבן מעטאַל־פאַראיין איז אויך געקומען אונדזער בשותפותדיקער חבר, דער דוד הערמאַן־סטודיאַנט דוד בירנבוים. ער איז שפּעטער געכאַפּט געוואָרן אין טראָצקיזם, האָט ער ביים אָנהייב פון דער מלחמה זיך אומגעקערט פון די דורך די סאָוועטן פאַרנומענע פּוילישע גע־ביטן — צו די היטלעריסטן אין וואַרשע און דאָרט אומגעקומען. פון בונ־דישן מעטאַל־פאַראיין איז געקומען אַן עלטערער פון אונדז סטודיאַנט, יעקב מאַנסדאָרף. פון אַנדערע קרייזן און פאַראיינען זענען געקומען: רות טאַרו, יעקב קורלענדער און בער י. ראָזען. צו די מיר נאָענטע האָט דאַן געהערט מיין חבר פון די קינדער־יאָרן, דער צייכנער שמעון זאַטאָרסקי, דער דיכ־טער בייניש זילבערשטיין, די יונגע פּראָזאַיקער כלאַווגע קאַגאַן און ד. זאַ־קאַליק. אָבער דער אינטעלעקטואַל און קינסטלערישער רייפסטער פון אונדז אַלע איז געווען האַרצקע גאָלדשלאַק.

גאָלדשלאַק האָט זיך דאַן געפונען אונטער דער השפעה פון מאַרק שוואַרץ אין דער מעטאַלאָפּלאַסטיק, פון ישכר־בער ריבאַק אין דער מאָ־לעריי און פון הענריק בערלעווי אין דער גראַפיק. אָבער ממש אויף אונ־דזערע אויגן האָט ער זיך באַפרייט פון די השפעות און געפונען זיין אייגע־נעם וועג. אין דער מעטאַלאָפּלאַסטיק האָט ער מיט גאָלדשמידערישער פּי־ליגראַנישקייט אויסגעהאַמערט יידישע געשטאַלטן, באַוועגונגען און אָרנאַ־מענטיק. אָבער די אָרנאַמענטיק האָט ער הויפּטזאַכלעך אויסגעפורעמט אין דער גראַפיק זיינער, וואָס איז אויך פול געווען מיט פרוכטן, צמחים, אויס־געצויגענע שלאַנקע ליניעס פון הירשן, פאַוועס. אַפילו די לייבן זענען ביי אים געוואָרן צאַרט־אויסגעצויגן אין שלאַנקע ליניעס. היינט — זיינע פאַר־ביקע מיניאַטורן, די אילוסטראַציעס צו שלום־עליכמען („דאָס פאַרכישופטע

שניידערל", „בלאָנדזשענדע שטערן"), צו דער מגילה, צום חומש, צו יידישע לעגענדעס — דאָס זענען געווען דערגרייכונגען, מיט וועלכע ער האָט זיך אין קאָלירפולקייט, קאָמפּאָזיציאָנעלער שלימות און פּרעציזיע פון אויספי־רונג דרייסט געקאָנט שטעלן אין פאַרמעסט מיט אַרטור שיקן. אין זיינע פּאָרטרעט־צייכענונגען ווידער האָט ער געהאַט עפּעס פון מאָדיליאַניס דינ־קייט און פאַרחלומטקייט פון ליניע — אויב ער האָט נאָר נישט געפּרווט צו צייכענען מיט דער דאַן מאָדערנער טעכניק פון שאַרפע קאָנטראַסטן. אומפאַרגעסלעך וועט דאָך פאַרבלייבן די צייכענונג פון אסתּ־רחל קאַמינ־סקאָ אויפן טויטן־בעט. און צייכענונגען פון דער מדרגה זענען נישט געווען ביי אים קיין זעלטנקייט. ער איז געווען אַ זוכנדיקער — און געפינענדיקער זיין וועג — שעפערישער קינסטלער.

3.

האַרצקע גאָלדשלאַק האָט זיך אַלץ מער אַריינגעטאָן אין זיין פּאָלי־טישער טעטיקייט אין דער זעלבער צייט, ווען איך האָב זיך אַלץ מער דערווייטערט פון מיינער. איך האָב אים דאַן געוואָרנט, אַז ער ברענגט אַ קרבן זיין קונסט אויפן מזבח פון דער פּאָליטיק. ער האָט זיך אויסגעלאַכט דערפון:

— און וואָס איז קונסט? נישט קיין פּאָליטיק? צי איז דען דאָ עפּעס אַ געביט פון לעבן און שאַפן אָן פּאָליטיק?

אין דערזעלביקער צייט האָט ער זיין אייגענע קונסט, זיין אייגענע שאַפונג, וואָס ווייטער געהאַלטן פון פּאָליטישן אויסדרוק, פון פּלאַקאַט, פון „פּראָפּאַגיט". ער האָט בשום־אופן נישט געוואָלט מאָלן קיין אילוסטראַציעס צו לאָזונגען, ווייל — „דאָס איז נישט קונסט". ער האָט געהאַלטן, אַז די אידעע דאַרף מען אַרויסברענגען מיט דער הילף פון פאָלקס־מאָטיוון, פון דיכטערישע זעונגען, נישט מיט אילוסטרירטע פּראָקלאַמאַציעס. פּאָליטישע פּראָפּאַגאַנדע — דאָס הייסט דערלאַנגען די אידעע (און אַמאָל אין אַ פאַר־קריפּלטער פאָרעם), מיט אַ לאָפּאַטע גלייך אין קאָפּ אַריין. קונסט דער־לאַנגט מען נישט מיט קיין לאָפּאַטע. קונסט דאַרף מען אַריינטריפּן דעם מענטשן דורך די אויגן, אויערן, מוח — אין האַרץ אַריין.

צי איז געווען אַ סתירה אין דעם אַלעם? — אַוודאי. גאָלדשלאַק האָט זיך לגמרי נישט געשראָקן פאַר סתירות. ער אַליין איז געווען צונויפגעשטעלט פון סתירות און איז געווען איבערגעצייגט, אַז אין געראַנגל פון סתירות ווערט געבוירן דער אמת. דער אמת פון קונסט און דער אמת פון לעבן.

איך ווייס נישט, צי האָט גאָלדשלאַק אין משך פון די יאָרן אין ראַטנפאַרבאַנד עפּעס געשאַפן אין דער טעאָריע פון קונסט. אין פוילן האָט ער זיך — אויף וויפל מיר איז באַוווּסט — נישט גענומען צו דער פעדער. אָבער געדאַנקען וועגן קונסט זענען ביי אים געבוירן געוואָרן מקורדיקע, אייגנאַרטיקע און ס׳איז באמת אַ שאָד, וואָס זיי זענען נישט פאַרפיקסירט געוואָרן. איך האָב אים נישט איינמאָל געפרעגט, אַמפּערנדיק זיך אָפטמאָל מיט אים, פאַרוואָס ער שרייבט נישט אויף, פאַרצייכנט נישט, זיינע געדאַנקען וועגן קונסט. האָט ער מיר געענטפערט:

— איך שרייב מיט מיינע בילדער און צייכענונגען. אין זיי זאָג איך אַלץ, וואָס איך וויל.

ער האָט זיך נאָך געוויצלט, אַז דאָס איז עכט רוסיש: אין רוסיש זאָגט מען דאָך, אַז אַ בילד שרייבט („פּיסאַט׳ קאַרטינו״)...

אָבער די איינגעטוענקייט אין פּאָליטיק, דאָס אָפטע אַרומפאָרן, די קאָנספּיראַציע, דאָס אויסבאַהאַלטן זיך, האָבן אים בולט געשטערט אין שאַפן. איך האָב דעם איינדרוק, אַז דאָס לעצטע יאָר אין פוילן האָט ער שוין גאָרנישט געשאַפן. אגב זענען דאַן די באַציִונגען צווישן אונדז שטאַרק אָפּגעקילט געוואָרן. ער האָט מיך אויסגעמיטן און כמעט נישט גערעדט מיט מיר. איך האָב געהאַט דערפון עגמת־נפש, אָבער בשום־אופן נישט געקאָנט פועלן ער זאָל זיך מיט מיר אַוועקזעצן דורכשמועסן, אויפקלערן. ער האָט מיר באמת געפעלט. ס׳האָט מיר געפעלט זיין געזעלשאַפט, די שמועסן מיט אים, די אויפבליצן פון זיינע גייסטרייכע באַמערקונגען.

נאָר ווען איך בין געוווּיר־געוואָרן, אַז ער איז אַוועק קיין ראַטנפאַרבאַנד, האָב איך זיך שטאַרק דערפרייט: ענדלעך וועט ער זיך קאָנען צוריק אָפּגעבן דער קונסט, אַנטוויקלען זיין גרויסן און פילזייטיקן טאַלאַנט. איך האָב דאָך נישט געקאָנט אָנען, אַז דאָס וועט זיך פאַרהעלטנישמעסיק גיך און אַזוי טראַגיש ענדיקן.

איך האָב זיך געפּרייט מיט די גוטע גרוסן, וואָס זענען אָנגעקומען וועגן זיינע שעפערישע דערפאָלגן; באַאומרויקט זיך וועגן זיין גורל, ווען עס האָבן אָנגעהויבן צו דערגיין די ערשטע נישט־קלאָרע ידיעות וועגן דער סאָוועטישער טראַגעדיע.

בעת דער מלחמה, ווען כ׳בין געווען אין ראַטנפאַרבאַנד, האָב איך פון קיינעם גאָר נישט געקאָנט דערגיין וועגן זיין גורל. עפּעס האָט אים פּלוצלינג קיינער נישט געקענט, קיינער האָט נישט געוווּסט וועגן אים. ערשט נאָך סטאַלינס טויט איז מען געוווויר־געוואָרן, אַז ער איז „אומשולדיק רעפּרעסירט געוואָרן אין יאָר 1937״ און פאַרשוווּנדן אין איינעם פון די צאָלרייכע לאַגערן.

איך האָב נאָך אויף אַ שטורמישן פּלענום פון קולטור־געזעלשאַפט־לעכן פאַרבאַנד פון די יידן אין פּוילן (אין יאָר 1956) פאַרלאַנגט, אַז דאָס אָרגאַניזירטע פּוילישע יידנטום זאָל פאָדערן פון דער סאָוועטישער רעגירונג אַן אויפקלערונג וועגן גורל פון קולבאַק, עריק און אַנדערע, אָפּשטאַמיקע פון פּוילן, צווישן זיי אויך אויסגערעכנט האַרצקע גאָלדשלאַקן. אָבער קיינער האָט נישט געפאָדערט און קיינער האָט נישט אויפגעקלערט. מען האָט בלויז דורך אַ הינטער־טיר, אויף פאַרשידענע אופנים (און אָפטמאָל ממש גראָטעסקע) רעהאַביליטירט דעם אָדער יענעם טויער, דעם אָדער יענעם שרייבער, אויף אַזאַ אופן אויך — איציק קאָוונער־קאַדיסאָן, האַרצקעס אַ גוטן חבר, וואָס איז פאַר אים אַוועק קיין ראַטנפאַרבאַנד. האַרצקע גאָלדשלאַק איז אָבער אַפילו אויף אַזאַ אופן נאָך נישט רעהאַביליטירט געוואָרן. זיין נאָמען ווערט נאָך אַלץ אין ערגעץ נישט דערמאָנט. פאַרזונקען אין דער שוידערלעכסטער שיכחה.

אויב די שורות וועלן דערגיין צו מענטשן, וואָס האָבן אים געקענט און אַרויסרופן ביי זיי זכרונות; אָדער אויב די שורות וועלן דערגיין צו מענטשן, וואָס האָבן אים נישט געקענט און אַרויסרופן ביי זיי אינטערעס צו דער געשטאַלט פון דער דאָזיקן אייגנאַרטיקן קינסטלער און צו זיין שאַפן — וועט דערגרייכט ווערן דער ציל, וועלכן איך האָב זיך געשטעלט ביים אויפשרייבן די דאָזיקע דערמאָנונג.

# פריץ קליינמאַן

.1

אין איינעם אַ טאָג פון גרויסער צוגעלאָזנקייט און חברישער וואַרעמ־קייט, האָט מיך דער לעמבערגער קינסטלער פריץ קליינמאַן — בדרך־כלל אַ צוריקגעצויגענער און אויסערלעך קאַלטער — אַרויפגעפירט צו זיך אין אַטעליע. ער האָט מיר געוויזן דאָס פאַרבאָרגנסטן פון פאַרבאָרגנעם אין זיין שאַפן: אַ טעקע קאַריקאַטורן אויף דער טעמע „וויקאָנט דע סאַדע"; אַ טעקע מיט זייער קאָלירטע און פאַנטאַסטישע עראָטיק־צייכענונגען — אַלץ זאַכן, וועלכע ער האָט געשאַפן פאַרן שופלאָד, פאַר זיך. נישט צום אויס־שטעלן, אָדער פאַרקויפן (אַ רייכער פריינד האָט אים פאָרגעשלאָגן אַ גרויסע געלט־סומע דערפאַר און ער האָט אָפּגעזאָגט), אַפילו נישט צו באַווייזן — סיידן די נאָענטסטע פריינד, וועלכע ער האָט, אגב, נישט געהאַט צופיל צוליב זיין שטענדיקער צוריקגעהאַלטנקייט, רעזערוואַציע.

איך האָב דאַן אויך באַוואונדערט זיין גרויסן ציקל דאָן קיכאָט־בילדער און צייכענונגען, איבער וועלכע ער האָט געאַרבעט אַ סך יאָרן. גרויסע לייוונטן, ווו ס׳איז פאָרגעקומען אַ שאַרפער געראַנגל צווישן בלוי און גרין —אַ געראַנגל, פון וועלכן ס׳פלעגט אַרויסוואַקסן אַ זעלטן־שיינע דאָן־קי־כאָט־קאָמפּאָזיציע; אויסגעצויגענע שאַרפע ליניעס פון דאָן קיכאָטן און אָנ־געבלאָזענע קיילעכדיקע ליניעס פון סאַנטשאָ פאַנטשאָ, האָבן אין אַ וויר־בלענדיקער קאָלירן־שפּיל געשאַפן אַ האַרמאָנישן גראָטעסק פון געשטאַלטן און געשילדערטע סיטואַציעס.

צווישן די פיל צענדליקער בילדער און צייכענונגען האָט זיך אויך געפונען אַ גרויסע צאָל אויטאָפּאָרטרעטן, געשאַפענע אין פאַרשידענע מאַ־נירן: פון קאָרעקט־רעאַליסטישע, ביז עקסטרעם־עקספּרעסיאָניסטישע, פאַרשפּיצטע גראָטעסקן, וואָס זענען אָפטמאָל דערגאַנגען ביז מאַקאַבריש־

קייט. איין אויטאָפּאָרטרעט האָט זיך באַזונדערס געוואָרפן אין די אויגן אַריין: פּריץ האָט זיך דאָרט אויסגעמאָלן אַלס גריכישער גאָט פון וויין, וועלכער קיניגט איבער אַ פּאַס. און איבער אים — פאַרשידענע פאַנטאַסמאַגאָריעס, די משונהדיקסטע פיגורן, וואָס וואַקסן אַרויס פון די אַלקאָהאָל־אויסדעמפונגען און בילדן די אירעאַלע וועלט פון שיכורן.

ווען איך טראַכט איצט וועגן פריץ קליינמאַנען, ווייזט זיך מיר אויס, אַז ער איז געווען דער קינסטלער, וועלכער האָט באַדאַרפט פּלאַסטיש פאַרקערפּערן די גיהנומדיקע וועלט פון געטאָ און היטלעריסטישן לאַגער. און אפשר האָט ער טאַקע געשאַפן אין געטאָ — פאַרן שופלאָד, וואָס איז פאַרברענט געוואָרן — אַזאַ אויטאָפּאָרטרעט: זיך, אויפן פאָן פון געטאָ־גיהנום, מיט די טאַנצנדיקע אַרום, אין די אויסדעמפונגען פון בלוט, היטלעריסטישע מחבלים און משחיתים. אויב יאָ, איז עס זיכער געווען אַ געניאַל ווערק, און וואָס וואָלט דרייסט געקאָנט קאָנקורירן מיט גאָיאַס ציקל פון מלחמה־גיהנום. איך צווייפל, צי ס'איז געווען נאָך אַ ייִדישער קינסטלער, וואָס זאָל קאָנען מיט אַזאַ סאַרקאַזם און מאַקאַברישקייט איבערגעבן — אין אַ ווילדער שפּיל פון ליניעס און פאַרבן — די גאַנצע טראַגישע עקספּרעסיע פון געטאָ־אונטערגאַנג, ווי דאָס איז געווען מסוגל צו טאָן פריץ קליינמאַן. כאָטש פון דער אַנדערער זייט קאָן איך זיך נישט פאָרשטעלן אים — דעם שטענדיק עלעגאַנט־אויסגעפּוצטן און אויסגעגלעטן, דעם ווינער דזשענטלמען, וועלכער האָט אַ ביסל געוואָלט שפּילן דעם קאַלטן ענגלענדער — אין דער גיהנומדיקער סביבה פון געטאָ, פון היטלעריסטישן לאַגער. און ווען איך האָב געהערט נאָך דער מלחמה וועגן פריץ קליינמאַנס איבערלעבונגען אין לעמבערגער געטאָ און לאַגער, וועגן זיין כסדרדיקן אַרויסגעראַטעוועט ווערן פון פאַרשידענע סעלעקציעס און טראַנספּאָרטן „צום אוּיוון", וועגן זיין איבערקומען אַ טיפוס אין געטאָ און אַרויסקראָבקעווען זיך אויך דערפון — האָב איך ממש נישט געגלייבט, אַז דאָס איז מעגלעך געווען ביי אָט דעם צאַרטן עסטעט און אינטעלעקטואַל, אַז ער האָט געהאַט כוח דאָס אַלץ איבערצוטראָגן.

מען ווייס נישט גענוי, ווען פריץ קליינמאַן איז אומגעקומען. מען איז זיך משער, אַז אין אַ לעצטער אַקציע, אין יאָר 1943, אָדער אפשר גאָר אין

אַ לאַגער, אין יאָר 1944. אַזוי צי אַזוי — ער האָט באַוויזן איבערצוהאַלטן 2־3 יאָר געטאָ־ און לאַגער־גרוילן, פאַרלירנדיק זיין פאַמיליע, צו וועלכער ער איז געווען אַזוי צוגעבונדן (צוליב איר נישט געלאָזט זיך אין דער גרויסער קינסטלער־וועלט, ווי זיין נאָענטסטער חבר, דער קינסטלער זיגמונט מענקעס); פאַרלירן זיין אַרבעטס־וואַרשטאַט, זיינע חברים און סביבה, זיין באַליבטן לעמבערגער פּייזאַזש. דאָס איז פּאַר מיר געווען דער גרעסטער װוּנדער פון מענטשלעכער אויסהאַלטעוודיקייט און אויסדויער — אַ ווונדער ביי אַזאַ מענטשן ווי דער קינסטלער פריץ קליינמאַן.

**.2**

ווען כ׳האָב מיך באַקענט מיט פריץ קליינמאַנען (אין יאָר 1923, בעת מיין אַרבעט אין לעמבערג), האָב איך זיך נישט פאָרגעשטעלט, אַז מיר וועלן אַמאָל ווערן נאָענט און אַזוי הארציק באַפריינדעט. איך בין געווען אַ יינגל, אַ טוער אין דער פועלי־ציון (צ. ס.) יוגנט, רעדאַקטאָר פון אַן אָרעמען חודש־זשורנאַל פאַר יוגנטלעכע; ער איז געווען אַן אויפגייענדיקער שטערן פון דער לעמבערגער קונסט־וועלט, ביי דער זייט פון דעם שוין באַרימטן חבר זיינעם, זיגמונט מענקעס, מיט וועמען ער האָט געהאַט אַ בשותפותדיקע אַטעליע.

באַקענט האָב איך זיך מיט אים אין דער געזעלשאַפט פון דעם לעמבערגער קונסט־מעצענאַט, דעם יונגערן פון די באַנקירן־ברידער גריס, יוסף, וועלכער האָט — נישט געקוקט אויף זייער גוט־פּראָספּערירנדיקן באַנקהויז — ליב געהאַט צו פאַרקערן דווקא צווישן די לינקע שרייבער, אַרבעטער־טוער און קינסטלער־באַהעמע. פריץ קליינמאַן האָט פון דער קראָקעווער קונסט־אַקאַדעמיע, וווּ ער האָט שטודירט אין דער יוגנט, אַרויסגעטראָגן אַן אַבסאָלוטע קענטעניש און באַהערשונג פון די קלאַסישע פאָרמען אין דער מאָלעריי. אָבער זיין אינערלעכע וועלט — אפשר די מלחמה, וועלכע ער האָט דורכגעמאַכט אין דער עסטרייכישער אַרמיי, האָט ביי אים אַרויסגערופן אַ פּראָטעסט קעגן די דאָזיקע פאָרמען, אַ נייגונג צו דעפאָרמאַציע. ער האָט מיטגעאַרבעט מיט דעם ראַדיקאַלן לעמבערגער סאַטירישן טעאַטער „סעמאַפאָר" (פון וועלכן ס׳איז, אגב, אַרויסגעוואַקסן דער

פּאָפּולערסטער פּוילישער רעווי־מחבר מאַריאַן העשעלעס־העמאַר און אַ צאָל אַנדערע פּוילישע רעווי־קינסטלער), שאַפּנדיק פּאַר זיי גראָטעסקע דעקאָראַ־ציעס, פול מיט אָריגינעלע איינפאַלן. ער איז געווען שטאַרק אַסימילירט — נישט קיין שמענדריק־אַסימילאַציע און כמעט נישט גערעדט קיין יידיש, וועד האָט זיך דאַן געקאָנט ריכטן, אַז אונטער דער אַסימילאַטאָרישער שאָל קלאַפּט אַ פּילבאַר יידיש קינסטלער־האַרץ, אַ רייכער קוואַל פון יידישקייט אין קינסטלערישע פאַרקערפּערונגען?

מעגלעך, אַז פּריצן האָט מקרב־געווען צו יידישקייט די פריינדשאַפט מיט דער באַקאַנטער מוזיקער־ און טעאַטער־משפּחה, די גימפּלס און דורך זיי — מיטן גימפּל־טעאַטער. באַזונדערס — מיטן פּיאַניסט און דיריזשאָר קאַרל גימפּל (געשטאָרבן אין יאָר 1942, אין תפיסה־שפּיטאָל אין בוכאַראַ), ווייל ווען דער „וויקט" האָט אין 1924 געהאַט זיינע ערשטע גאַסטשפּילן אין לעמבערג, איז קליינמאַן — גראָד, ווי זיין חבר, מיט וועלכן ער האָט זיך ביז דאַן נישט געשיידט, מענקעס — געוואָרן אַ בן־בית אין „וויקט", אַ היימישער מיט יידישע אַקטיאָרן און יידיש טעאַטער. און ווען דער „אַזאַזעל" איז צום ערשטן מאָל געקומען אויף אַ לענגערן באַזוך קיין לעמ־בערג, געשטעלט דאָרט נייע פּראָגראַמען, איז געווען נאַטירלעך דאָס איינ־לאַדן פּריצן צו מאַכן דעקאָראַציעס. אין גיכן איז ער געוואָרן איינער פון די פיינסטע סצענאָגראַפן אין יידישן טעאַטער. ווען די „ווילנער" זענען אין יאָר 1927 צוריקגעקומען פון רומעניע און אָנגעהויבן זייער באַנייטע טע־טיקייט אין גאַליציע, איז ער געוואָרן זייער סצענאָגראַף (ביי דער צייט פון פּראָפ' זיגמונט באַלק). צווישן אַנדערע האָט ער געמאַכט די דעקאָראַציעס צו דער אויפפירונג פון לאַנגנערס „פּעריפעריע" און די זעלטן־געלונגענע דעקאָראַציע צו י. שטערנבערגס באַאַרבעטונג פון אָסיפּ דימאָווס „דער זינ־גער פון זיין טרויער", ווו ס'איז אים געלונגען ביים סוף פון צווייטן אַקט אַרויסצובאַקומען אַן עפעקט (דאָס טאַנצנדיקע שטעטל), וואָס האָט אַ סך בייגעטראָגן צום דערפאָלג פון דער אויפפירונג.

טאַקע אין יענער צייט — איך האָב דאַן געאַרבעט אין „אַזאַזעל" אין לעמבערג, — איז פאָרגעקומען די גרויסע דערנעענטערונג צווישן אונדז. קליינמאַן, וועלכער איז געווען דער הויפּט־סצענאָגראַף פון באַנייטן „אַזאַ־

זעל״ (י. סטרוגאַטשס תקופה), איז פאַר מיר געוואָרן זייער אַ סימפּאַטישער קאָמפּאַניאָן צו מיינע דעמאָלטדיקע נאַכט־עקסקורסיעס. קיינמאָל נישט שי־כור, קיינמאָל נישט פאַרלוירן זיך, האָט ער געשאָטן מיט וויצן און דער־ציילט פיינע אַנעקדאָטן. ער האָט געקאָנט זיין ערנסט־אינטערעסאַנט און מיט אַן ענגלישער פלעגמאַטישקייט אויך פאַרביק דערציילן פאַרשידענע מעשהלעך וועגן זיך און אַנדערע. אומעטום האָט זיך דערביי אַרויסגעוויזן זיין שאַרפער סאַטירישער נאָגל.

.3

זייט יענע יאָרן איז סצענאָגראַפיע געוואָרן איינס פון די וויכטיקסטע צווייגן אין פריץ קליינמאַנס שאַפן. כאָטש ער האָט ווייטער געמאַכט זיינע שאַרפע קאַריקאַטורן (ער איז געווען קאַריקאַטוריסט פון אַ פּוילישן סאַ־טירישן זשורנאַל); געמאָלן פּאָרטרעטן, אין וועלכע ער פלעגט בדרך־כלל אויף אַ געלונגענעם אופן אויך איבערגעבן אַן אָפּשיין פון דער גייסטיקער וועלט פון פּאָרטרעטירטן; געשאַפן זיינע פאַרביקע עקספּרעסיווע קאָמפּאָ־זיציעס, אין וועלכע ער האָט אין פאַרבן און ליניעס אויסגעדיכטעט זיינע פאַנטאַסטישע אינערלעכע זעונגען. דאָ האָט זיך אויך בולט אַרויסגעוויזן זיין יאָרנלאַנג־פאַרבאָרגענע ייִדישקייט, וועלכע האָט מיט דער צייט אָנגע־נומען דעם כאַראַקטער פון ייִדישער פאָלקסטימלעכקייט, וואָס איז געווען אַזוי מאָדנע ביי אָט דעם אַסימילירטן קינסטלער. ער האָט זיך דערנענטערט צו ייִדיש־ליטעראַרישע קרייזן, אילוסטרירט ביכער פון ייִדישע שרייבער. ער איז געוואָרן איינער פון די אָנפירער פון דער לעמבערגער ייִדישער טעאַטער־סטודיע, „מאָסקאַ״, זיך באַטייליקט אין דער נאָרמאַלער אַרבעט פון דער סטודיע און פּראָיעקטירט פאַר זיי דעקאָראַציעס. און — ווייטער געמאָלן דעקאָראַציעס פאַר די ייִדישע קליינקונסט־טעאַטערס, פאַר טעאַ־טערס, וואָס האָבן גאַסטראָלירט אין לעמבערג: יאַנאַס טורקאָווס, משה ליפּ־מאַנס אויפפירונגען. אָבער דעם הויכפּונקט פון זיין סצענאָגראַפישער אַר־בעט האָט ער דערגרייכט ביים „וויקט״ (וואַרשעווער ייִדישער קונסט־טעאַ־טער), וועלכער האָט אונטער דער לייטונג פון זיגמונט טורקאָוון באַנייט זיין טעטיקייט אין יאָר 1938 — אויף דער לעמבערגער באַזע. די פּראָיעקטן

פון פריץ קליינמאַנס דעקאָראַציעס און קאָסטיומען צו זיגמונט טורקאָווס אויפפירונגען פון „שולמית" (אין זייער אייגענער באַאַרבעטונג) און „בר־כוכבא" (אין דער באַאַרבעטונג פון ישראל אַשענדאָרף); „בראָדער זינגער" (פון שלמה פּריזאַמענט־ישראל אַשענדאָרף), האָבן ווייט איבערגעשטיגן די ראַמען פון סתם טעאַטער־דעקאָראַציעס. זיי זענען געוואָרן קינסטלערישע מיטשעפער פון די גלענצנדיקע ספּעקטאַקלען און שותפים צו זייער דערפאָלג.

יענע זיבן לעמבערגער חדשים פון „וויקט" זענען געווען די צייט פון מיין גרעסטער התקרבות מיט פריץ קליינמאַנען. דאַן האָבן מיר געפונען די פולשטענדיקע גייסטיקע נאָענטקייט — ביי דער אַרבעט, שמועסן, דיסקוסיעס. דאַן האָב איך זיך טאַקע איבערגעצייגט, ווי גרויס ס'איז דער גייסטיקער אוצר פון פריץ קליינמאַנס אינערלעכער וועלט. נישט בלויז דאָס, וואָס ער פלעגט אויסדריקן אין זיין בילד, צייכענונג, קאַריקאַטור, נאָר אויך דאָס, וואָס ער האָט געטראַכט וועגן קונסט, וועגן וועלט, וועגן מענטש.

נאָכן אויסברוך פון דער מלחמה האָבן מיר זיך צוויי מאָל באַגעגנט: דאָס ערשטע מאָל ווען איך בין — נאָכן אַנטלויפן פון אָקופּירטן וואַרשע — געווען אויף אַ פּאַרטאַגיקן באַזוך אין לעמבערג. פריץ קליינמאַן האָט שוין דאַן אָנגעהויבן עפּעס צו טאָן ביים זיך אָרגאַניזירנדיקן יידישן טעאַטער. ער איז געווען אויסגעפּוצט, עלעגאַנט, ווי תמיד, אָבער נאָכמער פאַרשלאָסן אין זיך. לסוף, ווען מיר האָבן זיך פאַנאַנדערגערעדט פאַר מיין אַוועקפאָרן קיין ביאַליסטאָק, האָט ער מיר בלויז געזאָגט — אָנווייזנדיק אויף דער העלער באַלייכטונג פון די גאַסן און אויף די ריזן־בילדער פון סטאַלין, מאָלאָטאָוו, קאַגאַנאָוויטש, וואָראָשילאָוו און אַנדערע פירער:

— וואָס זאָגסטו דערצו? צי אַזוי האָסטו עס זיך פאָרגעשטעלט?

דאָס איז געווען זיין קאָמענטאַר אויף אונדזערע לאַנג־שעהדיקע וויכוחים, ווען קליינמאַן האָט פאַרטיידיקט די פּאָזיציעס פון פרייע קינסטלער.

דאָס צווייטע מאָל האָבן מיר זיך באַגעגנט קורץ פאַרן היטלער־אָנפאַל אויפן ראַטנפאַרבאַנד. איך האָב גראָד דאַן פאַרבראַכט מיין אורלויב אין לעמבערג. קליינמאַן איז — למראית־עין — געווען אין די פעדערן. ער האָט געמאַכט אַ סך דעקאָראַציעס פאַרן יידישן מלוכה־טעאַטער און געהאַט דערפאָלג.

— דו װײסט, איך מאָל דאָך שױן די מאָנסטער־בילדער פאַר די גאַסן־אױסשטעלונגען פון „אַלע הײליקע"... סטאַלינס װאָנצעס קומען בײ מיר אַרױס װי לעבעדיקע, זאָגן די לײט פון „איזאָ־קאָמבינאַט" און זענען שטאַרק צופרידן. זײ צאָלן פאַר די בילדער לױטן מעטער. און איך „מעטער זײ" אָן אַ שיעור. פּרנסה פאַר דער גאַנצער משפּחה. זאָל לעבן די קונסט!

ער האָט עס געזאָגט מיט אַ דין שמײכעלע, חוזק־מאַכנדיק פון זיך, פון מיר, פון דער װעלט, און באַלד צוגעגעבן:

— איך מאָל אױך קאַריקאַטורן פאַר דער װאַנט־צײטונג פון טעאַטער. דאָס איז אַ „געזעלשאַפטלעכע אָנלאָדונג". האָסט געזען די קאַריקאַטור „אַ רײע נאָך ראַיען?" גײסטרײך, אמת?

צום סוף האָט ער שטיל געזאָגט:

— דו װעסט זײן בײ מיר, װעל איך דיר עפּעס װײזן.

און ער האָט מיר געװיזן אַ טעקע קאַריקאַטורן... װען דאָס װאָלט אַרײנגעפאַלן אין די הענט פון דער „ענקאַװעדע", װאָלט קלײנמאַן זיך גלײך געפונען אױפן װײטן צפון. דאָרטן זענען געװען סאָװעטישע נאַטשאַל־ניקעס, דיגניטאַרן, מיט אױסגעפּרעסענע פּנימער און אָנגעפּױשטע בײכער — בײ דער זײט פון אױסגעדאַרטע „קלײנע מענטשעלעך"; טעמפּע פּרצו־פים פון מיליטערלײט און ענקאַװעדיסטן. און אױפן סאַמע דעק — קאַרי־קאַטורן פון די גדולים, די פירער, דערבײ האָט ער צוגעגעבן זײן קאָמענ־טאַר:

— דאָס זענען די מאָדעלן פאַר מײנע מעטערדיקע בילדער...

אַ טאָג פאַר מײן אַװעקפאָרן האָב איך געזען די לעצטע פּרעמיערע פון לעמבערגער ייִדישן מלוכה־טעאַטער: גאָלדפאַדענס „דאָס צענטע געבאָט" — אין אַ נײער באַאַרבעטונג און רעזשי פון אידאַ קאַמינסקאַ. די אױפפי־רונג איז געװען פרײ פון „פאָרמאַליזם", געװען אַ פּרװו פון אַ רעאַליס־טישער לײזונג פון דער נישט־רעאַלער האַנדלונג, נישט פאַרלירנדיק גאָר־נישט פון גאָלדפאַדענס פאַנטאַסטישער טעאַטראַלישקײט און טעאַטראַלער פאַנטאַסטיק. דאָס איז געװען אידאַ קאַמינסקאַס אײנע פון די גרעסטע רע־זשיסערישע דערגרײכונגען. און אין דער דערגרײכונג האָבן נישט קײן קלײנע ראָל געשפּילט די סצענאָגראַפישע פּראָיעקטן פון פריץ קלײנמאַן.

מאָנומענטאַל און באַוועגלעך. אויסערלעך רעאַליסטיש, פאַנטאַסטיש־שיין, מאָלעריש און שפּילעוודיק.

איך האָב אים אויפריכטיק גראַטולירט. זיין ענטפער איז געווען:

— די אַרבעט אין טעאַטער איז נאָך מיין איינציקע טרייסט.

אָבער אויך די טרייסט איז אים שוין נישט באַשערט געווען לאַנג צו האָבן.

# אַלעקסאַנדער גראַנאַך

.1

מיין ערשטע (און איינציקע) רייזע קיין מאָסקווע. אין יולי 1945 בין איך אַרויסגערופן געוואָרן פון מיין מקום־מקלט אין פרונזע (קירגיזיע) אין דער הויפּט־פאַרוואַלטונג פונעם „פאַרבאַנד פון פּוילישע פּאַטריאָטן" און אין דעם ייִדישן קאָמיטעט ביים פאַרבאַנד. די בכבודיקע „קאָמאַנדיראָווקעס" — און אַ היפּש ביסל פּראָטעקציע — האָבן מיר דערמעגלעכט זיך אַריינצובאַקומען אין אַ האַלב־מיליטערישן אַעראָפּלאַן, אַן אַמעריקאַנער לאַסט־„לאָקהיד", וואָס האָט מיך אין משך פון אַ האַלבן מעת־לעת אַריבערגעוואָרפן פון טיף מיטלאַזיע קיין מאָסקווע.

פאַר מיר, וואָס האָט פאַרזוכט דעם טעם פון וואַנדערן אין „טיעפּלושקעס" אויפן וויַיטן צפון פון אוראַל; פון שלעפּצוגן קיין סיביר און איבער מיטל־אַזיע, איז די דאָזיקע רייזע געווען גאָר אַ גרויסע איבערלעבעניש. פאַרשטייט זיך, אַז מאָסקווע — ווו מען האָט שוין קיין שפּור פון דער מלחמה דאַן נישט אָנגעזען — האָט געמאַכט אויף מיר אַ גוואַלדיקן רושם. דאָ האָב איך צוריק באַקומען דאָס געפיל, אַז עפּעס בינדט מיך נאָך מיט דעם אַמאָליקן לעבן און — מיט דער גרויסער וועלט. אין מאָסקווע האָט מען זיך געקאָנט טרעפן מיט אויסלענדער, זען אַן אויסלענדישע צייטונג (די „שרויף", וואָס האָט געדריקט די בירגער, איז דאַן אַביסל לויזער געווען). שוין אין די ערשטע טעג פון מיין פאַרברענגען אין מאָסקווע האָב איך זיך באַקענט מיט אַן אינטערעסאַנטן טיפּ פון אַ פּוילישן ייִד: אַ מענטש, וועלכער איז פון פאַרשידענע פייערן און פאַרשיקונגען אַרויס גאַנץ און איז פּלוצלינג אַרויסגעשווומען אין מאָסקווע אַלס פאַרטרעטער פון אַ גרויסער אַמעריקאַנער פּוטער־פירמע, איינצוקויפן דאָרט סחורה. ביי דעם ייִדן האָב איך געפונען אייניקע נומערן פון „ניו־יאָרק טיימס" — סך־הכל פון

מערץ פון דעמזעלבן יאָר. איך האָב גיריק דורכגעוואָרפן די צייטונגען און געוואָלט — מיט מיינע שוואַכע קענטענישן פון ענגליש — עפּעס געוווירע ווערן וועגן דעם לעבן אויף „יענער וועלט". אַזוי דורכוואָרפנדיק די צייטונגען האָט זיך מיין בליק אָפּגעשטעלט, ווי אונטער אַ היפּנאָז, אויף אַ קליין קעפּל: „אַלעקסאַנדער גראַנאַך איז געשטאָרבן". אין געציילטע שורות איז דאָרט דערציילט געוואָרן, אַז דער באַקאַנטער דייטשער אַקטיאָר, וועלכער האָט לעצטנס מיטגעשפּילט מיט פרידריך מאַרטשן אין דער ניו־יאָרקער אויפפירונג פון אָסבאָרנס פּיעסע „עי בעל פּאַר אַדאָנא" (דער איטאַליענער אין דער פּיעסע), אַלעקסאַנדער גראַנאַך, איז פּלוצלינג געשטאָרבן אין עלטער פון 53 יאָר, נאָך אַן אָפּעראַציע פון דער בלינדער קישקע.

איך בין געבליבן זיצן פּאַרגליווערט: דער דאָזיקער ריז, וואָס האָט זיך אויסגעלאַכט פון אַלע קראַנקייטן און געלאַכט פון אַלע קראַנקע; וואָס פלעגט חוזק מאַכן פון מיר, ווייל — — איך בין איבערגעקומען איינציקע שווערע אָפּעראַציעס אין מיין לעבן — איז גאָר געשטאָרבן פון אַ נאַרישער אָפּעראַציע אויף דער בלינדער קישקע!

אין מאָסקווע האָט קיינער נישט געוווּסט וועגן זיין טויט. און אפשר זענען געווען אַזעלכע, וואָס האָבן יאָ געוווּסט, נייערט זיי האָבן זיך געמוזט מאַכן נישט־וויסנדיק, ווייל דער נאָמען גראַנאַך איז דאָך געווען טריף — זייט ער איז אַוועק פון ראַטנפאַרבאַנד — גראָד ווי יעדער איינער, וואָס איז פון דאָרט אַוועק. מעגלעך, אַז דאָס איז געווען צוליב אַ ווילדן כעס פון ענקאַוועדיסטן, וועלכע האָבן נישט געקאָנט מוחל זיין די מענטשן, וואָס האָבן זיך גאַנצערהייט אַרויסגעדרייט פון זייערע הענט. אָדער — די אייפערזוכט פון מענטשן, וואָס האָבן געמוזט ווייטער לעבן אין קלעם, לגבי אַזעלכע, וועלכע האָבן זיך פון דער קלעם אַרויסגעדרייט. אַ פאַקט איז, אַז גראַנאַכס נאָמען איז געווען לא יזכר ולא יפקד. אַפילו פון דעם סאָוועטישן ציגיינער־פילם „דער לעצטער טאַבאָר", ווו גראַנאַך האָט געשפּילט איינע פון די הויפּט־ראָלן (און איינדרוקספול געשפּילט) — אַפילו פון דאָרט האָט מען זיין נאָמען אויסגעשטראָכן.

מאָדנע סימבאָליש איז עס פאַר מיר געווען: צען יאָר נאָכדעם, ווי איך

האָב זיך מיט אים געזעגנט, צו זיין אַוועקפאָרן קיין מאָסקווע, — ווער איך, טאַקע אין מאָסקווע, געוווּר וועגן זיין טויט. אין דער שטאָט, ווו מיר האָבן אָפּגערעדט „בקרוב זיך צו טרעפן”, מוז איך שווייגן וועגן אים, — כ'טאָר אַפילו נישט דערמאָנען דעם נאָמען זיינעם.

און געהאַט האָב איך זייער אַ סך צו דערמאָנען, ווייל איך האָב אין משך פון קרוב צוויי יאָר פון אונדזער באַקאַנטשאַפט, געהאַט אַ געלעגנהייט אים צו דערקענען דורך און דורך — אַלס מענטש און קינסטלער. איך האָב נישט בלויז מיט אים מיטגעאַרבעט, מיטגעוואַנדערט, דיסקוטירט און גע־שיכורט, געאַמפּערט און איבערגעבעטן זיך. איך האָב מיט אים צוזאַמען געפיבערט און געחלומט, געבלאָנדזשעט אויף דיזעלביקע דרכים. מיר האָבן געפילט אַ גייסטיקע נאָענטקייט צווישן זיך, טראָץ אונדזערע שטענדיקע צאַנקערייען און רייסענישן.

.2

איינגנטלעך האָב איך געקענט גראַנאַכן אַ סך יאָרן פריִער — איידער איך האָב אים דערקענט פּערזענלעך. אין אָנהייב צוואַנציקער יאָרן איז ער שוין פּאָפּולער געוואָרן אין וואַרשע — דורך די וואַרשעווער יידישע שריי־בער, אייניקע פון וועלכע פלעגן אָפּט פאָרן אין יענע יאָרן קיין בערלין. קודם־כל — ה. ד. נאָמבערג, וועלכער האָט, דוכט זיך, אָנגעשריבן דעם ערשטן באַגייסטערטן אַרטיקל וועגן גראַנאַכן אין וואַרשעווער „מאָמענט” און האָט בכלל אַ סך געווירקט פאַר גראַנאַכס פּאָפּולאַריטעט אין פוילן. אויך י. מ. ניימאַן איז געווען צווישן די ערשטע וואַרשעווער „גראַנאַכיסטן” און לסוף — נחמן מייזיל, וועלכער האָט אין די יאָרן פון די „ליטעראַרישע בלעטער” אַ סך אָרט געווידמעט גראַנאַכן. אַזוי אַרום איז גראַנאַך געוואָרן דער אַממיינסטן יידישער צווישן די באַרימטע דייטשע שוישפּילער און איז באַטראַכט געוואָרן אין דער יידישער קולטור־סביבה פון פוילן ווי אַן איי־גענער מענטש.

ווען מיין ברודער יאָנאַס האָט געמאַכט זיין שטודיע־רייזע קיין בער־לין (אָנהייב 1927) האָט ער מיר צווישן זיינע איינדרוקן אַ סך דערציילט וועגן גראַנאַכן, באַזונדערס — וועגן דער פאָרשטעלונג פון בען דזשאָנסאָנס

„וואָלפּאָנע״, וואָס איז אין סטעפאַן צווייגס באַאַרבעטונג געשפּילט געוואָרן אין בערלין — מיט גראַנאַכן אַלס מאָסקאָ (דער דינער פון וואָלפּאָנע).

אין יאָר 1929 איז ווידער מיין ברודער זיגמונט געפאָרן קיין בערלין אויף אַ לענגערער צייט שטודירן די פילם־קונסט. ביזן היינטיקן טאָג איז מיר פאַרבליבן אין זכרון אַ באַצייכענונג פון זיינעם אַ בריוו, נאָכן ערשטן צוזאַמענטרעף מיט גראַנאַכן: „אַ בעקער־יונג מיט געניאַלע אויגן״. אגב, זיגמונט האָט אַ צייט שפּעטער דערציילט, אַז אויף גראַנאַכס שרייבטיש זענען געשטאַנען די בילדער פון לענין און פון הערצל. אויף זיגמונטס חידוש האָט גראַנאַך רויִק געענטפערט:

— נישקשה, זיי קומען ביי מיר גוט אויס צווישן זיך...

גראַנאַך איז — פון דערוויטנס — געוואָרן מיין ליבלינג. שוין צוליב געוויסע פראַגמענטן פון זיין ביִאָגראַפיע, וואָס זענען דאַן איבערגעגעבן געוואָרן אין פאַרשידענע פאַרפוצטע וואַריאַנטן. וועגן דער פאַרפוצטקייט האָב איך זיך ערשט איבערצייגט שפּעטער, ווען איך האָב געהערט פון גראַנאַכס מויל דיזעלביקע פראַגמענטן און — אַ סך יאָרן שפּעטער — ווען איך האָב געלייענט גראַנאַכס אויטאָביִאָגראַפיש בוך „אָט גייט אַ מענטש״. אַ בוך, אין וועלכן גראַנאַך באַווייזט זיך אַלס מענטש מיט אַ בולטן שרייבער־טאַלאַנט; אַלס קינסטלער־נאַטור מיט זייער אַ רייכן אָבסערוואַציע־כוח און אַלס אויפריכטיקער מענטש, וואָס קען דערציילן וועגן זיך שרעקלעכע זאַכן אָפּטמאָל — ממש מיט אַן עקסהיביציאָניסטישער שוואַכקייט. אגב, ווען איך האָב זיך נענטער באַקענט מיט גראַנאַכן, האָב איך באַקומען דעם איינדרוק, אַז ער איז באמת אַן עקסהיביציאָניסט. איך האָב זיך געטראַכט, אַז דאָס מוז זיין אַן איבערבלייבעניש פון זיינע נודיסטישע פּראַקטיקן אין בערלין — וועגן וואָס מען האָט אַ סך גערעדט אין וואַרשע. מען האָט אַפילו דערציילט, אַז ער האָט אָנהייב צוואַנציקער יאָרן אויך אַריינגעצויגן אַ סך יידישע שרייבער און קינסטלער פון פוילן אין דער בערלינער נודיסטישער קאָלאָניע, צו וועלכער ער האָט געהערט. אַזוי צי אַנדערש — עלעמענטן פון נודיזם און עקסהיביציאָניזם זענען ביי אים פאַרבליבן ווען ער איז שוין געווען אין פוילן. דערצו — מיט אַן אַ צאָל משונהדיקייטן. ער האָט אַ שטייגער געקאָנט דינגען אַן עלעגאַנטן אַפּאַרטאַמענט אין אַ האָ־

טעל און — שלאָפן אויף דער ערד; אַרומפּאַראַדירן אַ גאַנצן טאָג נאַקעט איבערן צימער און מאַכן ווילדע גימנאַסטישע איבונגען אאַז״וו.

ס׳איז אַ גרויסע שאָד, וואָס גראַנאַך האָט נישט באַוויזן צו פאַרענדיקן זיין אויטאָביאָגראַפיש ווערק (ער האָט אָנגעשריבן בלויז 40 קאַפּיטלעך און דאָס בוך ענדיקט זיך ביים אָנהייב פון זיין גרויסן אויפשטייג אין דייטשן טעאַטער), ווייל פון די וויטערדיקע קאַפּיטלעך וואָלט מען געקאָנט געוווּיר־ווערן נאָך אַ סך אינטערעסאַנטע פּרטים: וועגן דער דייטשער טעאַטער־ און קולטור־וועלט פון נאָך דער מלחמה; וועגן סאָציאַלן געראַנגל אין דייטשלאַנד (ווייל אויך די ענינים זענען גראַנאַכן נישט פרעמד געווען); וועגן אויפקום פון היטלעריזם און דער באַציִונג פון פאַרשידענע קרייזן דערצו אאַז״וו. מען וואָלט זיך געקאָנט נענטער באַקענען מיט דער געדאַנקען־וועלט פון דעם דאָזיקן אויסערגעוויינלעך באַגאַבטן און פאַרבנרייכן יידישן פאָלקס־מענטש, וואָס איז פון דער טיפסטער גאַליציאַנער יידישער אָרעמקייט אַרויפגעשטיגן צו די העכסטע שטאַפּלען פון דער דייטשישער גייסטיקער עליטע.

איך קען נישט זאָגן, אַז גראַנאַך איז געווען אַ גרויסער אַקטיאָר (הגם גראַנאַך אַליין איז געווען איבערצייגט אין דעם. אין זיין רעדע וועגן „שיילאָק", האָט ער זיך פאַררעכנט צום שטאַם פון די גרויסע יידן־שוישפּילער: „דאַוויזאָן [באָגומיל], רודאָלף שילדקרויט, פריץ קאָרטנער און אַלעקסאַנדער גראַנאַך"). איך האָב אָבער תמיד געהאַלטן — איצט בין איך נאָך שטאַרקער אין דעם איבערצייגט — אַז ער איז געווען איינע פון די אינטערעסאַנטסטע קינסטלער־פּערזענלעכקייטן און אַ דאַנק דעם האָט ער געמאַכט זיין פאַרבליפנדיקע סצענישע קאַריערע.

נישט אין יידישן טעאַטער, פאַרשטייט זיך. אים, ווען ער איז געווען אַן אָנפאַנגער, האָט מען פון יידישן טעאַטער געטריבן. ווען ער איז געקומען גאַסטראָלירן אין יידישן טעאַטער אין אַמעריקע (1931) האָט זיין ערשטער גאַסטראָל (אין „פּאָבליק"־טעאַטער") געדויערט בפירוש איין אָוונט. אויך די וויטערדיקע פּרוּוון זענען געווען נישט גאָר שטאַרק געלונגען (מיט לייוויקס „גולם") און גראַנאַך האָט זיך דאַן אומגעקערט צום דייטשישן טעאַטער. מעגלעך, אַז ער האָט געוואָלט נאָכטאָן רודאָלף שילדקרויטן

(וועלכן ער האָט ממש פאַרגעטערט), וואָס האָט אָנגעהויבן אין ייִדישן טעאַ־טער אין אַמעריקע, זוכנדיק דאָרט אַ שפּרינג־ברעט קיין האָליוווד. ער האָט אָבער נישט געהאַט קיין ענלכע רעזולטאַטן צו שילדקרויטן. אַפילו זיין דערשיינען אין ייִדישן טעאַטער אין פּוילן — טראָץ דער קאָלאָסאַלער פּר״עסע אַרום זיינע גאַסטשפּילן — איז געווען בלויז אַ טיילווייזער דער־פאָלג, אַ צייט־דערפאָלג. כאָטש ער האָט געווירקט אויפרודערנדיק, אויפ־לעבנדיק, אין ייִדישן טעאַטער אין פּוילן פאַר די קנאַפּע צוויי יאָר, וואָס ער האָט דאָרט געווירקט. אַזאַ איז געווען דער כוח פון זיין קינסטלערישער פּערזענלעכקייט.

.3

ווען גראַנאַך איז אָנגעקומען קיין וואַרשע (אין די לעצטע חדשים פון 1933), בין איך אין וואַרשע נישט געווען. איך בין אָנגעקומען אייניקע וואָכן שפּעטער. אַרויסגעקומען אין אַרטיסטן־פאַראיין — האָב איך דערזען דאָרט אַרומשפּאַנען מיט טאַנצנדיקע טריט אַ ברייטפּלייציקן, מיטלוווק־סיקן, פעסטגעבויטן שוואַרצן מאַן אין די מיטעלע יאָרן, אָנגעטאָן אין אַ גרויען ספּאָרט־אַנצוג מיט אַ שרייִיק־פאַרביק געקעסטלט העמד. דער גרוי־סער קאָפּ אויפן מעכטיקן קאַרק האָט זיך געדרייט אויף אַלע זייטן. אָפט האָט ער אַרויסגעשאָסן מיט אַ הילכיק געלעכטער, פון וועלכן די שויבן אין זאַל האָבן געקלונגען. כ׳האָב באַלד פאַרשטאַנען: גראַנאַך. איך בין צו און האָב זיך פאָרגעשטעלט. ער האָט מיך אַרומגעכאַפּט מיט אַ שמחה:

— איך האָב שוין געוואַרט אויף דיר:

באַלד ביים ערשטן שמועס האָט ער מיר אָנגעהויבן צו זאָגן „דו״. ווייטער האָט ער זיך שוין מיט דער פאָרעם באַנוצט, ווען ער איז געווען גאָר לייטזעליק צו מיר. נאָרמאַל האָט ער מיר געזאָגט „חבר״ און אַז ער איז אין כעס געוואָרן אויף מיר (און דאָס האָט זייער אָפט געטראָפן), האָט ער מיך גערופן „הער״, האַלטנדיק אַפּנים, אַז דערמיט דערשלאָגט ער מיך לגמרי...

גראַנאַך האָט גלייך, ביי דער ערשטער באַגעגעניש, אָנגעהויבן רעדן מיט מיר וועגן זיין פּלאַן אויפצופירן פרידריך וואָלפס אַן אַקטועלע פּיעסע און דאַרף דערצו האָבן מיך און מיין פרוי ענני ליטאַן.

מיר זענען שנעל געוואָרן גאָענטע פריינד. ער האָט שטאַרק ליב גע־האַט זיך צו באַרימען מיט זיינע דערפאָלגן ביי פרויען. סעקסועלע טעמעס זענען ביי אים געווען אַ טאָג־טעגלעכע דערשיינונג. ער פלעגט וועגן דעם רעדן זייער אָפן און אָפטמאָל גאַנץ ברוטאַל. ער שרייבט אַפילו וועגן דעם אין זיין בוך „אָט גייט אַ מענטש".

ער האָט זיך באַרימט, אַז גערינגס פרוי עמאַ, אַ געוועזענע שוישפּי־לערין, איז געווען זיין געליבטע.

ער פלעגט זיך אויך באַרימען מיט די אומגעזעצלעכע קינדער, וואָס ער האָט.

להיפּוך צו דער מערהייט מענטשן פון דנאַ, וועלכע מאַכן אַ קאַריערע, האָט גראַנאַך שטאָלצירט מיט זיין אָפּשטאַם, מיט זיין אָרעמער היים און זיין ייִדישקייט. דאָס דאָרף ווערבאָוויץ (וויעזשבאָוויצע) ביי האָראָדענקאָ, אויפן דרום פון מזרח־גאַליציע, — אַ דאָרף ווו ס'האָבן געוווינט פיר אָרעמע ייִדישע פּויערים־משפחות, וועלכע זענען נאָר רייך געווען מיט קינדער. צווישן זיי די רייכסטע: די גראַנאַך־משפחה, — פלעגט ער דערמאָנען ביי יעדער געלעגנהייט און ביי יעדער געלעגנהייט זיך אַראָפּכאַפּן אַהין (זיין עלטסטער ברודער איז דאָרט אַפילו פאַרבליבן אַלע יאָרן אין דער היים־כאַטע). „שאַיקע", „שאַיקעלע ממזר" האָט מען אים גערופן אין דאָרף און אין האָראָדענקאָ, ווו ער איז האָט געגאַשט די ערשטע תורה און קאַנטשיק אין אַ חדר. ער איז געווען שטאָלץ דערמיט. „מ'האָט מיר אַ נאָמען געגעבן נאָך אַ ווילק, ליבן מענטש" — הייבט ער אָן זיין אויטאָביאָגראַפיע, דער־ציילנדיק ווי מ'האָט אים אַ נאָמען געגעבן נאָך אַ וויטן קרוב, אַ פרומען, קלוגן אָרעמאַן „שאַיקע ראָזום" (ווי די פּויערים האָבן אים גערופן). בויט, הונגער, שמוץ און הפקרות זענען געווען דער באָדן, אויף וועלכן ס'זענען פאַרביי זיינע קינדער־יאָרן. אפשר האָט טאַקע דער הונגער פון די קינדער־און יוגנט־יאָרן גורם געווען זיין ווילדן אַפּעטיט אין די רייפע יאָרן. ווייל ער האָט געקאָנט עסן איבער דער מאָס, נישט נאָרמאַל און נאָכמער — טרינקען. טרינקען גאַנצע פעסלעך ביר, פאַרבייסנדיק עס מיט גלעזלעך קאָניאַק. ער האָט אויך ליב געהאַט אַנדערע אַריינצוּשלעפּן אין אַזאַ פאַר־מעסט. איינמאָל אין ריישע (זשעשוו), ווו מיר האָבן זיך צונויפגעטראָפן

מיט אַ ליבן חבר, אַן אַקטיאָר און שרייבער — אָבער אַ כראָנישן פּיאַניצע — לייבל הערבסט (סטאַוו; ער איז אומגעקומען מיט אַ טויט, וועלכן בלויז היטלעריסטן האָבן געקאָנט צוטראַכטן, אין ווילנער געטאָ), האָט ער מיך אַריינגעשלעפּט אין אַ טרינק־פּאַרמעסט ביז באַגינען. ביי מיר האָט זיך שוין אין מיטן דער נאַכט דער פּאַרמעסט שיעור נישט פאַרענדיקט טראַגיש.

ער האָט געהאַט אַ ספּעציעלן קולט פאַר עסן. „ווער ס'האָט אַפּעטיט — דער זאָל לעבן!" — האָט ער געשריבן אין זיינס אַן אַרטיקל וועגן מאָס־קווער יידישן קאַמער־טעאַטער... ער האָט ליב געהאַט אַליין צו מאַכן דאָס עסן. מען דערציילט, אַז ער פלעגט עס טאָן בעת די גרויסע אויפנאַמעס אין זיין בערלינער ווילע. ער האָט עס אויך געטאָן ביי פאַרשידענע געלעגנהייטן אין פּוילן. „גראַנאַכאַטשע" האָט ער גערופן אַ ספּעציעלן מאכל, וואָס ער האָט געקאָכט.

צייטנווייז האָט ער זיך ליב געהאַט אַריינצוכאַפּן אין אַ בעקעריי און אויסבאַקן אַביסל בילקעס.

— נישט צו פאַרגעסן מיין אַלט פאַך. ס'האָט מיך שוין נישט איינמאָל געראַטעוועט פון אַ נויט און ס'קאָן מיר נאָכאַמאָל צונוץ־קומען — האָט ער זיך געוויצלט.

ער האָט שטאָלצירט מיט זיין בעקער־פאַרגאַנגענהייט. מיט אַ סך וואַ־רעמקייט פלעגט ער דערציילן, ווי חברים־בעקערס האָבן אים אויפגענומען און געהאָלפן, ווען ער איז געווען אין דער פרעמד, אין אַ נויט. ער האָט בלויז צרות געהאַט (אין טעאַטער) פון זיינע בעקערישע גרויסע הענט און קרומע פיס.

מיט די פיס האָט ער זיך נאָך אַן עצה געגעבן פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה. ער איז דאַן געווען אַן אָנפאַנגער אין די רייַנהאַרדט־טעאַ־טערס אין בערלין און פאַרשטאַנען, אַז זיינע קרומע פיס וועלן אים שטערן צו דער קאַריערע. ער האָט עס בולט דערפילט אין אַ קלאַסישער פּיעסע, ווו ער האָט באַדאַרפט דערשיינען אין אַ טריקאָ. איז ער אַוועק אין אַ קלי־ניק, געלאָזט זיך ברעכן די געזונטע פיס זיינע, לייגן זיי אויף זעקס וואָכן אין גיפּס, כדי שפּעטער זיך צו קאָנען באַווייזן אין טעאַטער מיט גלייכע פיס.

דאָס איז געווען דער כוח פון זיין ווילן. אפשר דער גרעסטער אוצר וואָס גראַנאַך האָט פאַרמאָגט. דער כוח פון זיין אומגעהייערן דראַנג צום טעאַטער און צום שטייגן אין דער טעאַטער־וועלט.

און די הענט? — אַוודאי איז דאָס געווען אַ שווערער ענין. נאָך אין די גאָר יונגע יאָרן, אין סטאַניסלאַוו, האָט מען חוזק געמאַכט פון זיינע גרויסע בעקערישע הענט. פלעגט ער זייט דעמאָלט „גאַנץ אָפט אַ קוק טאָן אויף מיינע גרויסע צעוואַקסענע הענט — אַזוי יאָרן און יאָרן" („אַט גייט אַ מענטש"). די הענט האָבן אים פאַרפאָלגט. האָט ער, ווייזט אויס, באַשלאָסן פון דער נויט צו מאַכן אַ „טוגענד": אויסנוצן די הענט, אויסנוצן זייער אייגנאַרטיקייט. ער פלעגט מיט זיי אומאויפהערלעך שפּילן, פאָכען, דרייען מיט די פינגער.

איך האָב אים אַמאָל געפרעגט:

— צו וואָס דאָס מיסברויכן מיט די הענט? האָקן זיך אין שטערן, אַז עס הילכט אַזש אויף דער גאַלעריע; דרייען מיט די פינגער, ס'זאָל שווינדלען פאַר די אויגן...

— וואָס רעדסטו, דאָס זענען פינגער? — האָט ער זיך באַליידיקט.

— דאָס זינד דאָך גראַנאַך־קראַאַלען! (נעגל פון אַ רויב־פויגל).

ווען איך האָב אים איינמאָל פאַרגעוואָרפן אַ ווילדע האַנדלונג זיינע

— אויף דער בינע (ווילדקייטן אין לעבן זענען ביי אים געווען אָן אַ שיעור)

— האָט ער מיט געלעכטער אָפּגעענטפערט:

— דאָס איז דאָך טאַקע מיין אייגנאַרטיקייט. מען האָט מיך אין בערלין גערופן „דער באַרבאַר". דערמיט האָב איך געמאַכט מיין קאַריערע...

.4

— אַרטיסטן האָבן אייביקע קינדער־נשמות. נאָר מיט אַ קינדער־נשמה קאָן מען אויפטאָן, ברענגען גליק און ברכה דעם טעאַטער, דעם שאַפן — האָט גראַנאַך געזאָגט אין זיין רעדע אין יידישן אַרטיסטן־פאַראיין אין וואַרשע, בעת זיין ערשטן באַזוך (אין 1930).

צי איז ער אַליין אויך געווען אַ מענטש מיט אַזאַ קינדער־נשמה? — אין אַ גרויסער מאָס: יאָ. דערפון זיין נייגונג צו שאַרפע רעאַגירונגען און

שאַלטיקישע שפּיצלעך. צו עקסטראַוואַגאַנטע האַנדלונגען און צו — פּאָזע. ער האָט אַליין געפילט, אַז ער איז אַ פּאָזער — אין לעבן אויף דער בינע. אָבער ביי אים איז שפּילן טעאַטער געווען פאַרבונדן מיט פּאָזע. פּאָזע איז ביי אים געווען אַ באַשטאַנדטייל פון דער בינע־קונסט.

— צום טייוול מיט דער גרויער פאָטאָגראַפיע! — האָט ער מיר אַמאָל געזאָגט וועגן רעאַליזם אויף דער בינע.

ער איז געווען איינער פון די בולטסטע פאָרשטייער פונעם עקספּרע־סיאָניסטישן טעאַטער אין דייטשלאַנד. אַרויסגעשווומען און געמאַכט די קאַריערע אויף די כוואַליעס פון דייטשישן בינע־עקספּרעסיאָניזם (ווועדע־קינד, קייזער, טאָלער, ברעכט), זייענדיק גייסטיק — אידעיש — נאָענט צו־נויפגעבונדן מיטן לינקסטן פליגל פון דייטשישן בינע־עקספּרעסיאָניזם, ד"ה מיטן פּיסקאַטאָר־טעאַטער, וואָס האָט דעם עקספּרעסיאָניזם איינגע־שפּאַנט אין דינסט פון „פּאָליטישן טעאַטער".

ביזן אויסברוך פון דער ערשטער וועלט־מלחמה איז גראַנאַך געווען איינער פון די הונדערטער ריינהאַרדט־תלמידים אין בערלין — פאַרליבט אין איינעם פון די באַדייטנדיקסטע ריינהאַרדט־קינסטלער: רודאָלף שילד־קרויט. ער האָט אַליין דערציילט ווי שילדקרויט איז געווען זיין אידעאַל; ווי ער האָט זיך כסדר באַמיט צו קאָפּירן שילדקרויטן, ביי יעדער געלעגנהייט געשלונגען פון הינטער די קוליסן שילדקרויטס יעדע באַוועגונג, יעדן טאָן, יעדע פּויזע. אָבער דער גרויסער כוח פון שילדקרויטן (אויך אַן „עסטרייך־אונגאַרישער" ייִד פון אַ קליין שטעטל), איז געווען זיין אומגעהייערע וואַ־רעמקייט פון טאָן, ביי אַן אויסערגעוויינלעכער אויסדריקלעכקייט פון אויג, פּנים און באַוועגונג. גראַנאַך האָט דאָס נישט פאַרמאָגט.

ס'איז גריילעך מעגלעך, אַפילו זיכער, אַז גראַנאַך האָט זיך אינטע־לעקטועל שטאַרקער אַנטוויקלט פאַר שילדקרויטן. געווען אַ סך טיפּזיני־קער און שאַרפזיניקער פון גרויסן קינסטלער — אויסער דער בינע. אויף דער בינע איז ער געווען אינגאַנצן אַנדערש — סיי אין די אינערלעכע, סיי אין די אויסערלעכע אויסדרוק־מיטלען. גראַנאַך האָט פאַרמאָגט אַ סך פּייער, אַ פלאַמענדיקן סצענישן (און נישט בלויז סצענישן) טעמפּעראַמענט. ער האָט אָבער נישט פאַרמאָגט קיין — כ'וואָלט עס אָנגערופן: — אינטימע

פייערדיקייט, די פעיִקייט אָנצוּוואַרעמען. דאָס איז לחלוטין נישט קיין פּאַ־ראַדאָקס. גראַנאַכס פייער איז גיכער געווען אַ בענגאַלישס — אַ לייכטנדיק קאַלט פייער.

נישט אויסגעשלאָסן איז, אַז גראַנאַך האָט פאַרמאָגט אַ סך גרעסערע שטים־מעגלעכקייטן פון שילדקרויטן. זיין שטים האָט דאָך געדונערט, אַז —אָן שום גוזמא — די ווענט האָבן געציטערט. אָבער שילדקרויט האָט געקענט מיט זיין שטים אַרויסברענגען, וואָס פאַר אַ טענער ער האָט גע־וואָלט און ווירקן — ווי אַזוי ער האָט געוואָלט. גראַנאַך — נישט. ער האָט געקאָנט אָן אַ פאַרוואָס אַרויספאָרן אויף די העכסטע, באַטויבנדיקסטע טע־נער און אַראָפּפאַלן אין אַ שעפּטשען, וואָס פלעגט אָפטמאָל פאַרלוירן גיין...

גראַנאַך דערציילט אין זיינע זכרונות וועגן אַ סקאַנדאַל, וואָס ער האָט געהאַט מיט אַ פּראָפעסאָר אין דער ריינהאַרדט־שול, איינער אַ העלד (אויך אַ ייִד, אָבער אַזאַ וואָס האָט זיך געשעמט מיט זיין ייִדישקייט), וועלכער האָט גראַנאַכן שטאַרק פאַרפאָלגט אין דער שול, פאַרוואָרפנדיק אים זיין שלעכטן דייטשן אַקצענט (אגב איז דאָס אמת געווען, אַפילו שוין אין די ערשטע יאָרן פון גראַנאַכס אויפשטייג אין בערלין). גראַנאַך האָט צו אים דאַן געשריגן:

— איך בין נישט געקומען צו אייך לערנען טאַלאַנט, נאָר צו לערנען טעכניק!...

אין זיין טאַלאַנט איז ער געווען אַזוי זיכער, אַז ער האָט דערפאַר קיין מורא נישט געהאַט. ער האָט אָבער געוווּסט, אַז עס פעלט אים טעכניק, וויסן און דאָס האָט ער געוואָלט לערנען ביי אַלע זיינע פּראָפעסאָרן און אומעטום, וווּ ס'האָט זיך נאָר געלאָזט.

אַ סך האָט ער טאַקע אויסגעלערנט. אָבער די טעכניק פון אָפּערירן מיט די שטים־בענדער — נישט אינגאַנצן. מעגלעך, אַז ווען זיין קאַריערע אַנטוויקלט זיך נאָרמאַל, וואָלט ער אויך דאָס דערגרייכט. אָבער ביים באַגין פון זיין סצענישער קאַריערע איז אויסגעבראָכן די מלחמה, גראַנאַכס מאָ־ביליזאַציע אין דער עסטרייכישער אַרמיי, דער איטאַליענישער פראָנט, געפאַנגענשאַפט, דאָס אַנטלויפן פון דער איטאַליענישער געפאַנגענשאַפט דורך די אַלפּן אין דער שווייץ (איינס פון די געוואַגטסטע, העלדישסטע

אויפטועַן פון אַ יחיד אין דער עסטרייכישער אַרמיי — אַ געקרויינטער מיט דערפאָלג). נאָך דער מלחמה — דער אָנהייב פון אַ סטאַר־קאַריערע אין מינכען (אין זיין אויטאָביאָגראַפיע שרייבט ער נישט וועגן דעם, אָבער מיר האָט ער דערציילט, אַז דאָס איז געשען נישט אָן דער הילף פון זיינע אַן איינפלוסרייכער ליבע, וועלכע האָט אים אויך אַ צייט שפּעטער געגעבן אַ מעגלעכקייט זיך אַרויסצורוקן אין בערלין), די רעאַליזאַציע פון זיין לאַנג־יאָריקן חלום, דאָס שפּילן „שיילאָק" און לסוף (שוין אין אַפּריל 1921) זיין אויפטריט אין בערלינער לעסינג־טעאַטער אין געאָרג קייזערס „פון באַ־גינען ביז חצות", וואָס האָט איבער נאַכט אים פאַרוואַנדלט אין איינעם פון די פּאָפּולערסטע דייטשע אַקטיאָרן.

מען דערציילט וועגן גראַנאַכס אַ שמועס מיט איינעם פון די גרעסטע דייטשע בינע־קינסטלער, מאַקס פּאַלענבערג, וועלכער האָט דיזעלביקע ראָל אין קייזערס פּיעסע געשפּילט אין ווין — פאַר גראַנאַכן. פּאַלענבערג האָט געזאָגט צו גראַנאַכן, אַז ער (פּאַלענבערג) האָט די ראָל „געשפּילט אַביסל נישט נאַטירלעך". גראַנאַך האָט אים דערויף געענטפערט:

— איך שפּיל זי אינגאַנצן נישט נאַטירלעך.

אַזוי האָט ער אויך אַ צייט לאַנג געשפּילט זיינע ווייטערדיקע ראָלן אין בערלין. אַזאַ איז געווען די טעאַטער־מאָדע — דער עקספּרעסיאָניזם.

— מיר האָבן אָנגעטראָפן אַן אָנגעפּרעסענע, פּוילע וועלט, וואָס האָט געוואָלט געניסן רו — האָבן מיר אַריינגעשריגן אין זייערע אויערן אונדזער אַנטוישונג, אונדזער פאַרצווייפלונג, אונדזער פּראָטעסט — דערציילט גראַנאַך אין זיינע זכרונות. בכן — אַ „צאָרנדיקע יוגנט", ווי מען רופט עס היינט.

דאָס איז טאַקע געווען דער וועג און די פאַרענטפערונג, דער אני־מאמין פון דייטשן עקספּרעסיאָניזם. ביי גראַנאַכן איז דאָס אָבער שוין פאַרבליבן אַ מאַניר. סיידן — אַ רעזשיסער־פערזענלעכקייט האָט אים אויפגעצווונגען אַן אַנדער נוסח.

דער באַקאַנטער דייטשישער קריטיקער, אַלפרעד קער (אויך אַ ייִד), האָט דאַן געשריבן וועגן גראַנאַכן, אַז ווען ער האָט דאָס „אין דער זעל", וואָס ער האָט „אין דער קעל" — וואָלט ער געווען אַ גרויסער שוישפּילער.

אין זיינע שפּעטערדיקע דייטשישע טעאַטער־פֿאַרבינדונגען — ביי פּיסקאַטאָר, ביי יעסנער — אונטערן דרוק פֿון רעזשיסערן־פּערזענלעכקייטן, באַווייזט גראַנאַך אָפּטמאָל, אַז ער פֿאַרמאָגט נישט ווייניק „אין דער זעל״, צוימענדיק שטאַרק זיין קעל. די פֿעסטע האַנט פֿון אַ רעזשיסער־אויטאָ־ריטעט קאָן אים גובר זיין. אָבער ער שאַפֿט זיך (אין יאָר 1929) אַן עקספּע־רימענטאַלע טעאַטער־גרופּע („נאַוועמבער־סטודיאָ״), וווּ ער זוכט זיך אויס־צושרייען, אויסצוזורישן און אויסצושוימען. ווי ס׳האָט געשריבן משה קול־באַק אין זיין פּאָעמע „דער דיסנער טשאַילד האַראַלד״ (וועגן גראַנאַכן — אין זיינע ערשטע בערלינער יאָרן):

גראַנאַך יושעט אויף דער ווײסטער בינע
אין אַ טירוף, מאַיסי זינגט,
ווי אַ קראַנקע באַלערינע
און די געשטאָרבענע פּאָעזיע שטינקט...

דער אמתער פּייער־פּרווו פֿון גראַנאַכן אַלס „נאָרמאַלער״ אַקטיאָר, איז געווען דאָס יידישע טעאַטער, באַזונדערס אין פּוילן.

כדי נישט שלעכט פֿאַרשטאַנען צו ווערן, מוז איך דאָ געבן אַ געוויסע זייטיקע אויסטייטשונג. איך מיין נישט צו זאָגן דערמיט, אַז דאָס יידישע טעאַטער אין פּוילן איז געווען אַ בר־סמכה, וואָס האָט געקאָנט באַשטימען די אַקטיאָרישקייט, אָדער די מדרגה פֿון אַקטיאָרישקייט. איך צווייפֿל נישט אויף קיין איין מאָמענט, אַז בערלין האָט געהאַט מער טעאַטער־מבֿינים און בעסערע ספּעציאַליסטן, וועלכע האָבן געקאָנט דעצידירן אין די ענינים. אָבער בערלין איז געווען די מעטראָפּאָליע פֿון „גרויס־טעאַטער״ — אַפֿילו ווען עס האָט זיך געהאַנדלט וועגן קאַמער־טעאַטערס. דאָס הייסט: דער פֿאַר־נעם פֿון בערלינער טעאַטערס אין צוגרייטן און אויפֿפֿירן אַ פֿאָרשטעלונג איז געווען אַזוי גרויס, אַז מען האָט זיך געקאָנט דערלויבן ספּעציעל צו־פּאַסן (און צומאָל — אידעאַל צופּאַסן) אַקטיאָרן צו ראָלן; אַזוי אַרומצו־שטעלן די אַקטיאָרן, אַז עס זאָל קומען צום אויסדרוק בלויז דאָס ווערטיקע אין זיי, זייער קינסטלערישער ביישטייער צו דער פֿאָרשטעלונג. מען האָט גאָרנישט באַדאַרפֿט צו טראַכטן וועגן דער פֿאַכמענישקייט פֿון די דאָזיקע

אַקטיאָרן. דאָס יידישע טעאַטער אין פּוילן האָט, דאַקעגן, געקאָנט שטאַרק זינדיקן ביים אָפּשאַצן די קינסטלערישע ווערטן און מעגלעכקייטן פון אַן אַקטיאָר; עס איז אָבער געווען אַ גלענצנדיקער פּרווו־שטיין פון זיין פּאַכ־מענישקייט.

גראַנאַך אַליין האָט זיך פאַר מיר פאַרקלאָגט — נאָך איידער ער האָט געהאַט דעפיניטיוו דערליידיקט זיין נסיעה אין ראַטנפאַרבאַנד:

— איך מוז פון אייך אַוועק, אויב ס'וועט מיר אויסקומען דאָ לענגער צו בלייבן, וועל איך צעריבן ווערן און זיך פאַרוואַנדלען אין אַ טישל־זיצער אין אַרטיסטן־פאַראיין. איך האָב נישט קיין צוגרייטונג פאַרן יידישן טעאַ־טער. אין בערלין, אויב איך האָב געשאַפן איין ראָל און זיך קונה־שם גע־ווען מיט איר, האָב איך זיך דערוואָרבן דערמיט אַ פעסטע פּאָזיציע אין טעאַטער. ביי אייך, אַז איך וועל שפּילן איינציקע ראָלן דערפּאָלגרייך און מיט איינער דורכפאַלן, וועט מיר נאָכגיין דער דורכפאַל. איך בין טאַקע אַ בעקער אָבער צו באַקן בילקעס, נישט קיין ראָלן. ביי אייך דאַרף מען קענען באַקן ראָלן.

אַ נעפּל פון פאַרטרוימטקייט האָט פאַרצויגן זיין בליק. פאַר אים אַליין איז עס שוין אפשר געווען אַ לעגענדע:

— אין בערלין האָב איך זיך איינגעקויפט איינמאָליקייט־רעכט. דאָס איז געווען מיין „מעפיסטאָ" און דער צווייטער טייל פון „פאַוסט". דאָס וועט שוין אויף אייביק פאַרבלייבן מיין וויזיט־קאַרטע אין דייטשישן טעאַטער. אַפילו היטלער קאָן עס נישט אויסמעקן. וואָס איז מיין וויזיט־קאַרטע ביי אייך?

כ'האָב אים נישט געהאַט וואָס צו ענטפערן. אַן איבערזיכט פון די ראָלן, וואָס גראַנאַך האָט אין משך פון צוויי יאָר געשפּילט אין פּוילן, איז דער בעסטער ענטפער:

פּראָפעסאָר מאַמלאָק אין פרידריך וואָלפס „די געלע לאַטע". ער האָט פון אָנהייב נאָך באַמיט צוצופּאַסן זיך אויסערלעך צו דער ראָל אָנגעטאָן אַ פּאַרוק מיט אַ הויכן פלאַסטישן שטערן — געשאַפן אַן אינטערעסאַנטע מאַסקע. ער האָט אָבער גלייך ליקווידירט דעם פּאַרוק, ווייל... ס'האָט אים גע־שטערט צום קלאַפּן זיך אין שטערן מיט אַזאַ ווילדער קראַפט, ווי ער פלעגט

עס טאָן, די גאַנצע ראָל האָט ער אויסגעשריגן אָדער אויסגעשעפּטשעט, פאָכענדיק מיט די הענט און דרייענדיק אומאויפהערלעך מיט די פינגער („גראַנאַך־קראַאַלען").

גראַנאַך האָט פאַרמאָגט היפּנאָטיש־גליִענדיקע אויגן. אָבער זיין מי־מיק איז געווען באַגרענעצט (ווידער להיפּוך צו שילדקרויטן), צו געציילטע קראַמפן פון פּנים; איז ער טאַקע אַריינגעפאַלן אין אַן איינטאָניקייט פון פּנים־אויסדרוק. איך דערמאָן שוין נישט וועגן זיינע אונטערטאַנצנדיקע טריט, ווייל דאָס האָט ער דווקא באַוויזן צו ענדערן אין אַנדערע ראָלן( לע־ווינע אין לייוויקס „קייטן"; שיילאָק). האָט זיך פון מאַמלאָק באַקומען — אין דער גאַנצער קאָנסטרוקציע פון דער געשטאַלט, איין גרויסער, היס־טערישער אויסגעשריי, וואָס האָט לגמרי נישט האַרמאָנירט מיט דער אי־נערלעכער וועלט פון דייטשישן פּראָפעסאָר, דעם געוועזנעם דייטשישן אָפיצער, פּראָנט־קעמפער. גראַנאַך האָט אַפילו באַמיט מיך צו איבער־צייגן, אַז ער איז גערעכט, ווייל ער שפּילט דאָך נישט עפּעס אַ „רעאַלן" מאַמלאָק, נייערט „דעם ווייגעשריי פון זיין אַנטוישונג". מיין מיינונג איז געווען, אַז ווײ־געשריי מוז נישט אַזוי אויסגעשריגן ווערן; אַז עס ווערט שטאַרקער בקול דממה דקה, אַפילו אַלס ווײ־געשריי — ער איז אָבער גע־בליבן ביי זיינס, ביי זיין דרך פון עקספּרעסיאָניסטישן טעאַטער. דערביי האָט ער נישט געהאַט קיין רעזשיסער, וואָס זאָל אים צוימען. אָנגעהויבן צו רעזשיסירן די פּיעסע האָט מ. בראַנדט, דער דעמאָלטדיקער בינע־נאָמען פון מ. וויכערט), אָבער פאַרענדיקט האָט זי גראַנאַך אַליין. און קיין רעזשי־סער איז ער בשום־אופן נישט געווען — ביי זיין גאַנצער טעאַטער־אויס־בילדונג, פּראַקטיק, וויסן און קולטור. ער האָט פּשוט נישט פאַרמאָגט קיין רעזשיסערישע פאַנטאַזיע (ביי זיין גאַנצער רייכער אַקטיאָרישער פאַנטאַ־זיע).

דאָס האָט זיך נאָך בולטער אַרויסגעוויזן ביי זיין אויפפירונג פון לײ־וויקס „קייטן" (נאָך דער „געלער לאַטע", אין וואַרשעווער „סקאַלאַ"־טעאַ־טער), וווּ ער האָט געפּרוווט די שוואַכקייט פון זיין רעזשי צו דעקן מיט אַ סענסאַציע: רחל האָלצער אין אַ מענער־ראָל (אין דער אמתן איז עס נישט געווען די ערשטע — און נישט די לעצטע — מענער־ראָל, וואָס רחל האָל־

צער האָט געשפּילט אין יענע יאָרן). אין „קייטן" האָט ער אַפילו זיין לעווינע אויסגעשפּילט אין געדעמפּטע טענער (מען האָט זיך געוויצלט, אַז ווען ער צעלאָזט זיך דאָרט מיט זיין שטים, וואָלט איינגעפאַלן דאָס „סקאַלאַ"־טעאַ־טער, וואָס איז דאָך פאַקטיש געווען אַ לאַנגע, צונויפגעשטוקעוועטע בודע) — אָבער ער האָט סיי־ווי נישט באַוויזן צו באַלעבן די גענוג סכעמאַטישע געשטאַלט פון לייוויקס העלד.

גראַנאַך האָט אין פּוילן געשאַפן נאָך אַ נייע געשטאַלט: שלום שוואַרצ־באַרד אין קאַציזנעס „וועלט־געוויסן" (אין לאָדזשער יידישן טעאַטער). די פּיעסע איז אייגנטלעך אָנגעשריבן געוואָרן לויט גראַנאַכס איניציאַטיוו און אויף זיין באַשטעלונג. קאַציזנע — אַ דערפאַרענער דראַמאַטורג און באַרעדעוודיקער שרייבער — האָט די פּיעסע אַרומגעמויערט מיט רעמאַר־קעס, וואָס זענען אין אַ טויטפּאַל שוין געווען אַ נישקשהדיק רעזשי־בוך און גראַנאַך, אַלס רעזשיסער, איז געגאַנגען כמעט הונדערט־פּראָצענטיק לויט קאַציזנעס רעמאַרקעס. און — ווי דער מחבר — געשטרויכלט געוואָרן צווישן רעפּאָרטאַזש און טראַגעדיע, נישט געפינענדיק קיין איינהייטלעכן סטיל פאַר דער פאַרשטעלונג. דאָס זעלביקע איז אויך געווען אין זיין ראָל — שלום שוואַרצבאַרד — וועלכע ער האָט ערטערווייז געשפּילט געצוימט און איינדרוקפול (אין דער ערשטער טייל: אַלס פראַנצויזישער סאָלדאַט אין אוקראַינע; אין דער צווייטער טייל — אַ האַרציק־רינדיקער זייגערמאַכער שוואַרצבאַרד און דער פאַמיליען־מענטש אין זיין פאַריזער היים) און לסוף — אויסגעשאָסן זיין עקספּרעסיאָניסטישע באַמבע. אַזאַ נישט איינהייטלעכ־קייט האָט, פאַרשטייט זיך, געשטערט צו דער קינסטלערישער גאַנצקייט פון דער געשטאַלט.

און אחרון: „שיילאָק" און „גאָט פון נקמה" (יעקל שאַפּשאָוויטש) — צוויי שילדקרויט־געשטאַלטן, וועלכע גראַנאַך האָט געשפּילט אין יידיש.

וועגן „שיילאָק" האָט גראַנאַך אַ סך גערעדט און געשריבן אַ גאַנץ קאַפּיטל אין זיין אויטאָביאָגראַפיע; אַ רעדע אויף אַן „עפנטלעכן געריכט איבער „שיילאָק" אין וואַרשע; אין פאַרשידענע פראַגמענטן פון זיין אויטאָ־ביאָגראַפיע און אין אייניקע אַרטיקלען זיינע. „שיילאָק" איז געווען גראַ־נאַכס אַקטיאָרישער חלום (יעדער אמתער אַקטיאָר האָט וויניקסטנס איין

ראָל, וועלכע ער חלומט צו שפּילן) און אַ לאַנגע צייט האָט ער די ראָל געהאַלטן פאַר זיין „וויזיט־קאַרטע" אין דייטשישן טעאַטער — איידער ער האָט געשפּילט „מעפיסטאָ".

אין זיין קאַפּיטל וועגן „שיילאָק", שרייבט גראַנאַך וועגן שיילאָקס אייניקלעך:

„...אייניקע פון זיי זענען געוואָרן שוישפּילער און ווידער אַנט־דעקט ביי שעקספּירן זייער עלטער־עלטער־זיידן שיילאָק. און זיי האָבן געשפּילט זייער עלטער־עלטער־זיידן טראַגיש און פּאַרטייִש, שטיצנדיק זיך אויף שעקספּירס זשעני, וואָס האָט אָט די שוואַרצע, נעגאַטיווע פיגור באַשאָנקען מיט אַזוי פיל קראַפט און לעבן, מיט אַזאַ טיפן זין פאַר גערעכטיקייט און מענטשלעכער ווערדע"...

„און מען דאַרף אים שפּילן אַזוי לאַנג, ביז יעדע קינסטלעכע מחיצה צווישן מענטש און מענטש וועט פאַרטיליקט ווערן, ביז דער מענטש וועט זען אין זיין מיטמענטשן אַן אייגענעם ברודער"...

„מיט אָט די געפילן האָב איך געשפּילט די ראָל שיילאָק, נאָך וועלכער איך האָב אַזוי לאַנג געלעכצט — און מיט דעם איז דער־פילט געוואָרן מיין ציטערדיקער טרוים"...

ווען גראַנאַך האָט געשפּילט די ראָל אין ייִדיש, איז זי געווען באַאַר־בעט ביז די מינדסטע פּרטים. ער האָט געהאַט פראַגמענטן אין דער ראָל, ווען ס'האָט געפלאַקערט אין אים דאָס פייער פון גאונות. אַ סך שפּיל־מאָ־מענטן האָט ער ווידער לעבעדיק אָפּקאָפּירט פון שילדקרויטן, ווי ער האָט עס אַליין מודה געווען. די געשטאַלט איז געווען דורכגעטראַכט פון אָנהייב ביזן סוף. אָבער אויך דאָ האָט ער זיך נישט אינגאַנצן געקאָנט באַפרייען פון די באַטויבנדיקע אויסגעשרייען און פון דעם פּאָכען מיט די הענט. איז אויך ביי זיין שיילאָק געווען אַן „אָבער", וואָס האָט נישט געלאָזט אין דער פולער מאָס נהנה זיין פון גראַנאַכס קונסט.

נאָך שטאַרקער איז עס געווען ביי יעקל שאַפּשאָוויטש פון שלום אַשס „גאָט פון נקמה". לויט ווי גראַנאַך האָט אַליין איבערגעגעבן, איז ביי שילד־קרויטן אין דער ראָל געקומען צו אַ שטאַרקן אויסברוך פון זיין רעוואָלט

קעגן גאָט, אַלס פּועל־יוצא פון זיין אַנטוישונג פון דער פאַרוווּנדערטער ליבע צו דער איינציקער טאָכטער, רבקהלע. אין צענטער פון שילדקרויטס אויפפאַסונג איז געווען די ליבע צו רבקהלען. גראַנאַך האָט זיך געוויצלט:

— ס׳איז געווען ווי די ליבע צו זיין זון, יאָזעף. דער אַלטער איז דאָך משוגע געווען פאַרן יונג. (אגב, יאָזעף שילדקרויט איז געווען גראַנאַכס חבר פון דער ריינהאַרט־שול און גראַנאַך פלעגט אָפט דערציילן, ווי יאָזעף איז געווען נישט באַליבט ביי די חברים — צוליב זיינע „ברייטע פּלייצעס" און צוליב זיין שיינקייט; וואָס פאַר אַ צרות די חברים פלעגן אים אָפּטאָן און ווי רודאָלף שילדקרויט פלעגט זיך איבערנעמען דערמיט — ממש ביז געוויין). אָט אַפּנים, אַז גראַנאַך האָט קיין ליבע צו קינדער נישט געהאַט. ווייל ביי אים איז די ליבע צו רבקהלען אַרויסגעקומען געקינצלט. און אין צענטער פון דער ראָל איז געווען — דער רעוואָלט קעגן גאָט, וואָס האָט אָנגענומען דעם כאַראַקטער פון אויסגעשרייען, קולות, ווי ביי אַ פאַרוווּנדעטער חיה.

אָט פאַרוואָס עס האָט זיך ביי מיר געשאַפן דער איינדרוק, אַז גראַנאַך איז — ביי זיין פּילזייטיקער באַגאַבונג אינטעלעקט, פייער און מיטלען — קיין גרויסער אַקטיאָר נישט געווען, נייערט אַן אינטערעסאַנטע בינע־דער־שיינונג און אַ גרויסע פּערזענלעכקייט אין טעאַטער.

פאַר אַ דערשיינונג און פּערזענלעכקייט פון דעם פאַרנעם, איז דאָס יידישע טעאַטער אין פּוילן געווען צו אָרעם, כדי צו געבן דעם נייטיקן לעבנס־רוים און די פאַסיקע אַטמאָספער. דערפאַר איז קלאָר, אַז ער האָט נישט געפונען זיין אָרט אין יידישן טעאַטער אין פּוילן און אַז ער דאַרף אַוועקפאָרן קיין ראַטנפאַרבאַנד, ווו ערווין פּיסקאַטאָר, פרידריך וואָלף, גוסטאַוו פאָן וואַנגענהיים און אַנדערע — האָבן פאַר אים צוגעגרייט אַ פאַסיק אָרט. אַזוי האָט מען יעדנפאַלס דאַן געמיינט.

ווייל...

— וואָס דען בלייבט צו טאָן אַ שעפערישן יידישן מענטשן? — ווי ס׳האָט מיך בשעתו געפרעגט משה קולבאַק, גראַנאַכס אַ קאָמפּאַן פון די הייסע באַגין־טעג אין בערלין.

## 6.

די דריי נעמען: פּיסקאַטאָר, וואָלף און וואַנגענהיים, האָב איך דערמאָנט נישט צופעליק. מיט אַלע דריי האָב איך זיך באַקענט אַ דאַנק גראַנאַכן און דורך גראַנאַכן. זיי זענען עס געווען די הויפּט־איניציאַטאָרן פון גראַנאַכס פאָרן קיין מאָסקווע — אין שייכות מיטן דייטשישן טעאַטער, וואָס האָט דאָרט געזאָלט געשאַפן ווערן.

מיט פּיסקאַטאָרן און וואָלפן האָב איך זיך באַקענט אין וואַרשע, ווו זיי זענען געווען האַלבּ, אָדער גאַנץ לעגאַל, דאַקעגן וואַנגענהיים איז צו אונדז פּלוצלינג אַראָפּגעפאַלן בעת אַ טורנע אין טאַרנאָפּאָלער געגנט. ער איז מיט אונדז אַרומגעפאָרן אייניקע טעג אין אַ פּאָר שטעטלעך — אינגאַנצן אומלעגאַל. קיינער האָט נישט געטאָרט וויסן ווער ער איז. אָט, איינער פון די פיל דייטשע אַקטיאָרן־עמיגראַנטן, וואָס פלעגן דאַן אָפט קומען צו גראַנאַכן.

— מיך — און דוכט זיך דוד ליכטן — האָט גראַנאַך באַקענט מיט וואַנגענהיימען און אונדז דערציילט ווער ער איז: אַ זון פון באַרימטן דייטשן אַרטיסט פאָן ווינטערשטיין, גראַנאַכס אַ חבר נאָך פון דער ריינהאַרדט־שול. פון שוישפּילעריי איז ער לאַנג אַוועק. ער איז אַ רעזשיסער, אַ דראַמאַטורג און טעלמאַנס רעכטע האַנט, דער בעל־יועץ אין די פראַגן פון טעאַטער און קונסט, געוועזענער אָנפירער פון די קאָמוניסטישע טעאַטער־קרייזן אין דייטשלאַנד. ער איז ספּעציעל אַראָפּגעקומען פון מאָסקווע אַרומצורעדן מיט גראַנאַכן און אָפּצורעדן מיט אים וועגן זיין מיטאַרבעט אין דעם געפּלאַנטן דייטשישן טעאַטער אין מאָסקווע.

געפאָרן איז גראַנאַך אַן ערך אַ יאָר שפּעטער. פון דעם געפּלאַנטן טעאַטער איז גאָרנישט געוואָרן — נאָך לאַנגדויערנדיקע רעפּעטיציעס. דער אָפיציעלער מאָטיוו איז געווען: פּיסקאַטאָרס „פאָרמאַליזם". פאַקטיש איז עס מן־הסתם געווען: די אָנהייבן פון ליקווידירן די „דייטשישע שפּיאָנען", טוכאַטשעווסקי, יאַקיר א״אַ. אין דער גרויסער „ריניקונג", וואָס האָט זיך דאַן אָנגעהויבן. יעדע פאַרבינדונג מיט אויסלאַנד איז דאָך געוואָרן טריף, מכל־שכן אַן „אויסלענדיש טעאַטער". פּיסקאַטאָר האָט נאָך געהאַט מזל, אַז מען האָט אים צוריק אַרויסגעלאָזט און ער איז אַוועק קיין אַמע־

ריקע. גראַנאַך איז געפאָרן קיין קיִעוו, װוּ עס איז געדרייט געװאָרן מיט אים דער ציגיינער־פילם „דער לעצטער טאַבאָר" (אגב: די ראָל פון ציגיי־נער־קולאַק איז איינע פון גראַנאַכס בעסטע קינאָ־לייסטונגען. און געשפילט האָט ער דאָך אין אַ סך פילמען: דייטשישע — ביז היטלערן; אַמעריקאַנער — נאָך זיין פאַרלאָזן דעם ראַטנפאַרבאַנד). ער האָט געזאָלט פאַרבלייבן אין קיִעווער יִדישן מלוכה־טעאַטער און — אַריינגעפאַלן אין יאָר 1937 אין תפיסה. װעגן דעם שווייגן די אָפיציעלע גראַנאַך־ביִאָגראַפן פון די "אי־קוף"־קרייזן, װעלכע היפּן בכלל אַריבער די סאָװעטישע גראַנאַך־תקופה. מיר איז אָבער געלונגען געוויר צו ווערן וועגן דעם — דווקא דורך אַ מאָדנעם צופאַל:

אין פעברואַר־מערץ 1943 האָב איך זיך געפונען אין טאַשקענט — אין אַ שוידערלעכער לאַגע — נאָך דער באַפרייונג פון „טרוד־פראָנט". איך בין געווען קראַנק, אויסגעהונגערט, אָפּגעריסן און אָן אַ גראָשן ביי דער נשמה. האָב איך זיך דערמאָנט, אַז עס קומט מיר אַ געוויסע סומע געלט אין דער טאַשקענטער קינאָ־סטודיע, וווּ איך האָב געאַרבעט — אַ קורצע צייט פאַר מיין פאַרשיקונג אויפן „טרוד־פראָנט" — ביים רעזשיסער לוקאָוו (דער פילם „צוויי קעמפער"). שטייענדיק אין דער ריי ביי דער קאַסע, הער איך ווי איינער, וואָס איז געשטאַנען פאַר מיר, בעט זיך אין אַ צעבראָכענעם רוסיש, מען זאָל אים באַצאָלן אַ פּאָר צענדליק רובל אַ חוב, ווייל ער איז קראַנק און ער האָט נישט פאַרוואָס אויסצוקויפן די שפּייז־צוטיילונג. דער קאַסירער ענטפערט אים אָבער אויף אַלע תחנונים:

— בירגער וואַנגענגיים, איר וועט גאָרנישט באַקומען!

דער מענטש איז אַ דערשיטערטער אַוועק פון דער קאַסע און ווען איך האָב דערזען זיין פּנים, האָט זיך מיר אויסגעוויזן, אַז איך קען אים. איך האָב גיך דערליידיקט מיין ענין (דווקא יאָ געקריגן די פּאָר רובל), נאָכגעגאַנגען דעם מענטשן, אין אַ שטיל געסל צוגעגאַנגען צו אים און געפרעגט:

— איר זענט גוסטאַוו פאָן וואַנגענהיים?

אַז ער האָט באַשטעטיקט, האָב איך אים געזאָגט מיין נאָמען. ער איז ממש אויפגעציטערט געוואָרן:

— ווייַ, ווי איר זעט אויס!

איך האָב נישט געוואָלט מאַכן אים דעמזעלביקן „ייִדישן" קאָמפּלימענט — כאָטש אויסגעזען האָט ער אפשר ערגער פון מיר: אַ צעבראָכענער זקן, ביי וועמען די נשמה ליגט אויף דער שפּיץ נאָז. ער האָט נאָך אַפילו גע־טראָגן אַ פּעלץ, אָבער די סחורה איז שוין געווען אין צוויטן.

מיר זענען אַריין אין אַ שטילער אַלעע פון אַ דערבייִיקן פּאַרק און זיך אַביסל אַראָפּגערעדט פון האַרצן, דערציילט וועגן די פאַרגאַנגענע פאַר יאָר. וואַנגענהיים האָט מיר אויך דערציילט וועגן גראַנאַכן: ער האָט שוין אָנגע־הויבן צו אַרבעטן אין קיִעווער מלוכה־טעאַטער און באַלד ביים אָנהייב גע־האַט שטאַרקע, סיכסוכים מיט דער אָנפירונג; ער האָט נישט אויפגעהערט צו פירן אַ שטייגער לעבן, וואָס איז געווען קעגן דער „סאָוועטישער מאָ־ראַל"; צוליב די אַלע — און אייניקע אַנדערע —סיבות, איז ער איז יאָר 1937 אַרעסטירט געוואָרן... אָבער ער איז געזעסן בלויז אייניקע חדשים. דער דייטשער קאָמוניסטן־פירער ווילהעלם פּיק האָט איינגעלייגט וועלטן, אָנגעשפּאַרט ביי סטאַלינען אַליין און באַוויזן אַרויסצושלעפּן גראַנאַכן פון תפיסה, צו באַקומען פאַר אים אַן אַרויספאָר־דערלויבעניש. איך האָב אים דערציילט, אַז גראַנאַך איז אין 1938 אָנגעקומען קיין אַמעריקע. דאָרט גע־פינט זיך אויך פּיסקאַטאָר. וואַנגענהיים האָט מיט אויפריכטיקן באַדויערן געזיפצט:

— אָרעמער ערווין, אָרעמער אַלעקס...

וואַנגענהיים איז דאַן פאַר מיר געוואָרן אַ לעבעדיקער סימבאָל פון אַן ערלעכן, כשרן קאָמוניסט, וועמען זיין גלויבן האָט אויסגעעענדיקט. ער האָט געאַרבעט אַלס קאָנסולטאַנט פאַר דייטשישע ענינים ביי דער קינאָ־סטודיע — אַ קאָנטראַקט־אַרבעט, ביי וועלכער ער האָט ווייניק פאַרדינט און ער איז פּשוט געווען קראַנק פון הונגער. בקרוב בין איך אַוועק פון טאַשקענט און מער האָב איך אים נישט געטראָפן. יאָרן שפּעטער בין איך געוויר־געוואָרן, אַז ער איז געווען אין דער גרופּע פון די ערשטע צען דייטשישע קאָמוניסטן, וואָס זענען נאָכן פאַלן פון בערלין, אין 1945, צוזאַמען מיט אולבריכטן אַריבערגעוואָרפן געוואָרן קיין דייטשלאַנד.

ווען איך בין געווען אין 1957 אין מזרח־בערלין, האָב איך זיך געוואָלט מיט אים טרעפן. כ'האָב געהערט, אַז ער איז געווען דער הויפּט־אינטענ־

דענט פון די מזרח־בערלינער טעאַטערס און איצט איז עפּעס שטיל אַרום אים. מען האָט מיר געזאָגט, אַז ער איז קראַנק, קאָן נישט קומען צו מיר און קאָן אויך מיך נישט אויפנעמען. צי איז ער אויף אַן אמת געווען קראַנק, צי „קראַנק" אַזוי, ווי אַן אַנדער באַקאַנטער מיינער (און גראַנאַכס, פאַר־שטייט זיך), דער זשורנאַליסט רודאָלף הערענשטאַדט — אַמאָליקער קאָ־רעספּאָנדענט פון „בערלינער טאַגעבלאַט" אין וואַרשע און נאָך דער מלחמה דער געוועזענער שעף־רעדאַקטאָר פון „נויעס דויטשלאַנד", מיטגליד פון פּאָליטישן ביוראָ פון דער פּאַרטיי; אַזוי ווי פרידריך וואָלפס עלטערער זון (פרידריך וואָלף אַליין האָט שוין דאַן נישט געלעבט) און אַ סך אַנדערע דייטשישע קאָמוניסטן־אינטעלעקטואַלן — דאָס האָב איך נישט געקאָנט דערגיין.

די לעצטע תקופה פון גראַנאַכס לעבן — די פּאָר יאָר אין אַמעריקע — קען איך שוין פון דערציילונגען נאָך זיין טויט. זי איז ווייט געווען פון קינסטלערישע פּאַרמעסטן און אויפטוען. נאָך אַ נישט־געלונגענעם פּרווו מיט אַ יידיש טעאַטער אין ניו־יאָרק — פאָרט ער אַוועק קיין האָליוווד, שפּילט דאָרט אַ צאָל ראָלן אין פילמען (צווישן אַנדערע אין דעם בולט־אַנטיסאָוועטישן פילם „נינאָטשקאָ" מיט גרעטאַ גאַרבאָ). אין איין פילם שאַפט ער אַן איינדרוקפולע געשטאַלט פון אַ געסטאַפּאָ־שעף, דווקא אַ שטומע ראָל. ער שפּילט אַלץ אויסלענדער און ספּעציעלע „כאַראַקטערס". ער האָט זיך אין יענע יאָרן געדרייט אויך אַרום יידישע דראַמקרייזן אין לאָס אַנזשעלעס (און דווקא פּראָ־קאָמוניסטישע) און סוף 1944 קומט ער צוריק קיין ניו־יאָרק, אין אַ טעאַטער. ער שפּילט אַן איטאַליענער אין אַ פאָרשטעלונג מיט פרידריך מאַרטש. אַראָפּגייענדיק פון דער בינע אַ גע־וויסן אָוונט נאָכן אָפּשפּילן די ראָל — גייט ער אין שפּיטאָל אַריין אויף אַ נאַרישער אָפּעראַציע, פון וועלכער ער איז שוין נישט אַרויס קיין לעבע־דיקער.

און עס פאַרשווינדט פון דער אַרענע איינע פון די אינטערעסאַנטסטע טעאַטער־געשטאַלטן, וואָס די יידישע אָרעמקייט אין גאַליציע האָט אַרויס־געגעבן.

אַלעקסאַנדער גראַנאַך האָט געהערט צו די געציילטע, וואָס האָבן גע־

האָט זייער אָנטייל איןביידע וועלטן — אין דער ייִדישער און נישט־ייִדישער. אַרויסקומענדיק פון די סאַמע געדיכטעניש פון דער ייִדישער אָרעמקייט אין גאַליציע, האָט ער קיינמאָל נישט איבערגעריסן מיט איר. שוין זייענדיק אַ באַרימטער דייטשישער אַקטיאָר, פלעגט ער אַריינכאַפּן — אין בערלין — „אַ שפּיל" ייִדיש טעאַטער. וועגן די אויפטריטן אין ייִדיש — אין פּוילן און אַמעריקע — איז דאָך אָפּגערעדט. ער האָט אַפילו צייטנווייז געחלומט וועגן צוריקקומען צום ייִדישן טעאַטער, אויפבויען אַזאַ ייִדיש טעאַטער, ווי ער האָט זיך עס פֿאָרגעשטעלט, צי דאָס וואָלט געהאַט אַ פּנים און אַ קיום — דאָס איז אַן ענין פאַר זיך. אָבער זיינע כוונות זענען געווען אויפריכטיקע — הגם אָפטמאָל בלויז אַרויסגערופן פון אַן אימפּולס.

ער איז געווען אַ פּערזענלעכקייט מיט אַלע סימנים פון „איינמאָליקייט", וועגן וועלכער ער פלעגט אַזוי אָפט רעדן. אַן איינמאָליקייט פון אַ גרויסער אינטעלעקטועלער קראַפט, וואָס האָט סטימולירט און באַפרוכפערט.

ער איז געווען פון די פאַרבנרייכסטע פערזענלעכקייטן, וואָס אונדזער דור ייִדיש־גאַליציע, ייִדיש־פּוילן, האָט אַרויסגעגעבן.

# שמחה נאַטאַן

.1

יאָרנלאנג פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה האָט קיינער נישט געטראַכט, אַז דער דאָזיקער אינטעליגענטער לאָדזשער בחור, וועלכער איז אַנגעגאַנגען פאַר אַן אויסגעצייכטן סופליאָר, וועט אַמאָל ווערן אַן אַקטיאָר, און טאַקע איינער פון די זאַפטיקסטע יידישע כאַראַקטער־אַקטיאָרן.

און אָנגעקומען איז ער אין לאָדזשער יידישן טעאַטער אין די ערשטע יאָרן פון יאָרהונדערט — קוים איבער דער בר־מצוה — בלויז אַלס סופליאָר, אַלס „אוטשאָני יעוורעי". ווייל סופליאָרן האָבן געמוזט זיין — אין יענע ערשטע טעג פון צוריק לעגאַליזירטן יידישן טעאַטער אין רוסלאַנד די קענער פון די קליינע פינטעלעך, די אויסטייטשער פון אַ שווער וואָרט פאַר די אַקטיאָרן (און צומאָל פאַר די סטאַרן) די איבערשרייבער פון ראָלן און פון פיעסן (און טיילמאָל האָבן זיי זיך אַליין געמאַכט אויך פאַר שרייבער פון פיעסן), די שרייבער פון „צענזורקעס", ד"ה די רוסישע איבערזעצונגען פון דער געגעבענער פיעסע פאַר דער צענזור. און אויך — אַ גייענדיקע ענציקלאָפּעדיע פאַר זייערע פּרימיטיווע חברים, וועלכע האָבן אָפּטמאָל נישט באַהערשט די קונסט פון צונויפשטעלן אותיות אין ווערטער. דער סופליאָר איז אויך צומאָל געוואָרן דער „רעזשיסער", ווייל ער האָט צום בעסטן געדענקט, ווו מען דאַרף שטיין און ווו זיצן, ווען אַריין קומען און ווען אַרויסגיין... ערשט ווען עס האָט זיך אַנטוויקלט די פונקציע פון בינע־לייטער (אינספיציענט), אָדער געהילפס־רעזשיסער, ווי מען האָט עס גערופן אין יידישן טעאַטער, זענען די סופליאָרן אָפּגערוקט געוואָרן אויף אַ ווייטער אָרט. צוזאַמען מיט דער אַנטוויקלונג פון יידישן טעאַטער, באַזונדערס אין פּוילן, זענען זיי אַלץ מער פאַרשווונדן פון דער אויבערפלאַך.

עס איז נישט אמת, אַז אַ שלעכטער אַקטיאָר איז געוואָרן אַ סופליאָר,

צו זיין אַ סופליאָר האָט מען געמוזט האָבן גאַנץ באַשטימטע אייגנשאַפטן און פעיִקייטן, וואָס נישט יעדער האָט פאַרמאָגט. סופלירן האָט מען געמוזט קענען. מען האָט געמוזט דאָס וואָרט דערלאַנגען ממש אין אויער פון אַק־טיאָר (און ווען ער איז געווען טויבלעך — ממש אין מויל אַריין) און ווי איז געווען צו די אַקטיאָרן אין יענע יאָרן, ווען מען האָט פּיעסן געביטן טאָג־טעגלעך, אויב ס'איז געזעסן אַ שלעכטער סופליאָר אין „קאַסטן" (סופליאָרן־ביידל). ס'זענען געווען אַקטיאָרן, וואָס האָבן בשום־אופן נישט געקאָנט שפּילן אָן אַ סופליאָר, אַפילו ווען זיי האָבן הונדערטער מאָל גע־שפּילט. דיזעלביקע ראָל און געקאָנט זי פון שלאָף איבערחזרן פון אויסנווי־ניק. עס איז באַקאַנט דער פאַל מיטן גרויסן פּוילישן אַקטיאָר פון סוף פאַ־ריקן און אָנהייב הײַנטיקן יאָרהונדערט באָלעסלאַוו לעשטשינסקי, אַז טאָ־מער איז דער סופליאָר נישט געזעסן אין „קאַסטן" און — ביי ראָלן, וועלכע ער האָט געקענט פון אויסנווייניק, — האָט ער זיי נישט געשפּילט, נאָר גערעדט. בכן, אַ סופליאָר איז אין אַ געוויסער תקופה פון טעאַטער־אַנט־וויקלונג (שוין נאָכן איבערגיין פון „קאָמעדיאַ דעל אַרטע" — דער אַקטיאָ־רישער אימפּראָוויזאַציע — צום שפּילן פּיעסן פון מחברים) געווען אַ וויכ־טיקער באַשטאַנדטייל פון טעאַטער. אַ גוטער סופליאָר האָט זיך אויף דער טעאַטער־בירזשע געשאַצט העכער, ווי נישט איין גוטער אַקטיאָר.

דאַקעגן איז אמת, אַז גוטע סופליאָרן זענען מיט דער צייט געוואָרן אַקטיאָרן — און צומאָל גוטע אַקטיאָרן — שוין אָפּגערעדט פון רעזשיסערן און מחברים (אַ שטייגער: יצחק נאָזשיק, וועלכער איז אויסגעוואַקסן פון „סופליאָר־קאַסטן" צו אַ ניצלעכן אַקטיאָר, רעזשיסער, מחבר פון פּיעסן און לסוף — גרינדער פון קליינקונסט־טעאַטער „סמבטיון" אין וואַרשע און פון „המטאטא", אין תל־אָביב).

שמחה נאַטאַן איז אַלס יִינגל געווען אַן אָנפאַנגנדיקער בוכהאַלטער אין לאָדזש, אַ בחור, וואָס האָט שוין געהאַט דורכגעמאַכט אַ פּאָר קלאַסן אַלגעמיינע שול, געקענט רוסיש, פאַרמאָגט אַ שיינע האַנטשריפט און אַ פענאָמענאַלן זכרון. זיין שטרעבונג איז טאַקע געווען צו שפּילן טעאַטער, אָבער „מיט אַזאַ פיגור און פּנים?". ער איז געווען אַ נידעריקער, אַ ברייט־פּלייציקער, מיט אַ קיילעכדיק פּנים און דערצו — קורצזיכטיק. ווי־זשע

האָט ער צו 13־14 יאָר געקאָנט ווערן אַ „ליבהאָבער"? די קליינע אותיות האָט ער געקענט, אַ שיינע האַנטשריפט געהאַט, אַ פענאָמענאַלן זכרון אויך — ער האָט נאָך אַ קורצער צייט באַוויזן נישט בלויז צו סופלירן דעם טעקסט, נאָר אויך אַלע איבערגענג און מיזאַנסצענעס); דערצו איז ער געווען אַ גרויסער מנגן, געקענט אויך סופלירן די מעלאָדיעס — איז ער טאַקע געוואָרן איינער פון די בעסטע סופליאָרן אין יידישן טעאַטער.

אַפילו יאָרן שפּעטער, ווען ער האָט חתונה־געהאַט מיט דער כאַראַקטעריסטקע נעמי לעווענטאַל — איז זי געוואָרן די אַקטריסע (און מיט דער צייט טאַקע אַ גוטע כאַראַקטער־אַקטריסע) און ער איז אַלץ געבליבן דער סופליאָר. ביז זיי זענען אין די מלחמה־יאָרן פאַרוואָרפן געוואָרן קיין רומעניע, קיין ווין. דאָרט האָט ער געקאָנט פאַרווירקלעכן זיין לאַנג־יאָריקן חלום צו ווערן אַן אַקטיאָר.

אמת, ער האָט ביז דאַן שוין נישט איין מאָל געשפּילט טעאַטער. ווען אַן אַקטיאָר איז קראַנק געוואָרן, איז שמחה נאַטאַן, וועלכער האָט געקענט גאַנצע פּיעסן און מוזיק־פּאַרטיטורן פון אויסנווייניק, אַריינגעשפּרונגען אין יעדער ראָל. ס'איז אים אויסגעקומען איינמאָל און אַ צווייט מאָל צו פּאַרטרעטן קאָמיקער און ס'האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז „מיט דעם פּנים און דער פיגור" קאָן ער טאַקע נישט זיין קיין „ליבהאָבער", אָבער אַ קאָמיקער — אַן אויסגעצייכנטער.

2.

אַזוי האָט זיך אָנגעהויבן שמחה נאַטאַנס שיינע אַקטיאָרישע קאַריערע. פון די ווינער פּראַטער־טרופּעס און פון שפּילן אין טשעכישע קורערטער, איז ער אַריבער קיין רומעניע. דאָרט איז ער מיט דער צייט געוואָרן אַן אַקטיאָר אין דער „ווילנער טרופּע" און מיט די „ווילנער" (מאַזאָס טייל) אין יאָר 1927 צוריקגעקומען קיין פּוילן. און אַזוי ווי ער איז פריִער געווען אַ מין צולאָג צום ווייב — דער הויפּט־כוח איז געווען נעמי נאַטאַן — איז ער בהדרגהדיק געוואָרן דער ערשטער אין דעם דועט און לסוף — איינער פון די ערשטע אין יידישן טעאַטער.

ער האָט פאַרמאָגט אַן אויסערגעוויינלעכן חוש פאַר הומאָר, אַ שטאַרקן

בינע־טעמפּעראַמענט. אַ פיינע שטים און האָט אויך געקענט קאַפּירן פאַר־שידענע טיפן און געשטאַלטן. געשטערט האָט אים אַביסל דער מאַנגל פון סצענישע אויגן — ער איז געווען אַזוי קורצזיכטיק, אַז ער האָט כמעט קיין שריט נישט געקאָנט מאַכן אויף דער בינע אָן די ברילן. ווען ס'איז אים אויסגעקומען צו שפּילן אָן ברילן, — אויב צו דער ראָל האָבן זיך בשום־אופן נישט געפּאַסט קיין ברילן, — האָט ער זיך געמוזט באַוועגן, ווי אַ בלינדער. אָבער ער האָט דעם פעלער געדעקט מיט זיין אומגעהייערער באַוועגלעכקייט, טראָץ דעם, וואָס ער איז מיט דער צייט געוואָרן קיילעכ־דיק, ווי אַ פעסל. דערביי זענען זיינע שטים־מעגלעכקייטן — ביים זינגען און ביים רעדן — געווען אַזוי גרויס, אַז ס'האָט זיך נישט געגלייבט, אַז אין דעם קיילעכדיקן, נידעריקן גוף זאָל זיך געפינען אַזאַ רייכער אוצר פון טענער. די יאָרן זיצן אין סופליאָר־קאַסטן האָבן ביי אים נישט קיין תל־געמאַכט פון האַלדז, להיפוך צו אַנדערע סופליאָרן, וועלכע זענען פון „קאַסטן" געוואָרן הייזעריק, אַסטמאַטיש. ס'האָט זיך ביי אים אויך אַנטוויקלט אַן אידעאַלע דיקציע און אָטעם — איינע פון די בעסטע אויף דער יידישער בינע.

די גרויסע אַקטיאָרישע מעלות פון שמחה נאַטאַנען זענען געווען אַן אַנטפּלעקונג פאַרן יידישן עולם אין פּוילן — סיי ווען ער איז אַרויסגע־טראָטן מיט די „ווילנער" אין זייער אַלטן רעפּערטואַר, מיט וועלכן זיי זענען געקומען פון רומעניע (דוד שפּיראָ אין שלום־עליכמס „שווער צו זיין אַ ייד"; דער שדכן אין דימאָווס „דער זינגער פון זיין טרויער", אין דער באַאַרבעטונג און אויפפירונג פון בולאָוו־שטערנבערג; אַ גלאַנץ־לייס־טונג אין יעווראיינאָווס „דער עיקר" א"אַ). סיי אין נייעם, וואָס איז געשאַפן געוואָרן אין פּוילן (דער פּאָפּ אין שלום אַשס „קידוש השם"; דער לץ אין י. ל. פּרצעס „ביינאַכט אויפן אַלטן מאַרק", א"אַ). זיין אַרבעט אין פּוילן ווערט דאַן אָבער געשטערט צוליב דער שווערער נירן־קראַנקייט. ער פאָרט קיין ווין, ווערט אָפּערירט און קומט צוריק מיט איין ניר. אָבער באַלד טרעט ער צוריק צו צו דער אַרבעט אין טעאַטער. אַ צייט נאָך אין דער „ווילנער טרופּע", פאָרט ער אויף גאַסטשפּילן קיין דרום־אַפריקע, שפּילט מיט אַלעקסאַנדער גראַנאַך (ד"ר זיידעל אין „די געלע לאַטע") און אין פאַר־

שידענע טרופּעס אין פּוילן. נאָכן צעפאַלן זיך פון די „ווילנער" האָט ער אויסגעטאָן דאָס שעם־היטל און געשפּילט, וואָס עס האָט זיך געלאָזט; אָנ־געפירט אַן אייגענע טרופּע, ווו ער איז דער עיקר אויפגעטראָטן אין רע־פּערטואַר פון לודוויק זאַץ; צוזאַמען מיט חבל בוזגאַן געפירט אַ "פּאָלקס־טעאַטער" און לסוף געוואָרן אַ צענטראַלער כוח אין באַנייטן וואַרשעווער יידישן קונסט־טעאַטער („וויקט"), ווו ער שאַפט אַ ריי גלאַנץ־לייסטונגען, ווי פּאַפּוס אין י. אַשענדאָרפס באַאַרבעטונג פון גאָלדפאַדענס „בר־כוכבא" און דער גבאי אין די „בראָדער זינגער" פון אַשענדאָרף־פּריזאַמענט; מו־ראַווטשיק אין שלום־עליכמס „בלאָנדזשענדע שטערן" און דער קעניג פון די בעטלער אין וויקטאָר הוגאָס „גלאָקנציער פון נאָטר־דאַם", אַלע — אויפ־פירונגען פון זיגמונט טורקאָוו. אין די מלחמה־יאָרן איז ער אין לעמבער־גער יידישן מלוכה־טעאַטער אַ פירנדיקער אַקטיאָר, שפּילט אַ גרויסע צאָל וואָגיקע ראָלן און שאַפט אייניקע באַדייטנדיקע קרעאַציעס. אויף דער עוואַקואַציע פאַרלאָזט ער בוכאַראַ און ווערט אין דזשאַמבול (קאַזאַכסטאַן) אַ מיטגליד פון קיעווער יידישן מלוכה־טעאַטער. מען לאָזט אים אָבער נישט צו צו קיין ראָלן און ער וויל אַלץ שפּילן. קומט ער קיין פרונזע, אין אַנ־סאַמבל פון אידאַ קאַמינסקאַ. און נאָך איר אַוועקפאָרן קיין מאָסקווע נעמט ער איבער די אָנפירונג פון אַנסאַמבל און פירט דורך אַ גרויסן טורנע אי־בער מיטל־אַזיע. ביז ער פאָרט צוריק קיין פּוילן, ווו ס'האָט אַריינמאַרשירט מיט די ערשטע מיליטערישע אָפּטיילונגען זיין איינציקער זון, מישאַ, אַן אָפיצער אין דער פּוילישער אַרמיי; זיין איידעם, דער מאַן פון דער אומ־געקומענער טאָכטער אידע, דער אַקטיאָר יעקב גינצבורג (געשטאָרבן אין ישראל אַלס פּאָליציי־אָפיצער יעקב גינוסר) — אַ העכערער אָפיצער אין דער פּוילישער זיכערקייט־דינסט.

קיין פּוילן קומט ער שוין אָבער צוריק אַ טויט־קראַנקער. זיין ווייב מיט דער טאָכטער און אייניקל זענען אומגעקומען אין טרעבלינקע (ער האָט זיך עוואַקוירט קיין מיטל־אַזיע און זיי זענען פון לעמבערג צוריק־געפאָרן אין וואַרשעווער געטאָ). ער האָט פאַרלוירן יעטוועדן אינטערעס אין לעבן. מען רעדט אים איין ער זאָל נאָך שפּילן מיטן אַנסאַמבל, וואָס האָט זיך דאַן געפונען אין ריכבאַך, נידערשלעזיע. ער שפּילט מיט זיי איינע

פון זיינע בעסטע ראָלן — דוד שפּיראָ אין „שווער צו זיין אַ ייד״, אָבער נאָך אַ פאָרשטעלונג, אין וואַרשע — בלייבט ער שוין דאָרט אין שפּיטאָל און שטאַרבט אין יולי 1946. ער האָט געפונען זיין אייביקע רו אין שכנות מיטן קבר פון אסתר־רחל קאַמינסקאַ, אויפן גענשער בית־עולם.

3.

ווען איך האָב צום ערשטן מאָל דערזען שמחה נאַטאַנען, גערעדט מיט אים — אין קוראָרט טרוסקאַוויעץ, אין מזרח־גאַליציע, ווו די „ווילנער״ האָבן רעפּעטירט זומער 1927, — האָב איך געהאַט דעם איינדרוק, אַז איך האָב פאַר זיך אַ לץ און בלויז אַ לץ. זיינע חכמהלעך, ווערטלעך, גרימאַסן, דער אָפּטער צוק מיט די ברילן — דאָס אַלץ האָט געמאַכט דעם איינדרוק פון אַ חוזק. ער האָט חוזק געמאַכט פון אַלעמען און אפשר צום מיינסטן — פון זיך אַליין. ער איז שוין דאַן געווען קראַנק אויף די נירן, געליטן דערפון גרויסע יסורים און — געמאַכט חוזק אויך אויף דעם חשבון.

אָבער ווען איך האָב אים שפּעטער געזען שפּילן, האָבן איך געמוזט בייטן מיין מיינונג. טאַקע אַ לץ, אָבער אַן אויסגעצייכנטער אַקטיאָר, וועלכער קאָן פון זיין קאָמיזם אויך אַרויסבאַקומען טראַגישע טענער; קען פאַרטיפן אַ געשטאַלט און איבערלאָזן אַרום איר שוועבן עפּעס נישט דערזאָגטס; עפּעס, וואָס לאָזט זיך נישט דעפינירן און וואָס איז אייגנטלעך דער אַראָמאַט פון יעטוועדער קונסט, פון יעטוועדן קינסטלערישן שאַפן.

ביי דער אַרבעט איז מיר אויסגעקומען זיך צונויפצוטרעפן מיט נאַטאַנען אין דער „ווילנע טרופּע״. איך האָב אים באַוווּנדערט אין אייניקע פון זיינע בייע ראָלן: אין פּרצעס „ביינאַכט אויפן אַלטן מאַרק״, דער לץ — אויפן אָרט פון סאַמבערגן — אַ ראָל, אין וועלכער ער האָט טאַקע נישט פאַרמאָגט דעם סאַרמבערגישן ברויז, האָט אָבער אַרויסבאַקומען פון איר מער בולטע פּרצישע אַקצענטן; דעם פויקער אין אהרן צייטלינס „יידן־שטאָט״ — אַן עפּיזאָד, וועלכן נאַטאַן האָט דערהויבן צו אַ דערשיינונג אאַז״וו. אין 1934 ווידער האָב איך מיט אים מיטגעמאַכט דעם ערשטן גרויסן גראַנאַך־טורנע מיט „די געלע לאַטע״; 1934־1939 האָבן מיר צוזאַמען געאַרבעט אין באַנייטן „וויקט״. מיר האָבן ביידע געהערט צו דער אָנפירונג (ראַט)

פון טעאַטער, — צוזאַמען מיט אונדזער חבר י. מאַנדלבליט — און האָבן זיך דעריבער געטראָפן אויף לאַנגע שמועסן, נישט בלויז אויף די רעפּע־טיציעס און פאָרשטעלונגען. אין 1944־1945 זענען מיר געווען צוזאַמען אין דער הויפּטשטאָט פון קירגיזיע, אין פרונזע, מיטגעמאַכט דעם גרויסן טורנע איבער מיטל־אַזיע, ווען נאַטאַן איז געווען דער אָנפירער פון קאָלעק־טיוו. אין יענע צייטן האָב איך אַלץ בולטער אַרויסגעזען פון אונטער זיין מאַסקע פון אַ לץ — דעם מענטש פון טיפע טראַגישע איבערלעבונגען.

נאַטאַן איז געווען פאַרמעגלעך, אפשר דער פאַרמעגלעכסטער ייִדישער אַקטיאָר אין פּוילן, זייענדיק מיט דער פרוי שטענדיק אַנגאַזשירט אויף גוטע פּאָסטנס — אין יעדן טעאַטער האָבן זיי פאַרנומען אַן אָנגעזעענעם אָרט — און היות זיי האָבן געפירט אַ ביז גאָר באַשיידן לעבן, האָבן זיי גע־שפּאָרט אַ גראָשן צו אַ גראָשן און דערשלאָגן זיך צו אַ באַדייטנדיקן קאַ־פּיטאַל (ווי פאַר ייִדישע אַקטיאָרן). כ׳האָב אַליין געזען, ערב דעם אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה, אויף זיין אין באַנק־קאָנטע די שיינע סומע פון 90 טויזנט זלאָטעס (ד״ה: אַריבער 17 טויזנט דאָלאַר). דאָס איז געווען אויף איין קאָנטע — אַ חוץ דעם צירונג, וואָס זיי האָבן פאַרמאָגט אין אויסלענדישער וואַליוטע. ער האָט זיך דערוואָרבן דעם שם פון אַ קאַרגן, ווייל ער איז געווען ווייט פון באַהעמע־שטייגער און זיך טאַקע שטאַרק גערעכנט מיטן גראָשן. אָבער ביידע קינדער האָט מען געשיקט אין די ייִדישע גימנאַזיעס (אין ווילנע און ביאַליסטאָק), מען האָט נישט געקאַרגט קיין געלט, כדי זיי צו דערציִען, ווי עס פּאַסט פאַר ייִדישער אינטעליגענץ.

נישט איינמאָל האָב איך זיך מיט אים אויסגעטענהט אויף דער טעמע פון געלט־גייציקייט, ווען ער פלעגט מיר פאָרוואַרפן מיין אויסברענגערישן לעבנס־שטייגער:

— צו וואָס דאַרפט איר פטרן געלט אויף רעסטאָראַנען און נאַכט־לאָקאַלן? גלייבט מיר, די לעווענטאַל (אַזוי פלעגט ער תמיד רופן זיין פרוי) קאָכט בעסער און קאָסטן וועט אייך אַ סך ביליקער — האָט ער זיך באַמיט מיך איבערצוצייגן — אָן דערפאָלג. און ווען איך פלעג זיך חכמהן:

— צו וואָס טויג אייך אַזוי פיל געלט? איר וועט עס מיטנעמען אויף יענער וועלט? — האָט ער אַ צוק־געטאָן די ברילן און בייז געענטפערט:

— אָכלאַפּ (זיינס אַ באַליבט ווערטל), וואָס ווילט איר איך זאָל אויף דער עלטער אָנקומען צו קינדער, אָדער אויסשטרעקן די האַנט נאָך אַ נדבה?

סוף־כל־סוף האָט ער פאַרלוירן דאָס גאַנצע פאַרמעגן און כמעט אויס־געשטרעקט די האַנט נאָך אַ שטיקל ברויט — בפועל־ממש. גראָד אַזוי ווי איך, אין יענע גרויליקע הונגער־טעג אין רוסלאַנד. ביידע זענען מיר גע־וואָרן גלייכע קבצנים.

4.

זייט מערץ 1939 האָב איך געהאַט אַ טיפע איבערצייגונג, אַז אין איי־ניקע חדשים אַרום וועט אויסברעכן די מלחמה. איך ווייס נישט, צי עס האָט געווירקט אויף מיר די מלחמה־שטימונג, מיט וועלכער איך בין גע־האַט צוריקגעקומען קיין פּוילן פון דער טשעכאָסלאָוואַקיי (דאַן שוין אַ קרבן פונעם מינכענער אָפּמאַך פון טשעמבערליין מיט היטלערן); צי ס'איז געווען בלויז אַ פאַרגעפיל — אַ פאַקט איז, אַז איך בין געווען איבערצייגט אין מלחמה־אויסברוך און געראָטן פריינד, וועלכע האָבן געהאַט גרעסערע קאַפּיטאַלן (זיך אַליין האָב איך פאַרשפּאָרט עס צו ראָטן, ווייל כ'האָב קיין־מאָל נישט געהאַט צופיל געלט), זיי זאָלן עס אינוועסטירן אין ווערטזאַכן און פרעמדער וואַליוטע. פאַרשטייט זיך, איך האָב זיך נישט פאָרגעשטעלט, אַז די מלחמה וועט אָננעמען אַזאַ היטלעריסטישן כאַראַקטער... איך האָב זיך דאַן שטאַרק געאַמפּערט מיט אונדזערס אַ פריינד, אַ לעמבערגער קונסט־מעצענאַט, דעם באַנקיר אָ. ג., וועלכער האָט געהאַלטן, אַז נאָכן מינכענער אָפּמאַך קאָן נישט זיין קיין רייד וועגן מלחמה. פונדעסטוועגן האָב איך אים געראָטן, ער זאָל זיך באַמיִען וואָס מער צו אינוועסטירן אין אויסלאַנד דורך זיין זון, וואָס האָט שטודירט אין אָקספאָרד און איז גראָד אַהיימגעקומען פּסח.

צווישן די, וועלכע כ'האָב באַגליקט מיט מיינע פינאַנץ־עצות, איז גע־ווען שמחה נאַטאַן. ער האָט שטאַרק נישט געהאַט קיין חשק צו רירן עפּעס

פון זיין קאָנטאָ אין פּ.ק.אָ. (די פּאָסט־באַנק), אָבער לסוף איז ער געקומען צו מיר מיט אַ שמחה — דעם זומער פאַרן מלחמה־אויסברוך — אַז ער האָט אַרויסגענומען 10 טויזנט זלאָטעס פון באַנק, ווייל ס'האָט זיך אים גראָד געמאַכט צו קויפן אַ שיינעם ברילִיאַנט. אין אייניקע וואָכן אַרום האָט ער שוין מער גאָר נישט געקאָנט אַרויסנעמען. די באַנק־קאָנטעס זענען בלאָקירט געוואָרן און ער איז אַנטלאָפן פון ברענענדיקן וואַרשע מיט די פּולע באַנק־ביכלעך.

סיי־ווי אָבער וואָלט נישט קיין סך אַנדערש געווען, ווען ער באַוויזט יאָ אַרויסצונעמען דאָס געלט. אַנטלויפנדיק פון וואַרשע זענען די נאַטאַנס געווען אין געבורט־שטעטל פון פרוי נאַטאַן (מינסק־מאַזאָוויעצק) און דאָרט באַגראָבן ערגעץ דאָס גאַנצע צירונג זייערס. „די שריפה וועט אַריבער, וועט מען עס אַרויסנעמען" — האָבן זיי זיך געטראַכט. מיט דער כוונה איז מן־הסתם פרוי נאַטאַן מיט דער טאָכטער אַנטלאָפן פון פאַרנומענעם לעמבערג אין וואַרשעווער געטאָ (די מענער האָבן זיך עוואַקוּירט קיין מיטל־אַזיע). פון וואַרשעווער געטאָ זענען זיי אַוועק קיין טרעבלינקע און געטיילט דעם גורל פון הונדערטער טויזנטער קדושים.

מיטן פאַרלוסט פון זיין פאַרמעגן האָט נאַטאַן גיך שלום געמאַכט (אָדער — אפשר האָט ער געהאָפט עס צוריק צו געפינען „ווען די שריפה וועט אַריבער"?). קורץ פאַרן אויסברוך פון דער סאָוועטיש־דייטשישער מלחמה בין איך געווען ביי אים צו־גאַסט אין לעמבערג, האָט ער געשיינט פאַר נחת, ווען ער האָט מיר געוויזן זיין אייניקל, וואָס האָט געוואָיעוועט אין דער וויג:

— אָט דאָס איז מיין פאַרמעגן.

אָבער אויך דאָס דאָזיקע פאַרמעגן האָט ער פאַרלוירן — און דאָס איז שוין געווען דער שווערסטער קלאַפּ פאַר אים.

מיר האָבן זיך ווידער געטראָפן, סוף 1943, אין פרונזע. נאַטאַן איז דאַן געקומען פון דזשאַמבול, פון קיִעווער טעאַטער — אַ חורבה פון אַ מענטשן: אויסגעדאַרט, אָפּגעריסן, קראַנק. ער האָט געהאָפט, אַז אין דער היימישער סביבה פון אייגענע מענטשן — אַקטיאָרן פון פּוילן — וועט ער גיכער קאָנען געפינען אַ וואַרעם ווינקל, קומען צו זיך.

שמחה נאַטאַן

עס האָט אים אויך צוגעשפּילט דאָס מזל: גראָד איז אידאַ קאַמינסקאַ אַוועקגעפאָרן קיין מאָסקווע און נאַטאַן האָט איבערגענומען די אָנפירונג פון יידישן אַנסאַמבל, וואָס איז באַשטאַנען פון אַקטיאָרן פון לעמבערגער און ביאַליסטאָקער טעאַטערס. דאָס אַליין האָט אים געגעבן אַ בעסערע מאַטעריעלע פּאָזיציע. ער האָט אויך דינאַמיש אָנגעפירט מיטן אַנסאַמבל, אויפגעפירט מיט אים אַלטע פּיעסן, אין וועלכע ער איז נישט תמיד געווען אַ געשפּילטער: אין „בלוטיקן שפּאַס" — יאָ; אין גערשענזאָנס „הערשעלע אָסטראָפּאָליער" — נישט. געמאַכט אַ גרויסן טורנע איבער מיטל־אַזיע, וואָס האָט געהאַט אַן אומגעהייערן דערפאָלג: אַלמאַ־אַטאַ, טאַשקענט, בו־כאַראַ, לענינאַבאַד, אַנדיזשאַן, נאַמאַנגאַן, אַש — עקזאָטישע שטעט פון די מיטל־אַזיאַטישע רעפּובליקן. אַ טורנע, וועלכן ס'איז כדאי צו פאַראייביקן מיט אַ פּאָר ווערטער.

אין טאַשקענט, אַ שטייגער, איז דער אַנסאַמבל („יידישער אַנסאַמבל ביי דער קירגיזישער פילהאַרמאָניע") געקומען שפּילן נאָכדעם, ווי ס'האָט דאָרט מער ווי צוויי יאָר געשפּילט דאָס מאָסקווער יידישע מלוכה־טעאַטער און ס'האָט אויך גאַסטראָלירט דאָס פאַראייניקטע דאָן אָדעסער־כאַרקאָווער טעאַטער. דער אָפיציעלער פּרייז פון די בילעטן איז געווען זייער אַ ני־דעריקער. די בילעטן זענען אָבער גלייך אויספאַרקויפט געוואָרן אויף אַלע 30 פאָרשטעלונגען און די אויפקויפער האָבן שפּעטער גענומען צענדליקער רובל פאַר אַ בילעט. דאָס אינטערעסאַנטסטע דערביי איז געווען, אַז די מערהייט פון עולם זענען געווען אַלטע סאָוועטישע מענטשן, נישט קיין פּליטים פון פּוילן. איך האָב טאַקע געפּרוווט כאַפּן אַ שמועס מיט אייניקע אַזעלכע באַזוכער — יידן פון אָדעס, קיעוו, ווייסרוסלאַנד — און דערגייין די סיבה פון אונדזער דערפאָלג, ווייל אויסערלעך האָבן מיר נישט געקאָנט קאָנקורירן מיט די סאָוועטישע טעאַטערס — מיט זייער רייכער אויסשטאַ־טונג און גרויסע אַנסאַמבלען. ווייזט זיך אַרויס:

— מיר האָבן געהערט פון יידן, וואָס האָבן אייך שוין געזען, אַז ביי אייך קאָן מען אויפכאַפּן דעם אמתן יידישן זיפץ. איר שפּילט טאַקע אמת יידיש, נישט ווי יענע: מיט יידישע ווערטער אויף רוסיש...

און ביים געזעגענען זיך אין פרונזע (שוין אָן נאַטאַנען) איז צו אונדז

אַריינגעקומען אַ דעלעגאַציע פון חשובע ייִדן, הויכע מיליטערלייט און באַאַמטע און איינער האָט אונדז געזאָגט:

— איר פאָרט אַוועק צווישן ייִדן און אונדז בלייבט אַ ווונד אין האַרצן. מיר פאַרלירן ווידער די פאַרבינדונג מיט דער גרויסער ייִדישער וועלט.

דאָס איז געווען מער־ווייניקער דער נוסח פון אַלע ענטפערס.

נאַטאַן האָט טאַקע גרויס הנאה געהאַט פון די דערפאָלגן, אָבער —

— נישט שוין־זשע איז דאָס דער זין פון לעבן? און די משפחה? מיין איניקל? — האָט ער ווייטיקלעך געזיפצט.

אָן זיי האָט ער נישט געזען קיין זין פון זיין לעבן.

ביי דער ערשטער געלעגנהייט, ווען ס׳האָט זיך געעפנט אַ שפּעלטעלע פון אַ גרענעץ קיין לעמבערג — איז ער דורך מאָסקווע אַהינגעפאָרן, זוכן עפּעס אַ שפּור פון די טייערסטע. פון לעמבערג איז ער אַוועק קיין פוילן — דאָרט געפונען דעם זון מיטן איידעם. דאָס איז אָבער געווען ווייניק, אָדער צו־שפּעט. מיט די לעצטע כוחות האָט ער נאָך געשפּילט אייניקע פאָר־שטעלונגען אין פוילן און אויסגעגאַנגען קורץ נאָך דעם אין שווערע ליידן — אין אַ וואַרשעווער שפּיטאָל.

# חיים האַנפּט

.1

— „ווי האָסטו געקאָנט פּועלן ביי זיך אָנצושרייבן אַ נעקראָלאָג וועגן דעם קאָנטררעוואָלוציאָנער?" — איז אַרויס צו מיר מיט אַ טענה איינער פון די אָנגעזעענסטע ייִדישע געזעלשאַפטלעכע טוער אין פּוילן, צוליב מיינס אַ קורץ אַרטיקעלע, אין וועלכן כ'האָב מספּיד־געווען דעם פּריצייטיקן טויט פון דעם באַגאַבטן ייִדישן קינסטלער חיים האַנפּט.

אַז האַנפּט איז געווען פאַר דער מלחמה געכאַפּט אין „טראָצקיזם" — דאָס האָב איך געוווּסט בשעתו. אָבער געמיינט האָב איך, אַז דאָס איז שוין לאַנג פאַרגעסן געוואָרן. דער פאַרשטאָרבענער איז די לעצטע יאָרן בכלל נישט געווען אַקטיוו פּאָליטיש. און אונדז האָט געבונדן אַ פריינדשאַפט פון קרוב צו דרייסיק יאָר. אין די לעצטע יאָרן איז די דאָזיקע פריינדשאַפט פאַרשטאַרקט געוואָרן — מיר האָבן ביידע געוווינט אין וראָצלאַוו, אין איין געגנט און אָפט זיך געטראָפן. ווי־זשע האָב איך געקאָנט „נישט באַמערקן" זיין טויט? האָב איך זיך געפּרוווט צו פאַרענטפערן, אַז כ'האָב דאָך נישט מספּיד־געווען קיין פּאָליטיקער, נאָר אַ חבר, אַ קינסטלער. דאָס האָט נאָכמער אויפגעבראַכט מיין מיטשמועסער:

— „ד'ער חבר־קינסטלער דיינער האָט מיר אַליין געזאָגט, אין אָטוואָצק, אין יאָר 1937, אַז ווען מען גיט אים די מעגלעכקייט, וואָלט ער אייגנהענ־טיק דערשאָסן סטאַלינען...

ס'האָט אויסגעזען, ווי דער זאָגער וואָלט ביים אַרויסזאָגן די ווערטער — פון בלויזן קלאַנג זייערן — בלאַס געוואָרן. ווייל געווען איז עס אין מאַי 1951, ווען די סטאַלין־לעגענדע און סטאַלין־קולט האָבן דערגרייכט זייער העכסטע מדרגה פון שגעון. און נישט איינער פון אונדז האָט אפשר אונ־טערבאַוווּסטזיניק מורא־געהאַט, אַז יעדעס וואָרט, וואָס ער זאָגט אַרויס,

יעדער געדאַנק, וואָס ער טראַכט, ווערט ערגעצוווּ רעגיסטרירט און צוגע־טראָגן צו סטאַלינען אַליין, אָדער ווייניקסטנס — צו זיין אַלמעכטיקן שפּיאָ־נאַזש־ און מסירה־אַפּאַראַט.

איך האָב זיך געמוזט וואָס שנעלער אַרויסדרייען פון דעם שמועס, באַפרייען זיך פון מיין מיטשמועסער און אַ לאַנגע צייט נאָכדעם טראַכטן: צי האָט עס זיך געענדיקט בלויז דערמיט? כאָטש בעצם האָב איך געמעגט זיין רויִק, ווייל איך האָב געוווּסט, אַז מיין מיטשמועסער איז מיר באמת אַ פריינד און האָט מיך שוין נישט איינמאָל אויסגעהיט פון פאַרשידענע צרות, וועלכע איך האָב זיך געקאָנט אָנמאַכן מיט מיין נישט־פאָרזיכטיקער צונג און פעדער.

וואָס שייך ווידער דעם ציטירטן פאַקט מיט האַנפטן, איז ער זיכער געווען אַ ריכטיקער. אין די לעצטע פאַרמלחמה־יאָרן האָט חיים האַנפט טאַקע געוווינט אין אָטוואָצק, דוכט זיך — צוליב זיין לונגען־קראַנקער פרוי, אַ צאַרט ווייב, אין וועלכער ער איז געווען שטערבלעך פאַרליבט) און אַ צייט לאַנג איז זיין הויז געווען אַ מקום־מקלט און אַ טרעף־פונקט פאַר קאָמוניסטישע טוער, וועלכע פלעגן זיך אָפטמאָל אויסבאַהאַלטן אין אָטוואָצק, אַרבעטנדיק אין וואַרשע. געווען איז עס זיכער בעת די מאָסקווער פּראָצעסן, וואָס האָבן חיימען גאָר אויפגעטרייסלט און געמאַכט אַ סוף צו זיין שוין אין די לעצטע יאָרן לויזער פאַרבינדונג מיט דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי.

מען האָט דאַן געפרווט פאַרוואַרפן, אַז דאָס איז דערפאַר, ווייל ער איז „אַריין אין די פעדערן”. חיים האָט דאַן געהאַט אַ סך באַשטעלונגען אויף זיינע מעטאַלאָפּלאַסטיק־קאָמפּאָזיציעס פאַר פוילישע אַריסטאָקראַ־טישע פּאַלאַצן און פריצישע הויפן. זיינער אַן אַמאָליקער לערער און פּראָ־טעקטאָר, דער באַרימטער סקולפּטאָר הענריק קונאַ (אַ געוועזענער ישיבה־בחור און אין יענע יאָרן — שוין אַ משומד), האָט אים רעקאָמענדירט צו זיינע פריינד און קליענטן, אַריינגעפירט אים אין דער „גרויסער וועלט” און אַזוי אַרום אים געהאָלפן זיך גוט סיטויִרן מאַטעריאַל.

אָבער אַפילו די, וואָס פלעגן מאַכן אַזעלכע פאָרווורפן האָבן געוווּסט, אַז דאָס איז נישט אמת, אַז דאָס איז אין קעגנזאַץ צו חיימס כאַראַקטער.

דאַן, ווען ער האָט זיך מאַטעריעל באַפּעסטיקט, איז ער גראָד געווען אַזאַ פּזרן, ווי ווען ער איז געווען אויף גרויסע צרות (און דאָס האָט געדויערט אַ סך יאָרן). ער איז אין זיין כאַראַקטער געווען אַ באַהעמיען — כאָטש אין יענע יאָרן האָט ער דאָס באַהעמישע געמוזט צו־מען אין זיך צוליב זיין קראַנקער פרוי. ער איז געווען אַ גוטער חבר פאַר וועמענס גראָשן מען קאָן נישט אויסגיין, ווי מען פלעגט רעדן אין דער היימישער סביבה. מיין איך, אַז מען האָט אים דאַן געפּרווּווט פאַרוואַרפן „פאַרבירגערלעכונג" דער־פאַר, ווייל מען האָט אים נישט געוואָלט באַשולדיקן אין ערגסטן פון אַלע חטאים, רחמנא־ליצלן — אין אַראָפּגיין פון פאַרטייִשן דרך־הישר. דער פאַקט, אַז מיין מיטשמועסער האָט חיימס חטאים דערמאָנט ערשט נאָך זיין טויט, איז שוין אויך געווען אַ באַווייז, אַז ער האָט זיך ביז דאַן נישט גע־וואָלט וועגן דעם דערמאָנען, כדי דעם לעבעדיקן חיים נישט צו טאָן דער־מיט קיין שלעכטס. ווייל אַזאַ באַשולדיקונג — דערצו פונעם מויל פון אַן אָנגעזעענעם פאַרטיי־מענטש — האָט זיך פאַר חיימען געקאָנט טראַגיש ענדיקן. מיין מיטשמועסער האָט מיר טאַקע, אין יענעם אחרי־מות־שמועס, געזאָגט:

— ווי לאַנג ער האָט געלעבט, האָב איך זיך באַמיט עס צו פאַרגעסן, כדי אים נישט צו טאָן קיין שלעכטס. אָבער דערמאָנען אים נאָר צום גוטן, אַפילו נאָכן טויט, דאָס איז שוין אַביסל צופיל.

איך בין זיכער, אַז מאַכנדיק מיר דעם פאַרוואורף האָט ער גלייכצייטיק, אינערלעך אין זיך, געהאַט אַ וואַרעם געפיל פאַרן פאַרשטאָרבענעם. ווייל ער האָט אים ליב געהאַט, גראָד ווי אַלע, וואָס האָבן אים געקענט — נישט געקוקט אויף זיינע אָפטע אויפברויזן, אויף קריגערייען. און געקריגט האָט ער זיך כמעט מיט אַלע — צוליב פּרינציפּיעלע ענינים, צוליב מיינונגען וועגן קונסט, צוליב קלייניקייטן אַפילו. זיין ברויזנדיקער טעמפּעראַמענט, זיין דורכויס אַנאַרכיסטישער וועלט־באַנעם און אויפנעם פון דערשיינונגען, זענען געווען אַ שטענדיקער אויפרייס־שטאָף אין די באַציִונגען מיט מענ־טשן. און טראָץ דעם איז ער געווען שטאַרק באַליבט אַלס קינסטלער, אַלס חבר, אַלס מענטש.

.2

מיינע ערשטע צוזאַמענטרעפן מיט האַנפטן זענען געווען סוף 1923, נאָך מיין צוריקקומען פון לעמבערג. פאַרשטייט זיך — אין ליטעראַטן־פאַראיין, אויף טלאָמאַצקע, — דער זאַמלפונקט פאַר אַלע אומרויִקע יונגע גייסטער פון צווישן דער יידישער יוגנט אין פוילן. אָבער איין פרילינג־אָדער ריכטיקער — נאַכט — אַ פאַרברענגטע מיט חיימען אין יאָר 1924, איז מיר פאַרבליבן אומפאַרגעסלעך.

איך געדענק נישט גענוי צוליב וואָס פאַר אַ געלעגנהייט חיים האָט איינגעאָרדנט אַ שמחה אין דער היים פון זיין ברודער, אין דעם דענטיס־טישן קאַבינעט אויף פראַגע. איך געדענק אויך נישט אַלע באַטייליקטע אין יענעם אָוונט. אין זכרון זענען מיר פאַרבליבן — אויסער היימס משפחה — דער זיך שוין עלטערנדיקער קינסטלער משה אַפּלבוים, וועלכער איז דאַן געווען אַ פּאָפּולערער סצענאָגראַף אין יידישן טעאַטער; דער יונגער קינסטלער ישראל פּרעסמאַן, דער יונגער שרייבער א. צינאַמאָן; צוויי יונגע סטודענטקעס פון לובלינער געגנט, וועלכע האָבן דאָס ערשטע יאָר שטודירט פאַטאָאַניסטיק אויפן וואַרשעווער אוניווערסיטעט. ס'איז געווען פריי־לעך ביז גאָר. ערשט שפּעט אין דער נאַכט, ווען משה אַפּלבוים איז שוין געווען אונטער דער השפעה פונעם „ביטערן טראָפּן" און מיר אַלע — פּעסט בגילופין, האָט חיים זיך אָנגעזעצט אויף אַפּלבוימען, דערנאָך מיט דער פויסט אויסגעהאַקט אַ שויב, זיך צעשניטן אַ האַנט, נישט געלאָזט זי אַרומ־בינדן און בלויז געוויינט, געררעוועט, אַז די גאַנצע וועלט איז פאַלש און פאַרדאָרבן, ס'איז נישט כדאי צו לעבן און עפּעס צו טאָן. איך געדענק נישט צוליב וואָס ער איז אַריינגעפאַלן אין אַזאַ צושטאַנד, אָבער דאָס איז ביי אים דאַן נישט געווען קיין זעלטנקייט.

ווייל בסך־הכל איז עס געווען קורץ נאָכדעם (דוכט זיך — נישט קיין גאַנצע צוויי יאָר), ווי ער איז געהאַט צוריקגעקומען קיין פוילן פון דער סאָוועטישער געפאַנגענשאַפט, אין וועלכער ער איז אַריינגעפאַלן אין יאָר 1919. דורך פאַרשידענע אומוועגן האָט ער דאַן דערגרייכט קיין לענינגראַד, געלערנט דאָרט אין דער קונסט־אַקאַדעמיע און דערנענטערט זיך צו די אַנאַרכיסטיש־געשטימטע מאַטראָסן. ווען ער איז צוריקגעקומען קיין פוילן

מיטן אויסטויש פון געפאַנגענע, איז ער טאַקע געווען אַן אַנאַרכיסט. אַ קאָ־מוניסט איז ער געוואָרן אונטער דער השפּעה פון זיין פרוי, וועלכע האָט געהערט צו דער קאָמוניזירנדיקער יידישער יונגער אינטעליגענץ. אָבער די אַנאַרכיסטישע קערנער, וואָס זענען אין אים פאַרזייט געוואָרן אין לע־נינגראַד (און וואָס האָבן געהאַט אַ גינסטיקן באָדן אין דער וואַרשעווער קינסטלער־סביבה) האָבן פון צייט צו צייט ווידער אויפגעבליט... איך בין יעדנפאַלס די גאַנצע צייט געווען ביי דער מיינונג — אַפילו דאַן, ווען מ׳האָט אים פאַרגעוואָרפן אַ „טראָצקיסטישן אָפּנייג" פון קאָמוניסטישן דרך־הישר — אַז ער איז געווען און פאַרבליבן אַן אַנאַרכיסט (אָדער „עטישער סאָציאַ־ליסט", ווי ער פלעגט עס אַמאָל באַצייכענען) — אַזוי ביזן סוף פון זיין לעבן.

אַנאַרכיסטישע צעשטויבטקייט האָט זיך אויך געלאָזט פילן ביי אים אין דער קינסטלערישער אַרבעט, יעדנפאַלס — ביז דער חתונה זיינער. דער ערשטער, וואָס האָט אים — אַ פּראַגער ישיבה־בחור — מקרב געווען צו דער קונסט־וועלט, איז געווען דער באַקאַנטער קינסטלער פון פּראָג־קרייז, י. ב. קראַטקאַ. ער האָט אים איבערגעוויזן צו העגעד גליצנשטיין, צו הענריק קונאַ, ביי וועמען האַנפט האָט זיך געלערנט מאַלעריי און סקולפּ־טור. קודם־כל האָט ער זיך אויך געלערנט ביי קראַטקאַן. אין דער צייט פון אונדזער באַקאַנטשאַפט האָט ער שוין אָנגעהויבן זיינע מעטאַלאָפּלאַס־טישע אַרבעטן, אָבער ער האָט זיך באַמיט צו דערווייטערן פון מאַרק שוואַרצס סטיליזאַציע און זוכן אַ וועג צום יידישן פאָלקס־פּרימיטיוו.

חוץ דעם זשאַנרען־ויתרוצאו, איז אין אים אויך פאָרגעקומען אַ זית־רוצאו פון ריכטונגען. פון רעוואָלוציאָנערן לענינגראַד איז ער צוריקגעקו־מען מיט אַ שטאַרקער נייגונג צו עקספּרעסיאָניסטישער דעפאָרמאַציע. אין די יידישע קונסט־קרייזן אין פּוילן איז דאַן געווען אַ נטיה צו סטיליזאַציע, אַפילו צו ראָמאַנטישער סטיליזאַציע. ער האָט זיך געריסן צו אַלמענטש־לעכער טעמאַטיק און געווען איז ער דורך און דורך יידיש, ממש בית־מדרש־יידיש. דאָס האָט זיך בולט אַרויסגעזען פון זיין מעטאַלאָפּלאַסטיק אויף ביבלישע טעמעס. ער האָט די חומש־העלדן געגעבן אַ פּלאַסטישן אויסדרוק פון דער הדר־אויסטייטשונג. ער האָט נישט ציזעלירט — ער

האָט אויסגעהאַמערט זיינע בלעכן, ייִדיש אין דעם אַראָמאַט, אין די ליניעס, אין דער קאָמפּאָזיציע, אין דער אָרנאַמענטיק.

ס׳איז געווען מער ווי נאַטירלעך, אַז ער איז געוואָרן — צוזאַמען מיט משה אַפּעלבוימען — אַ רעסטאַווראַטאָר און דעקאָראַטאָר פון שילן. דער עיקר פון אַלטע שילן. כ׳געדענק אים ביי דער אַרבעט אין דער אַלטער בענדינער שיל, צוזאַמען מיט אַפּלבוימען און דעם באַגאַבטן בענדינער קינסטלער י. ציגלער. די אַרבעט ביי זיי איז געווען, דוכט זיך, פאַרטיילט אויף אַזאַ אופן: ציגלער — צייכענען; אַפּלבוים — מאָלן, האַנפּט — מעטאַ־לאָפּלאַסטיק. אָבער פאַקטיש האָבן זיי אַלע דריי אַלץ געטאָן. צוזאַמען גע־שאַפן אַ קונסט־ווערק פון אַ רעקאָנסטרויִרטער אַלטער שיל. ערשט אין ישראל, ווו כ׳האָב געזען, ווי מען האָט פאַרפּאַסקודיעט אַזאַ הערלעכן דענקמאָל פון אַלטער ייִדישער בוי־קונסט, ווי די שיל פונעם אר״י הקדוש אין צפת (דווקא אין דער שטאָט, ווו עס געפינט זיך אַזאַ מעטאַלאָפּלאַסטיקער, ווי אריה מערזער און צענדליקער אַנדערע באַגאַבטע קינסטלער) — ערשט דאָ האָב איך אויפסניי געקאָנט אָפּשאַצן דעם גרויסן אויפטו אין בענדין.

כ׳האָב אים אויך באַגעגנט ביים מאָלן און באַפּוצן די וואָלאָצלאַוועקער כאָר־שיל. דאַן האָט ער זיך טאַקע באַקענט מיט זיין שפּעטערדיקער פרוי. זי האָט געהאַט אַ דעציִדירנדיקע ווירקונג אויף זיין ווייטערדיקער אַנט־וויקלונג. ער איז געוואָרן געזעצטער, באַהערשטער און צילבאַוווסט. סיי אין דער מעטאַלאָפּלאַסטיק, סיי אין צייכענען. ער האָט אויך אָנגעהויבן צו אילוסטרירן ביכער, בעיקר — לערנביכער. דאָ האָט ער ווידער באַ־וויזן זיין אייגענע קינסטלערישע שפּראַך, זיין אינדיווידועלן אויסדרוק.

ווען ער האָט באַקומען די ערשטע באַשטעלונגען פון די „הויכע פענצ־טער״, זענען כמעט אַלע געווען זיכער, אַז דאָ וועט ער מוזן דורכפאַלן. און צו אַלעמענס איבערראַשונג האָט ער דאָ געהאַט זיין גרעסטן דערפאָלג, נישט געקוקט אויף זיין טיפּישער ייִדישקייט אין קינסטלערישן אויסדרוק. און אפשר איז דאָס טאַקע געוואָרן די גרויסע סענסאַציע פון די סאַלאָנען — דאָס אַנדערשדיקע, וואָס האָט אַזוי באַצוווּנגען זיינע אַריסטאָקראַטישע ברויטגעבער? טאַקע ברויט מיט פּוטער־געבער.

און ער איז נישט געוואָרן ביי זיי קיין הכנעהדיקער לאָקיי. פאַרקערט,

ער פלעגט נישט באַהאַלטן זיין שנאה און פאַראַכטונג צו זיי. נישט איינמאָל פלעגט ער פאַר אונדז קאָפּירן מיט חוזק דעם אָדער יענעם פריץ. ער האָט הערבײַ געהאַט אַן אומגעהייער אַנטוויקלטן חוש פאַר הומאָר. נישט געקוקט אויף זיין שטאַמלען האָט ער געקענט זייער פאַרביק און אינטערעסאַנט דערציילן. ער פלעגט אויפכאַפּן דאָס כאַראַקטעריסטישע פון זיינע קליענטן און עס קינסטלעריש שאַרזשירן, אַליין הנאה־האָבן דערפון און פאַרשאַפן גרויס הנאה דעם קרייז פון זיינע צוהערער, אויב זיי האָבן נאָר געהאַט גע־דולד איבערצוקומען די שוועריקייטן פון זיין שטאַמלען.

.3

האַנפּט איז געווען אימפּולסיוו און אָפּטמאָל ווילד אין זיינע אימ־פּולסן. צוליב איין בליק, וואָס איז אים נישט אַזוי געפעלן געוואָרן, האָט ער געקאָנט פאַרלירן די סימפּאַטיע צו אַלטע פריינד. אַ סך האָבן עס פריקרע אָפּגעפּילט אויף זיך, אויך איך האָב עס אַ געוויסע צייט געפילט.

סוף 1941 איז אויף דער עוואַקואַציע, ערגעץ אין אַן אוזבעקיש שטעטל, געשטאָרבן זיין באַליבטע פרוי. דער מענטש האָט זיך פולשטענדיק צוזאַ־מענגעבראָכן. צו אַלע צרות (צרות גייען דאָך סעריעסווייז) האָט מען אים מאָביליזירט אויפן „טרוד־פראָנט" און ער איז אַריינגעפאַלן ערגעץ אין דער געגנט פון אַלמאַ־אַטאַ. אין דער הויפּטשטאָט פון קאַזאַכסטאַן האָט ער דווקא געפונען אַ באַקענטע סביבה. דאָרט זענען עוואַקויִרט געוואָרן אַ סך יִידישע שרייבער פון ביאַליסטאָק: אפרים קאַגאַנאָווסקי, בינעם העלער, דוד ספאַרד, יוסף רובינשטיין, מ. קנאַפּהייס, יוסף אָקרוטני און נאָך און נאָך. מיט קאַגאַנאָווסקין איז ער געווען גאָר שטאַרק באַפריינדעט, נאָך פון די גאָר יונגע יאָרן, פון פּרץ־קרייז. אין אַלמאַ־אַטאַ האָט זיך די פריינד־שאַפט ביי אים פאַרוואַנדלט אין שנאה ממש, ווייל עפּעס איז אים נישט געפעלן געוואָרן, ווי קאַגאַנאָווסקי האָט גערעדט, אָדער געהאַנדלט.

אויך אויף מיר האָט ער אַ לאַנגע צייט געהאַט אַ בייז האַרץ צוליב אַן איינרעדעניש: זומער 1942 זענען מיר געקומען מיט אידאַ קאַמינסקאַ פון פרונזע אויף אייניקע גאַסטשפּילן קיין אַלמאַ־אַטאַ. בעת יענעם באַזוך האָב איך זיך כמעט מיט קיינעם פון חברים און פריינד נישט געטראָפן,

װייל מיר האָבן אין משך פון פיר טעג געשפּילט פינף פאַרשטעלונגען און ביי די באַקאַנטע אַפּראָװיזאַציע-שװעריקייטן האָבן מיר נישט געהאַט קיין צייט — אויסערן שפּילן און שאַפן זיך דאָס עסן אין די פאַרשידענע „סטאָ-לװוקעס״ — אַפילו צו באַקענען זיך מיט דער שטאָט. האָט זיך חיים האַנפּט איינגערעדט, אַז אַריינגייענדיק אין טעאַטער אַריין בין איך אים פאַרביי-געגאַנגען, נישט געענטפערט אויף זיין באַגריסונג, נישט אָפּגעשטעלט זיך. „מסתם האָט דיר נישט געפּאַסט צוליב מיין אויסזען און הולך״ — האָט ער מיר געזאָגט אַ צוויי יאָר שפּעטער, װען איך האָב אים באַגעגנט אין לענינאַבאַד, אין טורקמעניע.

איך בין דאַן אַזוי אויסער זיך געװאָרן פון דער באַשולדיקונג, אַז איך האָב נישט געהאַט פאַר אים קיין אַנדער ענטפער, װי דעם אויסגעשריי: „בהמה!״ און דווקא דאָס איז אים געפעלן געװאָרן.

— איצט גלייב איך דיר, — האָט ער מיר געזאָגט — װייל דו זוכסט זיך נישט צו פאַרענטפערן... אָבער דאַן בין איך געװען איבערצייגט, אַז דו מאַכסט זיך נישט דערקענען. און איך האָב דיך פיינט געקריגן.

אגב איז דאָס געװען אַ נאַרמאַלע דערשיינונג אין יענע באַדינגונגען, אַז אַפילו די נאָענטסטע מענטשן פלעגן זיך נישט דערקענען. היינט איז שװער אַפילו אויסצומשלען, װי אַזוי מענטשן האָבן זיך דאַן אויסערלעך געענדערט. די שמאַטעס, אין װעלכע מען איז געװען אַרומגעװיקלט, די באַ-װאַקסענע, געשװאָלענע פּנימער, די פאַרלאָפענע, פאַרגאָסענע אויגן — דאָס אַלץ האָט דעם מענטשן אַזוי געענדערט, אַז ער אַליין פלעגט זיך נישט דערקענען. איך פלעג זיך גאָר װוּנדערן, װען מ׳האָט מיך יאָ דערקענט. אַזאַ פאַל האָב איך געהאַט נאָכן צוריקקומען פון „טרוד-פראָנט״ קיין טאַש-קענט. װען איך האָב אַרומגעטאָפּטשעט, מיט די פיס, אַרומגעװיקלטע אין שמאַטעס, אין דער טאַשקענטער װינטער-בלאָטע, נישט זעענדיק פאַר זיך קיין מענטשן, האָט מיך פלוצלינג אָנגעכאַפּט איינער אין אַ מיליטערישן שינעל, זיך אַרומגעכאַפּט מיט מיר און זיך צעװיינט:

— װיי איז מיר, װאָס פון אייך איז געװאָרן?!

— װער זענט איר? — האָב איך אים געפרעגט, װייל איך האָב אים באמת נישט דערקענט, כאָטש ער האָט נאָך געהאַט אַ מענטשלעך פּנים.

— איך בין דאָך אַבראַמאָוו.

דאַן האָב איך זיך ערשט דערמאָנט, אַז דאָס איז אַ טעאַטער־געשעפט־פירער פון וואַנדער־טרופּעס אין פּוילן, וועלכן איך האָב בלויז געקענט פון דער ווייטנס. כ׳האָב זיך געוווּנדערט: „ווי אַזוי האָט ער מיך דער־קענט?"...

אַ צווייטער פּאַל — אַ קורצע צייט שפּעטער. אויף די גאַסן פון פּרוגזע האָט מיך פאַרהאַלטן אַ פרוי מיט אַ פראַגע, צי — איך בין איך? זי גע־דענקט מיך, ווען זי איז נאָך געווען אַ קליין מיידל, פלעג איך אַרויפקומען צו איר חברטעס ברודער, מיין גוטן חבר איינעסמאַן. „איר געדענקט מיך זיכער נישט. איך הייס פון דער היים פרענזעל. אָבער איך האָב אייך גלייך דערקענט". איך האָב זיך דאַן צעוויינט — דאָסמאָל פאַר פרייד: נישט שוין־זשע קאָן מען מיך נאָך דערקענען — נאָך אַזוי פיל יאָר? בין איך, הייסט עס, נאָך ענלעך צו אַ מענטשן, צו זיך?

די עפּיזאָדן האָב איך טאַקע דערציילט חיימען. ער האָט זיך פאַר־טראַכט, אַ קוק־געטאָן אויף מיר מיט זיינע לאַכנדיקע אויגן (איך האָב שטענדיק געהאַט דעם איינדרוק, אַז ער פאַרמאָגט צוויי פּאָר אויגן: אַ פּאָר לאַכנדיקע און אַ פּאָר שפּריצנדיקע מיט שנאה. קיין מיטלוועג איז ביי אים נישט געווען) — און צוגעגעבן:

— ביסט גערעכט. לאָמיר פאַרגעסן די גאַנצע מעשה. ס׳איז נישט געווען. מעק עס אָפּ, ווי אַ שלעכט אויפגעמאָלן בילד.

און ער איז גלייך אַריבערגעשפּרונגען אויף אַן אַנדער טעמע:

— ווילסט אפשר גיין צו קראַטקאַן?

— וועלכער קראַטקאַ?

— טאַקע דערזעלבער, פון פּרצן, מיין לערער. ער געפינט זיך דאָ אין אַ קאָלכאָז, נישט ווייט פון לענינאַבאַד. פאַרשיקט פון 37סטן יאָר.

ער האָט מיר דערציילט די געשיכטע פון קראַטקאָס מעטאַמאָרפאָזעס אין ראַטנפאַרבאַנד: פּראָפעסאָר פון דער קונסט־אַקאַדעמיע אין כאַרקאָוו, שפּעטער אין מאָסקווע. חתונה־געהאַט מיט דער סעקרעטאַרשע פון פּוילישן אַמבאַסאַדאָר אין מאָסקווע, פּאַטעק, אַ פּוילישע גרעפין... אַז ער איז אָפּ־געקומען מיט פאַרשיקונג, האָט ער נאָך מיט מזל אָפּגעשניטן.

— זיצט אין קאָלכאָז, עסט צו דער זעט און מאַכט ביוסטן פונעם „פאָ־טער פון די פעלקער". אַזוי װי איך מאַליעװע די סטאַלין־באַהאָמאַזן.

מיט דער גאַנצער בײַסיקײט זײַנער האָט ער מיר דערציילט, װי ער פּראָדוצירט אָן אױפהער ליאַלקעװאַטע סטאַלינס, אַז ס'גלוסט זיך אים אַזש צו ברעכן. די אײנציקע טרײסט — עס גיט פּרנסה בריוות. אָבער ס'עקלט דערפון. האַלט ער כאָטש אין איין שפּײען אויף די בילדער. און װאָס מער באַשפּיגן — אַלץ שענער קומען זײ אַרויס, נעמען שטאַרקער אויס אין די אויגן פון נאַטשאַלסטװע. װער שמועסט נאָך, אַז ער מאַכט סטאַלינען אַביסל קרומלעכע מאָנגאָלישע אויגן — ענלעכע צו די היגע מושלים — זענען זײ גאָר אין זיבעטן הימל.

איך אַליין האָב דאָס געפּיל, װי כ'וואָלט געמאָלן דזשינגיס־כאַן, אין אַ הײנטצײַטיקן סאָװעטישן מונדיר, מיט די גאָלדענע עפּאָלעטן און ברײ־ליאַנטענע שטערן. אָט צו װאָס ס'האָט זיך דערקײקלט די רעװאָלוציע...

— אָבער װעגן דעם אַלעם פּאַר פּ. קײן איין װאָרט... בכלל זײ פאַר־זיכטיק מיט אים. ער איז אַ צוטראָגער בײַ זײ...

פּ. איז געװען אונדזער בשותפותדיקער באַקאַנטער, אַ רײַכער סוחר פון שיעראַדז, װאָס האָט זיך ליב געהאַט צו דרײען אין אַרטיסטישע קרײַזן. זײַנס אַ ברודער, אַ צאָן־טעכניקער אין לאָדזש, איז געװען אַ מקורב פון בראָדערזאָן־ברױנער און זײער פּעקל. איז אָבער דער ברודער, אַ סימפּאַ־טישער מענטש, אומגעקומען ערגעץ בײַ היטלערן און ער איז געװאָרן אַ פּראָפעסיאָנעלער צוטראָגער אין ענקאַװעדע. שוין זײַענדיק אין פּױלן האָט מיר חיים געזאָגט, אַז ער האָט נישט אײנמאָל געבענטשט גומל, װאָס יענער האָט אים נישט איבערגעגעבן אין ענקאַװעדע — כאָטש ער, חיים, איז נישט געװען יענעמס „פּאַך". יענער האָט זיך ספּעציאַליזירט אין פאַרבינדן באַ־ציִונגען מיט סוחרים, מאַכן מיט זײ אומלעגאַלע געשעפטן (און װעלכע זע־נען דען דאַן געװען לעגאַל?) און שפּעטער זײ איבערגעבן אין די הענט פון ענקאַװעדע. ס'װײַזט אױס, אַז ער האָט געהאַט אַ שפּאָר פּעקל חטאים אויף זײַן געװיסן, װײַל ער האָט מורא־געהאַט — מיט דער רעפּאַטריאַציע — צוריקצופאָרן קײן פּױלן. געבליבן אין מיטל־אַזיע, אָדער ערגעץ אַנ־דערש, אין ראַטנפאַרבאַנד.

## ח י י ם  ה אַ נ פּ ט

### 4.

אין דער לעצטער תקופה פון האַנפּטס לעבן — די ווראָצלאַווער תקופה — האָבן מיר זיך גאָר דערנענטערט. ווען איך בין אָנגעקומען קיין ווראָצ־לאַוו, איז ער, וואָס אַן אמת, געווען אין וואַרשע. אַ קורצע צייט שפּעטער — איך בין דאַן געווען גענעראַל־סעקרעטאַר פון יידישן קאָמיטעט אין נידערשלעזיע — איז ער געקומען צו מיר „אַמטלעך": ער האָט אין וואַרשע, אין צענטראַל־קאָמיטעט פון די יידן אין פּוילן, אָפּגעמאַכט צו שאַפן אַ גרויסן ציקל מעטאַלאָפּלאַסטיק. עס וועט אילוסטרירן עפּיזאָדן צו טויזנט יאָר געשיכטע פון די יידן אין פּוילן. איצט נעמט ער זיך מאַכן די פּראָ־יעקטן און איך וועל דאַרפן מיט אים שטיין אין פאַרבינדונג אין נאָמען פון צ. ק.

די ידיעה האָט מיך זייער שטאַרק דערפרייט: ער וועט האָבן אַ זי־כערע אַרבעט, וואָס וועט אים באַשעפטיקן אַ לאַנגע צייט — אפשר יאָרן — און טאַקע פאַרזיכערן אין משך פון דער צייט אַ בכבודיקע פרנסה. דערווייל האָט ער באַקומען אַ גאָר שיינעם אַדערויף, איינגעקויפט מאַטער־יאַלן, איינגעאָרדנט זיך אַן אַטעליע. נאָך די ערשטע באַשטעטיקטע פּראָ־יעקטן וועט ער ווייטער באַקומען געלט.

נישט געוווּסט האָב איך אָבער, אַז די פרייד וועט ווערן די סיבה פון גרויסע עגמת־נפשן — פאַר מיר און פאַר חיימען. דער מקור פון אַ נייער שווערער אַנטוישונג, וואָס האָט אים נישט ווייניק פאַרקירצט די יאָרן.

נאָך אַ געוויסער צייט האָט ער מיר צוגעשטעלט אייניקע פּראָיעקטן־צייכענונגען צו דער אור־געשיכטע פון יידן אין פּוילן: אברהם פּראָכאָווניק, יידישע פּויערים אין פּיאַסטישן פּוילן, יידישע מינצלער אַאַז"וו. מיר האָבן די פּראָיעקטן דורכדיסקוטירט און ער האָט אויסגעגאָסן גיפּס־באַרעליעפן, וואָס זענען געשיקט געוואָרן קיין וואַרשע צום באַשטעטיקן. די באַשטעטי־קונג איז אָבער נישט געקומען. ס'זענען אַוועק וואָכן, חדשים. אין צווישנ־צייט האָב איך פאַרלאָזט דעם סעקרעטאַריאַט און געוואָרן פאַרזיצער פון דער ניי־געגרינדעטער יידישער קולטור־געזעלשאַפט. כ'האָב געוואָלט צור־ציען חיימען צו פאַרשידענע אַרבעטן ביי דער קולטור־געזעלשאַפט — ער האָט זיך אָפּגעטרייסלט דערפון. ער האָט אַלץ פאַרלאַנגט אַן ענטפער: די

רעאַליזאַציע פון גרויסן אָפּמאַך. קיין ענטפער איז נישט געווען, ד״ה: מען האָט כסדר אָפּגעלייגט, זיך אַרויסגעדרייט: נישטאָ קיין געלט אויף אַזאַ פאַרמעסט... ווו וועט מען עס אויסשטעלן? ס׳איז איצט נישט די פּאַסיקע צייט, אאַז״וו.

כ׳האָב, וואָס אַן אמת, חושד־געווען אַז דאָ שטעקט אַ פּאָליטישע סיבה: עמעצער האָט זיך ערגעץ געמוזט דערמאָנען וועגן חיימס „חטאים״ און מאַכט צוליב דעם שטערונגען אין דער רעאַליזאַציע פון זיין פּראָיעקט. אָבער זאָגן דאָס חיימען האָב איך נישט געוואָלט, ווייל ער וואָלט עס נישט תופס־געווען. ער איז ממש געווען אַטראָפּירט פאַר די פראַגן פון אַקטועלער פּאָליטיק. און אויב ער וואָלט עס יאָ תופס־געווען, וואָלט עס אים בלויז פאַרשאַפט אַן אומזיסט עגמת־נפש, נאָך מער אויפגעבראַכט.

ווי ווייט ער איז געווען אויסגעטאָן פון אַקטועל־פּאָליטישע ענינים, זאָל דינען דער פאָלגנדיקער פאַקט: אין אַ געוויסן טאָג — כ׳מיין אַז דאָס איז געווען אַרום סוף 1948, ווען מ׳האָט אָנגעהויבן צו ליקווידירן דעם „בונד״ — קומט ער צו מיר מיט אַ שמחה: ער האָט דערהאַלטן אַן ענטפער פון יעקב פּאַט, פון ניו־יאָרק.

— וועגן וואָס האָסטו אים געשריבן?

— די „צישאָ״ איז אים שולדיק געבליבן געלט פאַר אילוסטרירן אַ לערן־בוך, קורץ פאַר דער מלחמה. איצט האָט מען דאָס לערן־בוך, פון ציפּע פּרעס, ווידער אַרויסגעגעבן אין מעקסיקע. האָט ער געשריבן צו פּאַטן: היות ער נייטיקט זיך אין געלט, בעט ער, אאַז״וו...

אין פּוילן האָט עס שוין געהאַלטן ביי דער ליקווידאַציע פון די פּאַר־טייען. דער „בונד״ האָט זיך שוין „פּאַראייניקט״ מיט דער ניי־געשאַפענער פּ. פּ. ר. יעקב פּאַט האָט כסדר געשריבן שאַרפע אַנטי־פּוילישע אַרטיקלען, מיט שוים ממש אָנגעגריפן סיי דאָס פּאָלקס־פּוילן, סיי די ייִדישע טוער, אָדער ריכטיקער — דער עיקר די ייִדישע טוער.

ווידער האָב איך חיימען נישט געזאָגט, וואָס פאַר אַ מסוכנדיקע זאַך דאָס איז געווען אַזאַ קאָרעספּאָנדענץ. ס׳וואָלט סיי־ווי נישט געהאָלפן. פאַר־קערט, „אַלס פּראָטעסט״ וואָלט ער נאָכמער געשריבן אויף אַזעלכע אַדרעסן.

ער איז געװען פֿאַרביסן און אָפּטמאָל — צולהכעיסדיק. געברענגט שאָדן האָט ער דערמיט צום מײנסטן זיך אַלײן.

איז אַװעק אַ שװער שטיקל צײַט פֿאַר חײמען. די אַנטױשונג האָט גורם־געװען אַ קריזיס אין זײַן אַרבעט. ער האָט נישט געװאָלט אַרבעטן, נישט געקאָנט אַרבעטן, שאַפֿן. ס׳האָט זיך אים אַרײַנגעכאַפּט אַ װײטיק אין דער רעכטער האַנט, אַ לײַכטער פּאַראַליזש. האָט ער געמוזט אױפֿהערן צו האַמערן אין מעטאַל. געפּרוּװט זיך נעמען צו זײַן ערשטער ספּעציאַליטעט — סקולפּטור, קלעפּן פֿון לײם — איז עס אױך נישט געגאַנגען. ער האָט פּראָיעקטירט מצבֿות — די װײַסענבערג־מצבֿה אױפֿן װאַרשעװער בית־עולם, אָבער דערפֿון האָט מען װײַט נישט געקאָנט לעבן.

אײן גליק האָט ער נאָך געהאַט: ער האָט זיך דערנענטערט און חתונה געהאַט מיט אַ פֿרױ, מיט װעלכער ער האָט געפֿונען אַ געמײנזאַמע שפּראַך, אַ פֿרױ מיט אַ קינסטלערישער נשמה. אַלײן אַ פּיאַניסטין, אַן אױסגעצײכנטע מוזיק־לערערין, האָט זי אױך געהאַט אַ פֿײַן־אַנטװיקלטן חוש פֿאַר פּלאַס־טישער קונסט. געװען פֿאַר אים אַ גוטע פּאַרטנערין צו די אומאױפֿהערלעכע דיסקוסיעס װעגן קונסט.

ער האָט נאָך געפּרוּװט צו מאַכן פֿאַרשידענע אַרבעטן, כּדי זיך מפּרנס צו זײַן: קינסטלערישע שאַך־פֿיגורן פֿון זילבער (אגבֿ, איז ער געװען אַן ערשט־קלאַסיקער שאַך־שפּילער און פֿאַר דער מלחמה, אין װאַרשעװער ליטעראַטן־פֿאַראײן, געהערט צו די פּני בײם שאַך־ברעט) — אָבער װער האָט זיך דאַן אין פּױלן געקאָנט פֿאַרגינען אַזאַ לוקסוס? באַרעליעפֿן צום פֿאַרקױפֿן, אָבער קײן גרױס נחת האָט ער דערפֿון נישט געהאַט.

אין זײַן אָרגאַניזם האָט דערװײל געבושעװעט עפּעס אַן אומבאַקאַנ־טער װירוס. ער איז פּאַראַליזירט געװאָרן. דער װירוס האָט אָנגעגריפֿן די מוח־צענטערן און געמאַכט אַ סוף צום אומרויִקן לעבן פֿון אײנעם פֿון די אײגנאַרטיקסטע און צום מײנסטן זוכנדיקע ייִדישע קינסטלער־פּלאַסטי־קער, — חײם האַנפּט.

# יהודה גרינהויז

## 1.

ייִדישע אַקטיאָרן אין דעם פֿאַרמלחמהדיקן פּוילן זענען בדרך־כלל געווען אַקטיאָרן פֿון גאַנצן לאַנד, צומאָל — פֿון גאַנץ אייראָפּע. דאָס ייִדישע טעאַטער אין פּוילן האָט דאָך פֿאַרזאָרגט מיט כוחות כמעט אַלע ייִדישע טעאַטערס אין אייראָפּע (צייטווייליק, סעזאָנאַרטיק), שוין אָפּגערעדט פֿון יענער זייט אָקעאַן, ווו צענדליקער ייִדישע אַקטיאָרן פֿון פּוילן האָבן אויסגעוואַנדערט און אויף שטענדיק. מען האָט זעלטן געקאָנט טרעפֿן אַן אַקטיאָר, וואָס זאָל כסדר זיצן אין דער היים. בלאָנדזשענדיקע שטערן — דאָס איז ווי אָנגעמאָסטן פֿאַר זיי, די ייִדישע אַקטיאָרן פֿון פֿאַרשידענע מינים, ס'האָט שוין כמעט געהערט צום גוטן טאָן צו זיין וואַנדערער, צומאָל נע־ונדניקעס. מען האָט אַרום דעם אַפּילו געשאַפֿן גאַנצע טעאָריעס, אַז פֿון זיצן אויף אַן אָרט ווערט מען באַוואַקסן מיט שימל, אָדער מיט פּעטס, מען אַנטוויקלט זיך נישט קינסטלעריש, מען ווערט אויסגעוועפּט. פֿון דער נויט — דער נישט־נאָרמאַלער און נישט־זיכערער לאַגע פֿון ייִדישע טעאַטערס אין אייראָפּע, האָט מען זיך געמאַכט אַ מין מצווה. מען האָט זיך אַליין גע־נאַרט: אַזוי איז בעסער.

בלויז געציילטע זענען געווען אַזעלכע ייִדישע אַקטיאָרן, וואָס זענען געווען צוגעבונדן צו זייערע היימען, פֿאַמיליעס — נישט געוואָלט זיך שיידן מיט זיי, זוכן גליקן אין מרחקים, אָדר מעבר לים. די „באַלעבאַטישע" אַק־טיאָרן. מען האָט זיי אַפּילו געהאַלטן פֿאַר די „פֿאַרקליינבירגערלעכטע", אויסגעוואַשענע פֿון דער פֿאַרהערלעכטער באָהעמישקייט, וואָס איז געווען אַ קענצייכן פֿון אַ קינסטלער־נאַטור...

אייניקע אַזעלכע זענען געווען אין וואַרשע, ווו זיי האָבן זיך געקאָנט האַלטן נאָר מיטן כוח פֿון זייערע השפּעות אין דער פֿאַרוואַלטונג פֿון אַר־

טיסטן־פּאַראיין, אָדער אַ דאַנק אַ ספּעציעלער אונטערטעניקייט לגבי די דירעקטאָרן; אייניקע אין לאָדזש, ווילנע, לעמבערג — אין די שטעט פון שטענדיקע ייִדישע טעאַטערס. אין ביאַליסטאָק איז אַזאַ „באַלעבאַטישער" אַקטיאָר געווען יהודה גרינהויז.

נישט געקוקט דערויף, וואָס ער איז געהאַט אַוועק פון זיין באַלעבאַטישער היים, כדי צו ווערן אַן אַקטיאָר — נאָך פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה; נאָך אַלס גאָר יונגער בחור זיך דאַן פאַרבונדן מיט ש. צמח, וועלכער האָט אין יענע יאָרן פאַרזייט דעם ערשטן קערן פון דער „הבימה" אין ביאַליסטאָק; געהערט אויך צו דער גרופּע, וואָס איז דאַן געפאָרן מיט ש. צמחן קיין ווין, שפּילן פאַרן ציוניסטישן קאָנגרעס העברעיִש טעאַטער; צוריקגעקומען קיין ביאַליסטאָק און דאָרט אָנגעהויבן גרינדן ייִדישע טעאַטער־גרופּעס — שפּילן אויפן אָרט און אין אומגעגנט; שוין דערוואָרבן זיך אַ שטיקל נאָמען און אַ מעגלעכקייט אָנצוקומען אין גרעסערע טעאַטערס — אַ דאַנק זיין אויסערלעכקייט, קולטור (ער האָט געהערט צו די פריסטע שוואַלבן פון דער אינטעליגענץ, וואָס האָט אָנגעהויבן צוצוקומען מאַסנווייז צום ייִדישן טעאַטער, ערשט בעת דער וועלט־מלחמה); פיינע שטים־מעגלעכקייטן און מנגנישקייט, האָט זיך אָבער אַריינגעמישט דער שטן, וואָס איז שוין נישט איינמאָל געשטאַנען אויפן וועג פון קינסטלער־קאַריערעס: די ליבע. צוליב אים האָט די יונגיטשקע און בילד־שיינע פּאַניע, פון דער מיוחסדיקער ריוולין־משפּחה, פאַרלאָזט איר היים — טאָ, ווי־זשע האָט ער שוין געקאָנט אַרומוואַנדערן מיט טעאַטער ?

איז ער טאַקע יאָרנלאַנג געבליבן אין ביאַליסטאָק — אַלס מאַן פון זיין פרוי און נאָך יאָרן — פאָטער פון צוויי טעכטערלעך; געשפּילט אין דאָרטיקן טעאַטער, ווען ס׳האָט זיך אויפן אָרט געשאַפן אַ קאָלעקטיוו, אָדער רעזשיסירט מיט דראַמאַטישע קרייזן אין ביאַליסטאָק און אומגעגנט. ער איז געוואָרן דער „ביאַליסטאָקער אַקטיאָר".

דאָס האָט געהייסן: נישט בלויז שפּילן, נאָר אויך אויפפירן טעאַטער־פאָרשטעלונגען אין שולעס, גימנאַזיעס. נישט ווייניק אַקטיאָרן זענען אויסגעוואַקסן פון די דאָזיקע שול־קרייזן און אַנדערע דראַמאַטישע קרייזן. בלויז אין ישראל געפינען זיך אַ צאָל באַקאַנטע אַקטיאָרן, געוועזענע תל־

מידים פון גרינהויזן (רפאל קלאַטשקין און ישראל בעקער אין „הבימה״ א״אַ. און דער עיקר — ער איז געווען דער אַדרעס פאַרן ייִדישן טעאַטער און ייִדישע אַקטיאָרן, ווען זיי זענען געקומען קיין ביאַליסטאָק, סיי אין נאָרמאַלע צייטן און סיי אין דער צייט פון דער מוראדיקער ערד־ציטערניש, ווען מ׳איז געלאָפן פון היטלערן קיין ביאַליסטאָק, וואָס איז געווען פאַרנו־מען פון דער רויטער אַרמיי. צענדליקער אַקטיאָרן־פּליטים זענען דאָן אַדורך די היים פון די גרינהויזס, דאָרט געפונען אַ ווינקל זיך אויסצורוען, אַביסל געקעכטס זיך אָנצווואַרעמען. אין יענע שווערע טעג, ווען מענטשן פלעגן פאַרלירן די צורה פון מענטש. ביי די גרינהויזס איז געווען איינע פון די מענטשלעכסטע היימען אין ביאַליסטאָק, אַן אָנשפּאַר פאַר אַקטיאָרן־פּליטים.

.2

אָבער איך האָב דערקענט די היים פון די גרינהויזס אַ סך יאָרן פריִער.

זומער 1928 האָב איך אַ לענגערע צייט פאַרבראַכט אין ביאַליסטאָק, אַלס קאָנפעראַנסיע פון „אַזאַזעל״. יהודה גרינהויז האָט דאַן, ווי זייער דעזשיסער, געאַרבעט מיט פאַרשידענע דראַמאַטישע קרייזן און געווען צו־געשמידט צו דער היים. פלעג איך נישט איינמאָל זיין פאַרבעטן צו די גרינ־הויזס אויף אַ טשאָלנט און אַריינגעאָטעמט די פיינע אַטמאָספער פון אַ ייִדיש־באַלעבאַטישער היים. פאַניע גרינהויז, וועלכע האָט געחלומט צו שפּילן טעאַטער (צייטנווייז אויך אַרויסגעטראָטן מיט דראַמקרייזן), איז געווען אַ זעלטן־גוטע באַלעבאָסטע. ביים טיש זענען געזעסן די טעכטער־לעך. (אוודאי האָט קיינער פון אונדז נישט געקאָנט אָנען, אַז דאָס ייִנגערע, דאָס שוואַרצע מיידעלע — שורקעלע — וועט אין יאָרן אַרום זיין מיין פרוי). כ׳האָב זיך געפילט היימיש ביי דער גאַנצער פאַמיליע, פּונקט ווי ס׳האָבן זיך דאָרט געפילט היימיש סיי ביאַליסטאָקער טעאַטער־מענטשן, סיי אַנ־דערע געסט פון דער פרעמד.

נישט אויסגעשלאָסן, אַז אונטער דער השפּעה פון די דעמאָלטדיקע „אַזאַזעל״־גאַסטשפּילן האָט זיך ביאַליסטאָק פאַרמאָסטן, מיט גרינהויזס הילף, אויף אַן אייגענעם קליינקונסט־טעאַטער, מיט אייגענע טעקסטן־צו־

שטעלער, צווישן זיי — מענדל גאָלדמאַן און טאַקע דער אַלטער פּסח קאַפּ־לאַן אַליין; אַן אייגענעם קאָמפּאָזיטאָר, דעם באַגאַבטן מישע בערמאַן; וועגן סצענאָגראַפן איז דאָך שוין אָפּגערעדט. געווען דאָרט דער קינסטלער י. ראָזאַניעצקי און ס׳האָט שוין אָנגעהויבן צו מאָלן דער יונגער בן־ציון ראַ־בינאָוויטש, דער שפּעטער באַרימט־געוואָרענער קינסטלער בען. (אגב, דאַן האָט טאַקע בען געצייכנט מיין פּאָרטרעט. איך האָב אים אָפּגעקויפט, און ווי ער האָט מיר יאָרן שפּעטער דערציילט אין פּאַריז, איז עס געווען זיין ערשטער קונסט־האָנאָראַר, די פּאָר זלאָטעס, וואָס ער האָט דאַן ביי מיר באַקומען). דאָס קליינקונסט־טעאַטער האָט געהייסן „גילאָרינאַ״ און געהאַט אויך אַ צאָל פעיִקע אַמאַטאָרן, וועלכע זענען מיט דער צייט געוואָרן אַק־טיאָרן: רעניע גליקמאַן, נינאַ סיבירצעוואַ, זלמן קאָלעשניקאָוו, שמעון אָסאָ־וויצקי, יעקב זוצאַנאָוויטש. „גילאָרינאַ״ האָט זיך דערוואָרבן אַ סך חסידים אין ביאַליסטאָק און אַנדערע שטעטלעך.

אין 1929 בין איך ווידער געווען אַ שיינע פּאָר וואָכן אין ביאַליסטאָק — דאָסמאָל מיט דער „ווילנער טרופּע״, וואָס האָט דאָרט געמאַכט צוגריי־טונגען צו דער פּרעמיערע פון אהרן צייטלינס „יידן־שטאָט״. גרינהויז האָט דאַן אַביסל אַרומגעוואַנדערט מיט אַ טרופּע, אָבער די היים איז גע־בליבן. אירע טירן זענען געווען אָפן פאַר אַקטיאָרן פון דער פרעמד.

אין די אָנהייב דרייסיקער יאָרן האָב איך שוין גרינהויזן באַגעגנט אין וואַרשע, אין דעם ניי־געגרינדעטן „צענטראַל״־טעאַטער. לאַנג האָט ער אָבער נישט געקאָנט בלייבן אין וואַרשע — די היים האָט צוריקגע־רופן. פון טעאַטער אַרויסצושלאָגן פּרנסה, כדי אויסצוהאַלטן זיך און די היים, איז שווער געווען. דאָס ווייב איז געווען פאַרנומען מיט די טעכטער און מיט דער שטוב, האָט זי זיך נישט געקאָנט אַליין מפרנס זיין; אירע רייכע עלטערן זענען אַלץ געווען ברוגז צוליבן מעזאַליאַנס און נישט גע־האָלפן — האָט ער ווידער געמוזט מקריב זיין טעאַטער פאַר דער היים.

פלעג איך אים שטענדיק ווידער טרעפן אין ביאַליסטאָק בעת מיין קומען אַהין, הערן זיינע זיפצן, ווייל ער מוז רעזיגנירן פון דער טעאַטער־קאַריערע. ערשט קורץ פאַר דער מלחמה האָב איך אים געטראָפן ערגעץ אין דער פרעמד, אין אַ שטעטל אין לובלינער געגנט, ווו ער האָט געשפּילט

מיט לאָלאַ פאָלמאַן. כ׳בין דאַן געװען סעקרעטאַר פון דער פאַרװאַלטונג פון אַרטיסטן־פאַראײן און בין אַהין אַרױסגערופן געװאָרן צו דערלײדיקן אַ קאָנפליקט: גרינהױז האָט געװאָלט פאַרלאָזן דעם קאָלעקטיװ און אַן אים האָט זיך דער קאָלעקטיװ געמוזט פאַנאַנדערפאַלן. איך האָב אים געפּרוּװט צו באַװירקן, אָבער אומזיסט. ער האָט מיר געװיזן אַ בריװ פון פאַניען: „אין שטוב איז נישטאָ גענוג צו עסן. אין גימנאַזיע איז מען פאַרשולדיקט, עס דראָט שורקען אַהײמצושיקן — קום תיכף ומיד״. איך האָב קוים גע־פּועלט, ער זאָל נאָך אָפּשפּילן אַ װאָך ביז מיר װעלן באַװײזן צוצוגרײטן אַ פאַרטרעטער, כדי דער קאָלעקטיװ זאָל װײטער קאָנען שפּילן.

קורץ נאָכדעם איז אױסגעבראָכן די היטלעריסטישע שריפה און איך האָב זיך געפונען אין ביאַליסטאָק אַלס פּליט.

פּערזענלעך בין איך נישט דורכגעגאַנגען דעם „גרינהױז־עטאַפּ״. מיך האָט די ערשטע צײט אַרײַנגענומען צו זיך דער שרײַבער מענדל גאָלדמאַן, װעלכער האָט אַרױסגעװיזן אַ נישט־געװײנלעכע אין יענע צײטן מענטש־לעכע און חברישע באַציִונג צו מיר. ביז מיר האָבן געפונען אַ דירה, האָבן מיר בײַ אים געהאַט אַ היים; ער און זײן פרױ האָבן מיך געקעכלט און געהאָלפן הײלן מײן לײכט־פאַרװוּנדעטן פוס, פון לױפן איבער דער גרע־נעץ. אַזעלכע גאָלדמאַנס און גרינהױזס און װידעצקיס און זאַקס און סול־קעס — מיט זײער אױפנעמען פּליטים — זענען געװען לעבעדיקע באַ־װײזן װעגן דער גוטסקײט פון די ביאַליסטאָקער. אַװדאי זענען געװען אױך ביטערע מענטשן, װעלכע האָבן קײן פּליט איבער דער שװעל נישט אַרײַ־נגעלאָזט; אָבער זײ זענען געװען אַ סך — באַזונדערס אין די טעאַטער־קרײַזן, װעלכע האָבן מיט זײער מענטשלעכער באַציִונג דערהױבן אין יענע צײטן דעם גוטן נאָמען פון ביאַליסטאָקער גאַסטפרײַנטלעכקײט.

װעמען האָב איך דען נישט געטראָפן בײַ די גרינהױזס? — זײ האָבן דאָרט געפונען אַן אָפּרו־אָרט, װער קירצער, װער לענגער: אַלעקס שטײן און יוליאַ פּלוים, שושנה און מאָריס לאַמפּע, מיכאל קלײן, מאַניעלאַ און אַ סך אַנדערע.

די גרינדונג פון ביאַליסטאָקער ייִדישן מלוכה־טעאַטער האָט געעפנט

אַ ניי בלעטל אין לעבן פון די גרינהויזס: ענדלעך האָט מען געקאָנט זיצן אין דער היים און שפּילן טעאַטער.

.3

אמת, מ׳האָט נאָך פֿאַרן מלוכה־טעאַטער „אַריינגעכאַפּט אַ שפּיל" מיט גרינהויזן. ער האָט גלייך צונויפגעשטעלט אַ קאָלעקטיוו, אויפגעפירט דעם ערשטן אַקט פון שלום־עליכמס „200.000", מיט אַ קאָנצערט־טייל; געשפּילט אין ביאַליסטאָק און אויף דער פּראָווינץ. ס׳איז דערווייל געוואָרן אַ מקור פון פּרנסה — סיי פאַר די אַקטיאָרן־פּליטים, סיי פאַר די אָרטיקע. גרינהויז האָט געשיינט, שפּילנדיק דעם זינגענדיקן שימעלע סאָראָקער. ס׳איז געווען שווער צו קריגן יונגע אַקטריסעס — האָט זיין קליין טעכטערל, שורע, דעביוטירט אין ביילקע. אין קאָלעקטיוו זענען געווען בערטאַ ליטווינאַ און עני ליטאָן, יוסף ווידעצקי און שעפּטל זאַק, חיים ניסנצווייג און דער דעמאָלטדיקער אָנפאַנגער ישראל בעקער.

דאָס איז אָבער געווען אַ כאַפּ־טעאַטער און דאָס אמתע טעאַטער האָט זיך אָנגעהויבן, ווען מאַרעווסקי האָט איבערגענומען די אָנפירונג פון מלוכה־טעאַטער. גרינהויז איז אַריין אין מלוכה־טעאַטער אַלס אַקטיאָר; זיין פרוי האָט געאַרבעט אין דערווירטשאַפטלעכער טייל פון טעאַטער. ס׳איז געוואָרן פאַר זיי אַ צייט פון שפע און פון רויק אויסלעבן זיך. אויך שעפעריש. יהודה גרינהויז האָט צווישן אַנדערע דובלירט מיט ש. לאַנדאַו די הויפּט־ראָל קלמן דער פּראַצענטניק, אין י. מינדלינס אויפפירונג פון מ. גערשענזאָנס „הערשעלע אָסטראָפּאָליער", געשפּילט כמעט אין יעדער אויפפירונג, אַרויסגעטראָטן אויף קאָנצערט־אָוונטן — געהאַט אַן אָנגעזעטיקט לעבן.

בכלל איז דאָס ביאַליסטאָקער יידישע מלוכה־טעאַטער געווען אַן אינטערעסאַנט קאַפּיטל פון טעאַטער־געראַנגלען און שאַפן. דאָרט איז אויך פאָרגעקומען אַ דירעקטער צוזאַמענטרעף — אין אַרבעט און צוזאַמענלעבן צווישן יידישע אַקטיאָרן פון פּוילן און אַ גרופּע יידישע אַקטיאָרן פונעם ראַטנפאַרבאַנד, פון דעם דאַן ליקווידירטן באַקוער יידישן טעאַטער. בראש פון דער גרופּע איז געווען דער פריער־דערמאָנטער פיינער אַקטיאָר און

רעזשיסער יוסף מינדלין, אַ האַרציק־ייִדישער מענטש, וועלכער איז אין די שפּעטע פּופּציקער יאָרן געשטאָרבן אין אָדעס, נאָכדעם, ווי ער איז אַרויסגעלאָזט געוואָרן פון לאַגער, אַרעסטירט בעת דער ליקווידאַציע פון דער ייִדישער קולטור אין ראַטנפאַרבאַנד.

אָבער דאָס אַלץ האָט בלויז געדויערט אַנטדערטהאַלבן יאָר. ווען דאָס טעאַטער האָט זיך געפונען אויף גאַסטשפּילן אין מאָגיליעוו אויפן דניעפּער, איז געשען היטלערס אָנפאַל אויפן ראַטנפאַרבאַנד. בליץ־שנעל איז ביאַליסטאָק געוואָרן אָפּגעשניטן פון אונדז — גרינהויז איז געבליבן אָפּגעריסן פון זיין היים. אויפן פינפטן טאָג פון דער מלחמה האָבן אויך מיר פאַרלאָזן דעם באָמבאַרדירטן מאָהילעוו, זיך עוואַקויִרט קיין צענטראַל־רוסלאַנד.

ס׳האָט זיך אָנגעהויבן אונדזער וואַנדערונג מיט עשאַלאָנען. געשיקט האָט מען אונדז קיין סמאָלענסק, אָבער אַז מיר זענען געווען אין האַלבן וועג, האָט מען אונדז פאַרקערעוועט קיין סאַראַטאָוו, ווייל סמאָלענסק איז שוין געווען איין ברענענדיקער שייטער. קיין סאַראַטאָוו האָט מען אונדז נישט אַריינגעלאָזט, ווייל די שטאָט איז שוין געווען איבערפולט און מען האָט אונדז פאַרקערעוועט אין ראַיאָן־צענטער. נאָכן אָפּזיין דאָרט אַ צען טעג, האָט מען איינגעזען, אַז ס׳איז נישט קיין תכלית אַזאַ קליין שטעטל זאָל אויסהאַלטן ביי הונדערט (אַזויפיל מענטשן האָט געציילט אונדזער קאָלעקטיוו) „פּאַראַזיטן" — האָט מען אונדז אַוועקגעשיקט אין אַ שכנות־דיקן קאָלכאָז „העלפן אַראָפּנעמען דאָס גערעטעניש".

איך בין געווען דער פּאַרזיצער פון דער פּראָפּפאַראייִנישער פאַרוואַל־טונג אין טעאַטער און געווען פאַראַנטוואָרטלעך פאַרן קאָלעקטיוו לגבי דער מאַכט און לגבי מיינע חברים פאַר אַלע צרות, וואָס האָבן נישט געפעלט. אָנהייבנדיק פון עסן, שלאָפן און ענדיקנדיק מיט דערלויבענישן אויף אַרויס־צופאָרן טיפער אין לאַנד אַריין, הויפּטזעכלעך — קיין מיטל־אַזיע. האָט זיך טאַקע אָנגעהויבן אַ פאָרעניש. ווער ס׳האָט נאָר געהאַט די מינדסטע מעגלעכקייט, האָט זיך געריסן אַרויס.

מען מוז מודה זיין, אַז פריילעך איז געווען אין קאָלכאָז. ס׳זענען צו אונדז צוגעקומען נאָך חברים, ווי דער דיכטער חיים גראַדע, וועלכער איז אויסגעשטיגן ביי אונדז, נאָכן אַנטלויפן פון ווילנע. אין די נעכט האָט מען

געהערט די געזאַנגען און הילכיקע געלעכטערס. די אַרטיקע באַפעלקערונג האָט אַפילו געקוקט מיט אַ קרום אויג דערויף — אין קאָלכאָז זענען בלויז פאַרבליבן פרויען, זקנים, קינדער און קאַליקעס. האָט מען פון אָנהייב גע־מורמלט: „אַזעלכע אויסגעפרעסענע פאַראַזיטן דרייען זיך דאָ אַרום און אונדזערע זענען אויפן פראָנט" (וועגן יידן האָבן נאָך דאַן די רוסן פון קאָל־כאָז נישט געוווּסט. ערשט די פּאָר פּוילישע מוזיקער, וואָס זענען געווען מיט אונדז, האָבן זיי שפּעטער „באַוווּסטזיניק" געמאַכט). אָבער מיר האָבן אויך געאַרבעט, שווער געאַרבעט און געראַטעוועט דעם קאָלכאָז פון אַן עקאָנאָמישער קאַטאַסטראָפע. האָט מען זיך צוביסלעך צוגעוווינט צו אונדז, זיך געלאָזט מיטרייסן מיט דער פרייד פון אונדזער יונגוואַרג.

יהודה גרינהויז איז אָבער אַרומגעגאַנגען אַן אומעטיקער: ער האָט פאַרלוירן זיין היים. דאָס האָט ער געפילט בחוש.

איינמאָל איז ער געקומען מיט אַ גרויסער פרייד: ער האָט באַקומען אַ ידיעה און אַן אַרויספאָדערונג פון זיין שורען, וועלכע האָט זיך דאַן געפונען ערגעץ אויפן אוראַל. איך האָב אים געהאָלפן דערליידיקן אַלע פאָרמאַליטעטן און מיר האָבן זיך געזעגנט מיט דער האָפענונג ווידער זיך ערגעץ צו טרעפן ביי טעאַטער־אַרבעט.

ווען איך בין שוין געהאַט אַריבערגעפאָרן פון אוזבעקיסטאַן קיין קיר־גיזיע, בין איך געוווּיר־געוואָרן, אַז גרינהויז געפינט זיך אין סאַמאַרקאַנד. ער האָט דאָרט אָפּגעפונען אַ שוועסטער, וועלכע איז נאָך דער רעוואָלוציע פאַרבליבן אין כאַרקאָוו. אָבער דער עיקר — דאָרט איז געווען אַ טעאַטער־צענטער און אים האָט זיך געבענקט נאָך טעאַטער. איז ער אַרומגעפאָרן מיט אַ קליינקונסט־קאָלעקטיוו און געשפּילט. אָבער סאַמאַרקאַנד איז גע־ווען אַ גראַנדיעזער אינקובאַטאָר פון טיפוס־באַצילן. האָט ער טאַקע אויך איינגעהאַנדלט אַ טיפוס, וואָס האָט צעשטערט זיין אָרגאַניזם און אָנגעגריפן דאָס האַרץ.

ווידער זיך באַגעגנט מיט אים האָב איך ערשט אין יולי 1946, אַ קורצע צייט נאָכן קיעלצער פּאָגראָם, אויפן ערשטן נאָכמלחמהדיקן אַר־טיסטן־צוזאַמענפאָר אין לאָדזש. ער איז שוין זייט חדשים געזעסן אין ביאַ־ליסטאָק און דאָרט געאַרבעט מיט אַ קרייז. ניין, ער וועט זיך פון ביאַליס־

טאָק נישט רירן, זיצן אויף די חורבות פון דער היימשטאָט. ער וואַרט בלויז אויפן אָנקומען פון זיין שורקען, זי האָט זיך פאַרהאַלטן אין ראַטנפאַרבאַנד. זי איז די איינציקע, וואָס איז אים פאַרבליבן. צוזאַמען מיט איר וועט ער אַוועקפאָרן קיין אויסלאַנד. אַוועקפאָרן פון דעם גרויסן מאַסן־קבר.

נאָכן אָנקומען פון זיין טאָכטער, איז ער אַוועקגעפאָרן קיין פאַריז, ווי זי האָט באַדאַרפט גלייך נאָכקומען. פון דאָרט — קיין אויסטראַליע. אַן עטאַפּ פאַרן באַזעצן זיך אין ישראל. דאָרט זענען נאָך געבליבן שפּליטערן פון דער משפּחה און חברים, תלמידים.

אָבער די טאָכטער האָט מען פון פוילן נישט אַרויסגעלאָזט. די בענק־שאַפט האָט אים גענאָגט. דאָס צעטרייסלטע געזונט האָט אַלץ מער געקאַ־פּריזעט. באַדאַרפט שוין אַוועק אין אַ שפּיטאָל, היילן זיך, אַבי צו דערלעבן זיך נאָך צו טרעפן מיט דער טאָכטער, מיטן אייניקל.

ער האָט נישט דערלעבט. דאָס האַרץ האָט אָפּגעזאָגט צו פאָלגן. סוף 1951 האָט עס זיך אָפּגעשטעלט אין מיטן שלאָף.

און דער ביאַליסטאָקער אַקטיאָר יהודה גרינהויז, דער תמיד צוגע־בונדענער צו זיין היים, איז אַ היימלאָזער געשטאָרבן אין ווייטן מעלבורן.

# בנימין זוסקין

.1

בנימין זוסקין איז דער איינציקער טעאַטער־קרבן, וואָס איז אָפיציעל אומגעבראַכט געוואָרן אין דעם מאַקאַברישן ייִדן־פּאָגראָם אין ראַטנפאַר־באַנד, אין דער גרופּע ייִדישע שרייבערס, וועלכע זענען מיט צען יאָר צוריק (דעם 12טן אויגוסט 1952) דערשאָסן געוואָרן לויט אַ פּסק־דין פון אַ „געריכט".

דער ערשטער קרבן — דער וואָס זיין טויט איז געווען דער אָנהייב פון פּאָגראָם — שלמה מיכאָעלס, איז דאָך אָפיציעל נישט אומגעבראַכט גע־וואָרן... ער איז אומגעקומען כביכול פון אַן „אויטאָ־קאַטאַסטראָפע" אין מינסק, אין יאָר 1948.

האָט, בכן, די אלמנה נאָך זוסקינען, בערקאָווסקאַיאַ, זוכה־געווען, אין נאָוועמבער 1955, אַרויסגערופן צו ווערן אין דער פּאַרוואַלטונג פון די סאָוועטישע שחיטה־הייזער, וואָס האָט שוין דעמאָלט נישט געהייסן „ענקאַ־וועדע", נאָר „עמגעבע" — צוזאַמען מיט די אלמנות נאָך מאַרקישן, בער־געלסאָנען, קוויטקאָן און נאָך קרובים פון אומגעבראַכטע — כדי צו באַ־קומען אַ מעלדונג וועגן דער רעהאַביליטאַציע פון זייערע נאָענטסטע, וואָס זענען דערשאָסן געוואָרן צוליב אַ „טעות"...

בעצם איז דאָס געווען די ריכטיקסטע באַצייכענונג. דער טויט זייערער איז דאָך טאַקע געווען — צוליב אַ טעות. נישט צוליב אַ יוסטיץ־טעות, נאָר צוליב זייער לעבנס־טעות. צוליב זייער אומבאַגרענעצטן גלויבן אין דער סאָוועטישער אָרדענונג, וואָס אין איר רשות האָבן זיי געשטעלט — אָן באַוואָרענישן — זייערע מחשבות, טאַלאַנטן, לעבנס.

ווי קומט אָבער אַן אַקטיאָר, וועלכער האָט גאָרנישט געפּרעדיקט, בלויז געשפּילט (אַזוי האָט זיך דער צוזאַמענגעבראָכענער זוסקין פּאַרטיי־

דיקט אויפן אינסצעניזירטן פּראָצעס, אין יולי 1952: „איך בין אומשולדיק, איך בין נאָר אַן אַקטיאָר״...) — ווי קומט ער אין אַזאַ שיינער קאָמפּאַניע שרייבערס, פּרעדיקערס, ווי פּרץ מאַרקיש, מיט זיין קעמפערישן פּלאַם, אָדער לייב קוויטקאָ, מיט זיין לירישער רעוואָלוציאָנערישקייט? צי איז דאָ, אין דער בלוטיקער שפּיל, נישט פּאָרגעקומען צופעליק נאָך אַ טעות?

ניין, דאָס איז געווען אַ צילבאַוווסטער, געגוי־פּאַרטראַכטער אַקט פון ליקווידאַציע, פון פּאָגראָם. דער פּאָגראָם האָט געדאַרפט אַרומנעמען דאָס יידישע לעבן אין דער גאַנצער ברייט און טיף. דער איינציקער בולטער סימן פון יידישן לעבן אין ראַטנפאַרבאַנד איז דאַן געווען די יידישע קולטור, דאָס ליטעראַריש־קינסטלערישע שאַפן. דער צענטער, אַרום וועלכן עס האָט זיך געוואַרעמט און געפּעסטעט דאָס יידישע שאַפן פון אַלע מינים — דער פּלאַסטישסטער און וויטאַלסטער אויסדרוק פון דעם שאַפן איז געווען דאָס יידישע טעאַטער, בראש פון וועלכן עס האָט געשפּרייזט דאָס מאָסקווער יידישע מלוכה־טעאַטער, דער „גאָסעט״. זוסקין איז — נאָך מיכאָעלס טויט — געווען דער קינסטלערישער אָנפירער פון דעם טעאַטער. דאָס איז טאַקע געווען די סיבה פון זיין אַרעסט און שפּעטערדיקער דערשיסונג און נישט קיין שום „שמועסן מיט גאָלדע מאירסאָן״, אָדער „אומפּאַרזיכטיקע רייד״ — ווי מען האָט געפּרוווט אין פאַרשידענע קרייזן אויסטייטשן דעם אַרעסט פון זוסקינען, ווען ס׳איז נאָך נישט קלאָר געווען דער גאַנצער פּאַרנעם פון אונדזער בראָך אין ראַטנפאַרבאַנד און די גאַנצע פאַרברעכערישקייט פון דעם פּלאַן.

לאָמיר זיך בכלל קלאָר מאַכן ביי דער געלעגנהייט: טאָטאַליטאַרע יוסטיץ — נישט וויכטיק צי זי איז רויט, ברוין, אָדער שוואַרץ — דאַרף נישט האָבן קיין באַרעכטיקונגען. אָדער ריכטיקער — די באַרעכטיקונג וועט זיך ביי איר שטענדיק געפינען. פּאָסט פאַקטום. זי ווערט גלייך באַשאַפן אויף צו מאָטיווירן דעם פאַקט. בלויז צוליב אָנשטעל, ווי אַן עלעמענט פון דער גאַנצער שפּיל. נישט ווייל דער עלעמענט איז נויטווענדיק, ווייל מען דאַרף עפּעס פאַר עמעצן באַגרינדן, נאָר פּשוט — ווייל ער איז אַ טייל פון דער סכעמע. און זינדיקן קעגן דער סכעמע וועלן זיך נישט דערוועגן די דינערס פון דער אַלייניקסטער אַליינהערשאַפט. זיי וואָלטן דאָך דערמיט געזינ־

דיקט קעגן זייער פירער, וואָס ער אַליין איז אַ סכעמע. און זינדיקן קעגן פירער איז דאָך די שווערסטע פון אַלע זינד.

אין נאָמען פון דער סכעמע איז בנימין זוסקין דערשאָסן געוואָרן. נישט אַלס אַקטיאָר, אָדער פּערזענלעך־פּאַרזינדיקטער — ער איז דערשאָסן געוואָרן אַלס ייִדיש טעאַטער. ווען ער וואָלט אַפילו נישט געווען די צענ־טראַלע פּערזענלעכקייט, נאָר בלויז פאָרמעל געשטאַנען בראש פונעם מאָס־קווער ייִדישן מלוכה־טעאַטער, וואָלט ער געמוזט באַצאָלן מיט זיין לעבן — לויטן מעכטיקן געזעץ פון דער סכעמע. מכל־שכן, אַז ער איז יאָ געווען די צענטראַלע פּערזענלעכקייט פונעם טעאַטער, — איינער פון די באַדיי־טנדיקסטע ייִדישע בינע־טאַלאַנטן בכלל.

און אַז מען האָט געצילט קודם־כל אין ייִדישן טעאַטער — דעם לע־בעדיקסטן נערוו פון ייִדישן שאַפן אין ראַטנפאַרבאַנד — איז קיין שום ספק נישט.

משה בראָדערזאָן (ער האָט נאָך דער מלחמה מיטגעאַרבעט מיטן מאָס־קווער „גאָסעט") האָט מיר קורץ פאַר זיין טויט דערציילט בסוד, אַז אַ האַלבע שעה נאָכן דערמאָרדן מיכאָעלסן אין מינסק, האָט עמעצער אָנגע־קלונגען אין דער דירעקציע פון מאָסקווער „גאָסעט": „מיר האָבן נאָר וואָס געענדיקט מיט אייער הויפּטייִד, איצט וועלן מיר מאַכן אַ סוף מיט אייך".

בנימין זוסקין, וואָס האָט ביז דעמאָלט שוין נישט איין מאָל פאַרטראָטן מיכאָעלסן אַלס אָנפירער פון טעאַטער, בעת מיכאָעלס איז געווען אין אַ לענגערער נסיעה, האָט אויף אַ נאַטירלעכן אופן איבערגענומען די אָנפי־רונג נאָך מיכאָעלס' טויט. דאָס איז טאַקע געווען דער טויט־אורטייל, וואָס איז אַרויסגעטראָגן געוואָרן אויף זוסקינען.

נישט איין מאָל האָט זיך זוסקין אָפּגעגעבן אַ חשבון וועגן די לויערנ־דיקע סכנות. סוף־כל־סוף האָבן אַלע פירנדיקע ייִדישע טוערס אין ראַטנ־פאַרבאַנד זיך אָפּגעגעבן אַ חשבון, אַז זיי טאַנצן צווישן אַנטבלויזטע שווער־דן. ביי זוסקינען זעען מיר שוין דעם פאַרויסגעפּיל אין אַן אָפּגעראַטעוועטן דאָקומענט — אין דער דעדיקאַציע פאַר זיין טאָכטער טאַמאַרע אויף דאָב־רושינס בוך „ביניאָמינ זוסקינ" (אין יאָר 1939!).

אַוודאי האָבן אַ סך ייִדישע פּערזענלעכקייטן אין ראַטנפאַרבאַנד גע־

נאָרט זיך מיט דער האָפענונג „נאַ נאַש וויעק דוראַקאָוו כוואַטיט״ — ווי ס׳האָט מיר אָנהייב 1940 געענטפערט פּרץ מאַרקיש אין אַן אינטימען שמועס. ווי איינער זאָגט: מיר וועלן שוין ווי עס איז אויסלעבן אונדזערע פּאָר יאָר — אין עושר און האַרצוויטיק... אַ ברירה האָבן מיר?

און זיי האָבן טאַקע נישט געהאַט קיין ברירה. אפרים קאַגאַנאָווסקי האָט עס אַ מאָל כאַראַקטעריזירט: מען האַלט זיי ווי ראַסן־הינטלעך, מען צערטלט זיי, מען קעכלט זיי, נאָר פון צייט צו צייט גיט מען אַ שטויס מיטן פוס, זיי זאָלן נישט פאַרגעסן, אַז זיי זענען הינטלעך. אַזוי איז טאַקע געווען ווען שעפערישע ייִדישע מענטשן האָבן געהאָפט אויף אַ שטיקל אויפלע־בונג נאָכן אַריינשטראָם פון הונדערטער טויזנטער ייִדיש־רעדנדיקע און ייִדיש־דערצויגענע פון פוילן, ליטע, לעטלאַנד, בעסאַראַביע, בוקאָווינע — האָט מען באַלד צו נישט־געמאַכט זייער אילוזיע און געגעבן זיי אַ שטויס מיטן פוס. דערפאַר האָט מיט זיין לעבן באַצאָלט דער מינסקער דיכטער זעליק אַקסעלראָד — נאָך אין יוני 1941, ווייל ער האָט געגלייבט אין דער אויפלעבונג.

און פריִער נאָך? — דער שטילער פּאָגראָם פון 1937, מיט אַזעלכע קרבנות ווי משה קולבאַק, מאַקס עריק, איזי כאַריק, חיים גילדין, ראַפּאַל־סקי און צענדליקער אַנדערע! וויפל מען זאָל פּרווון זיך נישט־וויסנדיק מאַכן — דאָס האָט דאָך געמוזט בויערן אין מוח און אין האַרצן און שאַפן אַ שטענדיקן אינערלעכן אומרו.

גאַנץ אָפן איז ביי זוסקינען אָט דער אומרו אַרויסגעטראָטן אַ קורצע צייט פאַר זיין אַרעסט. ער איז דעמאָלט געלעגן אין שפּיטאָל נאָך אַן אָפּעראַציע פון דער בלינדער קישקע. צופעליק האָט זיך אין דעם שפּיטאָל געפונען, כדי זיך צו פאַרפולקאָמען, דער לאָדזשער ייִדישער דאָקטער ג., אַ חבר פון זוסקינס טאָכטער, טאַמאַרע, (אויך זי איז געווען אַ דאָקטאָרין אין לאָדזש). ווען ד״ר ג. האָט זיך געזעגנט מיט זוסקינען פאַרן צוריקפאָרן קיין לאָדזש, האָט אים דער קראַנקער קינסטלער איינגערוימט אויף ייִדיש: „גיט איבער מיין טאָכטער, אַז די ערד ברענט אונטער מיינע פיס״.

די ברענענדיקע ערד האָט טאַקע בקרוב אָנגעהויבן צו פלאַקערן. דעם 22סטן דעצעמבער 1948 איז אַרעסטירט געוואָרן פּרץ מאַרקיש. אַזעלכע

„גוטע ידיעות״ זענען אין מאָסקווע פאַרשוויגן געוואָרן אַפילו פאַר דער משפחה — ווייל פון אַן אַרעסטאַנטס נאָענטסטע פלעגט מען זיך אויסהיטן, ווי פאַר פּעסט; פאַרזינדיקט האָבן זיך געפּילט — יעדנפאַלס געציטערט פאַר אַ שטראָף — האָבן אַלע, וואָס זענען בלויז געקומען אין באַרירונג מיטן אַרעסטאַנט. אָבער צו זוסקינען האָט די ידיעה אין בעסטן פאַל נישט גע־קאָנט דערגיין: ער האָט זיך געפונען אין קליניק פון פּראָפעסאָר ווישניעווס־קי, ווו מען פלעגט היילן מיט שלאָף. די ווונדן נאָך דער אָפּעראַציע האָבן זיך נישט געוואָלט היילן, און דער קראַנקער האָט געהאַט שטאַרקע ווייטיקן (צו דעם האָט זיכער נישט ווייניק מיטגעווירקט דאָס געפיל „אַז די ערד ברענט״). פּראָפעסאָר ווישניעווסקי האָט דעם קראַנקן קינסטלער געהיילט מיט לאַנג־דויערנדיקן שלאָף.

דעם 24סטן דעצעמבער איז מען געקומען אין קליניק אַרעסטירן זוס־קינען. נישט געקוקט אויף די העפטיקע פּראָטעסטן פון איידעלן פּראָפע־סאָר ווישניעווסקי — ער איז ברוטאַל אָוועקגעשטויסן געוואָרן פון זוסקינס קראַנקנבעט — האָט מען אויף אַ טראָגבעטל אַרויסגעפירט דעם שלאָפנ־דיקן זוסקין אין תפיסה.

...לויט די פאָרשריפטן פון „סאַמע הומאַניסטישן געזעץ״, וואָס איז געווען גאַראַנטירט מיט דער סאַמע הומאַניסטישער סטאַלינישער קאָנסטי־טוציע, אין דעם לאַנד „ווו עס אָטעמט אַזוי פריי דער מענטש״.

2.

זעלטן טרעפט, אַז מענטש און קינסטלער זאָלן זיין פון גלייכע קוואַ־ליטעטן. דער קינסטלער איז אָפט מאָל אַ היפּוכדיקע קוואַליטעט פון מענטש. און לאו דווקא לרעה פאַרן פאַרנעם און וואָג פון זיין שאַפן.

זוסקין — מענטש און קינסטלער — אויך צוויי קוואַליטעטן. נישט קיין היפּוכדיקע, אָבער יעדנפאַלס פאַרשידענע. דער קינסטלער זוסקין איז געווען אַ מיסטעריעז געוועב פון טאַלאַנט, אינטויציע, חן, טעמפּעראַמענט, וויסן און אַרבעט איבער זיך; דער מענטש — אַ פּשוטער, אַ ליבהאַרציקער, צאַרטער, „איינער פון דער מאַסע״.

מיט דעם קינסטלער זוסקין האָב איך געהאַט דעם גרויסן געניוס צו

באַקענען זיך, זעענדיק זיינע פאַרשידענע קרעאַציעס אויף דער בינע און אין פילם. זיין שעפערישער פּראָפיל לאָזט זיך אויך אָנצייכענען אויפן סמך פון געדרוקטע אַרבעטן וועגן אים. אַזעלכע זענען דאָ נישט ווייניק. זוסקין איז געווען איינער פון די געציילטע יידישע קינסטלערס, וואָס האָבן נאָך ביים לעבן זוכה־געווען צו זען וועגן זיך אַ מאָנאָגראַפיע אין בוכפאָרעם. אין יאָר 1939 זענען אין מאָסקווער פאַרלאַג „דער עמעס" דערשינען צוויי ביכער: אַ בוך פון פּ. מאַרקיש, „שלוימע מיכאָעלס" און דאָס פריער שוין דערמאָנטע בוך פון י. דאָברושין „ביניאָמין זוסקין". אָן אַ שיעור אָפּרופן וועגן אים זענען געווען אין דער סאָוועטישער און אויסלענדישער פּרעסע; מיט אַ פינף יאָר צוריק איז געווען געדרוקט אַ גרעסערע אַרבעט (אין דער וואַרשעווער „פאָלקסשטימע") פון משה ביעלענקי, געוועזענעם דירעקטאָר פון דער מאָסקווער יידישער טעאַטער־שול. ווילט זיך מיר, קודם־כל, אויס־לאָדן מיינע זכרונות וועגן דעם מענטש זוסקין — אויפן סמך פון ספּאָראַ־דישע צוזאַמענטרעפן אין משך פון אייניקע יאָרן. און אַרויסהעלפנדיק זיך מיט זכרונות פון אַנדערע מענטשן, מיט מאַטעריאַלן, וואָס געפינען זיך אין ישראל ביי זיין טאָכטער טאַמאַרע (איצט ד"ר פלאַט) — פרווון אָנצייכענען זיין אינערלעכן פּאָרטרעט.

פאַר די פּאָר יאָר פון מיין זיין אין ראַטנפאַרבאַנד — אין די אומגע־הייער־שווערע יאָרן פון טויט־געראַנגל מיט דער נאַצישער חיה; אין צייטן ווען עס קריכט אַרויס דאָס פאַרבאָרגנסטע פון מענטשן — האָבן צוויי יידישע פּערזענלעכקייטן מיט אַ באַזונדערער שאַרפקייט זיך איינגעקריצט אין מיין נשמה: דער נסתר און בנימין זוסקין. (כ'וואָלט אפשר דערמאָנט נאָך אַ דריטן, אַ דאָקטער. אָבער איך האָף, אַז ער לעבט נאָך ערגעץ אין ראַטנפאַרבאַנד, איז גלייכער וועגן אים צו מאַכן אַ שוויג). מיט זייער האַל־טונג, האַנדלונג, באַציִונג צו די „פרעמדע" יידן — צו אונדז „מערב־מענטשן". מאָמענטנווייז איז עס אפשר געווען אַ פועל־יוצא פון אַ געוויסער דעספּעראַציע; מאָמענטנווייז — אַ בענקשאַפט נאָכן פאַרשוווּנדענעם מי־ראַזש פון אַ ברויזנדיק יידיש לעבן. אומאָפּהענגיק אָבער דערפון זענען עס געווען פאַקטן פון העלדישקייט, וואָס די מענטשן האָבן אַרויסגעוויזן.

די פּערזענלעכע באַקאַנטשאַפט מיינע מיט זוסקינען דאַטירט זיך פון

טאָג, ווען דאָס מאָסקווער יידישע מלוכה־טעאַטער איז עוואַקוירט געוואָרן קיין מיטל־אַזיע. דער ערשטער עטאַפּ איז געווען סאַמאַרקאַנד. געווען איז דאָס סוף 1941, אָדער אָנהייב 1942. געקומען איז דאָס טעאַטער אָן מיכאָעלסן — ער איז פאַרבליבן אין טאַשקענט, כדי דאָרט צו דערליידיקן אַ באַזע פאַרן טעאַטער. געציילטע טעג איז דער אַנסאַמבל געבליבן אין סאַמאַרקאַנד און דעמאָלט האָב איך זיך באַקענט מיט זוסקינען. און ביים ערשטן שמועס — גלייך אָנגענעם איבעראַשט געוואָרן פון דער פשטות פונעם „פאָלקס־אַרטיסט פון ר.ס.פ.ס.ר.״ (די וואָג און ווירקונג פון טיטלען און אויסצייכענונגען איז אין ראַטנפאַרבאַנד געווען גאָר גרויס); פון זיין אומ־מיטלבאַרקייט אין שמועסן און פון זיין פענאָמענאַלן זכרון. איך האָב זיך לחלוטין נישט געריכט, אַז ער וועט אַזוי פיל וויסן וועגן מיר פּערזענלעך און וועגן מיין אַרבעט. עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז ער איז געווען פון די פלייסיקסטע לייענער פון די וואַרשעווער „ליטעראַרישע בלעטער״, ווו איך האָב זיך פאַר דער מלחמה ספּאָראַדיש געדרוקט. ער האָט געלייענט מיינע אַרטיקלען און רעצענזיעס פון טעאַטער־פאָרשטעלונגען, ווו איך בין דערמאָנט געוואָרן. ער האָט זיך אַפילו געוויצלט: „מיר שפּילן די זעלבע ראָלן״ (האָבנדיק אין זינען רבי עקיבא — אַ געשטאַלט, וועלכע זוסקין האָט געשפּילט אין ש. האַלקינס פּיעסע און איך — אין אַשענדאָרפס באַאַרבע־טונג פון גאָלדפאַדענס פּיעסע).

חדשים שפּעטער האָבן מיר זיך באַגעגנט אין טאַשקענט. זוסקין האָט זיך מיט מיר אַרומגעכאַפּט, ווי מיט אַן אַלטן פריינד. און גלייך: „איר זענט נאָך נישט באַקאַנט מיט סאָלאָמאָן מיכאַילאָוויטשן (מיכאָעלס)? קומט, איך וועל אייך באַקענען״.

און אַזוי — ביי מיין יעדן קומען קיין טאַשקענט האָב איך זיך שוין געטראָפן מיט זוסקינען, געשמועסט, געוויצלט זיך (כאָטש ס'האָט געקאָנט זיין גאָרנישט פריילעך אויפן האַרצן) — ער האָט ליב געהאַט זיך צו וויצ־לען און געהאַט אַ שטאַרק אַנטוויקלטן חוש פאַר הומאָר. ער האָט נישט פּאָזירט, נישט געמאַכט קיין אָנשטעלן, גערעדט געווען פאָלקסטימלעך יידיש, כאָטש ער פלעגט אַריינוואַרפן רוסישע ווערטער און גאַנצע זאַצן (ווי ס'איז דער שטייגער אין יענער סביבה). אָפט האָט מען אים געקאָנט טרעפן אין

גאָרקיך („סטאָלאָוואַיאַ") אָוועקזעצן זיך וויצלען מיט אַלטע בינע־אַרבע־טערס. באַזונדערס היימיש איז ער געווען מיט די טעאַטער־שניידערס. אפשר דערפאַר ווייל זיין טאַטע איז אין ליטווישן שטעטל פאָניעוויעזש געווען אַ שניידער. האָט ער דאָך פון טאַטנס שטוב אויך אַרויסגעטראָגן די ליבע צום טעאַטער. די שטוב פון שניידער לייב זוסקין איז געווען אַ היים פאַר וואַנדערנדיקע יידישע אַקטיאָרן, וואָס האָבן באַזוכט דאָס שטעטל; אַקעגן איבער דער שטוב האָט זיך געפונען דער זאַל פון קינאָ, ווו מען האָט געשפּילט טעאַטער. „אַפילו די באָבע מיינע איז געווען אַ ליבהאָבערין פון יידישן טעאַטער" — דערציילט זוסקין אין זיינע „אויטאָביאָגראַפישע נאָטיצן". פאַרליבטקייט אין טעאַטער האָט ער אַרויסגעטראָגן פון דער היים. פון דאָרט האָט ער אויך אַרויסגעטראָגן זיין יידישע פאָלקסטימלעכקייט, וואָס האָט אַרויסגעשטראַלט סיי פון זיינע בינע־קרעאַציעס, סיי פון זיין באַנעמונג אין טאָג־טעגלעכן לעבן.

— רעדט זיך איין, אַז דאָס איז אַ „יאַטשקאָ סמיאַכקאַ" — האָט ער גערעדט דער אַלטער שניידערין, ווען זי האָט געקרימט מיט דער נאָז צוליב דער שוואַרצער „זאַטיערוכע". ער אַליין איז געווען אַ מייסטער פון דעם מין איינרעדן זיך, פון מאַכן זיך אַליין גלייבן אין אַזאַ מאָס, אַז ער איז בכוח געווען צו מאַכן גלייבן אַ מאַסע. לייכט, שפּילעוודיק, אָן פאַרוויקלעניש און אָן באַזונדערער אינטעלעקטועלער פאַרטיפונג; להיפוך צו מיכאָעלסן, וואָס איז כולו געווען טיפקייט, ליב געהאַט צו אָפּערירן מיט רמזים און סתרי־תורה — האָט ער געשפּרודלט מיט הייטערקייט, צו מאָל לצנישקייט און חברישער צוגעלאָזנקייט. עפּעס אַ מין פּורים־שפּילערישע פאַרשייטקייט האָט געפינטלט פון זיינע אויגן; אַ קאָמעדיאַנטישע זאָרגלאָזיקייט. ער, דער קאָמעדיאַנט פאַר־עקסעלאַנס אויף דער בינע — דער קאָמעדיאַנט אין בעסטן זינען פון וואָרט; דער אויסטראָגער פון קאָמעדיע — האָט דאָס קאָמעדיאַנטישע געהאַט אין זיינע רמ"ח אברים. דאָס איז געווען זיין אינדיווידועלער חן. נישט אין אַ קלענערער מאָס, ווי דער אומגעהייערער בינע־חן זיינער.

צי איז ער געווען טראַגי־קאָמיש? — אַוודאי. אין יעדער עכטער קאָמעדיע זענען פאַראַן עלעמענטן פון טראַגיזם. דאָס זעלביקע — אין יעדן

קאָמיקער. ווער שמועסט נאָך — אין אַ מענטשן פון אַזאַ טראַגישער באַ־לאַדנקייט, ווי בנימין זוסקין. אַ מענטש, וואָס האָט יאָרנלאַנג געאַנט וועגן פאַטום, וואָס שוועבט איבער אים. זוסקין איז אָבער לחלוטין פריי געווען (אויף וויפל דאָס איז מיר מעגלעך געווען צו אָבסערווירן) פון איבערשפּילן טראַגיזם, פון טראַגיזם־שאַרזש, ווי מען וואָלט עס געקאָנט אָנרופן, כאָטש מען האָט שטענדיק געקאָנט פילן ביי אים און אין אים עפּעס אַ נערוועזן צאַפּל — אין לעבן און אויף דער בינע. צוגעווױנט צו דעם שאַרפן, קאַנ־טיקן גראַנאָווסקי־שטריך אויף דער בינע, האָט ער זיך אָבער אין לעבן אויסגעצייכנט מיט אַ ווייכקייט, אַ לירישער דעמפּונג. דאָס האָט זיך מיר באַזונדער געוואָרפן אין די אויגן אין אַ פּאָר מיר גורלדיקן טאָג:

סוף ווינטער 1943, אַ טאָג נאָכן צוריקקומען קיין טאַשקענט אַ דעמאָ־ביליזירטער פון „טרודפראָנט" אויפן צפון־אוראַל — בין איך ווייטער מאָ־ביליזירט געוואָרן. די מעלדונג וועגן דעם איז געווען פאַר מיר גלייך צו אַ טויט־אורטייל. מיין געזונט איז געווען דערשעפּט ביז די לעצטע גרענעצן און אויך פסיכיש בין איך געווען נאָענט פון צוזאַמענבראָך. אָן ספּעציעלע האָפענונגען בין איך — ווי אַ טרינקענדיקער כאַפּט זיך אָן אַ שטרוי — געגאַנגען צום בנין, ווו ס׳האָט זיך געפונען דער מאָסקווער „גאָסעט", נאָך הילף. אויף דער גאַס האָב איך באַגעגנט זוסקינען כמעט אַ לויפנדיקן. ער איז דאַן געווען דער „פליכט־אויספירער פון קינסטלערישן אָנפירער" (מי־כאָעלס איז שוין געווען אויפן וועג קיין אַמעריקע) — איך האָב נישט גע־האַט קיין דרייסטקייט אים צו פאַרהאַלטן. ער האָט זיך אָבער אָפּגעשטעלט: „פאַר וואָס האָט מען אייך אַזוי לאַנג נישט געזען? וואָס זעט איר אַזוי שלעכט אויס?". איך האָב אים בקיצור דערציילט וועגן מיין לאַגע. ער האָט זיך פשוט אָנגעכאַפּט ביים קאָפּ: „מענטש, פאַר וואָס זענט איר באַלד נישט גע־קומען צו מיר? איצט אייל איך זיך, כ׳מוז נאָך עפּעס דערליידיקן צו דער לוויה (ס׳איז גראָד געשטאָרבן דער אַרטיסט וויסמאַן, איינער פון דער אסתר־רחל קאַמינסקאַ־גוואַרדיע, וועלכער איז אויף דער עוואַקואַציע אַריינ־גענומען געוואָרן אין מאָסקווער „גאָסעט"). קומט מאָרגן באַלד אין דער פרי צו מיר אין ביוראָ. און דערוויל גייט רויק אַהיים און זאָרגט אייך נישט".

צומאָרגנס האָב איך שוין באַלד אין דער פרי געטראָפן זוסקינען אין

ביורא. ס׳איז שוין געווען גרייט פאַר מיר אַ באַשטעטיקונג, וואָס איז געווען אַ מין קוואַליפיקאַציע־דאָקומענט. אונטערגעשריבן האָט ער, אויסרעכענענ־דיק אַלע זיינע טיטלען און אַמטן („ס׳וועט מער ווירקן״ — האָט ער צוגע־שמייכלט) און אָוועקגעלייגט דעם „קיילעכדיקן שטעמפּל״. דער כוח פון ערנ־טיטלען מיטן קיילעכדיקן שטעמפּל איז טאַקע געווען גרעסער ווי פון „וואַ־יענקאָמאַט״. איך בין גלייך באַפרייט געוואָרן.

ווען איך האָב זוסקינען געדאַנקט, האָט ער מיר איבערגעריסן מיט אַ האַנט־באַוועגונג: „ס׳איז מיין חוב. און געדענקט, ווי נאָר עמעצער פון אייערע חברים וועט זיך געפינען אין אַ שווערער לאַגע — שרייבט אָן אַ פּאָר ווער־טער צו מיר. כ׳וועל פאַר אים טאָן אַלץ, וואָס איז מעגלעך. ווער דען זאָל אייך העלפן, אויב נישט מיר?״.

דערביי דאַרף אונטערגעשטראָכן ווערן, אַז דאָס איז געווען בלויז איי־ניקע חדשים נאָכן אַרעסט פון דזשיגאַן־שומאַכער, ווען די בעסטע פריינד האָבן זיך אָפּגעקערט פון אונדז „פּוילישע״, מורא־געהאַט צו זאָגן אַ גוט וואָרט וועגן אונדז — מכוח העלפן רעדט מען שוין נישט.

און נאָך: זוסקין האָט נישט געהאַלטן פון טאָן האַלבע טובות: „וואָס האָט איר בדעה ווייטער צו טאָן? פון וואָס וועט איר לעבן?״ — דאָס האָט אים אינ־טערעסירט. ער האָט נישט פאַרגעסן דערביי וועגן טאָג־טעגלעכע קליינ־קייטן, מיט אַ געזונטן חוש פאַר די בויטן פון יענע טעג:

— ביי אונדז אין טעאַטער איז נישטאָ קיין פריי אָרט פאַר אַן אַקטיאָר פון אַ העכערער קאַטעגאָריע (מען האָט דעמאָלט אַריינגענומען אַ צאָל אָנ־געזעענע אַקטיאָרן פון די אוקראַינישע יידישע טעאַטערס). ווידער „אָפּאָר־מיען״ אייך אויף אַ נידעריקער קאַטעגאָריע, וועט איר באַקומען בלויז 400 גראַם ברויט. צי וואָלט איר נישט געהאַט דאַקעגן איך זאָל אייך פאַררעכענען אַלס בינע־מאַשיניסט? דאַן וועט איר באַקומען 600 גראַם ברויט און אַ „פּאַ־יאָק״. אַרבעטן וועט איר נישט דאַרפן, איך וועל עס שוין דערליידיקן.

ווער עס איז בלויז אַ ביסל באַקאַנט מיט די דעמאָלטיקע באַדינגונגען אין ראַטנפאַרבאַנד, קאָן אָפּשאַצן וואָס עס האָט באַדייט פאַר מיר זוסקינס פאָרשלאַג. עס איז נאָך צוגעקומען אַ פאַראָרדענונג אין דער „סטאָלאָווע״ אַרויסצוגעבן מיר „זאַטיערוכעס״ אויסער דער נאָרמע — וויפל איך וועל

קאַנען אויפעסן. אין דעם שווינדל האָט ער אַריינגעשלעפּט דעם רומענישן טעאַטער־דירעקטאָר פּ., דעמאָלט סיי טעכנישער אָנפירער פון טעאַטער, סיי דירעקטאָר פון דער גאַרקיך. ער האָט מיך שוין טאַקע אָפּגעהיט אויף ביידע פראָנטן. און ווען איך האָב זיך אונטער די קוליסן בעת אַ פאָרשטעלונג אַ ביסל „פאַרגעסן" און געלאָפן שלעפּן אַ שטיקל דעקאָראַציע, האָב איך אין מיטן וועג דערפילט, אַז עמעצער העלפט מיר. מיין העלפער איז געווען שמעון־אלי שמע־קולנו בכבודו ובעצמו (מען האָט געשפּילט שלום־עליכמס „פאַרכישופטער שניידערל") — דער פאָלקס־אַרטיסט בנימין זוסקין. ער האָט עס געטאָן מיט אַ כיוון, דעמאָנסטראַטיוו, כדי אַלע אַרבעטער זאָלן זען, וואָס פאַר אַ באַציִונג ער האָט צו מיר און — זיך רעכענען דערמיט.

איך בין מיין גאַנץ לעבן אין דער טעאַטער־סביבה און איך שטעל פעסט מיט דער טיפסטער איבערצייגונג: אין דער סביבה — ביי אַלע פעל־קער און שפּראַכן — איז שווער צו געפינען נאָך אַזאַ מוסטער פון סובטעל־קייט, סענסיטיוויטעט און איידלקייט אין דער פאָרעם פון געבן הילף אַ קאָ־לעגע — אַ צופעליקן און ווייניק־באַקאַנטן — ווי דאָס האָט געטאָן זוסקין.

שטעלט בלויז צונויף די צוויי צדדים: איך — אַ פּליט אין דער לאַגע פון אַ גאַסנטרעמפּ, ממש אַ מענטש פון דעק; ער — דער גרויסער קינסטלער אין פולן גלאַנץ און רום, אויף דעם העכסטן שטאַפּל פון זיין טעאַטער־קאַריערע. צי דאַרף מען מיט נאָך עפּעס צייכענען דעם כאַראַקטער פון בנימין זוסקין — דעם מענטש ?

.3

דער קינסטלער בנימין זוסקין איז געווען בפועל־ממש אַן אַנטפּלעק־קונג. עס זענען ווייניק באַקאַנט פאַלן פון אַזאַ מאָמענטאַלן אויפלייכטן פון אַ טאַלאַנט, ווי ס'איז געווען דער פאַל מיט זוסקינען. אָן קיין שום ספּעציעלע צוגרייטונגען — אַחוץ דער ליבע צום טעאַטער און דעם טאַלאַנט — האָט דער צוויי און צוואַנציק־יאָריקער סטודענט פון מאָסקווער באַרג־אינסטי־טוט, בנימין זוסקין, שוין ביי די ערשטע טריט אין דער סטודיע פון גראַ־נאָווסקיס יידישן קאַמער־טעאַטער אין יאָר 1921 אויפגעשיינט אַלס „קאָלאָ־מייער" אין דער אינסצעניזאַציע פון שלום־עליכמס „ס'אַ ליגן". י. דאָברו־

שין, אין זיין פּרטימדיקער מאָנאָגראַפיע (מיט אַ סך איבערחזרונגען) וועגן די עטלעכע און צוואַנציק בינע־געשטאַלטן, וואָס זוסקין האָט געשאַפן פאַר די ערשטע אַכצן יאָר פון זיין טעטיקייט אין מאָסקווער „גאָסעט", כאַראַק־טעריזירט אַזוי די דאָזיקע קרעאַציע: „זוסקין שניידט מיט די הענט די לופט לויטן גראַפישן פאַרטראַכט פון דער רעזשי, אָבער אין דער זעלבער צייט שטרעבט ער אַרומצוּוויקלען יעדע באַוועגונג מיט יענע אינהאַלטפולע אַסאָ־ציאַציעס, וואָס שטאַמען פון אַ לעבעדיקן לעבן. אַנאַליזירנדיק דעם קאָלאָ־מייער דורכן סכעמאַטישן מעסערדיקן זשעסט, האָט זוסקין דעם דאָזיקן טיפּ אין זיך אַ גאַנצן אויפגעשטעלט".

כדי בעסער צו פאַרשטיין דאָס געזאָגטע און נישט־דערזאָגטע פון דאָברו־שינען — אַפילו דאָס מיט אַ כיוון פאַרשוויגענע — לאָמיר מאַכן אַ שטיקל דיגרעסיע אין דער געשיכטע פון מאָסקווער ייִדישן מלוכה־טעאַטער.

דאָס ייִדישע טעאַטער בכלל, זינט גאָלדפאַדענס באַגין, איז רייך געווען מיט גרויסע אַקטיאָרישע אינדיווידואַליטעטן, קינסטלערישע פּאַטענצן, וואָס זענען בכוח געווען צו באַשיינען די גרעסטע וועלטבינעס. פון דעסטוועגן האָט דאָס ייִדישע טעאַטער נישט געקאָנט שאַפן קיין דויערנדיקע קונסט־ווערטן; געווען נישט קיין סטאַביליזירטער שעפערישער גוף, נאָר עפּעס אַ פלאַזמע, וואָס אָט באַקומט זי אינטערעסאַנטע פאָרמעס און ליניעס און אָט צעפאַלט זי און צעגיסט זיך.

דעם העכסטן, שלימותדיקסטן און דויערנדיקסטן קינסטלערישן אויס־דרוק האָט עס דערגרייכט אין מאָסקווער ייִדישן מלוכה־טעאַטער. דאָס דאָ־זיקע טעאַטער איז — אין די צוואַנציקער און צו מאָל דרייסיקער יאָרן — געווען די העכסטע מדרגה פון שאַפן ייִדישע טעאַטער־ווערטן. אין פּרט פון סטיל, אייגנאַרטיקייט, צילבאַוווסטזיין, אויסדריקלעכקייט און קינסטלערישער גאַנצקייט. אומאָפּהענגיק דערפון, צי עס האָבן צו עמעצן פולשטענדיק אָפּגע־לירט זיינע אויסדרוק־מיטלען, זיין קינסטלערישע שפּראַך.

דער סטיל, די אויסדרוק־מיטלען — גראַד, ווי די עצם אָרגאַני־זאַציע פון טעאַטער און זיין אָנפירונג ביזן גרויסן אויסלענדישן טריומף — זענען אומאָפּרייסלעך פאַרבונדן מיטן רעזשיסער אַלעקסאַנדער גראַנאָווסקי. פון אַלע פּובליקאַציעס וועגן מאָסקווער טעאַטער איז גראַנאָווסקיס נאָ־

מען באַזייטיקט געוואָרן, כדרך הארץ — ווייל גראַנאָווסקי איז נאָך דער אויס־לאַנד־רייזע נישט צוריקגעקומען קיין רוסלאַנד. אָבער פון טעאַטער גופא, פון זיין ווייטערדיקן שאַפן און זיין אַנטוויקלונג, האָט מען נישט געקאָנט באַזייטיקן גראַנאָווסקיס השפּעות. זיי זענען געלעגן ווי אַ ירושה־משא אויף די אַקטיאָרן און אויפן גאַנצן טעאַטער — לטובה און לרעה — ביז זיין טראַגישער ליקווידאַציע.

גראַנאָווסקי האָט געשאַפן דעם יידישן בינע־עקספּרעסיאָניזם. ער האָט אים טאַקע נישט אַרויסגעכישופט פון פּוסטקייט, טעאָרעטיש און טעכניש האָט ער אים אונטערגעבויט מיט מייערכאָלדס ביאָמעכאַניק — סיי אַלס שיטה צו דערציען אַקטיאָרן; סיי אַלס פּרווו צו שאַפן נייע אויסדרוק־מיטלען, ווי באַוועגונג, פאַרב און קלאַנג זאָלן דאָמינירן איבערן וואָרט אויף דער בינע; דאָס בילד זאָל אַרויסשטויסן די איבערלעבונג, וואָס איז דערעסן געוואָרן נאָכן נאַטוראַליסטישן און סימבאָליסטישן טעאַטער. ס׳איז געווען רעוואָלוציע, איבערגעזעצט אויף דער שפּראַך פון דער בינע. גראַנאָווסקי האָט אָבער נישט קאָפּירט מייערכאָלדן. ער האָט אויפן פונדאַמענט פון יענעמס שיטה זיך באַמיט אַרויסצובאַקומען די סינטעטיזירטע יידישע באַוועגונג און מעלאָדיק; געבן די דעפאָרמאַציע פון דער אַלטער יידישער ווירקלעכקייט, אַלס רעוואָלוציאָנער־קינסטלערישן פּראָטעסט קעגן איר. דערצו האָט ער באַדאַרפט אַ ספּעציעלן טיפּ אַקטיאָר. דאָס אַלטע יידישע טעאַטער און זיינע אַקטיאָרן (אגב האָט ער זיי נישט געקענט, ווייל געקו־מען איז ער פון אַ פרעמדער, אַסימילירטער סביבה) — אומאָפּהענגיק פון זייער טאַלאַנט — האָט ער לחלוטין נעגירט. ער האָט באַדאַרפט אויף דער בינע בלויז אַזעלכע, וואָס זאָלן „שניידן מיט די הענט די לופט לויטן גראַ־פישן פאַרטראַכט פון דער רעזשי״, אָדער עפּעס פון אַזאַ מין.

שאַרפע מתנגדים פון מייערכאָלדישן טיפּ טעאַטער האָבן אַפילו גע־האַלטן, אַז ער דאַרף בכלל נישט קיין אַקטיאָרן. גראָד ווי ער האָט נישט באַדאַרפט קיין דראַמאַטורגן, נאָר שעפער פון „סצענאַרן״ פאַר זיינע ספּעק־טאַקלען (אין דער אמתן זענען טאַקע די טעקסטן פון די קלאַסיקער פאַר גראַנאָווסקין בלויז געווען מאַטעריאַל צו סצענאַרן). אָבער די מיינונג איז

געווען גראָד אַזאַ איבערטרייבונג, ווי ס'איז געווען גראַנאָווסקיס נעגאַציע פון אַלץ, וואָס איז געקומען פון אַלטן יידישן טעאַטער.

קיין שום טעאַטער, אַפילו דער ביאָמעכאַנישער, „פאָרמאַליסטישער" — וואָלט נישט געקאָנט ווירקן, ווען ער ווערט נישט אָנגעפילט מיט פול־סירבדיק אַקטיאָריש בלוט; צום מינדסטן מיט אייניקע באַדייטנדיקע אַק־טיאָרישע אינדיווידואַליטעטן. דאָס מאָסקווער יידישע מלוכה־טעאַטער, זיין אַרטיסטישער רום און אויפשטייג, איז פאַרבונדן קודם־כל מיט צוויי נעמען פון שוישפילערישע פערזענלעכקייטן: שלמה מיכאָעלס און בנימין זוסקין.

צוויי פאַרשידנאַרטיקע קינסטלערישע אינדיווידואַליטעטן, אויב איר ווילט: צוויי ווידעראַנאַנדיקע — וועלכע האָבן אָבער אידעאַל צוזאַמענגע־שפילט איינער מיטן צווייטן. אויב מיכאָעלס — דער אינטעלעקטועלער, דענקער, אידעען־טרעגער, במשך פון צוואַנציק יאָר אויך דער קאָפּ פון טעאַטער — קאָן באַטראַכט ווערן פאַר זיין מוח, איז זוסקין אומבאַדינגט געווען דאָס האַרץ, וואָס האָט פולסירט מיט הייס, צאַפּלדיק טעאַטער־בלוט.

ווייל בנימין זוסקין האָט געהערט צו דער זעלטענער קאַטעגאָריע אַזוי גערופענע ראַסן־אַקטיאָרן פון יידישן טעאַטער. ער איז געווען דורכויסיק בינע־סטיכיע, סצענישער טעמפעראַמענט, אוממיטלבאַרע שפּילעווודיקייט. ער איז געווען ערשטיקע, קאָן מען זאָגן, נאַטירלעכע יידישע פאָלקסטימ־לעכקייט — פורים־שפילערישע היימישקייט און חנעוודיקייט, אויסגע־שליפן אין די רעוואָלוציאָנערע טעאַטער־זוכענישן. נישט קיין „אינטעלעק־טועלער", לויט זיין גאַנצער גייסטיקער קאָנסטיטוציע, נישט אויסגעפּטשטלט, אויסגעמוטשט, נייערט אַ פּשוטער יידישער פאָלקס־מענטש, וועלכער דער־גרייכט אינטעלעקטועלע הייכן דורך אומגעהייערער אינטויציע און פאַר־טיפטער אַרבעט איבער אַ געשטאַלט.

זוסקין האָט נישט געבליצט אין וואָרט און שריפט מיט אַן אָריגינעלן געדאַנק, אָדער שאַרפזיניקער פאָרמולירונג. דאָס קאָן מען זען פון זיינע אַרטיקלען און אַרויסזאָגונגען (אגב, ער האָט אויך געשריבן יידישע לי־דער און געצייכנט); אין דעם האָב איך זיך איבערצייגט בעת מיינע צאָל־רייכע שמועסן מיט אים. ער האָט אָבער אינספּירירט און אָנגעוואָרפן אָרי־גינעלע געדאַנקען און פאָרמולירונגען — מיט זיין שפּילן. ער האָט געשאַפן

געשטאַלטן פון פילאָזאָפישער פאַראַלגעמיינערונג. אין זיין קאָמעדיאַנטישער צעשפּילטקייט האָט זיך אָפט מאָל דורכגעשלאָגן די טראַגישע פאַרטראַכט־קייט פון אַ ייִדישן פאָלקס־מענטש — וועגן זיין אייגענעם גורל און וועגן גורל פון דער וועלט.

אויסגעוווּקסן אין גאַנצן זאַפּט פון דער סאָוועטישער טעאַטער־קולטור, האָט ער קיין מאָל נישט געפּרוּווט אַנטלויפן פון זיין פאָלקס־איך. דעם רוּם זיינעם האָט ער דערגרייכט נישט דורך פאַרלייקענונג פון זיין פאָלקס־איך (צי קאָן מען בכלל עפּעס דערגרייכן אין דער קונסט דורך אַזאַ פאַרלייקע־נונג?), נאָר דורך דערהייבן די פאָלקס־עלעמענטן אין זיין שאַפן צו דער מדרגה פון אַלוועלטלעכער טעאַטער־קונסט.

4.

ווי שוין פריִער דערמאָנט, באַשרייבט דאָברושין אין זיין מאָנאָגראַפיע זוסקינס קרעאַציעס פון די ערשטע אַכצן יאָר. אויך ביעלענקי דערמאָנט אין זיין אַרבעט די קרעאַציעס ביז דער מלחמה, צוגעבנדיק בלויז, אַז זוס־קין האָט געשאַפן בכלל ביי אַ פערציק בינע־געשטאַלטן. ער דערמאָנט דערביי קולבאַקס „בויטרע", וואָס איז דורך דאָברושינען אַדורכגעלאָזט געוואָרן (אין יאָר 1939 איז שוין קולבאַק געווען טריף), זוסקינס רעזשי־אַרבעטן (צען אויפפירונגען), ווי אויך די פּעדאַגאָגישע טעטיקייט אין דער טעאַטער־שול. איך האָב געהאַט דאָס גליק צו זען זוסקינען אין אַ צאָל שפּעטערדיקע קרעאַציעס („האָצמאַך" אין שלום־עליכמס „בלאָנדזשענדיקע שטערן"; אין פּרץ מאַרקישעס מלחמה־פּיעסע „אויג פאַר אויג"; „דאָס פאַר־כישופטע שניידערל"; דער בדחן אין „פריילעכס", אַ צאָל קאָנצערט־אויפ־טריטן, אייניקע פילם־קרעאַציעס, ווי אויך די באַשריבענע פון דאָברושי־נען: לץ אין „קעניג ליר"; „כישופמאַכערין" — אין אַ קאָנצערט־אויפפי־רונג און אַנדערע). בכן, גענוג מאַטעריאַל צו שאַפן זיך דעם שפּעטערישן פּאָרטרעט פון אַן אַקטיאָר, דערקענען די קוואַליטעט פון זיין טאַלאַנט און אַפילו די אינערלעכע וועלט זיינע.

דער מאָנאָגראַף באַמיט זיך צו באַווייזן, אַז זוסקינס קינסטלערישע טעמע איז געווען דער „קליינער מענטש" און זיין מעטאָד איז געווען —

„די סאָציאַלע כאַראַקטעריזירונג פון דער געשטאַלט״; אַז אַלע זיינע פּאָרעם־זוכענישן און בלאָנדזשענישן זענען בלויז געווען ביי אים אַ וועג צו דערגרייכן צום רעאַליסטישן באַנעם, וואָס איז דעמאָלט געוואָרן אַבליגאַטאָריש אין סאָוועטישן טעאַטער (און געהאַט זייער אַ שווערע מערכה אין מאָסקווער „גאָסעט״, וואָס האָט זיך נישט געקאָנט באַפרייען פון גראַנאָווסקיס עקספּרעסיאָניזם). דאַרף מען די דאָזיקע פאָרמולירונגען און באַצייכענונגען אַרויפלייגן אויפן חשבון פון דער פאַרפליכטנדיקער מאָדע אין ראַטנפאַרבאַנד (ווייל אויך חילוקי־דעות אין פראַגן פון מאָדע האָבן זיך געקאָנט ענדיקן אויפן ווייטן צפון...) און פּרווון אָן שטאַמפּירטע פאָרמולירונגען כאַראַקטעריזירן די קינסטלערישע מיטלען און וועגן פון זוסקינען.

קודם כל — ער האָט געשפּילט. געשפּילט מיט אַלע אברים און מוסקלען פון פּנים. די בּיאָמעכאַנישע שול האָט אין אים אַנטוויקלט אַ שטאַרקע באַוועגלעכקייט און אַ פּלאַסטיק פון דער באַוועגונג. צוזאַמען מיט דער איינגעבוירענער מוזיקאַלישקייט, האָט עס געשאַפן ביי אים אַ האַרמאָניע פון טאָן, ליניע פון קערפּער און זשעסט. אַ צעשפּילטקייט אויף אַלע אינסטרומענטן, וואָס מען האָט געקענט זען ביי אים סיי אין דער „כישופמאַכערין״ — די ערשטע שטיק־טראַגנדיקע ראָל, וואָס זוסקין האָט געשפּילט (אין 1922) און זיין צווייטע ראָל בכלל; סיי אין לץ אין שעקספּירס „קעניג ליר״ (1935), סיי אין „האָצמאַך״ אין די „בלאָנדזשענדיקע שטערן״ (1941) און אַפילו אין „פריילעכס״, וואָס איז אויפגעפירט געוואָרן צום סוף פון דער מלחמה. אין אַ געוויסער מאָס איז נאָך ביי אים געבליבן — ווי ביי אַלע אַקטיאָרן פון מאָסקווער „גאָסעט״ — די אַפעקטירטקייט פון טאָן און זשעסט (גראַנאָווסקיס ירושה). אָבער זוסקינס אינערלעכע אָנלאָדונג, דער לעבעדיקער בינע־נערוו, האָבן אַפילו אין די עקסטראַוואַגאַנטסטע טענער און באַוועגונגען אַרויסגעהויבן אַ טיף־מענטשלעכן ניצוץ — צו מאָל אַ לצניש־פריילעכן, צו מאָל אַ ליריש־גלעטנדיקן, צו מאָל אַ פאַרהויכטן מיטן ווייטיק פון טראַגישע אַנונגען.

פאַר יעדן איינעם וואָס האָט געזען דעם איינציקן אין זיין מין דועט מיכאָעלס־זוסקין אין „קעניג ליר״, מוז פאַרבלייבן נישט צו פאַרגעסן די קראַפט און טיפקייט פון זוסקינס לצעווען. גראָד ווי מיכאָעלס האָט אויס־

פילאָזאָפירט זיין קעניג, האָט זוסקין יעדעס וואָרט און יעדע באַוועגונג פון זיין ליר אָנגעלאָדן מיט טיפן פילאָזאָפישן אינהאַלט. און דערגרייכט האָט ער עס מיט די מיטלען פון אַקטיאָרישער מייסטערשאַפט, פון האַרמאָנישן קאָאָרדינירן דאָס וואָרט (נישט האָבנדיק אין דער ראָל צו פיל ווערטער), די שטים, דעם זשעסט, די אויגן — די אומפאַרגעסלעכע זוסקין־אויגן, אין וועלכע עס האָט געפינקלט אַ ליר אונטער אַ נעפל פון אומעט; די קוועק־זילבערדיקע באַוועגלעכקייט (מיט אַלע פּאָזיטיווע השפּעות פון גראַנאָווסקיס דערציִונג), דער שווין נישט איין מאָל דערמאָנטער ברוייזנדיקער טעמפּעראַמענט, דאָס אַלץ — מיטן רייפן געדאַנק, וואָס דרינגט דורך די טיפענישן פון שעקספּירס פּאָרטראַכט. זוסקינס ליר איז אויסגעוואָקסן צו אַ סימבאָל פון פאָלקס־חכמה, וואָס עפנט די אויגן פון פאַרבלענדטן קעניג.

אַ צווייטן מין ליר — אין אַן אַנדער סביבה און אַנדערע דימענסיעס — האָט זוסקין אויסגעשפּילט מיט זיין האָצמאַך אין שלום־עליכמס „בלאָנדזשענדיקע שטערן". אויך דאָ האָט זיך — גראָד ווי אין „קעניג ליר" — אַרויסגעפּילט די גרענעצלאָזע פאַרליבטקייט פון זוסקינען אין דער געשפּילטער געשטאַלט. עס האָט געמאַכט דעם איינדרוק, ווי ער וואָלט מיט דער ראָל וועלן אָפּצאָלן אַ חוב די יידישע „אַקטיאָרשטשיקעס", וועלכע פלעגן קומען צו אים אין שטוב אין פאָניעוויעזש, פאַר די ערשטע טעאַטער־רעגונגען, וואָס זיי האָבן אין אים דערוועקט; און אפשר גאָר האָט ער גע־האַט אין לויף פון די יאָרן דורכגעפירט איינערלעך אַ רעוויזיע פון דער גראַנאָווסקישער שטעלונג צום אַלטן יידישן אַקטיאָר? אַזוי צי אַזוי — זוס־קין איז געווען פאַרליבט אין האָצמאַכן. נישט געקוקט אויף די פעלערן פון דראַמאַטיזאַציע אַן רעזשי, וואָס האָבן „בלאָנדזשענדיקע שטערן" אָנ־געוואָרפן עפּעס אַ מין אָראַטאָריע־טאָן און אַ גאַנג אויף שטאָלצן, האָט זוסקינס אַקטיאָרישע פולבלוטיקייט באַוויזן זיך צו באַפרייען פון די פענ־טעס און נישט אַרויסרייסנדיק זיך פון דער אַלגעמיינער ראַם — באַוויזן צו שאַפן אַ לעבעדיקן, ליבנדיקן און באַליבטן האָצמאַך. טאַקע אַ ליר, אָבער אַ ליר מיט אַ האַרץ פון אַ קינסטלער.

און אַז עס איז צו רייד געקומען וועגן „נישט אַרויסרייסן זיך פון דער אַלגעמיינער ראַם", אַ קראַנקייט פון אַ סך באַדייטנדיקע בינע־קינסט־

לערס — איז דאָס טאַקע געווען איינע פון די מעלות, וואָס מען האָט באַ־וווּנדערט ביי זוסקינען. ער האָט באַהערשט די קונסט פון האַלטן זיך אין שאָטן, ווען מען האָט באַדאַרפט; אויסדריקלעך און שיין צו שווייגן אויף דער בינע. צום בעסטן האָט מען עס געקאָנט זען אַ שטייגער אין דער גע־נוג־וואַסערדיקער ראָל, וואָס ער האָט געשפילט אין מאַרקישעס „אויג פאַר אויג” און דער עיקר — אין זיינע פילם־קרעאַציעס.

נאָך אַ זייט פון זוסקינס טאַלאַנט: די פעיקייט אַריינצוּוואַקסן אין פאַר־שידנאַרטיקע געשטאַלטן — אין פרט פון אויסערלעכער כאַראַקטעריזי־רונג און אינערלעכן מהות. סיי אין די צייטן, ווען דאָס איז געווען פאַרבונדן מיט סימבאָלישע מאַסקעס, סיי אין דער אַזוי־גערופענער רעאַליסטישער תקופה פון „גאָסעט”. די מעלה זיינע רעדט ברייט אַרום דאָברושין אין דער מאָנאָגראַפיע. ער האָט געקאָנט זיין פאַרשידן, נישט פאַרלירנדיק זיינע אינדיווידועלע אייגנשאַפטן, וואָס האָבן אים אַרויסגערוקט אויף אַ סצענישן אויבנאָן: די אינערלעכע וואַרעמקייט, דער חוש פאַר הומאָר, די פילפאַרביקע צעשפילטקייט און לירישע אומעטיקייט. אַוודאי איז זיין שמעון־אלי פון „פאַרכישופטן שניידערל” גיכער געווען אַן עקסטראַקט פון אַ געשטאַלט — אַ גייענדיק לירישע געזאַנג, אַ פּאַסטעל־צייכענונג און — אויב איך ווילט: אַ באַלעבט שאַגאַל־בילד; זיין בדחן אין „פריילעכס” איז ווידער געווען כולו פאַלקסטימלעכע צעזונגענקייט און צעטאַנצטקייט — בכן: אַן עקס־טראַקט. דאָס האָט זיך אפשר נישט אַריינגעפּאַסט אין די מאָסן פון סכע־מאַטישן רעאַליזם, עס איז אָבער קינסטלעריש געווען גאַנץ.

אָפט מאָל, ווען מען וויל קוואַליפיצירן די גרויסקייט פון אַן אַקטיאָר, שטעלט זיך די פראַגע: וואָס זענען די קענצייכנס? קודם־כל ווערן אויסגע־רעכנט די אינסטרומענטן פון זיין שאַפן: רייכקייט פון שטיממיטלען (נישט אַזוי די קראַפט זייערע, ווי די פאַרביקייט און פעיקייט צו אָפּערירן מיט זיי); די אויסדריקלעכקייט פון פנים (און די פעיקייט אַרויסצוברענגען דעם ריכטיקן אויסדרוק פון געגעבענעם געמיט־צושטאַנד); די באַוועגלעכקייט פון קערפּער (און מיט באַוועגונג אַרויסברענגען דעם כאַראַקטער פון אַ גע־שטאַלט); דאָס דערהערן די מוזיק פון די פאַרבאָרגנסטע סטרונעס אין אַ מענטשלעכער נשמה (און די פעיקייט אויסצושפילן די דאָזיקע מוזיק אויף

אייגענע אינסטרומענטן); דאָס פאַרשטיין (אָדער אַרויספילן) די כוונות פון מחבר (און די פעיִקייט די דאָזיקע כוונות איבערצוגעבן באַגלייביק); דאָס פאַרפיקסירן אין זיך איבערלעבונגען, שטימונגען, גייסט־צושטאַנדן (און די פעיִקייט דאָס אַלץ אין נייטיקן מאָמענט ווידער מאַכן לעבן אין זיך) און נאָך און נאָך.

קאָן מען אָבער גלייך אויסרעכענען אַ צאָל גרויסע אַקטיאָרן פון גאָר דער וועלט, וואָס האָבן איינע אײניקע — פון די דערמאָנטע מעלות נישט פאַרמאָגט: דער דייטשער אַלבערט באַסערמאַן, אָדער דער פּוילי־שע סטעפאַן יאַראַטש, זענען געווען גרויסע אַקטיאָרן מיט באַגרענעצטע שטיממיטלען; דאַקעגן אַלעקסאַנדער מאָיסי האָט געהאַט אַ באַגרענעצטן דיאַפּאַזאָן פון פּנים־אויסדריקלעכקייט. ס׳זענען געווען גרויס אַקטיאָרן כמעט אַנאַלפאַבעטן. אין פלוג האָבן זיי נישט פאַרשטאַנען דעם מחבר, נישט פאַר־שטאַנען אַפילו, וואָס זיי רעדן אויף דער בינע. זיי האָבן זיך אַרויסגעהאָלפן מיט אינטויִציע. בכן — איז אויך אינטויִציע אַ וויכטיקער (און אפשר דער וויכטיקסטער) שוישפּיל־אינסטרומענט. ווען טאַלאַנט איז דאָך אָפּגערעדט.

נאָר טאַלאַנט איז דאָך אַ זאַמלונג פון די פריִער־אויסגערעכנטע פאַר־שידענע „אינסטרומענטן”. אַ צוזאַמענשטעל פון אַ נישט־פיזישער סובס־טאַנץ, ווו איינער (אָדער אייניקע) פון די פריִער־אויסגערעכנטע עלעמענטן קאָן האָבן אַן איבערוואָג. אָן טאַלאַנט קאָן בכלל נישט זיין קיין רייד וועגן קינסטלערישן שאַפן. און מיט טאַלאַנט — קאָן מען זיין אַ גוטער שוישפּי־לער, זייער אַ גוטער; ממש אַן אוצר פאַר דער בינע — אָבער אַלץ נישט קיין גרויסער שוישפּילער. צו גרויסקייט דאַרף מען פאַרמאָגן נאָך עפּעס — אַחוץ די אַלע, אָדער די מערהייט, פון די פריִער אויסגערעכנטע אינס־טרומענטן. עפּעס, וואָס לאָזט זיך נישט געגנוי באַצייכענען. עס איז אַ מין בינע־חן — און נישט בלויז דאָס; עס איז אַ מין אַלייניקייט — עפּעס אַ פלויִד, וואָס עס פאַרמאָגט בלויז דער קינסטלער, דער גרויסער קינסטלער.

בנימין זוסקין האָט פאַרמאָגט אַזאַ פלויִד — אַלס צוגאָב צו דער גאַנ־צער פּערפעקציע פון אַלע זיינע שוישפּילערישע אינסטרומענטן. דערמיט איז ער געוואָרן איינער פון די גרעסטע ייִדישע בינע־טאַלאַנטן — אַ גרוי־סער טעאַטער־קינסטלער אין פולן זינען פון וואָרט. און אין דעם גרויסן

באַטיטלטן און באַאָרדנטן קינסטלער האָט געקלאַפּט אַ צאַרט־פּילנדיק מענטשלעך האַרץ; עס האָט פון אים עמאַנירט הומאַנישקייט. פשוט, דיר־רעקט — אַזוי ווי ער איז געווען אין זיינע בינע־שאַפונגען; ייִדיש־פאָלקס־טימלעך, ווי אין זיינע קרעאַציעס.

בנימין זוסקין איז, ווי די מערהייט קינסטלערס, געווען אַ קנויל פון נערוון. אַ נערוועזער צאַפּל האָט זיך געלאָזט פילן ביי אים סיי אויף דער בינע, סיי אין לעבן. דאָס איז געווען דער צאַפּל פון אַ קינסטלערישער נשמה, וואָס האָט געזוכט שיינקייט און גוטסקייט. סיידן אויך — דער צאַפּל פון אַ ליכט־פלאַטערל, וואָס האָט געפילט, אַז עס געפינט זיך כסדר פאַרשטיקט מיט אויסדעמפונגען פון פינצטערניש, שקר, פאַרדאָרבנקייט. אַרויסרייסן זיך פון דער שטיקעניש האָט ער נישט געקאָנט, נישט געזען אַפילו קיין מעגלעכקייט ס׳זאָל ווען עס איז געשען. האָט ער זיך אומאויפהערלעך נער־ווען געצאַפּלט. ביז די קוילן פון „באַפרייונגס־ריטער״ האָבן איינגעשטילט דאָס צאַפּלען פונעם איידעלן קינסטלער־האַרץ.

# יצחק לאַטאָוויטש

.1

גילגולים פון אַן אַלטן יידישן אַקטיאָר.

יצחק לאַטאָוויטש איז געשטאָרבן אין נאָוועמבער 1952, ווען ער איז דאַן געווען דער עלטסטער אַקטיאָר פון יידישן מלוכה־טעאַטער אין פוילן. זיין אָנטייל אין פיר מיט אַ האַלבן יאָרצענדליק געשיכטע פון יידישער טעאַטער און די שפּעטערישע אויפבליצן אין די לעצטע פּאָר יאָר פון זיין לעבן האָבן געצויגן אויף אים אַ באַזונדערע אויפמערקזאַמקייט און גורם געווען מ׳זאָל שרייבן וואַרעמע שורות וועגן אים. ער האָט אויך זוכה געווען צו אַ בכבור־דיקער געזעלשאַפטלעכער לוויה אויפן וורשעלאַוער בית־עולם.

פאַר מיר איז ער געווען אַ סימבאָל פון אַ געוויסן טיפּ יידישן אַק־טיאָר, אַ רעפּרעזענטאַנט פון אַ גאַנצן דור יידישע אַקטיאָרן פון פוילן. ער איז געווען אַ קינד פון דער צאַלרייכסטער גענעראַציע פון יידישע אַקטיאָרן אין פוילן און רוסלאַנד, אַ טיפּישער פאַרשטייער פון דער גענעראַציע. פון זיינע גילגולים קאָן מען מאַכן אויספירן וועגן זיין דור און סביבה — זייער זיגזאַגן־וועג אין יידישן טעאַטער.

די עלטסטע גענעראַציע יידישע אַקטיאָרן — לאָמיר זיי אָנרופן די גאָלדפאַדען־אַקטיאָרן, הגם די מערהייט פון זיי האָט נישט געהאַט קיין דירעקטן שייכות מיט גאָלדפאַדענען, איז באַשטאַנען דער עיקר פון מענ־טשן, וואָס האָבן געשטאַמט פון דנאָ, פון דעק פונעם לעבן, אָדער זיך אויס־געוואָרצלט פון זייער סביבה און דערנענטערט זיך צום ראַנד, וואָס פירט צום דעק. מען קאָן, פאַרשטייט זיך, אויפן סמך פון צוגעשמינקטע אויטאָ־ביאָגראַפיעס און ביאָגראַפיעס, מאַכן אויך אַנדערע אויספירן פון ציפערישן שטאַנדפונקט, דאָס וועט קיינמאָל נישט זיין פּינקטלעך, ווייל עס פעלן די נייטיקע דאָקומענטאַלע מאַטעריאַלן וועגן אונדזערע טעאַטער־פּיאָנערן),

אָבער דאָס כאַראַקטעריסטישע פאַר דער גענעראַציע וועט פאַרבלייבן: אַ ראַנד־שיכטן פון עקאָנאָמישן לעבן, דער אָטעם פון הפקרדיקייט אין סאָציאַלן זין. לומפּן־פּראָלעטאַריאַט אָדער פּויפּעריזירטע באַלעבאַטישע קינדער, וואָס קייקלען זיך באַרג־אַראָפּ אין לעבן. אָבער אין דעם סאָציאַל־עקאָנאָמישן פּראָפיל פון ייִדישן זיין אין יענע יאָרן איז דאָס אויך געווען אַ שיכט, וואָס האָט געהאַט דעם מוט צו רעוואָלטירן, נישט געהאַט גאָרנישט צו פאַרלירן אין דעם פאַרגליווערטן קאָנסערוואַטיוו־רעליגיעזן ייִדישן לעבנס־שטייגער. די קרייזן האָבן עס געבוירן די „בראָדער זינגער" און אַנדערע — פּוילישע און נישט־פּוילישע — ייִדישע פאָלקס־זינגער. זיי האָבן אויך געבוירן דעם גאָלדפאַדען־אַקטיאָר.

די צווייטע ייִדישע אַקטיאָרן־גענעראַציע, פון דער תקופה „ייִדיש־דייטש־טעאַטער", איז שוין געקומען בעת דער בולטער פּראָלעטאַריזאַציע פון ייִדישן לעבן אין פּוילן, באַזונדערס אין וואַרשע און לאָדזש. דאָס האָט מיט זיך געבראַכט אַן איבערוואָג פון פּראָלעטאַרישן עלעמענט און דעקלאַסירטן קליינבירגער אין דעם ייִדישן טעאַטער, דעם אָטעם פון הפקר קאָן נאָך געמאָלט זיין אַלס אינדיווידועלער שטריך פון דעם אָדער יענעם טעאַטער־מענטש, אָבער שוין נישט אַלס סאָציאַלע דערשיינונג.

די צווייטע גענעראַציע האָט איר גרויסע מאָראַלישע וואָג אין טעאַטער, כאָטש זי איז פאַרהעלטנישמעסיק געווען באַגרענעצט אין צאָל אויף די געביטן פון רוסיש־פּוילן און רוסלאַנד. די דאַמבע פון „ייִדיש־דייטש" האָט געהאַלטן דעם מאַסן־צופלוס פון יונגע כוחות. זי ברענגט טאַקע באַדייטנדיקע אינדיווידואַליטעטן, ווי אסתר־רחל קאַמינסקאַ און איר סביבה, — אָבער נישט קיין גרויסן שטראָם. אַ מאַסן־צופלוס קומט ערשט מיט דער דריטער גענעראַציע פון ייִדישן טעאַטער אין רוסלאַנד און פּוילן, וואָס איר אָנקום איז אַרויסגערופן געוואָרן מיטן יאָר 1905.

1905 האָט געהאַט אַ טאָפּלטע באַדייטונג פאַר דער אַנטוויקלונג פון ייִדישן טעאַטער אין יענע מקומות. דער פאַקט פון לעגאַליזירן דאָס ייִדישע טעאַטער, דאָס אַראָפּוואַרפן די מאַסקע פון ייִדיש־דייטש, האָט זיכער פּאָזיטיוו באַווירקט זיין ווייטערדיקע אַנטוויקלונג, וווקס און קינסטלערישע שטייגערונג. כאָטש לאַנג נאָכן 1905 האָבן נישט אויפגעהערט די שיקאַנעס

קעגן יידיש טעאַטער מצד דער צאַרישער מאַכט. אין יאָר 1908 האָט מען נאָך אין אַזאַ וויכטיקן צענטער, ווי ביאַליסטאָק, נישט דערלויבט צו שפּילן קיין יידיש טעאַטער. שוין אָפּגערעדט פון אַנדערע צענדליקער שטעט און שטעטלעך, ווו די קליינע סאַטראַפּלעך האָבן געררודפט דאָס טעאַטער און דעם אַקטיאָר. די לעגאַליזאַציע האָט זיך, בכן, נישט אַזוי שטאַרק געפילט אין פּראַקטישן זין און נישט זי איז געווען די איינציקע סיבה פון דעם כוחות־צושטראָם אין יענע יאָרן, אַפילו נישט די וויכטיקסטע סיבה. די וויכטיקסטע סיבה איז געווען די אויפטרייסלונג, די רעוואָלוציע אין יידישן לעבן, די דערוואַכונג פון דער יידישער יוגנט. די דאָזיקע דערוואַכונג האָט געשטורעמט די טראַדיציאָנעל־קאָנסערוואַטיווע פאַרגליווערטקייט פון שטיי־גער ביים יידישן פאָלקס־מענטשן. אַפילו דער פּראָלעטאַריער האָט דאָך אין זיין מערהייט נאָך דאַן געשטעקט אין דעם שטייגער. און דאָ איז דער יידישער יונגערמאַן — נישט אויסשליסנדיק דעם אין קיילעכדיקן שוואַרצן היטעלע און קאַפּאָטע — געוואָרן אַן אָפּטער אַנטיילנעמער אין דעמאָנס־טראַציעס, מאַסוווקעס; אַן אייגענער אויף דער אַרבעטער־בירזשע, אַ מיט־גליד אין אַן אומלעגאַלן פּראָפעסיאָנעלן פאַראיין, אָדער הילפס־קאַסע. ביז דאַן פרעמדע באַגריפן און פאַרבאָטענע דרכים זענען געוואָרן נאָענט, אָדער לאָקנדיק. צווישן זיי — טעאַטער, דאָס טריף־פּסולע פון אַלטן יידישן שטיי־גער. יידיש טעאַטער, מיט זיין אָרגאַנישער וואַנדער־קראַנקייט, דעם ראָ־מאַנטיזם און פרייען הפקר פון די וואַנדערונגען, האָט באַזונדערס געלאָקט צו אַקטיווער באַטייליקונג אין אים. ס'איז געווען אַ מין אויסלעבן פון דרימ־לענדיקע בענקשאַפטן. איז אַוועק אַ מאַסן־שטראָם פון יוגנט צום טעאַטער. מיט דעם מאַסן־שטראָם איז אויך געקומען יצחק לאַטאָוויטש.

.2

זיין שול איז געווען — ווי גאָרקיס „אוניווערזיטעטן" — דאָס לעבן גופא. די טעאַטער־שול — דאָס טעאַטער גופא. דאָס זען טעאַטער און דאָס שפּילן טעאַטער.

געזען האָט מען, דער עיקר, איבערבלייבענישן פון „יידיש־דייטש"

אין קאָמפּאַניעיעצס, פּישזאָנס, גוזיקס, צי ספּיעוואַקאָווסקיס אויפלאַגע. אַ סך תורה האָט דערפון נישט געשטראַלט.

געשפּילט האָט מען צווישן זיך — אין דראַמאַטישע קרייזן, דער דע־מאָלטדיקער פּרוזדור צו טעאַטער. געווען טאַקע אין וואַרשע קרייזן פון אַ שעפערישן כאַראַקטער, מיט זוכערישע אַמביציעס — דוד הערמאַנס, מאַרק מילנערס — קרייזן פון אַרבעטער־יוגנט און אינטעליגענץ, די טעאַטער־פּעריפּעריע פון י. ל. פּרצעס ווירקונג. קרייזן צילבאַוווסטע, מיט אַ שטרעבן נישט סתם צום טעאַטער־אויסלעבן זיך, נאָר צו אַ קינסטלערישן כאַראַק־טער פון דעם אויסלעבן זיך. די דאָזיקע קרייזן זענען אָבער געווען אַ מינ־דערהייט. דער גרויסער שטראָם איז אַוועק אין די „ווילדע" קרייזן, וואָס זענען געשאַפן געוואָרן אויף אַ הויף אויף קראָכמאַלנע, דזשיקע, צי סמאָ־טשע גאַס. ביי זיי איז קאָמפּאַניעיעץ, דער אַלטער פּישזאָן — דער אידעאַל, אַ מוסטער פון טעאַטער־שפּילן. די אויפגאַבע — שפּילן אַזוי, ווי דער אי־דעאַל. אפשר אויך — זייך, ווי ער. אין לעבן: טראָגן אַזאַ צילינדער מיט אַ פּעלערינע, גלאַנצן מיט בריליאַנטן און ברעליאָקן — נישט וויכטיק אמתע, צי קינסטלעכע. קיין וועג האָט מען זיי נישט געוויזן, קיין מדריך איז נישט געווען. איז די מערהייט אַוועק אויף אומוועגן פון סתם טעאַטרעווען. נישט וויכטיק וואָס, פאַרוואָס און ווי אַזוי.

צווישן דעם שטראָם שפּילער זענען אָבער געווען אמתע פאָלקס־טאַ־לאַנטן וואָס האָבן אָן לערע און אָן מדריכים אויפגעשיינט מיט גרויס ליכט. זיי האָבן פאַרמאָגט די זעלטענע קראַפט פון קענען באַווירקן דעם עולם, באַווירקן גרויסע מענטשן־מאַסן, געפינען חן אין זייערע אויגן. געווען טרעגער פון פרייד און פון טיפער איבערלעבונג, פון אַ לייכטער טרער און האַרציקן געלעכטער. בעיקר טאַקע — געלעכטער. דאָ זענען זיי אַרומגע־שווומען, ווי פיש אין וואַסער. די ביליקסטע מיטלען האָבן זיי אָפּטמאָל באַנוצט, כדי אַרויסצובאַקומען געלעכטער. אָבער אַפילו דורך די ביליקסטע מיטלען האָט זיך אַרויסגעריסן טאַלאַנט. פּערל אין בלאָטע. מען פלעגט צומאָל פאַרגעסן אין דער בלאָטע, קוקנדיק אויף די פּערל. אמתע טאַלאַנטן פון ריינסטער פּראָבע. צווישן זיי איז געווען יצחק לאַטאַוויטש.

אין מיטן פון די צוואַנציקער יאָרן האָב איך אים געזען שפּילן צום

ערשטן מאָל אין זאַפּראַנס צירק אין ראָװנע. דער הױפּט־קאָמיקער פון דער װאַנדער־טרופּע ביאַלקאָװיטש־הערשקאָװיטש. האָט ער געשפּיגן בעבלעך — אױסגעהאַקטע ציין. פאַרלױרן די הױזן און געקראַצט זיך אין הינטן. איך האָב געשפּיגן קלעק דערױף. און דאָך — „אַן אַקטיאָר", — האָב איך זיך געטראַכט.

ס'איז שױן פריִער דערמאָנט געװאָרן די אָרגאַנישע װאַנדער־קראַנקייט פון ייִדישן טעאַטער, פון װיגל אָן. נאָכמער — פון זיין עמבריאָנאַלן צושטאַנד אָן, זייט די פאָלקס־זינגער, פאָלקס־פאַרװײלער, בדחנים און מאַרשעליקס. די קראַנקייט האָט נישט אױסגעמיטן די דראַמאַטישע קרייזן פון אָנהייב יאָרהונדערט. די װאַנדערונגען האָבן גאָר גיך פולשטענדיק דעמאָראַליזירט און צעקלאַפּט די קרייזן. להיפּוך צו דער לאָגיק, האָט עס נישט אױסגעניכטערט, נישט „אױסגעלייטישט" די קרייזלער. פאַרקערט, ס'האָט זיי פּראָפעסיאָנאַליזירט, געמאַכט פאַר אמתע אַקטיאָרן, אָדער אַקטיאָרשטשיקעס. זיי זענען אַריינגעדרונגען אין דעם לעגיטימען ייִדישן טעאַטער.

פאַרשטייט זיך, אַז קודם־כּל אין די אָרעמסטע ייִדישע װאַנדער־טרופּעס. איבער די קלענסטע שטעטלעך און אין גרעסטן דלות — גײַסטיקן און מאַטעריעלן. דער לעבעדיקער טעאַטער־אָרגאַניזם האָט זיי צוביסלעך פאַראייגנט. זיי זענען געשטיגן פון די קלענסטע װאַנדער־טרופּעס צו גענפערן, גוזיקן, אברהם פישזאָנען, סעם אַדלערן, זאַנדבערגן, יוליוס אַדלערן, ליפּאָװסקין, ראַפּעלן א"אַ, אייניקע אַפילו אין דער סביבה פון אסתּר־רחל קאַמינסקאַ, טאַקע איינצלנע, די גאָר אױסדערװײלטע. הונדערטער זענען געבליבן אין די טרופּעלעך, פאַרבלאָנדזשעטע שטערן אױפן פאַרכמאַרעטן הימל פון ייִדישן טעאַטער. שטערן, װאָס האָבן נישט געטאָרט צו העל שיינען, כדי נישט צו פאַרטונקלען דאָס ליכט פונעם פּאַטענטירטן שטערן, ביי װעלכן זיי האָבן געשפּילט. װי האָט שױן אין די לעצטע יאָרן געזאָגט אַ באַרימטער ייִדישער סטאַר: „איר רעדט אָפּ גיך אייער טעקסט, שפּילן װעל איך שױן פאַר אייך".

דער צװישן־מלחמה־פּעריאָד ענדערט ראַדיקאַל די באַדינגונגען און באַציִונגען. די אַקטיאָרן, װאָס זענען געבליבן אין פּױלן, האָבן געהאַט דורכצומאַכן דעם שװערן גראַנגאַל פון ייִדישן טעאַטער און אַקטיאָרנטום

אין די באַדינגונגען פון דעם פּילסודסקישן — זיך פאַשיזירנדיקן פּוילן. אין אַ גאָר־געענדערטער קולטור־געזעלשאַפטלעכער אַטמאָספער, ביי אַ גרויסן צופלוס פון נייע כוחות — די פערטע און פינפטע גענעראַציע פון יידישע אַקטיאָרן אין פּוילן. אַרבעטער־אינטעליגענץ, מענטשן מיט אַלגעמיינער בילדונג, מיט טעאַטער־שול. איז דער עלטערער גענעראַציע אויסגעקומען צו פירן אַ שווערן קאַמף פאַר איינהאַלטן זיך אויף דער טעאַטער־אויבער־פלאַך.

די נייע, די יונגע, האָבן געוואָלט, אַז זייער טאָן זאָל ווערן דער דאָ־מינירנדיקער אין יידישן טעאַטער. ס׳איז געווען דער טאָן פון דער פאַר־טיפטער סצענישער איבערלעבונג און געשטאַלטיקטן געדאַנק. די עלטערע גענעראַציע איז פאַרשריגן געוואָרן אַלס שונד־שפּילער. און זי האָט טאַקע געפּראַוועט שונד מיט „געזענגע און טענצע" אין גייסט פון דער פריער־דערמאָנטער ראָוונער פאָרשטעלונג. טאַלאַנטן זענען פולשטענדיק פאַר־שונדעוועט געוואָרן. די איבערוויגנדיקע מערהייט פון דער לאַטאָוויטש־גענעראַציע און יצחק לאַטאָוויטש צווישן זיי.

.3

„ווער איז שולדיק אין דעם? דער טעאַטער־אונטערנעמער, אַקטיאָר, עולם?" — האָט נאָך י. ל. פּרץ בשעתו געפרעגט.

דורך זיינע פאַרשידענע סתירות איז פּרץ געקומען צום ריכטיקן ענט־פער: די באַדינגונגען, די באַדינגונגען, וואָס האָבן געשאַפן דעם באָדן פאַרן אויפקום פון שונד, די אַטמאָספער פאַר זיין פאַרשפּרייטונג, פאַר זיין באַ־הערשן די אַקטיאָרן.

אַקטיאָרן האָבן געגנוג זייערע אייגענע פאַקטישע חטאים לגבי דער טעאַטער־אינסטיטוציע. זייער אָפט זענען זיי געווען די סיבה פון אונטער־גראָבן טעאַטערס. זייער עגאָצענטרישקייט און נישט־געזעלשאַפטלעכן חוש האָט געבררענגט גרויס שאָדן אין טעאַטער־לעבן. דאַרף מען נישט פאַרגעסן די חטאים פון אַקטיאָר. ער איז געווען, אין ערגסטן פאַל — בלויז אַ מיט־שולדיקער אין פאַרשונדעווען דאָס טעאַטער. מ׳טאָר נישט פאַרגעסן וועגן די אוצרות פון טאַלאַנט, מיט וועלכן דער אַקטיאָר איז געקומען צום טעאַ־

טער. טאַלאַנט, וואָס איז אָפּטמאָל געגאַנגען לאיבוד אָן פּאַרווענדונג, אָדער ביי אַ שלעכטער פּאַרווענדונג. דאָס וואָלט אפשר נישט געשען, ווען ס׳ווערן געשאַפן די מעגלעכקייטן דער טאַלאַנט זאָל קומען צום וואָרט. אַ סימן — יצחק לאַטאָוויטש, אין זיינע לעצטע לעבנס־יאָרן. אויך דאָ איז ער געווען טיפּיש פאַר דער זייער געציילטער גרופּע אַקטיאָרן פון זיין גענעראַציע, וואָס איז געבליבן נאָך דער מלחמה.

ווען י. לאַטאָוויטש איז פון פאַראיין אַריינגעשיקט געוואָרן אין ני־דערשלעזישן יידישן טעאַטער — נאָך זיין גרינדונג, האָב איך זיך דער־שראָקן. כ׳האָב געטראַכט: ווער וועט ווערן גובר־זיין? צי וועט זיין פאַר־דאַרבנקייט אונדז גובר־זיין, צי מיר — אים? מורא האָב איך געהאַט, אַז ס׳וועט געשען דאָס ערשטע. ווען ס׳איז מיר, אַלס רעזשיסער, אויסגעקומען צו אַרבעטן מיט אים, האָב איך זיך פאַרשאָלטן די יאָרן. ער האָט פּשוט חוזק־געמאַכט פון אַלץ, וואָס כ׳האָב געזאָגט, וואָס כ׳האָב פון אים פאַר־לאַנגט. ס׳איז גאָרנישט אויסגעשלאָסן, אַז ער האָט זיך גאָרנישט באַמיט עס צו פאַרשטיין. ער האָט פון פאָרויס חוזק־געמאַכט. מיטן קאַפּעליוש אויפן קאָפּ, אין מאַנטל און מיטן שטעקן אין האַנט אויף די רעפּעטיציעס, האָט מען געהאַט דעם איינדרוק, אַז באַלד וועט ער אַ זאָג־טאָן: „ווען וועל איך שוין אייערע פּטור ווערן?״.

אָבער די פאַר יאָר נידערשלעזיש יידיש טעאַטער און דאַן — דאָס יידישע מלוכה־טעאַטער אין פּוילן, האָבן דעם מענטשן לחלוטין געענדערט. די נייע מעגלעכקייטן האָבן אין אים אַריינגעבלאָזן עפּעס אַ פרישן גייסט. עס באַווייזט זיך אַ נייער לאַטאָוויטש. דער חזן אין שלום־עליכמס „בלאָנ־דזשענדע שטערן״, וואָס איז אויפגעפירט געוואָרן פון זיגמונט טורקאָוו, צו דער דערעפענונג פונעם ניי־אויסגעבויטן בנין פון יידישן טעאַטער אין וראָצלאַוו, איז געווען אַן אָנזאָג פון אַ נייעם אַקטיאָר. ער ווירקט דאָ נאָך טאַקע מיט זיין אייגנאַרטיקן קאָמיזם און חן, ער פּאַסט זיך שוין אָבער אַריין אין די ראַמען פון דער ספּעקטאַקל־גאַנצקייט, רייסט זיך שוין נישט אַרויס מיט די טענער פון אַ פרעמדן אינסטרומענט. ביי ח. סלאָוועסס „המנס מפּלה״ האָב איך שוין ערטערווייז, אַלס רעזשיסער, הנאה־געהאַט צו אַר־בעטן מיט אים. כ׳האָב דערזען, אַז מיר קאָנען געפינען אַ געמיינזאַמע

שפּראַך. האָב איך טאַקע מיט אַ רויִק האַרץ רעקאָמענדירט יעקב ראָטבאַו־מען צו נעמען לאַטאָוויטשן פאַרן מאַנאַך, דעם נזיר אין מ. ראַבלעס „מאָנ־סעראַ״ („דער גרויסער נסיון״). און ער האָט טאַקע געשאַפן אַן איינדרוק־פולע, שאַרף־געצייכנטע דראַמאַטישע געשטאַלט. קיין שפּור נישט פון דעם לץ לאַטאָוויטש — אַן אַקטיאָר מיט אַ טיפן דראַמאַטיזם האָט זיך באַוויזן.

באַלד דערנאָך — אין ראָטבאַומס אויפפירונג „אַ גאָלדפאַדען־חלום״, באַוויזט זיך לאַטאָוויטש ווידער אַלס נתן הכהן. טאַקע אַ קאָמישע גע־שטאַלט, אָבער שוין פון גאָר אַן אַנדער מין: ער שפּילט זי שטרענג אין סטיל פון דער קאָמפּאָזיציע פונעם גאַנצן ספּעקטאַקל, אָדער ריכטיקער — אין די ראַמען פון דער אַלגעמיינער סטיליזאַציע. אין ראָטבאַומס אויפפי־רונג ווידער פון שלום־עליכמס „סענדער בלאַנק״ שאַפט ער אַ מאַרקאַנטע רעאַליסטישע געשטאַלט. ער באַפרייט זיך פולשטענדיק פון עפעקטן־שפּיל און ברענגט אַרויס בולטע כאַראַקטער־שטריכן. זיין שדכן אין נ. מייסלערס אויפפירונג פון אונדזער פּרץ־מאָנטאַזש „אַמאָל איז געווען״, פאַרמאָגט נאָך טאַקע נישט די לאַקאָנישע נישט־דערזאָגטקייט פון פּרצעס אַ געשטאַלט, איז אָבער מיט זיין דורכויסיקער פּויליש־ייִדישער שטייגערישקייט נאָענט צו די פּרץ־פּערסאָנאַזשן. אַפילו דער לעצטער עפּיזאָד, וועלכן ער האָט גע־שפּילט — אין ה. סמאָליאַרס „אַ פּשוטער זעלנער״ — איז מיט געציילטע שטריכן אַ לעבעדיק־געצייכנטער מענטש. פון די אַלע געשטאַלטן זיינע האָט אַרויסגעשיינט אַ בולטע אַקטיאָרישע באַגאַבונג, פונקען פון טאַלאַנט. אַ פיל־פאַרביקער, קערנדיקער אַקטיאָר. און כ׳האָב זיך געטראַכט: ווי גרויס האָבן געמוזט זיין די קוואַלן פון זיין טאַלאַנט, אַז זיי זענען נישט אויסגע־טריקנט געוואָרן — טראָץ די יאָרן דעוואַסטירנדיקע ווירקונג פון שונד. דאָס כאַראַקטעריסטישע פאַר זיין גאַנצער אַקטיאָרן־גענעראַציע איז טאַקע געווען — דער אוצר פון טאַלאַנט.

ביי דער גרעסטער צאָל פון זיינע צייט־חברים האָט דער טאַלאַנט נישט באַוויזן צו קומען מער צום אויסדרוק. יצחק לאַטאָוויטש האָט אין די באַ־דינגונגען פון אַ ייִדיש־געזעלשאַפטלעך טעאַטער, פון אַ ייִדיש מלוכה־טעאַטער — באַקומען די מעגלעכקייטן צו רעהאַביליטירן אויך דעם שווערן אַקטיאָרישן לעבנס־וועג זייערן.

## יצחק לאַטאָוויטש

ער האָט דורך די פאַרפלאָנטערטע גילגולים פון יידישן טעאַטער זיך
דערשלאָגן צו אַ שעפערישן וועג. די טיפּישע יידיש־פּוילישע טעאַטער־
דערשיינונג, יצחק לאַטאָוויטש, האָט באַוויזן ווי עס קאָנען ווירקן מעגלעכ־
קייטן און באַדינגונגען אויף דער אַנטוויקלונג און רייניקונג פון טאַלאַנטן.

# וו. גאָדיק

.1

אָנהייב 1952 האָט מיך וולאַדיסלאַוו (דאַן האָט ער צוריק אַזוי גע־הייסן, ווי אין דער יוגנט. מען האָט אים אָבער פּריִער גערופן „ווילי" און שוין געפּרוּווט מגייר צו זיין אויף „וועלוול") גאָדיק אָנגעכאַפּט אין דעם וואַרשעווער טעאַטער־קלוב „ספּאַטיף" און אָנגעהויבן אויסצווויינען זיין ביטער האַרץ. ער איז דאַן געווען אין סאַמע גלאַנץ פון זיין קאַריערע אין דעם רעפּרעזענטאַטיווסטן טעאַטער אין פּוילן — דעם „טעאַטר פּאָלסקי" אין וואַרשע; לאַורעאַט פון מלוכה־פּרייז, דעקאָרירט מיט פאַרשידענע מלוכה־אויסצייכענונגען, אָבער — אַלץ נישט צופרידן.

— צוליב מיין ייִדישקייט פאַרפאָלגט מען מיך. דערפאַר האָט מען מיך לעצטנס נישט אויסגעצייכנט.

כ'האָב זיך באַמיט אים צו באַווייזן, אַז ער איז זיך טועה. והראיה: אידאַ קאַמינסקאַ האָט דאָס יאָר באַקומען די הויכע אויסצייכענונג, וועגן וועלכער ער חלומט. אויף דערויף האָט ער געהאַט אַן ענטפער:

— זי האָט מען אויסגעצייכנט ווייל זי האַלט זיך צווישן ייִדן. ווען זי פּרוּווט צו אַרבעטן אין פּויליש טעאַטער, וואָלט מען פון איר געריסן שטי־קער, צעפרעסן זי לעבעדיקערהייט.

ערגעץ־ווו איז ער אפשר גערעכט געווען. די ייִדן־פּיינטלעכע כוואַליע אין פּוילן איז אַלץ מער געשטיגן אונטערן איינפלוס פון די שאַרפע אַנטי־סעמיטישע ווינטן, וואָס האָבן דאַן געבלאָזן פון ראַטנפאַרבאַנד. אַ סענסי־טיווער מענטש, אַ קינסטלער־נאַטור, ווי גאָדיק — כאָטש ער האָט געמעגט זיין זיכער מיט זיין פעסטער פּאָזיציע צוליב דער אונטערשטיצונג פון די „הויכע פענצטער" און דערפאַר האָט מען נאָך אים דירעקט נישט אָנגע־גריפן, — אַזאַ מענטש האָט געמוזט אַרויספילן די שטימונגען, וואָס האָבן

## וו. גאָדיק

אָנגעהויבן אויפצוקומען כמעט אין אַלע קרייזן פון דער פוילישער געזעל־שאַפט. באַזונדערס האָט עס געמוזט דערגיין צו אים דורך זיין פרוי, אַ פוי־לישע, מיט וועלכער ער האָט זיך מיט אייניקע יאָר צוריק פאַרבונדן, ווען ער איז געווען אין פוילישן מיליטער און וועלכע האָט אים אויפריכטיק ליב געהאַט.

ווידער האָב איך געפרוווט צונישט מאַכן זיינע טענות מיטן תירוץ:

— וואָס פאַר אַ ייִד ביסטו דען? ביסט דאָך אַ הונדערט־פּראָצענטיקער פּאָליאַק.

דאָס האָט אים שטאַרק אויפגעקאָכט:

— דו גלייבסט אויך, אַז איך האָב זיך געשמדט? דאָס איז אַ בילבול!

און ער האָט אָנגעהויבן מיט פייער צו באַווייזן, ווי שטאַרק ייִדיש ער איז: אָט האָט ער זיין איינציקן זון געלאָזט פאָרן קיין ארץ־ישראל קעמפן. איצט איז ער דאָרט אַן אָפיצער אין דער ישראל־אַרמיי... ער האָט גאַנץ גוט פאַרשטאַנען, אַז איך וויס וועגן זיין דערווייטערונג פון זון כל־ימיו און אַז דער זון האָט אים אַפילו נישט געפרעגט, וואָס ער זאָל טאָן. איז ער באַלד אַריבער אויף אַ וויציקן טאָן און דערציילט אַ מעשה מיט אַ טעלעגראַמע פון זון, וועלכער זאָל האָבן געערופן: „ס.אָ.ס., שיק מיר געלט אויף אַ דירה". ער האָט זיך האַרציק צעלאַכט:

— כ'האָב אים אויך געענטפערט מיט דריי אותיות (דאָ האָט ער געזאָגט אַ נישט־צענזורפעיק וואָרט), פון וואַנען זאָל איך נעמען געלט?

מיט דער כאַראַקטעריסטישער לייכטקייט, מיט וועלכער ער האָט אַזוי אַדורכגעטאַנצט זיין גאַנץ לעבן, האָט ער באַלד פאַרגעסן דאָס פריִער גע־זאָגטע און דערציילט, ווי שטאַרק ער בענקט נאָכן זון, אַז ער קלייבט זיך אַהינצופאָרן צו אים צוגאַסט, נאָר ער קאָן עס נישט טאָן צוליבן געזונט. ער ליידט זייער שטאַרק. ער האָט אָפטמאָל שרעקלעכע יסורים אין רוקנ־ביין („די מלחמה! רוסלאַנד!"). ביי זיינע קרוב צו זעכציק יאָר פילט ער זיך ווי אַ צעבראָכענער זקן. ער האָט מורא, אַז ער וועט שוין לאַנג נישט אָנ־ציִען.

— דאַן וועט איר זיך אַלע איבערצייגן, אַז כ'בין געבליבן אַ ייִד ביזן

סוף. מען וועט מיך מקבר זיין אויפן גענשער בית־עולם, נעבן אסתר־רחלס קבר. מיין פרוי האָט מיר עס צוגעזאָגט.

ווידער האָט ער זיך אָנגעהויבן צו קאָכן:

— איז טאַקע אַ שיקסע, אָבער דו וועסט נישט געפינען נאָך אַזאַ מלאך, ווי זי.

פונדעסטוועגן האָט ער זיך נישט געשמדט. זי אַליין האָט עס נישט פאַרלאַנגט. ער האָט איר בלויז נאָכגעגעבן, חתונה־געהאַט מיט איר אין אַ קלויסטער (זי איז אַ פרומע קאַטוילין), אָבער ער האָט דערויף באַקומען אַ ספּעציעלע דערלויבעניש פון קאַרדינאַל סאַפּיעהאַ. אַ געמישטע חתונה אין קלויסטער לויט אַ ספּעציעלער דערלויבעניש...

באַמערקט אַ סקעפּטישן אויסדרוק אויף מיין פּנים, האָט ער זיך ווידער אויפגעקאָכט:

— וועסט זיך בקרוב אַליין איבערצייגן. איך וועל שוין לאַנג נישט אָנציִען. אַז מען וועט מיך מקבר זיין, וועסטו אויפהערן צו צווייפלען.

קרוב אַ יאָר שפּעטער איז ער טאַקע געשטאָרבן אין שווערע ליידן. זיין פרוי, וועלכע איז חדשים־לאַנג נישט אָפּגעטראָטן פון זיין קראַנקן־בעט האָט פאַרלאַנגט אַז מען זאָל צוליב־טאָן זיין ווילן און מקבר זיין אים אויפן גענשער בית־עולם. דער קולטור־מיניסטער וול. סאָקאָרסקי האָט אָבער פאַר־אָרדנט מען זאָל אים איינאָרדענען אַ מלוכהשע לוויה און מקבר־זיין אין דער אַלעע פון פאַרדינסטפולע אויפן וואַרשעווער מיליטערישן בית־עולם.

האָב איך זיך ווידער נישט געקאָנט איבערצייגן, צי ער האָט מיר גע־זאָגט דעם אמת וועגן זיין ייִדישקייט...

.2

אמת און פּיקציע איז ביי גאָדיקן ס׳גאַנצע לעבן געגאַנגען געפּאָרט. ער פלעגט אָפטמאָל אַליין נישט פילן, ווי דאָס גיסט זיך צונויף, אָדער ווען עס ווערט פונאַנדערגעטיילט.

וויפל מאָל איך פלעג רעדן מיט אים — ביי פאַרשידענע סיטואַציעס, אין פאַרשידענע ערטער — האָב איך געהאַט דאָסזעלבע געפיל.

דאָס ערשטע מאָל האָב איך אים געטראָפן ביי אסתר־רחל קאַמינסקאַ

אין שטוב, גלייך נאָך איר (און זיין) צוריקקומען פון ראַטנפאַרבאַנד, אין די יאָרן פון בירגער־קריג. ער האָט געזאָלט דאַן אַרויספאָרן מיט איר טרופּע, כאָטש ער האָט זיך דווקא געהאַלטן פאַר אַן אויסגעשפּראָכענעם אָפּערעטן־אַקטיאָר. געזאָלט האָט ער טאַקע שפּילן ערנסט ייִדיש טעאַטער, אָבער אין מיינע קינדערישע אויגן האָט ער גלייך פון ערשטן בליק נישט געמאַכט קיין איינדרוק פון אַ ייִדישן אַקטיאָר. נישט בלויז, ווייל ער האָט גערעדט פּויליש (און אַ פיינעם, עלעגאַנטן פּויליש), נאָר צוליב זיין גאַנצער אויפפירונג, באַנעמונג און פאַראינטערעסירונגען.

דער איינדרוק האָט זיך פאַרשטאַרקט, ווען איך האָב אים נעענטער דער־קענט אין דער תקופה פון „צענטראַל"־טעאַטער, ערשטע „וויקט"־צייטן, וואָס זענען געווען פאַר גאָדיקן אָנגעזעטיקט מיט בולטע אַקטיאָרישע דער־פאָלגן. ער האָט עס אַלץ גענומען נישט ערנסט. ס'איז ביי אים געווען אָדער פּרנסה־אַרבעט, אָדער אַ שפּיל. דערפאַר איז מעגלעך געווען ער זאָל קומען צו לויפן אין טעאַטער אַריין אין דער לעצטער מינוט — מן־הסתם האָט אים ערגעצוווּ אַ ראַנדעוווּ פאַרהאַלטן — אַרויפכאַפּן דעם פּאַרוק (אויב ער האָט געשפּילט אין אַזאַ) און אַרויפלויפן אַ נישט־געשמינקטער אויף דער בינע. ער האָט זיך דאַן געוויצלט: „כ'שפּיל קונסט־טעאַטער". ס'איז דאַן געווען אַ טענדענץ אין אַ צאָל עקספּערימענטאַל־טעאַטערס צו שפּילן לגמרי אָן גרים (דאָס זאָל כלומרשט צוגעבן דעם אַקטיאָר נאַטירלעכקייט). אָבער ביי דער בינע־ליכט האָט זיך פּאַקטיש באַקומען גאָר עפּעס אַנדערש. ווייל ווען איינער האָט געשפּילט אָן גרים און אַרום זענען אַלע געווען גרימירט — האָט דער איינער געהאַט אַ פּנים פון אַ מת, אָדער אַ לץ. אַזוי האָט גאָ־דיק טאַקע אַמאָל אויסגעזען אין מיינע אויגן, ווי אַ נישט־גרימירטער נתן הנביא אין זיגמונט טורקאָווס אויפפירונג פון יעזשי זשולאַווסקיס „שבתאי צבי", אין „צענטראַל"־טעאַטער. אַזוי האָט ער אָפּטמאָל אויסגעזען אין דעמזעלבן טעאַטער אין שלמה עטינגערס „סערקעלע", ווו ער האָט מיט אידאַ קאַמינסקאַ געשאַפן אַן אידעאַל פּאָרל משרתים, אַריינגעבראַכט אַן אַ שיעור לעבן און הייטערקייט אין דער פאָרשטעלונג. מיט זיין נאַכלעסיקייט האָט ער נישט איינמאָל דאָס פאַרווישט.

און אַז דער ערשטער „וויקט" איז זיך צעפאַלן, איז ער געבליבן אויפן

אייז. געהאַט פון צייט צו צייט כאַלטורקעס, אָבער ס'ריב אַרומגעדרייט זיך אין ליטעראַטן־פּאַראיין. ביי זיין נישט צוויפלהאַפטער באַגאַבונג איז ער געווען אַן אַקטיאָר „נישט אַהין, נישט אַהער".. ביז דער „אַזאַזעל" האָט אים ווידער אַרויסגעהויבן. ער האָט דאָרט אויפגעשיינט אַלס קאָנפעראַנסיע און מאָנאָלאָגיסט.

אַ „היימישער" קעאָנפעראַנסיע איז ער געווען איינציקע יאָר פריִער. ער האָט אומאויפהערלעך געשאָטן מיט וויצן און גלייכווערטלעך ביי די טישלעך אין ליטעראַטן־פּאַראיין. דער עיקר — אין פּויליש.

דעם גרויסן אויפמאַרש פון ייִדישע ליטעראַטור־געשטאַלטן אויף אַ פּורים־מאַסקנבאַל פון ליטעראַטן־פּאַראיין (אין „נאָוואָשטשי"־טעאַטער) האָט ער געפירט. און זאָל עס אים נישט זיין לגנאי — וועגן דער מערהייט פון די געשטאַלטן האָט ער אַפילו נישט געהאַט געהערט. אָבער מען האָט אים אָנגעשריבן אַ קאָנפעראַנס — אַ פּאַסיקן צו די געשטאַלטן — ער האָט צוגעגעבן אַביסל זיינע וויצן און גלענצנדיק דורכגעפירט דעם אָוונט. ה. ד. נאָמבערג האָט ממש געלעקט די פינגער.

ער האָט ליב געהאַט זיך צו חברן מיט יוגנט און איז אַליין געווען יוגנטלעך לייכטזיניק. אַפילו אין דער צייט פון זיינע גרעסטע דערפאָלגן מיט אָלאַ לילית, ווען זיי האָבן געפייערט טריִומפן איבער גאַנץ פּוילן און אויסלאַנד, אַנגאַזשירט געוואָרן קיין אַמעריקע, ער האָט זייער לייכט דורכ־געטאַנצט זיינע דערפאָלגן. אָבער ווען ער איז זיך פונאַנדערגעגאַנגען מיט אָלאַ לילית, פאַרבליבן אַליין, איז ער פלוצלינג ווי צוזאַמענגעבראָכן גע־וואָרן. אידאַ קאַמינסקאַ האָט מיט אים געפּרוּווט אויפפירן אַ וויבער מוזי־קאַלישע קאָמעדיע „מאָרגן וועט זיין גוט" — אָבער ס'איז נישט גוט געווען. האָט ער זיך אַרומגעשלעפּט מיט וואַנדער־טרופּעס און געראַטעוועט זיך מיט כאַלטורעס.

ווידער אַרויסגעהויבן האָט אים קלאַראַ סעגאַלאָוויטש מיט איר „טעאַ־טער פאַר יוגנט". אין דער ערשטער פאָרשטעלונג, אין לעאָן שילערס אויפ־פירונג פון שעקספּירס „שטורעם", איז ער געווען אַן עכט־שעקספּירישער לץ. לייכטקייט, קולטור, גוטער געשמאַק און דערביי בורלעסקער הומאָר. אין דער צווייטער פאָרשטעלונג — מ. ווייכערטס אויפפירונג פון יעקב פּרע־

גערס „מלך פריילעך״, האָט ער אין דער טיטל־ראָל אַ גלאַנץ־געטאָן מיט זיין לצישער צעשפּילטקייט, דורכגעפלאָכטן מיט אַ צאַרטן, לירישן טרויער. ס׳איז געווען אַ נייער אויפשיין פון גאַדיקן. עפּעס אַן אויסגעריסן, אַן אויסגעאיידלטן. און פּלוצלינג — מלחמה.

3.

ווען איך האָב אים סוף 1939 באַגעגנט אין ביאַליסטאָק, איז ער ווידער געווען האָפערדיק־לייכטזיניק. ער וועט זיך דאָ אַן עצה־געבן. אַז מען דאַרף, קאָן ער פירן קאָנפעראַנסן אויך אין רוסיש.

דערווייל האָט ער זיך פאַרבונדן מיטן ביאַליסטאָקער מיניאַטור־טעאַטער, שפּעטער אַריבער אין דער רוסישער עסטראַדע, קאָנפערירט יידיש, מיט אַ געמיש פון רוסישע וויצן (פאַרן סאָוועטישן עולם); אָנגעהויבן בכלל צו קאָנפערירן אויף רוסיש. אָבער ער איז געווען געהאַמעוועט. מען האָט נישט געטאָרט פריי־לאָזן די צונג, ווי אין פּוילן.

אַמאָל האָט ער מיר דערציילט: אין מאָסקווע האָט דער עולם פאַרלאַנגט פון אים באַך וויצן, נישט אַראָפּגעלאָזט אים פון דער עסטראַדע. און ער האָט געמעגט זאָגן בלויז דאָס, וואָס איז צענזורירט און באַשטעטיקט געוואָרן, האָט ער געענטפערט דעם עולם:

— מיין פאַמיליע איז גאַדיק (אויף רוסיש הייסט עס „אַ יערעלע״). אויב איך וועל אייך צוליב־טאָן, קאָן איך קריגן אַ „גאַדיק״ דערפאַר און אַמאָל אויך אַ פּאַר...

דער עולם האָט אים שטאַרק אַפּלאָדירט. אָבער צומאָרגנס האָט אים אַרויסגערופן נאַטשאַלסטווע. מ׳האָט אים גוט געוואַשן דעם קאָפּ. ער איז דאָסמאָל אָפּגעקומען בלויז מיט אַ שטרענגן פאָרוואורף. מזל געהאַט. אמת, ס׳איז נאָך געווען אין די צייטן פון אַ געוויסער אָדליגע נאָכן בלוט־אָפּפלוס פון 1937־1938. אַז נישט וואָלט ער געטיילט דעם גורל פון אַנדערע וויצלער (ס׳איז אַרומגעגאַנגען אַ ווערטל אין רוסלאַנד: „וויצלער האָבן אויסגעבויט דעם ביעלמאָר קאַנאַל״).

פאַר מיין מאָביליזירט ווערן אויפן „טרודפראָנט״ האָב איך אים באַגעגנט אין טאַשקענט. ער איז נישט געווען אויף קיין קלענערע צרות פון

מיר. ער האָט טאַקע געהערט צום אַנסאַמבל פון דער דאָרטיקער פילהאַר־מאָניע, אָבער מען האָט אים נישט געשיקט אויף קיין קאָנצערטן. האָט ער געקאָנט רויִק אויסגיין פון הונגער און קיינער זאָל זיך נישט אומקוקן אויף אים.

כ׳ווייס נישט ווו ס׳זענען געהאַט אַהינגעקומען זיינע קליידער (ביזן היטלער־אָנגריף האָט ער זיך שוין געהאַט פיין אָנגעטאָן. ער האָט עס שטאַרק ליב געהאַט). דאָן, אין טאַשקענט, איז ער געווען אָנגעטאָן אין אַ פּאָר אַלטע, אויסגעריבן־גרינע סצענישע שאַראַוואַרן פון ביליקע טעאַטער־קאָסטיומען, צעריסענע שטעק־שיך און אַ העמד, וואָס איז מן־הסתם אַמאָל געווען אַ זיידענע „רובאַכע" און איצט זענען פון איר פאַרבליבן בלויז צויטן.

כ׳האָב אים געטראָפן אין דער פרי פאַרן בנין פון דער פילהאַרמאָניע. ער איז געווען שרעקלעך זויער:

— ווידער היינט נישט באַקומען קיין אַרבעט־צוטיילונג. ער איז שוין דעם צווייטן טאָג ניכטער.

— איך אויך — האָב איך אים געטרייסט.

מיטאַמאָל האָט ער דערזען ווי ס׳קומט־אָן קלאַראַ יאַנג. אויף גיך האָט ער מיר אָנגעזאָגט, אַז מיר זאָלן איר מאַכן קאָמפּלימענטן, וועט זי אונדז אפשר פאַרבעטן אויף אַ פרישטיק. קלאַראַ יאַנג איז געווען זייער רייך און נישט געקוקט אויף איר הויכער עלטער, האָט זי נאָך כסדר געשפּילט און קאָנצערטירט.

גאָדיק האָט זיך באַלד פאַנאַנדערגעשפּילט פאַר קלאַראַ יאַנג אויף זיי־נע העכסטע „דאָן זשואַנישע" טענער און אויף פּויליש, פאַרשטייט זיך:

— קלאַרושיאַ, ווי שיין דו זעסט היינט אויס, ווי יונג! די היינטיקע מיידלעך מעגן דיר די פּאָדלעגעס וואַשן! וואָס זאָגסטו? — האָט ער זיך געוואָנדן צו מיר נאָך אַ באַשטעטיקונג.

קלאַראַ יאַנג, וועלכע איז געווען צו־קלוג זי זאָל ערנסט נעמען אַזעלכע קאָמפּלימענטן, כאָטש זי האָט פון זיי גאַנץ פיין הנאה געהאַט — האָט אונדז אָנגעקוקט מיט אַ זייטיקן שעלמישן בליק און געזאָגט:

— נו, קומט, באַיס, קומט אַריין אין רעסטאָראַן.

און זי האָט אונדז דאָרט מכבד געווען מיט אַ ליטער רויטן ווייַן (וויין

איז נאָך דאַן זייער ביליק געווען אין טאַשקענט) און גאָרנישט צוצובייסן, אַפילו נישט קיין שטיקל ברויט. זי האָט זיך מיט אונדז געזעגנט, אָנגענומענ־דיק לייטזעליק אונדזער אַביסל צעטומלטן דאַנק.

מיר זענען ביידע געבליבן שרעקלעך אַנטוישט. דער הונגער האָט זיך נאָכן וויין נאָך שטאַרקער געלאָזט פילן. גאָדיק האָט געשאָלטן אויף וואָס די וועלט שטייט. מיר האָבן זיך שעהנלאַנג אַרומגעדרייט הונגעריקע אין פּאַרק.

— ווי לאַנג וועלן מיר אַזוי קאָנען אויסהאַלטן? — האָט ער מעדיטירט. ער האָט געבענקט נאָך די צייטן פון יידיש טעאַטער. — כ׳וואָלט געגרן צו־ריק אַוועק צום יידישן טעאַטער, אָבער ס׳זאָל זיין אַ „וויקט״, אַ „טעאַטער פאַר יוגנט״, מעגן אַפילו זיין הונגער־לוינען. ס׳איז כדאי. ס׳ווילט זיך דאָרט פאַרענדיקן מיינע פאַר יאָר אין כבוד און אין נויט.

ער איז אָבער אַוועק אין דער ניי זיך־פאָרמירנדיקער פּוילישער אַרמיי (די פּראָ־סאָוועטישע). ער איז אַריינגענומען געוואָרן אין מיליטערישן טעאַטער, וווּ ער איז טאַקע געווען איינער פון די דערפאַרנסטע אַקטיאָרן. מיט דעם טעאַטער איז ער שפּעטער געקומען קיין פּוילן, נושא־חן און עולה לגדולה־געווען. מען האָט אים פאַררעכנט צו די בעסטע פּוילישע אַקטיאָרן. זיין דערשיינען אין פּוילישן טעאַטער איז געווען אַן אַנטפּלעקונג אויך פאַר מענטשן, וואָס האָבן אים געקענט זיבן יאָרן, פאַר מיר בתוכם. ס׳איז דער־שינען פאַר אונדז אַ נייער גאָדיק, אַ פאַרטיפטער, צי פון זיינע אייגענע ליידן, צי ער האָט זיך טאַקע איבערגענומען מיט די גרוילן, וואָס דער יידישער כלל האָט איבערגעלעבט. ער האָט נישט פאַרלוירן זיין יינגלערישע פאַר־שייטקייט — שוין זייענדיק מיט אַ גרויען קאָפּ, נאָר ער איז דערביי ערנס־טער געוואָרן, געזעצטער, פיינפילנדיקער. אַזאַ האָב איך אים שוין גע־טראָפן נאָך דער מלחמה.

4.

אָפטמאָל האָב איך זיך געשטעלט די פראַגע: ווו שטעקט די רעטעניש גאָדיק, די רעטעניש פון זיינע אויפשטייגן און שטרויכלונגען, ביזן לעצטן גרויסן אויפשטייג?

קודם־כל איז גאָדיק מיט זיין גאַנצן מהות געווען אַ מענטש פון טעאַ־טער — פון טעאַטער בכלל. אָבער ער האָט געהערט צו דער איצט זעל־טענער קאַטעגאָריע אויסערשפּראַכלעכע בינע־קינסטלערס (ווי טשאַרלי טשאַפּלין, אָדער מאַרסעל מאַרסאָ, אַ שטייגער), ביי וועלכע שפּראַך האָט קיין שום ראָל נישט געשפּילט, אָדער געווען אַ צווייטראַנגיקער ענין (לטובה ווי אויך לרעה). הלמאי די „מימען" אין אַנטיקן טעאַטער. דער עיקר־אינסטרומענט איז ביי זיי געווען דאָס פּנים, די אויגן.

טאַקע די אויגן. גאָדיקס אויגן — דאָס אומפאַרגעסלעכע אין אים, זיין אייגנאַרטיקייט און חן. האָט עס געמעגט זיין דער נאַיוו־פאַרבענקטער בליק מיט יאָרן צוריק, ווען ער האָט נאָך געשפּילט יונגע פאַרליבטע; אָדער דער שעלמיש־צעשמייכלטער אויסדרוק אַלס בוף־קאָמיקער, אין דער מוזיקאַ־לישער קאָמעדיע, אָדער קאָנפעראַנס; צי גאָר דער טראַגיש־צעוויטיקטער בליק אין לירישע סצענעס פון „מלך פרייליך", אָדער ביי זיין שניידער ליבערמאַן אין דעם פילם „גראַניטשנע גאַס"; צי ענדלעך דער צעטומלטער בליק אין די דראַמאַטישע סצענעס פון קאַוואַטש אין „פּראָצעס פון פּאַול עשטערהאַג" אין פּוילישן טעאַטער, — גאָדיקס אויגן זענען תמיד געווען ווי פאַרהאָנגען מיט אַ וואַל. ווען זיי זענען געווען פריילעך־צעשפּילטע, האָט דער וואַל געוואָרפן אַן אָפּשיין פון פאַרבאָרגענעם וויטיק; ווען זיי האָבן אויסגעדריקט אַן אינערלעכן אומעט, זענען זיי געווען באַפּאַרבט מיט אַ קודייסיש־נייגעריקן גלאַנץ. אָבער שטענדיק האָבן זיי גערעדט מיט אַ צווייִיקער שפּראַך — די גרויסע, אַביסל אַרויסשטאַרצנדיקע אויגן גאָדיקס — דער רייכסטער אינסטרומענט פון זיין אַקטיאָרישן שאַפן.

דער רייכסטער און וויכטיקסטער. ווייל אויך אַנדערע סצענישע מעלות האָט גאָדיק געהאַט גאָר אַ סך: מוזיקאַלישקייט, וואָס האָט אים אַרויסגע־האָלפן יאָרנלאַנג אין די אָפּערעטעס, וווּ ער האָט געשפּילט — אין די ייִדי־שע, פּוילישע, רוסישע (און טאַקע אויך אין מיניאַטור־טעאַטער); נאַטיר־לעכקייט פון טאָן, וואָס האָט אים געהאָלפן אין זיינע גלאַנץ־לייסטונגען אין די דראַמעס און קאָמעדיעס אין דעם ערנסטן ייִדישן און פּוילישן טעאַ־טער. די גראַציעזע באַוועגלעכקייט, די „לייכטפיסיקייט", ווי ס'האָט וועגן אים אַמאָל געשריבן אין אַ רעצענזיע א. ש. יוריס, ווען ער האָט געשפּילט

## וו. גאָדיק

אין זיגמונט טורקאָווס אויפפירונג פון מאָליערס „די ליבע אַלס דאָקטער״. דער אייגנטימלעכער טעמבער פון זיין אַביסל פאַרגאַמטער שטים האָט אים צוגעגעבן דעם חן פון אָריגינעלקייט; דער הומאָר און שלאָגפערטיקייט האָבן אים געדינט אין קאָנפעראַנס אין די דריי שפּראַכן, וועלכע ער האָט באַהערשט. די אויגן אָבער האָבן געשפּילט ביי אים אומעטום — אין טעאַטער, עסטראַדע, פילם — אין אַלע שפּראַכן.

זיין טעאַטער־לעבן האָט ער דורך אַ צופאַל, צוליב אַ ליבע, אָנגעהויבן אין וואַרשעווער פּרץ־קרייז, וווּ ער איז געקומען פון דער פּוילישער סביבה. ער האָט אויך געשפּילט אין די פּוילישע און רוסישע אָפּערעטעס. אין דער מלחמה איז ער אַריבער צוריק צו יידיש, אָבער דערמיט איז ער נישט געוואָרן קיין יידישער אַקטיאָר. ער איז געווען און געבליבן אַ קאָסמאָפּאָליטישער אַקטיאָר. דערפאַר זענען זיינע גרעסטע דערפאָלגן געווען: באָב־טשינסקי אין גאָגאָלס „רעוויזאָר״, דער יונגער נעגער אין בערגערס „מבול״ („צענטראַל״־טעאַטער) און טרינקולאָ אין שעקספּירס „שטורעם״. זיינע דערפאָלגן אין די יידישע ראָלן, ווי אַ שטייגער: דער משרת מענדל אין שלום־עליכמס „דאָס גרויסע געווינס״, חיים דער משרת אין עטינגערס „סערקעלע״, דער לץ אין מענדעלעס „פּריזיוו״ (אַלץ אין „צענטראַל״), אָדער „מלך פריילעך״ — זענען דער עיקר געווען צוליב דער נישט־יידישקייט פון זיין שפּיל, צוליב עפּעס אַן אינטערנאַציאָנאַלער סינטעטישקייט, וועלכע ער האָט באַוויזן אַרויסצובאַקומען. ער איז געווען אַ מין קאָמעדיאַנט פון דער קאָמעדיאַ דעל אַרטע, נישט קיין פּורים־שפּילער, ווי די יידישע אַקטיאָרן פון זיין זשאַנר. דאָס איז אויך געווען זיין באַזונדערער חן אין קאָנפעראַנס און אין די מאָנאָלאָגן. דער עלעגאַנטער פראַק איז געווען זיין סטיכיע. און ער איז געלעגן אויף אים, ווי אויסגעגאָסן. טראָגן אַ פראַק אויף דער בינע איז אַ קונסט; אַ קונסט, וועלכע ס׳האָבן זעלטן באַזיצט יידישע אַקטיאָרן, אַפילו נישט תמיד — אַקטיאָרן פון אַנדערע בינעס אין דער וועלט. דאָס איז געווען די אייגנשאַפט פון אַ ספּעציעלן טיפּ אַקטיאָר, דעם אַזוי־גערופענעם „פראַק־אַקטיאָר״. אַזאַ אַקטיאָר איז גאָדיק געווען אין יידישן טעאַטער. דערביי איז ער געווען דער אַרלעקין פון דער קאָמעדיאַ דעל אַרטע — אַריבערגעטראָגן אין 20סטן יאָרהונדערט.

אין פוילישן טעאַטער, די לעצטע יאָרן, האָט ער זיך אויסגעצייכנט אין נעגאַטיווע געשטאַלטן, געשפּאָלטענע נשמות, אָדער קליינע דערשראָ־קענע מענטשעלעך, ווי אין באַלוצקיס „גראָבע פיש" (ווו ער האָט געבילדעט אַ קאָנצערט־פּאָר מיט דעם דאַן 90־יאָריקן פוילישן בינע־מייסטער לודוויק סאָלסקי); אָסטראָווסקיס „שעפּסן און וועלף"; גאָרקיס „שונאים" און „אויפן דעק"; בולהאַקאָווס „די לעצטע 6 טעג" (וועגן דער טראַגעדיע: פּושקין), גערגעליס „פּראָצעס פון פּאַול עשטערהאַג" (פאַר זיין קאָוואַטש האָט ער באַקומען די מלוכה־פּרעמיע; אגב, די פּיעסע איז אַ סך פריִער אויפגעפירט געוואָרן פון אידאַ קאַמינסקאַ אויף יידיש א"נ „מיין זון")

ווידער זיין שניידער ליבערמאַן פון פילם „גראַניטשנע גאַס", אַ פּילם וועגן דעם געטאָ־קאַטאַקליזם — איז געווען אַ פּאַראייביקונג פון דער פּיל־מיש־רעדנדיקער שפּראַך פון גאָדיקס אויגן, וואָס מוזן פאַרבלייבן אומ־פאַרגעסלעך, פאַר יעדן, וועלכער האָט זיי געזען.

מען זאָגט: אויגן זענען אַ שפּיגל פון מענטשנס נשמה. אויב אַזוי האָבן גאָדיקס אויגן אָפּגעשפּיגלט אַ רייכע קינסטלער־נשמה.

זיי זענען געווען זיין אויסדריקלעכסטע שפּראַך. אַ טשאַפּלין־שפּראַך, וועלכע גאָדיק האָט פאַרמאָגט אין אַ גרויסער מאָס, אַן אינטערנאַציאָנאַלע, אפשר קאָסמאָפּאָליטישע שפּראַך — אָבער אַ טיף־מענטשלעכע און ווירקנ־דיקע.

# יעקב מאַנסדאָרף

.1

ווען כ׳בין סוף 1957 אָנגעקומען קיין ישראל, בין איך געוווּיר־געוואָרן אַז עס גרייט זיך צום דרוק אַ זאַמלבוך וועגן יעקב מאַנסדאָרף, וועלכער איז געשטאָרבן בעת זיין טורנע אין דרום־אַפריקע, דעם 9טן יולי 1955. דאָס בוך איז רעדאַגירט געוואָרן פון ראובן רובינשטיין, אַרויסגעגעבן ביי דער מיטהילף פון דער קולטור־פעדעראַציע און הסתדרות העברית אין יאָהאַנעסבורג און פון דעם יעקב מאַנסדאָרף־פאָנד אין ראָדעזיע, אַ דאַנק די גרויסע באַמיִונגען פון דער אלמנה מרים, אָדער ווי מיר פלעגן זי רופן אין די באַגין־יאָרן פון אונדזער באַקאַנטשאַפט — מאַרישיע.

דאָס ערשטע מאָל ווען איך האָב באַגעגנט מאַרישיע מאַנסדאָרף אין תל־אָביבער ליטעראַטן־פאַראיין — און מיר האָבן זיך נישט געהאַט געזען זייט דעם יאָר 1947, ווען זי איז מיט איר זינדל, מיכאל, פאַרבייגעפאָרן וורָאָצלאַוו אויפן וועג קיין מערב־אייראָפּע, ווו מאַנסדאָרף האָט זיך שוין געהאַט געפונען, — האָט זי זיך צעוויינט און איז אַנטלאָפן. איך בין גע־בליבן געפּלעפט. האָט מען מיר באַלד אויפגעקלערט, אַז אַזוי רעאַגירט זי זייט דעם אומגליק ווען זי באַגעגנט מאַנסדאָרפס אַן אַלטן חבר. האָב איך זיך שוין באַמיט זי אויסצומיידן, נישט צו טרעפן זיך מיט איר.

און אָט איז דערשינען דאָס בוך — אַ גרויסע, רייכע אויסגאַבע, אונ־טערן געגנוג פרעטענציעזן נאָמען „יעקב מאַנסדאָרף אין זיין דור״. איך האָב איבערגעלייענט דאָס בוך און זיך ערשט באַפעסטיקט ביי דער מיינונג, אַז איך דאַרף אָנשרייבן מיין אָפּשאַצונג און מיינע זכרונות וועגן יעקב מאַנס־דאָרפן — מיין חבר פון די יוגנט־יאָרן, מיט וועמען איך האָב זיך ביי פאַר־שידענע געלעגנהייטן און אין פאַרשידענע לענדער געטראָפן אין משך פון

אַזויפיל יאָרן, צונויפגעפירטע און צעטיילטע דורך די וואַנדלונגען און וואַנדערונגען פון יידישן טעאַטער, אין שטורעמס פון דער צייט.

זומער 1947, ווען מאַנסדאָרף איז געווען בעת זיין קורצן ווילן אין פוילן מיט אַ קאָנצערט אין ווראָצלאַוו, האָב איך אין מיין באַגריסונג (אין „נידערשלעזיע") אָנגעוויזן אויף אים, ווי אויף אַ מוסטער פון אַ בלאָנדזשענדיקן שטערן. דאָס איז נישט געווען קיין מליצה, ווייל כמעט קיינער פון יידישע אַקטיאָרן אין אונדזער דור האָט נישט אַזויפיל געוואַנדערט איבער לענדער, טעאַטערס און רעזשיסערן, ווי יעקב מאַנסדאָרף. דערביי איז ער נישט געווען קיין אויסגעשפּראָכענער טיפּ פון אַ מענטש אָן זיך־פלייש (זייער אַ פּאָפּולערער טיפּ צווישן אַקטיאָרן). פאַרקערט, ער האָט געקאָנט זיין פעסט צונויפגעבונדן מיט אַן אַנסאַמבל, מיט וועלכן ער האָט געאַרבעט און איז תמיד געווען אַ גרויסער פּאַטריאָט פון זיין אַנסאַמבל; אַ חסיד, וואָס איז ביז פאַרגעטערונג פאַרליבט אין זיין רבין־אָנפירער. אַזאַ איז ער געווען אין זיינע ערשטע טעאַטער־יאָרן לגבי דוד הערמאַנען. אַזאַ איז ער אויך פאַרבליבן אין זיינע רייפע יאָרן, ווען איך האָב אים באַגעגנט אין טאַשקענט, ווו ער איז אַריינגענומען געוואָרן אין קאָלעקטיוו פון מאָס־קווער יידישן מלוכה־טעאַטער. פאַר דעם קינסטלערישן אָנפירער שלמה מיכאָעלס.

און איך רעד זיך איין, אַז מיט מיר איז מאַנסדאָרף געווען אויפריכטיק — אויף וויפל מען האָט זיך דאַן בכלל געקאָנט פאַרגינען צו זיין אויפ־ריכטיק, אַפילו צו זיך אַליין; באַזונדערס ווער ס'האָט איבערגעלעבט די קאָשמאַר־יאָרן 1937־1938 אין ראַטנפאַרבאַנד. און מאַנסדאָרף האָט טאַקע דאָרט איבערגעלעבט יענע יאָרן. די מענטשן האָבן דאַך מורא־געהאַט פאַרן אייגענעם שאָטן, פאַרן אייגענעם קול, פאַר זיך אַליין. אָבער מאַנסדאָרף איז מיט מיר על־כל־פּנים געווען אַזוי אויפריכטיק, אַז אונטער פיר אויגן פלעגט ער מיר דערציילן זיינע איבערלעבונגען פון יענע שוידער־יאָרן. איך האָב זיך געוואונדערט, ווי אַזוי איז עס געשען. זיינע צוויי ברידער, וועלכע זענען געווען אין ראַטנפאַרבאַנד אַ סך יאָרן פאַר אים (ביידע זענען געווען פאַרדינסטפולע קאָמוניסטישע טוער אין פוילן — איינעם האָט אַפילו דאָרט געדראָאַט טויט־שטראָף — און זענען אין די צוואַנציקער יאָרן אַרי־

בערגעוואָרפֿן געוואָרן איבער דער גרענעץ), האָבן דאָרט פֿאַרנומען גאָר הויכע אַמטן, זענען ליקווידירט געוואָרן. און דווקא ער, אַ געוועזענער בונדאָוויעץ, וועלכער איז ערשט אין 1935 געקומען פֿון „פֿאַרפֿוילטן מערב" — דווקא ער איז געבליבן לעבן? האָט ער מיר דערציילט, אַז אַ יאָר צייט זענען זיי געשלאָפֿן כמעט אין פֿולן אָנטועכץ — מיט אַ פּעקל צוקאָפּנס — טאָמער קומט מען זיי „נעמען" אין מיטן דער נאַכט. זיי זענען געווען זיכער, אַז איין איינער פֿון די נעכט וועט עס געשען. און פֿאַרוואָס איז עס נישט געשען?

— אפֿשׂ ווייל מיר האָבן נישט געהאַט קיין דירה, מיר האָבן געוווינט אין אַ ווינקל ביי עמעצן, האָט זיך קיינער נישט געלאַשטשעט אונדז אַרויס־צובייסן — האָט ער גאַנץ ערנסט געענטפֿערט.

און איך טראַכט, אַז אפֿשר האָט אים גאָר געפֿירט זיין גליקלעכער שטערן, וואָס האָט אים באַגלייט זיין קורץ לעבן (ער איז געשטאָרבן צו 53 יאָר) פֿון זיין זיידנס כאַטע אין געבוירן־דערפֿל באַליצאַ, אין סטאָפּניצער ראַיאָן (קיעלצער געגנט), ווו דער זיידע איז געווען אַ פּאַכטער און ווו מאַנס־דאָרף איז געבוירן געוואָרן (אַלס אברהם־יעקב קיעלמאָוויטש) — דורך לאָדזש, וואַרשע, די מעטאַל־פֿאַבריקן, בונדישע דראַמאַטישע קרייזן, ערשטע ייִדישע דראַמאַטישע שול, פֿאַרשידענע ייִדישע טעאַטערס — ביז ר׳איז פֿאַרלאָשן געוואָרן ערגעץ אין דרום־אַפֿריקאַנער שטעטל בולאַוואַיאָ, ראָ־דעזיע. ווייל גראָד דאָרט, אין אַזאַ שוואַרצן העק, האָט געפֿונען זיין אייביקע רו דער אומרויִקער גייסט פֿון איינעם פֿון די באַגאַבטסטע און מאַרקאַנטסטע ייִדישע קינסטלער „פֿון מיין דור", מיין חבר יעקב מאַנסדאָרף.

.2

מיר האָבן זיך באַקענט בעת מיין עקזאַמען אין דער וואַרשעווער ייִדי־שער דראַמאַטישער שול. כ׳האָב דערזען פֿאַר זיך אַ פֿעסט־געבויטן ייִדישן דאָרפֿס־מענטש, מיט אַ שיין קיילעכדיק פּנים און פֿולע, זינלעכע ליפּן, וואָס האָבן ווי כסדר געזוכט צו קושן און געקושט צו ווערן. ביים נעענטערן באַ־קענען זיך האָט נאָך געצויגן די אויפֿמערקזאַמקייט זיין פֿעסטע שטים, מיטן פֿײַנעם מעטאַל־רייכן טעמבער. אין זיין אויסערלעכקייט איז פֿון סצענישן שטאַנדפּונקט געווען אַ שטיקל סתירה: דאָס שיינע פּנים האָט אים געאייגנט

צו שפּילן ליבהאָבער, העלדן; די באַלעבאַטיש־ברייטע, פּויערישע פיגור האָט אים געצווונגען צו שפּילן אַנדערע ראָלן. געוואָלט האָט ער זיין אוריאל אַקאָסטאַ, חנן אין „דיבוק״; און געמוזט האָט ער שפּילן סענדער בריניצער אין „דיבוק״, אָדער דוד־נח אין פּרץ הירשביינס „גרינע פעלדער״. די ראָלן טאַקע, וועלכע ער האָט געשפּילט אין 1925־1924 אין דוד הערמאַנס סטו־דיע, האָט ער ביי זיינע 22־23 יאָר אויסגעפירט מיט אַזויפיל יוסטער ברייט־קייט, מיט אַזאַ באַלעבאַטישער רחבות, אַז ס'האָט זיך פּשוט נישט געוואָלט גלייבן, דער מענטש זאָל זיין אַזוי יונג.

סוף 1925 איז מיר אויסגעקומען אַרויסצופאָרן אין אַ קורצן טורנע מיט דוד הערמאַנס סטודיע (קיין שעדלעץ). ווייטער האָט מען שוין נישט געצויגן) און זיך נענטער צו באַקענען מיט מאַנסדאָרפן ביי דירעקטער טעאַטער־אַרבעט. וואָס האָט דער מענטש נישט געטאָן? — געשטעלט די בינע, צונויפגעקלאַפּט דעקאָראַציעס, געזאָרגט וועגן רעקוויזיט. און חוץ דעם אַלעמען — געזאָרגט וועגן דעם רבין דוד הערמאַן און זיין פּרוי, סאַלטשע, וועלכע איז מיטגעפאָרן, כדי אָפּצוהיטן דעם רבין.

דער דערמאָנטער „טורנע״ איז געווען דער פינאַל פון הערמאַנס סטו־דיע. די גרעסטע טייל סטודיאַנטן איז אַריבער אין דעם ניי־געגרינדעטן קליינקונסט־טעאַטער „אַזאַזעל״, ווו דוד הערמאַן איז געווען רעזשיסער. בעת די רעפּעטיציעס צום ערשטן פּראָגראַם פון „אַזאַזעל״ האָט זיך מאַנס־דאָרף — זייענדיק, ווי תמיד, הערמאַנס פליסיקער אַרויסהעלפער — באַ־קענט מיט אַ מענטשן, וואָס האָט אָפּגעשפּילט אַ דעצידירנדיקע ראָל אין זיין קינסטלערישער אַנטוויקלונג, אין זיין לעבן בכלל.

אַ געוויסן אָוונט, נאָך רעפּעטיציע, איז ער צוגעשטאַנען צו רות טאַרו און צו מיר: מען זאָל אַרויפגיין מיט אים צו דער פּרוי, וועלכע מאַכט די קאָסטיומען פאַרן „אַזאַזעל״, אַ געוויסע ליפּסקאַ. לויט זיין רויט־ווערן און זשענירטקייט האָט מען זיך געקאָנט אָנשטויסן, אַז ער איז נישט גלייכגיל־טיק צו דער פּרוי. בקרוב איז זי טאַקע געוואָרן מאַרישיע מאַנסדאָרף, זיין געטרייע — ביז די העכסטע גרענעצן — לעבנס־באַגלייטערין, וועלכע איז געוואָרן בלינד פאַרקוקט אין אים און ביז גאָר פאַרגלייבט אין זיין טאַלאַנט, אין זיין אויפגייענדיקן שטערן.

די פּרוי, וועלכע איז געווען אַן אויסגעצייכנטע מאָדעל־שניידערין, האָט זיך זייט דאַן פאַרבונדן מיט די טעאַטערס ווו איר מאַן האָט געאַר־בעט, כסדר מיט אים מיטגעפאָרן און דער עיקר — באַקליידט און באַנייט אים אויף אַן אופן, וואָס האָט אַרויסגערופן איפערזוכט ביי אַנדערע חברים.

אין „אַזאַזעל" האָט מאַנסדאָרף געשפּילט אין פאַרשידענע סקעטשן און סצענקעס, וואָס האָבן נישט געגעבן קיין ברייט פעלד פאַר קינסטלערי־שער אַנטוויקלונג. זיי האָבן אָבער באַרייכערט די פאַכמענישע דערפאַרונג, די סצענישע רוטין. דאָס האָט זיך בולט אָנגעזען, ווען מאַנסדאָרף איז אַרי־בער אין דער „ווילנער טרופּע".

העלפט 1927 איז צוריקגעקומען פון רומעניע אַ רעשטל פון מאַזאָס „ווילנער טרופּע" — אָרלעסקאָ, די קאַמענס, די ווייסליצס, די נאַטאַנס, אסתר גאָלדבערג, ס. ווײנשטאָק. זיי האָבן זיך אַוועקגעזעצט אין לעמבערג (און אין קוראָרט טרוסקאַוויעץ) און אָנגעהויבן צו קאָמפּלעטירן די טרופּע. פון אָנהייב — מאַרעוווסקי און אָרטיקע יונגוואַרג. דאַן — ווידער אַ רעאָר־גאַניזאַציע און מאַנסדאָרף גייט אַריבער פון „אַזאַזעל" צו די „ווילנער".

מיר איז געראָד צו יענער צייט אויסגעקומען צו זיין אייניקע חדשים אין לעמבערג — אין דעם אויפסניי דורך סטרוגאַטשן רעאָרגאַניזירטן „אַזאַ־זעל". כ'האָב געזען מאַנסדאָרפן אין אַ צאָל ראָלן; אין פאָרשטעלונגען, אין וועלכע ער פלעגט „אַריינשפּרינגען", ווייל דאָס זענען דער עיקר געווען באַנייונגען, ווו די מערהייט ראָליסטן זענען געווען געשפּילטע. איז אים טאַקע דאָ שטאַרק צונוץ־געקומען די דערפאַרונג פון „אַזאַזעל". אָבער קיין פעלד אויף אַרויסצוווייזן זיך איז עס אַלץ נישט געווען. ער שפּילט אַ צאָל פיינע עפּיזאָדן ביי די „ווילנער" אין וואַרשע (אין שלום אַשס „קידוש השם", פּרצעס „ביינאַכט אויפן אַלטן מאַרק" א"אַ) און ראָלן, וועלכע זענען נישט שטאַרק צוגעפּאַסט געווען פאַר זיין אַקטיאָרישן מהות, טראָץ זיין שיין פּנים און די ממש פאַנטאַסטישע קאָסטיומען, אין וועלכע מאַרישיע באַקליידט אים (באַסאַניאָ, אין שעקספּירס „שיילאָק", דער ריטער אין אהרן צייטלינס „יידנשטאָט" — ביידע אין ווייכערטס רעזשי). מאַנסדאָרף, וועלכער האָט אַ סך געאַרבעט איבער דער דיקציע און אַרטיקולאַציע זיינער, פאַלט אַריין

דאָ אין דעקלאַמאַציע און פאַרטונקלט זיין שפּילן מיט דער אויסגעפּוצט־קייט.

און אָט קומט פאַר אַ קריזיס (אין אַ נאָווינע) אין דער „ווילנער טרופּע" און דאָס ווערט גלייכצייטיק דער וויכטיקסטער קער אין מאַנסדאָרפס סצע־נישער קאַריערע. אַ טייל אַקטיאָרן פון דער צעפאַלענער „ווילנער טרופּע" שטעלט צונויף (מיט נאָך חברים) אַ קאָלעקטיוו אין וואַרשעווער „עליזיום"־טעאַטער (סעזאָן 1931־1932) און מאַנסדאָרף, נאָך אייניקע חדשים שפּילן מיט בולאָוון אין רומעניע, טרעט אַריין אין דער טרופּע. נאָך אַ צאָל אַנדערע אויפפירונגען ווערט געשטעלט אַלעקסיי טאָלסטאָיס און שטשעגאָלאָווס סצע־נישער רעפּאָרטאַזש „אַזעף" (רעזשי — מאַרק אַרנשטיין) און מאַנסדאָרף באַקומט די טיטל־ראָל פון באַרימטן פּראָוואָקאַטאָר. איבער נאַכט איז דאָן געבוירן געוואָרן אַ נייער פירנדיקער אַקטיאָר אין יידישן טעאַטער; אַ יונ־גער אַקטיאָר, וואָס האָט מיט זיין שפּילן באַוויזן, אַז מען קען אויף אים בויען אַ פאָרשטעלונג; אַז ער איז בכוח מיט זיינס אַ געשטאַלט אויסצוטראָגן אַן אויפפירונג.

דעמזעלבן סעזאָן באַווייזט מאַנסדאָרף זיין אַקטיאָרישע וואָג אין ה. לייוויקס „אָרעמע מלוכה" (רעזשי: יעקב ראָטבאַום). זיין מלך, דער פּאַראַ־ליזירטער בעטלער־קעניג, איז פּילפּאַרביק, אימפּאָנירנדיק מיט זיין וויל־דער קראַפט און הכנעהדיק אין זיין בעטלערישער קונסט; אכזריותדיק און צערטלעך־פאַרליבט. ווידער אַ מאָנומענטאַלע געשטאַלט אין דער גאַלעריע פון מאַנסדאָרפס אויסגעהאַמערטע סקולפּטור־געשטאַלטן.

זומער 1932 טרעף איך זיך ווידער צונויף מיט מאַנסדאָרפן אין לאָדזש, אין דער צוריק־אָרגאַניזירטער „ווילנער טרופּע". ער שפּילט סעמען אין שלום אַשס „אָנקעל מאָזעס" (גאַסטשפּילן און רעזשי פון זיגמונט טורקאָוו). די „ווילנער" פאָרן אַריבער קיין ווילנע, קיין וואַרשע. ס'גייט אַוועק אַ צייט פון יעקב ראָטבאַומס דערפאָלגרייכע אויפפירונגען: „בונט אין אויסבעסע־רונגס־הויז" פון יידישן דראַמאַטורג לאַמפּעל און „שריי, כינע" פון טרע־טיאַקאָוו. מאַנסדאָרף שפּילט שוין וואָגיקע ראָלן, וואָס איז נישט געווען אַזוי לייכט צו דערגרייכן ביי די „ווילנער", ווו עס האָט געהערשט אַ מין סטאַזש־חזקה אויף הויפּטראָלן. סוף 1933 פאָרן די „ווילנער" אַרויס אויף

דעם פאַר זיי גורלדיקן טורנע קיין מערב־אייראָפּע, פון וועלכן זיי קומען צוריק אינגאַנצן צעקלאַפּט. מאַנסדאָרף, דוד ליכט און יעקב קורלענדער טיילן זיך אָפּ פון די „ווילנער", פאַרבלייבן אין פּאַריז, ווו זיי גרינדן דאָס פּאַריזער אַרבעטער־טעאַטער „פּיאַט". דאָ הייבט זיך אָן אַ תקופה פון איי־ניקע יאָר ווען איך האָב נישט געזען מאַנסדאָרפס אַרבעטן, בלויז געהערט וועגן זיי — סיי פון אַנדערע, סיי פון מאַנסדאָרפן, בעת אונדזער ווידער צוזאַמענטרעף אין ראַטנפאַרבאַנד, אין מיטל־אַזיע.

.3

געשען איז עס זומער 1942, בעת מיין ערשטן קומען קיין טאַשקענט. איך בין באמת געריהרט געוואָרן פון האַרציקן קבלת־פּנים מצד מאַנסדאָרפן און פונעם וואַרעמען הכנסת־אורחים פון מאַרישיען, ביי זיי אין דער טאַש־קענטער כאַטע, אין יענע יאָרן, ווען כיבוד פון אַ גלאָז טיי איז אויך געווען אַ הוצאה.

וועגן מאַנסדאָרפס דערפאָלגן אין פּאַריז האָב איך געהאַט געוווּסט נאָך פאַר דער מלחמה. נאָכן אָפּשפּילן דוד בערגעלסאָנס „מידת הדין" — די פּרעמיערע איז פאָרגעקומען אין דער אָנוועזנהייט פון מחבר, וואָס האָט דערקלערט, אַז ער האַלט מאַנסדאָרפן פאַר אַן אידעאַלן „אושאַק", — איז מאַנסדאָרף אַליין פאַרבליבן מיטן „פּיאַט" און אויפגעפירט שלום־עליכמס „די גאָלדגרעבער" (לוי מאַזגאַוואַיער איז געוואָרן זיינס אַ וויכטיקע ראָל) און אַ רעוווי־פּראָגראַם. סוף 1935 פאָרט מאַנסדאָרף קיין ראַטנפאַרבאַנד.

פאַר מיר פערזענלעך איז דער דאָזיקער שריט זיינער געווען אַ גרויסע איבעראַשונג. ס'איז טאַקע נאָך געווען די צייט, ווען אַ סך יידישע שרייבער, קינסטלער, קולטור־טוער האָבן זיך געריסן קיין ראַטנפאַרבאַנד — די יאָרן פון געוואַלדיקן פאַנאַנדערבלי און אויפשטייג פון דער יידישער קולטור דאָרט. אויך מיר, אַ גרופּע ראַדיקאַלע יידישע קינסטלער פון פּוילן, האָבן אין יענע יאָרן געמאַכט באַמיִונגען וועגן אַ דערלויבעניש אַריבערצופּעקלען זיך קיין בירא־בידזשאַן; גרופּעס יידישע יוגנטלעכע פון ליטע, בעלגיע, פראַנקרייך, אַרגענטינע זענען טאַקע דאָן „באַגליקט געוואָרן" מיט אַ דער־לויבעניש, און — כמעט אַלע האָבן שפּעטער טראַגיש פאַרענדיקט זייער

לעבן אין תפיסות און פאַרשיקונגען. מאַנסדאָרף איז אָבער נישט געווען קיין „ביראָבידזשאַניסט״; ער איז אידעיִש געווען ווייט פון אַלע זיינע ברידער (נאָך דאַן געהאַט געוויסע בונדישע סימפּאַטיעס), אָבער די פּערספּעקטיוו צו באַקומען אַ פעלד פאַר נאָרמאַלער שעפערישער אַרבעט האָט, ווייזט אויס, משפּיע־געווען. ער איז אָנגעקומען געוואָרן אין אָדעסער ייִדישן מלוכה־טעאַטער, אויף אַ בכבודיקער אַקטיאָרישער פּאָזיציע און — טאַקע מצליח־געווען.

ווען איך בין אַנטלאָפן פון דעם היטלעריסטישן וואַרשע אין דעם דאַן סאָוועטישן ביאַליסטאָק, האָב איך גלייך אָפּגענומען גוטע גרוסן פון מאַנס־דאָרפן. אויף אונדז אַלע האָט אַ סימפּאַטישן איינדרוק געמאַכט דער פאַקט וואָס מאַנסדאָרף האָט זיך נישט באַמיט צו פאַרפרעמדן פון אונדז, פליטים, צו וועלכע ס׳איז געווען בכלל ביי סאָוועטישע מענטשן אַ באַציִונג פון אומ־צוטרוי, באַזונדערס צו קאָמוניסטן פון פּוילן. מאַנסדאָרף האָט זיך גלייך געשטעלט מיט אונדז אין פאַרבינדונג און שפּעטער, ווען אונדזער חברטע רות טאַרו איז פאַרשיקט געוואָרן אויפן ווייטן צפון פון קאַזאַכסטאַן — מיט אַ קליין קינד און אין די הויכע חדשים מיטן צווייטן קינד, — איז מאַנס־דאָרף געווען דער איינציקער פון די סאָוועטישע חברים, וואָס האָט איר דאָרט אַהינגעשיקט פּעקלעך.

פון מיין סאָוועטישן דירעקטאָר אין ביאַליסטאָק, דעם אַקטיאָר איסאַאַק ראַקיטין, האָב איך ווידער אָפּגענומען גרוסן וועגן מאַנסדאָרפס שעפערישע דערפאָלגן. אַ פולן קינסטלערישן נצחון האָט מאַנסדאָרף אָפּגעהאַלטן אין פּרץ מאַרקישעס „כל נדרי״ — און דאָ איז אויסגעבראָכן די מלחמה.

נאָך שווערע מלחמה־וואַנדערונגען זענען די מאַנסדאָרפס אָנגעקומען קיין טאַשקענט און ווען מיר האָבן זיך דאָרט באַגעגנט, איז ער שוין גע־ווען צוקאָאָפּטירט צום מאָסקווער ייִדישן מלוכה־טעאַטער. ער האָט גע־שפּילט עפּיזאָדן אין פאַרשידענע אַלטע טעאַטער־אויפפירונגען און כ׳בין בייגעווען איניקע פּראָבן פון פּרץ מאַרקישעס „אויג פאַר אויג״, וווּ מאַנס־דאָרף האָט געשפּילט די ראָל פון אַ דייטשן אָפיצער.

אגב: אין אירע זכרונות וועגן מאַנסדאָרפן דערציילט די אלמנה, מרים, אַז בעת דער גענעראַל־פּראָבע האָט זיך מאַרקיש שטאַרק צעווערטלט מיט

מיכאָעלסן. זי דערציילט אָבער נישט, וואָס עס איז געווען די סיבה. וועל איך עס דערגענצן:

מאַרקיש, דאַן אין מיליטער, אַ באַטאַליאָן־קאָמיסאַר פון שוואַרץ־ימיקן פלאָט, איז ספּעציעל געקומען צו דער גענעראַל־פּראָבע פון זיין פּיעסע. פּלוצלינג האָט ער דערזען, אַז מיכאָעלס (דער רעזשיסער פון דער אויפפירונג) האָט דאָרט אַריינגעבראַכט אַ ווילדן „עפעקט": ער האָט ביים פינאַל פון ערשטן אַקט געהייסן אויסשפּרייטן אַ ספר־תורה איבער דער בינע און פּאַראָרדנט, אַז די ייִדן זאָלן טרעטן איבער דער ספר־תורה. ווען מאַרקיש האָט דאָס דערזען, האָט ער זיך אויפגעקאָכט, ווי זיין שטייגער:

— „ייִדן וועלן גיין אויף קידוש־השם, וועלן זיך לאָזן די קעפּ אָפּשניידן און וועלן נישט טרעטן איבער אַ ספר־תורה!".

דערויף האָט אים מיכאָעלס געענטפערט, אַז ער רעדט, ווי אַ „ייִדי־שער נאַציאָנאַליסט" און דאָ איז אויסגעבראָכן דער סקאַנדאַל. געזיגט האָט טאַקע מיכאָעלס, אָבער מאַרקיש איז ברוגז געוואָרן און אַפילו נישט געווען אויף דער פּרעמיערע (אגב, די פּיעסע האָט אויך געהאַט אַ דורכפאַל).

אין יענער צייט בין איך געווען אַ גאַסט פון מאַנסדאָרפן. כ'האָב גע־וואָלט פאַרבלייבן אין טאַשקענט (אין סאַמאַרקאַנד בין איך „טריף געוואָרן" און מ'האָט מיך געזוכט שוין אין פּרונזע אויך). מאַנסדאָרף, וועלכער האָט געשפּילט אַן עפּיזאָד אין פילם „צוויי סאָלדאַטן" (רעזשיסער: לעאָניד לו־קאָוו) האָט מיר געהאָלפן באַקומען אַן עפּיזאָד אין דעמזעלביקן פילם. שפּע־טער האָב איך דאָרט אויך אָנגעהויבן צו אַרבעטן אַלס פּיראָטעכניקער (ביי די שיס־ און רויך־עפעקטן), ביז מיין מאָביליזאַציע אויפן „טרודפראָנט".

די גרויסע שילדערונג פון מאַנסדאָרפס לעבן און איבערלעבונגען, האָב איך טאַקע געהערט פון אים אין יענע געציילטע טעג, אָדער ריכטי־קער, — נעכט. ער האָט מיר געשילדערט דעם שווערן וועג פון גייסטיקע ליידן, וועלכע ער האָט דורכגעמאַכט פאַר די פאָר יאָר, כאָטש בעצם איז מאַנסדאָרף דאַן נישט געווען קיין פאַרזענלעך אַנטוישטער. ער האָט באמת געפונען אַ פעלד פאַר שעפערישער אַרבעט און אויסלעבן זיך. ער האָט אָבער — צו זיין גליק — פאַרלוירן דעם גלויבן, אַז דאָס דאָזיקע פעלד וועט נאָך לאַנג געדייען און דערפאַר האָט ער באַשלאָסן עס צו פאַרלאָזן

ביי דער ערשטער געלעגנהייט. ער האָט אין יאָר 1942 אָדער 1943 (װען איך בין צוריקגעקומען פון „טרודפראָנט״ קיין טאַשקענט) נישט געקאָנט אָפּן רעדן װעגן דעם; ער האָט זיך מן־הסתם אַפילו נישט געקאָנט פאָר־שטעלן, װי אַזוי די געלעגנהייט קאָן זיך שאַפן. ער האָט אָבער בחוש פאַר־שטאַנען, אַז דאָס קאָן געשען איינציק און אַליין װאָס װייטער פון דער הויפּט־שטאָט, װאָס נענטער צו די גרענעץ־געביטן. דערפאַר איז מאַנסדאָרף נישט געפאָרן קיין מאָסקװע מיטן „גאָסעט״ — ער האָט זיך גאָרנישט געריסן דערצו. ער האָט זיך בעסער געלאָזט װאַנדערן איבער מיטל־אַזיע מיט אַ קליינקונסט־טעאַטער, װאָס איז אָרגאַניזירט געװאָרן פון יעקב שטערנ־בערג, מיט סידי טאַל אין דער שפּיץ.

בעת יענעם טורנע האָבן מיר זיך װידער געטראָפן. דאָסמאָל אין פרונ־זע. איך בין שוין דאַן געװען דער פאָרזיצער פונעם פאַרבאַנד פון די פּױ־לישע פּאַטריאָטן און אָנגעהויבן צו אָרגאַניזירן די פּליטים צו דער רע־פּאַטריאַציע קיין פּוילן. מאַנסדאָרף האָט מיר געגעבן אָנצוהערן, אַז װען עס מאַכט זיך אַ גוטע געלעגנהייט, װאָלט ער אפשר געפּרוּװט צוריקצופאָרן קיין פּוילן. ער איז נישט געקומען צו מיר מיט פאָדערונגען און טענות, איך זאָל די זאַך דערליידיקן אומגעגאַל, װי ס׳פלעגן עס טאָן אַנדערע. אַ שטייגער — אַלעקס שטיין. יענער האָט מיר געשריבן פון נאָװאָסיבירסק, װוּ ער איז נאָך דאַן געװען מיטן מינסקער ייִדישן מלוכה־טעאַטער אַלס רעזשיסער, אַז כ׳זאָל פאַר אים דערליידיקן אַלע פאָרמאַליטעטן — און ס׳זאָל הייסן: אָן זיין װיסן. ער טאָר נישט ריזיקירן, טאָמער װעט עס נישט געלונגען, טאָמער װעט דערפון גאָרנישט װערן... צוליב דעם פּחד זיינעם (געשריבן האָט ער עס, פאַרשטייט זיך, אין אַ פאַרשטעלטער פאָרעם, װעגן איינעם אָסקעס ברודער; אָסקע האָט מען גערופן זיין ברודער, יוסף קאַמען) איז ער טאַקע פאַרבליבן אין ראַטנפאַרבאַנד.

מאַנסדאָרף האָט אין אַזעלכע פאַלן נישט געװוּסט פון קיין פּחד. האָט ער עפּעס באַשלאָסן — האָט ער ריזיקירט, געגאַנגען װאַ באַנק. און װען ער איז געװויר־געװאָרן, אַז דאָס קיעװער ייִדישע מלוכה־טעאַטער דאַרף קריגן זיין זיץ־אָרט אין טשערנאָװיץ, האָט ער זיך פאַרבונדן מיט דעם

טעאַטער, וואָס איז טאַקע באַלד אַוועק קיין טשערנאָוויץ. נענטער צו דער רומענישער גרענעץ...

ער האָט זיך אָפּגעגעבן אַ חשבון, אַז אויף אַ כשרן אופן וועט ער פון ראַטנפאַרבאַנד נישט קאָנען צוריקפאָרן קיין פּוילן. אמת, ס׳האָט זיך שוין דאַן אָנגעהויבן די רעפּאַטריאַציע, אָבער מאַנסדאָרף, אַלס סאָוועטישער בירגער פון פאַרן יאָר 1939, האָט נישט געהאַט קיין רעכט צו געניסן פון רעפּאַטריאַציע־אָפּמאַך. און פון טשערנאָוויץ זענען כסדר געגאַנגען מיליטערישע און ענקאַוועדע־אויטאָס קיין רומעניע. רומעניע איז געווען פאַרנומען פון דער סאָוועטישער אַרמיי, אָבער פאָרמעל האָט נאָך דאַן געהערשט דער קעניג מיכאַל דער צווייטער און אַ קאָאַליציע־רעגירונג און פאַר גוט געלט פלעגן די כשרסטע ענקאַוועדיסטן דורכשמוגלען אין זייערע אויטאָס גאַנץ טריפענע מענטשן קיין רומעניע. פון רומעניע ווידער זענען געווען אָפענע גרענעצן.

העלפט 1945 געפונען זיך שוין די מאַנסדאָרפס אין רומעניע. אמת, דאָס זיין אין רומעניע איז דאַן אויך געווען גענוג ריזיקאַליש. די ענקאַוועדע־לייט פלעגן אָפטמאָל אין רומעניע אַרעסטירן מענטשן, וועלכע זיי אַליין האָבן געהאָלפן צום אַנטלויפן, צוריקשיקן זיי קיין ראַטנפאַרבאַנד און צו די ווייסע בערן. אָבער ווי געזאָגט איז מאַנסדאָרף געווען אַ ריזיקאַנט און דאָס מאָל איז אים טאַקע געלונגען.

## 4.

די צוויי יאָר רומעניע, ווו מאַנסדאָרף האָט אויסגעבויט דאָס „איקוף״־טעאַטער מיט יונגע כוחות, כמעט בלויז אָנפאַנגער — זענען אפשר געווען די שעפערישסטע אין טעאַטערבויענדיקן און אַקטיאָרישן וועג פון מאַנסדאָרפן. מיט די יונגע כוחות, וועלכע ער האָט געשולט, האָט ער אויפגעפירט מ. פּינטשעווסקיס „איך לעב״ (די הויפּט־ראָל אין דער פּיעסע האָט ער נאָך געהאַט געשפּילט אין קיִעווער טעאַטער אין טשערנאָוויץ, פאַרטרעטנדיק דעם קראַנקן קינסטלערישן לייטער פון יענעם טעאַטער, גאָלדבלאַטן); דאַן — אַ נייע דראַמאַטיזאַציע פון שלום־עליכמס „טביה דער מילכיקער״ און גאָלדפאַדענס „די כישופמאַכערין״ — אַ חוץ קאָנצערט־פּראָ־

גראַמען. אין משך פון די צוויי יאָר האָט ער געלייגט דעם גרונטשטיין פאַרן שפּעטערדיקן בוקאַרעשטער יידישן מלוכה־טעאַטער און ער איז אויסגע־צייכנט געוואָרן פון דער רומענישער רעגירונג מיט אַ מעדאַל פאַר זיינע קינסטלערישע פאַרדינסטן. אָבער ער פילט, אַז אויך דאָרט הייבן אָן צו בלאָזן די ווינטן, וואָס האָבן אים פאַרטריבן פון ראַטנפאַרבאַנד. נוצט ער אויס די געלעגנהייט צו קאָנען אַרויספאָרן קיין פּוילן אַלס געוועזענער פּוי־לישער בירגער און — פאָרט איבער פּוילן ווייטער אין דער גרויסער יידישער וועלט.

אין דער קורצער צייט פון זיין ווײלן אין פּוילן (העלפּט 1947) האָט ער אויך אַ צאָל קאָנצערטן, צווישן אַנדערע — אַ קאָנצערט אין וראָצלאַוו, ווו ער פירט אויס פראַגמענטן פון פאַרשידענע פּיעסן און רעציטאַציעס. טאַקע אין וראָצלאַוו באַגעגענען מיר זיך צום לעצטן מאָל און האַלטן אָפּ אונדזער לעצטן חברישן שמועס. דאַן האָב איך זיך ערשט איבערצייגט, ווי רייף מאַנסדאָרף איז געוואָרן פאַר די יאָרן פון אינטענסיווער שעפערי־שער אַרבעט און — אומאויפהערלעכער שרעק. רייף אַלס קינסטלער און אַלס מענטש. ווייל דאָס קאָן מען נישט אָפּלייקענען: דאָס סאָוועטישע טעאַ־טער האָט אין יענע יאָרן אַ סך געלערנט און געגעבן די מעגלעכקייטן אַ סך צו לערנען. עס האָט אין קיינעם נישט געקאָנט אַריינגעבן קיין טאַלאַנט, אָבער טעאַטער־וויסן איז פאַר יעדן געשטאַנען אָפן — אַ טיפער ברונעם. מען האָט בלויז באַדאַרפט קענען שעפּן דערפון.

מאַנסדאָרף האָט עס געקענט. פונקט ווי ער האָט עס געקענט אין דער דראַמאַטישער שול און אין דער סטודיע. ער האָט גיריק געשלונגען וויסן. וועגן טעאַטער, שוישפּיל־קונסט, ליטעראַטור — וויסן בכלל. ער האָט שטאַרק אויסגעברייטערט זיינע האָריזאָנטן. ער האָט אַלץ מער באַהערשט די סודות פון דער מיסטעריע „טעאַטער" און דערוואָרבן פאַך־קענטעניש, די דערפאַרונג צו אָפּערירן מיט די סודות, צו שאַפן טעאַטער. אַפילו מיט באַגרענעצטע מיטלען צו דער דיספּאָזיציע — מיטן אייגענעם טאַלאַנט, וואָס איז אַלץ מער אויסגעשליפן געוואָרן.

ער האָט מיר געגעבן צו פאַרשטיין, מאַנסדאָרף — און אַלץ נאָך לויט דער סאָוועטישער געוווינהייט, מיט רמזים (אפשר מיט רעכט, ווייל מיט

יאָרן שפּעטער איז מען טאַקע געוווּיר־געוואָרן, אַז נישט איין מענטש וואָס איז פאַרשוווּנדן געוואָרן פון פּוילן נישט צו וויסן וווּהין און ווי אַזוי, האָט זיך אָפּגעפונען... אין אַ לאַגער אויפן סאָוועטישן וויטן צפון), פאַר־וואָס ער קאָן נישט בלייבן אין פּוילן, אויפן „בית־הקברות, נעבן דער ריזיקער תפיסה". עס ציט אים צו וואַנדערונגען איבער דער ייִדישער וועלט, צו זוכן די געראַטעוועטע ייִדן, די געראַטעוועטע רעשטלעך פון דעם טייערן ייִדישן טעאַטער־עולם. ס'האָט זיך מיר אויך אויסגעוויזן, אַז איך הער געוויסע ציוניסטישע אַקצענטן, וואָס האָבן באַזונדערס מאָדנע געקלונגען ביי אים, דעם לאַנגיאָריקן בונדאָוויעץ.

און ער איז אַוועק זוכן ייִדן. אין פראַנקרייך, אין בעלגיע. געגרינדעט דאָרט אַ טעאַטער (ייקוט"), אַ דראַמאַטישע סטודיע. במשך קרוב צו צוויי יאָר האָט ער אויפגעפירט אין פּאַריז און בריסל (אויך געשפּילט אויף דער פראַנצויזישער פּראָווינץ און געמאַכט קאָנצערט־טורנעען איבער די סקאַנדינאַווישע לענדער, האָלאַנד, שווייץ): „שייקע לץ" פון קאַצאָוויטש, „טביה" און „סטעמפּעניו" פון שלום־עליכם, „די האָטעל־ווירטין" פון קאַרלאָ גאָלדאָני און אַ מאָנטאַזש פון י. ל. פּרץ־טעקסטן „דער אייביקער ניגון", „די כישופמאַכערן" פון גאָלדפאַדען און די ישראלדיקע פּיעסע „אונדזער ערד" פון ש. אַשמאַן. דאָס איז שוין טאַקע געווען דער אָנזאָג פון זיין דעציזיע צו פאַרבינדן זיך מיטן באַפרייטן ישראל, ווו ער קומט אָן אין יוני 1949. אין משך פון דריי חדשים גרייט ער צו מיט זיין ניי־געגרינדעטן „תיאטרון עממי" מ. פּינטשעווסקיס „איך לעב" אין העברעיִש („חי אני"); לערנט זיך אַליין איינטענסיוו די שפּראַך און פירט־אויף קאַרלאָ גאָלדאָנים „די האָטעל־ווירטין" („שונא הנשים") — אַן אויפפירונג, אין וועלכער עס שיינט אויף די יונגע שוישפּילערין, אַ נייע עולה פון רומעניע — מרים זוהר; זי ווערט טאַקע שנעל אַ פּירנדיקע ישראלדיקע אַקטריסע, אַ זייל פון דער „הבימה".

ער מאַכט ווידער אַ קאָנצערטן־טורנע: ווין, שווייץ, פראַנקרייך, בעלגיע. קומט צוריק קיין ישראל און שטעלט אַ צאָל אויפפירונגען אין קיבוצים. העלפט 1953 פאָרט ער קיין דרום־אַפריקע. במשך פון צוויי יאָר מאַכט ער דאָרט אַ צאָל אויפפירונגען אין די גרעסערע שטעט; גיט קאָנצערטן און

מאַכט אָוונטן אַפילו אין די פּאַרוואָרפנסטע פּונקטן, דערגרייכנדיק קיין בור־לאַוואַיאַ, ראָדעזיע. פון דאָרט האָט ער געזאָלט אַרויספליִען אויף גאַסטשפּילן קיין אַרגענטינע, אָבער דערצו איז שוין נישט דערגאַנגען. דאָס האַרץ, דאָס אומרויִקע, שטורמישע האַרץ פון מאַנסדאָרפן האָט אויפגעהערט צו קלאַפּן.

ס׳האָט זיך געענדיקט דאָס קורצע און דאָך אַזוי אָנגעזעטיקטע לעבן פון יעקב מאַנסדאָרף — איינעם פון די בולסטע טאַלאַנטן פון „מיין דור", דעם קרעפטיקן אַקטיאָרישן טאַלאַנט, וואָס איז אַרויסגעוואַקסן פון דער ערשטער דראַמאַטישער שול אין וואַרשע און פון דער דוד הערמאַן־סטודיע.

די בולטסטע געשטאַלט אין דער גרופּע איז געווען יעקב מאַנסדאָרף, וועלכן ס׳איז באַשערט געווען צו ווערן אויך אַ בולטע געשטאַלט אין סאָוועטישן ייִדישן טעאַטער, אין די נאָכמלחמהדיקע ייִדישע וואַנדערונגען און אַפילו אָנצוהייבן אַ פּאַרמעסט פאַר אַ בכבודיק אָרט אין העברעיִשן טעאַטער אין פרייען ישראל.

# משה בראָדערזאָן

.1

אַלע מיינע יאָרן זאַמל איך בריוו. אין אַלע גרויל־טעג פון מיין לעבן מוז איך פאַרניכטן, אָדער איבערלאָזן די בריוו — ביים אַנטלויפן.

תמיד האָט עס ביי מיר אַרויסגערופן אַ ווייטיקדיקן באַדויערן. אָבער דאָס גרעסטע — ווען איך האָב געמוזט פאַרניכטן די בריוו (און מיינע כתב־ידן) פאַרן פאַרלאָזן דעם ראַטנפאַרבאַנד. ווייל אין דעם פעקל בריוו איז געווען אַ גרויסע טייל — פון משה בראָדערזאָן.

פון אָנהייב צוואַנציקער יאָרן בין איך געווען נאָענט באַקאַנט מיט אים — י. מ. ניימאַן האָט אונדז באַקענט — אין יענע טעג ווען בראָדערזאָן האָט געזונגען:

מיר, אַ פריילעכע צעזונגענע כאַליאַסטרע,
מיר גייען אין אַן אומבאַוווּסטן וועג,
אין טיפע מרה־שחורהדיקע טעג,
אין נעכט פון שרעק —
*Per Aspera ad Astra*

די שורות ציטיר איך פון זכרון. זיי זענען ביי מיר פאַרבליבן איינגע־קריצט פון יענע יאָרן. כ'האָב זיי אַ סך מאָל ווידער געלייענט, ווען זיי זענען געווען אַ מאָטאָ צו דער אויסגאַבע „כאַליאַסטרע" — דער אָנהייב־אַקאָרד פאַר די שטורמישע אויפברויזן פון פרץ מאַרקיש און אורי־צבי גרינבערג; כ'האָב זיך די שורות איבערגעחזרט הונדערטער מאָל, ליגנדיק אויף דער נאַרע אין באַראַק פון „טרוד־פראָנט", אויפן ווייטן צפון פון אוראַל — גראָד ווי כ'פלעג איבערחזרן ש. טשערניכאָווסקיס „שחקי, שחקי על החלומות" און י. סלאָוואַצקיס „וויערש דאָ זאָשי" (אַ ליד צו זאָשיען).

אָבער די בריוו בראָדערזאָנס קאָן איך כמעט נישט ציטירן פון זכרון, סיידן — דעם אָנהייב פונעם בריוו פון זאַפּאָראָזשיע:

כ׳בין שוין מיט מזל אויס קאַראַקאַלפּאַק
און בין געוואָרן אַ זאַפּאָראָזשער קאָזאַק.

און ווייטער — וועגן „פּעטערל כמיעלניצקי״, וועגן זיינע מעשים־טובים און דעם אָרדן אויף זיין נאָמען; וועגן זיינע אייניקלעך, וואָס „זענען איצט מיינע שכנים, ברידער און שוועסטער״...

געהאַט האָב איך פון אים איבער אַ צענדליק בריוו: פון טורטקול, דער „הויפּטשטאָט״ פון קאַראַקאַלפּאַקיע; פון זאַפּאָראָזשיע און פון מאָסקווע — ביז אונדזער געזעגענונג אין מאָסקווע, ווען מיר זענען זיך פאַנאַנאַדער־געגאַנגען מיט תיקו: יעדער איז געבליבן ביים זייניקן.

אָנגעהויבן האָט ער צו מיר צו שרייבן פּלוצלינג: אומדערוואַרט האָב איך דערהאַלטן פון אים קיין פרונזע אַ בריוו פון טורטקול. מער ווי צוואַנציק יאָר באַקאַנטשאַפט ביז דאַן, האָב איך קיינמאָל נישט געשריבן צו אים קיין בריוו, נישט ער צו מיר. און דאָ — פּלוצלינג... מעגלעך — ווייל אידאַ קאַמינסקאַ איז דאַן געהאַט אַוועקגעפאָרן קיין מאָסקווע און ער האָט געוואָלט מיט עמעצן האָבן אַ קאָנטאַקט אויך אין פרונזע. ווייזט אויס, אַז ער האָט געזוכט אין זיין קאַראַקאַלפּאַקישער איינזאַמקייט פאַרבינדונגען מיט פריינד, באַקאַנטע פון אַמאָליקע יאָרן, — כדי זיך צו דערמאָנען די דאָזיקע יאָרן. אפשר אַפילו — איינשפּריצן זיך דערמוטיקונג מיט אַזאַ דערמאָנונג. און אויך דערמוטיקן עמעצן אין די ווייטע מקומות.

זיינע בריוו זענען געווען: סאַטירישע לידער, פעליעטאָנען, אויסצוגן פון פילאָזאָפישע טראַקטאַטן. אַמאָל — אַריינגעפּרעסט אין אַ צענדליק קורצע שורות; אַמאָל — געדיכט אָנגעפּיקעוועט אויף אַ בייגעלע פּאַפּיר. אַ באַגריף וועגן טאָן און אינהאַלט פון בראָדערזאָנס בריוו קאָן מען זיך שאַפן פון די ווייטערדיקע ציטאַטן:

„עס פרייט מיך זייער, וואָס מיין «סטיל», אַזוי צו זאָגן, בעמט ביי דיר אויס. לאָמיר־זשע, מחמת איצט איז כמעט נייטיק גאַלגאַן־הומאָר, פאָרזעצן אין דעם זעלביקן גייסט״...

דאָס איז געשריבן געוואָרן נאָך זיין גיהנום־וועג פון לאַגערן, ווען ער איז שוין צוריקגעקומען אין מאָסקווע (דאַטע: 28סטער דעצעמבער 1955). געשריבן צו אברהם מאָרעווסקי, וועלכער האָט זיך דאַן געעלטערט אין צרות און איינזאַמקייט אויפן דרום פון אוראַל. און ווייטער:

„איך הייב אָן צו טראַכטן, אַז אַפילו משנה־זיין דעם מקום (ברוך המקום) וועט שוין אונדז אויך נישט העלפן.

„געבוירן ווערן אַ מענטש — ווייסטו דאָך פון דער פראַקטיק איז נישט קיין גרויסער שכל, ובפרט נאָך אַ יידישער מענטש... היינט ווער רעדט נאָך — אַ יידישער קינסטלער... דאָס איז שוין זיכער אַ מכה שלא כתובה בתורה. כולו כל הקיצין.

„פאַרפאַלן, מוז מען דערמיט אין «גייסט פון זשענעווע», שלום מאַכן, זיך פאַרבייסן די ליפּן... און — מיר איז גוט: איך מעג שטאַמלען — כבד־פּה. דערויף הייס איך משה”...

אַלע דורכגעמאַכטע ליידן האָבן נישט געקאָנט פאַרניכטן זיין שאַרפזין און בייסיקייט. דער גאַנצער בריוו איז פול מיט ווערטער־שפּילן און געדאַנקען־בליצן. און דאָס איז דאָך געווען ווען ביי אים „ס'דאָקטער הערצל איז לא־עליכמדיק און דער לינקער פוס מיינער פאַרלאָזט זיך אינגאַנצן אויפן רעכטן”...

צי זענען זיינע בריוו פאַר די לאַגערן געווען אַנדערש? — ניין, אפשר בלויז געווען אַביסל מער הומאָר און ווייניקער „גאַלגן”. ווייל ווי דען האָט געקאָנט זיין משה בראָדערזאָן אָן הומאָר? אַפילו קראַנקערהייט, אַפילו אַ רגע פאַרן טויט?

אַ רגע פאַרן טויט ממש האָב איך אים געזען. פינקטלעך. אַ צוויי שעה פאַר דער קאַטאַסטראָפע, נעבן דעם האָטעל „פּאָלאָניאַ” אין וואַרשע. דער דאָקטער האָט אים יענעם טאָג באַפוילן תיכף אַוועקצופאָרן אין אַ סאַנאַטאָריע. ער האָט זיך אָבער געוויצלט און פאַרענדיקט ערנסט:

„ווי קאָן איך? כ'מוז דאָ בלייבן כאָטש איין וואָך. זען ביי אייך אייניקע פאָרשטעלונגען. כ'דאַרף דאָך אָנשרייבן אַ פּיעסע, מוז מען ווייסן וואָס, פאַר וועמען”.

כ׳האָב אים געזען דאָן טאָג־טעגלעך, שעהן־לאַנג גערעדט מיט אים. איך בין נאָך־וואָס געהאַט צוריקגעקומען פון אַ באַזוך אין ישראל. ער — פון מאָסקווע און פון — „דאָרטן". ער האָט אויסגעזען, ווי ס׳האָט אים גע־שילדערט דער דיכטער פון „יונג־ישראל":

דו ביסט אַהיימגעקומען צו דיין שטוב, דו האָסט זי נישט דערקענט.
האָסט זיך אויסגעשיילט פון גוף, ווי פון אַן אַלטן העמד.
ביסטו געשטאַנען אויסגעטאָן, אָנגופיק און דער פראָסט
האָט דיינע האָר און אויגן מיט אַ ווייסן מאָך באַגלאָזט.

(משה יונגמאַן: „צו משה בראָדערזאָן").

ווען איך האָב אים צום ערשטן מאָל דערזען אין יענע טעג, האָב איך דערזען פאַר זיך אַ טויטן־מאַסקע. דער איינדרוק האָט מיך שוין נישט אָפּ־געלאָזט. איך זע אים אַזוי ביז היינט. ביז תמיד.

.2

משה בראָדערזאָנען האָבן אַלע געהאַלטן פאַרן קינסטלער פון „וויל־קלאַנג און ווילגעזאַנג", ווי ס׳האָט וועגן אים געשריבן יעקב גלאַטשטיין; אַ דיכטער, וועלכער האָט באַוויזן „אויפפּראַלן טיר און טויער פון יידישער וואָרט־מעגלעכקייט". און געווען איז ער דאָך אַ מייסטער אין כמעט אַלע זשאַנערן פון דער פּעדער־קונסט.

אין דעם זשורנאַל, וואָס משה בראָדערזאָן איז געווען זיין הויפּט־מאָטאָר און זיין דערשיינען: זיין הויפּט־מאַטער, אינעם מאַניפעסט פון דער גרופּע אַרום זשורנאַל — „יונג יידיש" — איז געווען געזאַנג:

„אַלע נייע שטרעבונגען און פּרווון צו באַשיינען און פאַר־שענערן די ירושה־אוצרות פון אונדזער אייגנאַרטיק, אייביק פאָלק, וועלן מיר מיט אונדזער גאַנצער התלהבות און יונגער האַרציקייט אויפנעמען".

אַזוי איז בראָדערזאָן פאַרבליבן ביזן סוף פון זיין לעבן — פול מיט התלהבות און יונגער האַרציקייט. אַפילו מיט דער טויטן־מאַסקע אויפן פּנים.

## משה בראָדערזאָן

אַפילו אין זיין „ווײ־געשווייג", וואָס „איז אָפּטמאָל שטאַרקער פון ווײ־געשריי", ווען ער איז צוריקגעקומען קיין פוילן און דערזען:

די טויבן, זע —
דאָס זענען די נשמות ריינע
פון דיינע אומגעבראַכטע
ברידער־שוועסטער...

(„די טויבן")

בראָדערזאָן האָט אַמאָל געשריבן:

אינהאַלט איז סתם,
פאָרם איז שטאָם.

אפשר דערפאַר האָט מען אים פאַרוואַנדלט אין אַ „פאָרמאַליסט", ביי וועמען ס'איז בלויז געווען וואָרט־שפּיל, אָדער שפּיל פון ווערטער (אַנדערע האָבן אים אַפילו אָנגערופן „וואָרט־זשאָנגלער") און מען האָט פאַרזען ביי אים דעם אינהאַלט, וואָס איז בדרך־כלל געווען: לעבנס־באַיאָונג, לעבנס־פרייד און פרייד פון לעבן. אין די לעצטע יאָרן פאַר דער מלחמה: טיפע זאָרג פאַר דער צוקונפט פון פאָלק. בעת דער מלחמה: ווייטיק איבערן פאָלקס־בראָך, איבער דער טראַגעדיע. און זייער טרעפלעך האָט לעאָ קעניג געשריבן אין זיין עסיי וועגן משה בראָדערזאָן און „יונג־ייִדיש" (אין „די גאָלדענע קייט"):

„ער האָט ליב געהאַט ייִדיש נישט צוליב «ייִדישיזם» און דאָס פּויליש־ייִדישע לעבן נישט צוליב וועלכע עס איז נאַציאָנאַלע אָדער נאַציאָנאַליסטישע טעאָריעס און אידעאָלאָגיעס, נאָר צוליב די שיינקייטן און קינסטלערישע פאָרמען, וואָס ער האָט אין זיי געזען".

ווייל אַן עסטעט איז בראָדערזאָן געווען דורך און דורך. ער האָט זיך אויסגעלעבט אין שיינקייטן און געווען פאַרליבט אין שיינקייטן. כ'וואָלט געזאָגט: ער האָט זיך אויסגעליבט אין שיינקייט.

בשעתו איז ער טאַקע געווען אַ פוטוריסט, זעענדיק אין פוטוריזם — דורכן פוטוריזם — אַ מעגלעכקייט אַריינצובריענגען נייע שיינקייטן אין

יידיש; צוליב דעמזעלביקן טעם איז ער שפּעטער געוואָרן אַן עקספּרעסיאָ־ניסט, כאָטש אין עקספּרעסיאָניסטישן כאָר פון מאַרקיש־גרינבערג־ראַוויטש איז ער געווען דער שטילסטער טאָן. אָבער ער אַליין האָט זיך נישט געהאַלטן פאַר קיין שום „איסט". ער האָט אַפילו געטענהט: „איך האָב פיינט «איז־מען». איז מען — איז מען". (ציטירט לויט אברהם סוצקעווער).

משה בראָדערזאָן האָט געקאָנט נאָכזאָגן ראַדעקס אַפאָריזם. קאַרל ראַ־דעק, דער שאַרפזינקער עסייִסט און פאַמפלעטיסט (און ביטערער רעוואָ־לוציאָנער) האָט אין די יאָרן ווען ער איז ווידער געוואָרן אַ שרייבער (און פראָפעסאָר), געזאָגט: „איך דענק מיט דער שפּיץ פון מיין פעדער". געווען איז עס בלויז אַ פּאַראַדאָקס, ווייל ראַדעק איז געווען אַן אויסגעצייכנטער רעדנער. בראָדערזאָן איז טאַקע נישט געווען קיין רעדנער, אָבער ער האָט „געדענקט" מיטן געשריבענעם וואָרט און געשריבן מיטן געזאָגטן וואָרט. זיינע מינדלעכע אימפּראָוויזאַציעס זענען געווען אַ שם־דבר. ער האָט פּשוט נישט געקאָנט זאָגן קיין פּאָר זאַצן, ס'זאָל נישט זיין אין דעם עפּעס אַ וואָרט־שפּיל, אַ וויץ, אַ געדאַנקען־בליץ, דערביי פלעגט ער זיך באַנוצן מיט ווערטער פון אַ סך שפּראַכן און זיי אַזוי אויסקנעטן, אויסבייגן און איינ־בייגן, אַז זיי האָבן אים געדינט ווי אַזוי ער האָט נאָר געוואָלט צו זיין יידישן וואָרט־שפּיל. דער עיקר האָט אים אין אַזאַ פאַל אַרויסגעהאָלפן העברעיש. ס'איז ממש געווען צו שטוינען, ווו ער — דער וועלטלעך־דערצויגענער אינטעליגענט, דער אייראָפּייער פּאַר עקסעלאַנס — האָט געקענט אויפכאַפּן און אויסנוצן תורה־ און גמרא־ווערטלעך, אַריינפלעכטן זיי אין זיינע ווער־טער־שפּילן. ביי זיין אויסערלעכער נישט־יידישקייט (ציגיינערישקייט? אי־טאַליענישקייט?) איז ער אינערלעך געווען דורכגעזאַפּט מיט יידישקייט.

זיין אויסערלעכקייט: אין אַ געוויסער מאָס איז ער אויך אין דעם פּרט געווען אַ מין רענעסאַנס־פיגור, גראָד ווי ער איז עס געווען אַלס ליטעראַ־ריש־קינסטלערישע דערשיינונג. ווען איך האָב אים באַקענט איז זיין לאַנג, שאַרף פּנים געווען אַרומגעזוימט מיט שוואַרצע באַקן־בערד, וואָס האָבן זיך אַרויסגעריסן — ווי צוגעקלעפּטע פּיאות — פון זיין שוואַרצן שויבער. ער איז געווען הויך — ביין: לאַנג, אויסגעצויגן. אַזוי אויך זיין האַלדז, זיינע הענט, פינגער, פיס. ווייזט אויס, אַז ער האָט געזוכט אַלץ ביי אים זאָל האַר־

מאָנירן מיט דער אויסגעצויגנקייט. אַפילו דאָס פינגערל און די קראַוואַטן־שפּילקע — איןביידע זענען געווען אַריינגעפּאַסט יצחק ברוינערס שניצע־רייען אין העלפאַנטביין. אַפילו דער מאַנאַקל האָט מיט זיין קיילעכדיקייט אונטערגעשטראָכן די קאַנטיקייט פון פּנים און געשאַפן אַ דרייעק פון אַ ברעם.

אָבער איין מאָל האָט זיין אויסגעצויגנקייט שוין געמאַכט דעם איינ־דרוק, ווי ער וואָלט פון זיך אַרויסגעשפּרונגען, געצויגן זיך אין דער הויך, טאַקע —

*Per Aspera ad Astra*

שטענדיק, ווען ער איז געווען אויף אַ טריבונע, אָדער עסטראַדע, האָט ער זיך אַביסל איינגעבויגן און אויסגעצויגן. נייערט איינמאָל, אויפן קבלת־פּנים פאַר משה נאַדירן, אין זאַל פון וואַרשעווער צירק, ווען משה בראָ־דערזאָן האָט געלייענט זיין געפערזטע באַגריסונג „ממשה עד משה" — פון משה בראָדערזאָן צו משה נאַדיר — האָט ער זיך עפּעס געצויגן אַרויף, צו די העכסטע בענק פון צירק. ווי ער וואָלט וועלן, אַז זיין וואָרט און וואָרט־מייסטערשאַפט — אויף דער דאָזיקער באַגעגעניש פון די דעמאָלטדיקע צוויי גרעסטע יידישע וואָרט־מייסטערס פון ביידע זייטן אָקעאַן — זאָל דערגריין דאָרט צו יעדן.

זי איז סיי־ווי דערגאַנגען. טאַקע אַהין, צו יענע העכסטע בענק. דאָרט איז פאַרשטאַנען געוואָרן נישט בלויז זיין וואָרט־שפּיל, נייערט אויך דער אינהאַלט פון זיינע ווערטער. די פּאָטעלן האָבן אפשר בלויז אויפגעכאַפּט בראָדערזאָנס ווערטער־שפּיל און געוואָלט אין אים זען דעם „בראָדער זינ־גער" (זיין פּעליעטאָנען־פּסעוודאָנים), דעם פריילעכמאַכער. די גאַלעריע־בענק האָבן זיך אָבער אויך פאַרגעשטעלט דעם מחבר פון „ייד" — דעם פאַרויספילער פון אונדזער נייסטער טראַגעדיע.

צוויי נעכט פון מיין באַקאַנטשאַפט מיט משה בראָדערזאָנען זענען גע־ווען מייל־שטיינער אויף מיין לעבנסוועג. אַ מאַי־נאַכט פון יאָר 1922, אין צימער פון י. מ. ניימאַנען, ווו איך האָב זיך געפונען אַ פאַרוווּנדעטער נאָך אַן ערשטער מאַי־דעמאָנסטראַציע און בראָדערזאָן האָט מיך געטרייסט:

„הייליק פאַרגאָסן בלוט"; און אַ יולי־נאַכט פון יאָר 1945 אין האָטעל „סיעַ־ווערנאַיאַ" אין מאָסקווע.

יענע נאַכט איז בראָדערזאָן אָפּגעזעסן ביי מיר אויפן בעט און געפּרוווט מיך איבערצייגן איך זאָל בלייבן אין ראַטנפאַרבאַנד, ער וועט שוין דורכ־פירן מען זאָל מיך פאַרהאַלטן אין מאָסקווע און —

— איר פאַרשטייט, אַ פּאָר אייגענע מענטשן שאַפן זיך דאָ אַ היימישע סביבה. וואָס דאַרפן מיר צוריקפאָרן צו די פּאָגראָמשטשיקעס? ס'איז דען פאַר אונדזערע כוחות, פאַר אונדזערע יאָרן, אָנצוהייבן אויפסניי, אויף יענעם בית־עולם?

ער האָט גערעדט מיט אָפּגעהאַקטע זאַצן (כמעט תמיד אַזוי). דאָסמאָל אָבער — אפשר דאָס איינציקע מאָל וואָס איך האָב עס פון אים געהערט — אָן ווערטער־שפּילן, אָן וויצן. כ'האָב געהאַט דעם איינדרוק מאָמענטנווייז, אַז ער ציטירט זיך אַליין, זיינס אַ יוגנט־ליד:

און ס'ווערן שטערן — טרערן,<br>און טרערן ווערן שטערן,<br>און טויבע הייבן אָן צו הערן,<br>און טויטע הייבן אָן באַגערן<br>און אַלדאָס גוטס — מקוים ווערן...

(„צו די שטערן")

צווישן די צוויי נעכט — צענדליקער, אפשר הונדערטער נעכט אין משך פון כמעט אַ פערטל יאָרהונדערט: אין „אַסטאָריאַ", „טאַבאַרין", אָדער אַנדערע לאָדזשער לאָקאַלן; אין די אומהיימלעכע צימערלעך פון ביאַליסטאָ־קער „פּאַלאַס"־טעאַטער (אין די ערשטע מלחמה־יאָרן). אין די לאָדזשער לאָ־קאַלן איז בראָדערזאָן געווען אַ שטאַם־גאַסט מיט אַ גרופּע זיינע געשוווירענע באַגלייטער, דער עיקר: דעם אויסגעצויגענעם, אַזוי ווי בראָדערזאָן, יונגן פּוילישן זשורנאַליסט סטעפאַן געלבאַרט; דעם צאָן־טעכניקער מ. פעדער א"אַ. דאָס זענען געווען נעכט — איבערפולטע מיט אימפּראָוויזאַציעס, פון וועלכע מען האָט געקאָנט גאַנצע בענד צונויפשטעלן: חכמות, הלצות, געדאַנקען וועגן קונסט און פּאָליטיק, וואָרט־שפּילן און וואָרט־קאַראַמבולן. אפשר האָבן

זיך דאָרט איבערגעחזרט איינפאַלן, וועלכע ער האָט שוין אויסגענוצט אין דעם הומאָריסטישן זשורנאַל „אשמדאי" (גלייך נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה); אָדער אין די וואָרט־געפּעכטן מיט זיין באַענטן חבר, דעם דיכטער יצחק קאַצענעלסאָן. און דער עיקר — מיט יצחק ברוינער, אָדער הענעך קאָן; אפשר האָט ער געוויסע טיילן פון די אימפּראָוויזאַציעס אויסגענוצט אין די פּעליעטאָנען פון „בראָדער זינגער". אָבער אויך אין דעם צווייפל איך. ער איז געווען אַזוי שעפעריש רייך, עס האָט אַזוי געברויזט אין אים שעפּערישע אַקטיוויטעט, אַז ער האָט זיך געקאָנט פאַרגינען ווידער און ווי־דער צו אימפּראָוויזירן אויפסניי.

עס געדענקען זיך די דינע ביכלעך — לידער, פּאָעמעס, אָדער „דראַ־מאָלעטן" — פון משה בראָדערזאָן, וואָס פלעגן דערשיינען ביז טיף אין די צוואַנציקער יאָרן: „שוואַרצע פליטערלעך", „פּערל אויפן ברוק", „באַגייס־טערונג", „איבערגאַנג". עס קומט אויף די גאַנצע סביבה פון „יונג־ייִדיש" וואָרט־ און ליניע־באַנייער: די ערשטע צייט — יצחק קאַצענעלסאָן מיט משה בראָדערזאָן; י. מ. ביימאַן; דער מוזיקער הענעך קאָן; די פּלאַסטיקער יאַנקל אַדלער, מאַרק שוואַרץ, הענעך באַרטשינסקי, יצחק ברוינער, — די אַלע, וואָס האָבן אָנגעפילט די בויגנס „יונג־ייִדיש", אילוסטרירט בראָ־דערזאָנס ביכלעך און זאַמלונגען — ביזן פאַרמלחמהדיקן „אות" (ישראל ראַבאָן!) און באַזונדערס — די זאַמלונג דראַמאָלעטן „פאַרשטעלונגען" (דערשינען אַ דריי יאָר פאַר דער מלחמה), ווו ס'איז געווען „שיילאָק לאַכט", „סאָלווע בענעדיקטע" (אַ שפּינאָזאַ־שפּיל), „היינריך און לאָרעליי" (אַ היינע־שפּיל) און „זינט פּילאַטוס" — אַ דראַמאָלעט וועגן דורותדיקן אַנטיסעמי־טיזם. אין דעם דראַמאָלעט הייסט דער פּריץ: דאָן פערנאַנדאָ באָרדקאָמעץ און דער גלח: פּאַדרע אַמאַרעץ ד'אורייסאָ. צי קאָן מען דען אָפּלייקענען די שפּאַנישקייט פון די נעמען?

אין די דראַמאָלעטן האָבן זיך ווידער איבערגעחזרט בראָדערזאָנס וואָרט־עקספּערימענטן און שפּילן — אָבער וואָס פאַר אַ פאַרטיפונג! אַ ים פון פילאָזאָפישע פאַראַלגעמיינערונגען, בערג מיט געדאַנקלעכע הויכן.

דאָס איז געווען אַ מין פּראָלאָג צום קורץ פאַר דער מלחמה דערשי־נענעם ספר „ייִד" — זיין ווײ־געשריי צום אָנקום פון דער קאַטאַסטראָפע:

אָ, ליבער גאָט, שיק דאָ אַראָפּ אויף אַלעמען אַ מבול,
אויף אָפּצושווענקען אַלץ וואָס איז פאַרווילדעוועט און שלעכט.

דער מבול איז געקומען. אָבער נישט אָפּגעשווענקט „אַלץ וואָס איז פאַרווילדעוועט און שלעכט". דער מבול האָט אונדז אַראָפּגעשווענקט... אונ־דזער וועלט, זיין וועלט. כמעט דאָס גאַנצע פּוילישע ייִדנטום.

איז געקומען די צייט פון בראָדערזאָנס אַליין־געוואַלטן וויי־געשווייג. זיין צוגרייטן שפּיל־טעקסטן פאַרן ביאַליסטאָקער מיניאַטור־טעאַטער און — נאָך קאַראַקאַלפּאַקיע און זאַפּאָראָזשיע — פאַרן מאָסקווער ייִדישן טעאַ־טער. ביז דעם געזעגענעם גרויסן וויי־געשווייג — אין סאָוועטישע לאַ־גערן, אין „טוישעט". וועגן דעם האָט מיר בראָדערזאָן קוים באַוויזן צו דערציילן אין די פּאָר טעג פון אונדזערע לעצטע צוזאַמענטרעפן אין וואַרשע — נאָך זיין באַפרייונג. וועגן דעם האָב איך געהערט (און געלייענט) פון ישראל עמיאָט.

משה בראָדערזאָן וויקלט ווי באַנדאַזשן אויף די ווונדן זיינע וויצן —
(„סיביר")

אויך דאָרט האָט ער זיך נאָך געוויצלט, ווי פאַר דעם און נאָך דעם. ביזן לעצטן אָטעם־צוג.

.4

בראָדערזאָן און טעאַטער. בראָדערזאָן און ייִדיש טעאַטער.

שוין דער פּסעוודאָנים זיינער — בראָדער זינגער — כאָטש ער האָט אויך דעם שורש אין זיין פאַמיליע־נאָמען, איז ער אַן אָפּשפּיגלונג פון דעם דיכטערס טעאַטראַלע פאַראינטערעסירונגען און נייגונגען.

ער האָט אָנגעשריבן אַ סך „דראַמאָלעטן" און נישט באַטראַכט געוואָרן אַלס דראַמאַטורג. ערשט אין מאָסקווע איז ביי אים באַשטעלט געוואָרן אַ גאַנצע פּיעסע און אין די לעצטע טעג פון זיין לעבן האָט ער געזאָלט אָנ־שרייבן אַ נייע פּיעסע. דאָך איז ער געווען דורך און דורך טעאַטער. סיי אין זיין אויסערלעכקייט, סיי אין זיין שאַפן. אַ פאַרליבטער אין טעאַטער און

באַשאַפער פון טעאַטערס. זאָל זיין — פון קליינע פאָרמען, זאָל זיין — קליינקונסט (דאָס איז געווען זיין אייגנטלעכע סטיכיע), זאָל זיין טעקסטן פון לידער און סקעטשן; זאָל זיין אינסצעניזירטע לידער און סתם שטיי־גער־בילדלעך.

דער אָנהייב פון זיינע טעאַטער־פאַרבינדונגען (אויב נישט צו רעכענען אייניקע קלענערע פּרוּוון פון שאַפן טעקסטן נאָך פּרץ'ער), איז געווען דאָס מאַריאָנעטן־טעאַטער „חד גדיא". בראָדערזאָן און י. מ. ניימאַן — טעקסטן; הענעך קאָן — מוזיק; י. ברוינער — די ליאַלקעס. דאַן איז געקומען דער דרייסטער און פאַרנעמיקער פּרווו צו שאַפן אַ יידישע אָפּערע: „דוד און בת־שבע" — בראָדערזאָנס טעקסט צו דער מוזיק פון הענעך קאָן.

דערנאָך איז געקומען דער „אַזאַזעל", וואָס האָט זיך אין משך פון יאָרן — כמעט ביזן סוף פון זיין עקזיסטענץ — געשפּייזט מיט בראָדער־זאָנס טעקסטן און איינפאַלן. גלייך נאָכדעם — די גרינדונג פון דער לאָ־דזשער טעאַטער־סטודיע, פון וועלכער עס איז אויסגעוואַקסן דער „אַראַ־ראַט". און אין צווישנצייט — די באַאַרבעטונג, די טעקסטן און אינטער־מעדיעס פאַר זיגמונט טורקאָווס אויפפירונג פון גאָלדפאַדנס „לא תחמוד", צו דער דערעפענונג פון „וויקט" אין וואַרשעווער קאַמינסקי־טעאַטער.

דערויף ווילט זיך מיר אַביסל לענגער אָפּשטעלן. סיי צוליב דער וואָג פון בראָדערזאָנס אָנטייל אין דער אויפפירונג, סיי צוליב מיין נאָענטער מיטאַרבעט דערביי.

נאָענטער — בפועל ממש, ווייל אַז מען האָט באַדאַרפט ענדערן דעם טעקסט צום פינאַל פון דער פאָרשטעלונג — דער רעזשיסער האָט פאַר־לאַנגט, אַז דער פינאַל זאָל זיין פאַרבונדן מיט דער אַקציע — און בראָ־דערזאָן איז שוין געווען מיד פון שרייבן, צושרייבן, איבערשרייבן און באַ־אַרבעטן די טעקסטן, האָט ער געזאָגט צו מיר:

— איר שרייבט דאָך געשיקט פערזן. זענט אויסגעקאָכט אין דער פאָר־שטעלונג. שרייבט אָן דעם פינאַל. ר'וועט עס בעסער מאַכן פון מיר.

איך האָב עס זיכער נישט געמאַכט בעסער, אָבער כ'האָב עס געמאַכט. און בראָדערזאָן האָט מיר נישט געזשאַלעוועט קיין קאָמפּלימענטן, צוגע־רעדט ממשיך צו זיין אין שרייבן פערזן, טעקסטן.

אין „לא תחמוד" איז אָבער — אין דער גאַנצער פּילפּאַרביקער, צע־שפּילטער און צעזונגענער, צעזוניקטער פאַרשטעלונג — געווען אַזאַ גרויסער אָנטייל פון בראָדערזאָנען, אַז טעקסטועל איז פון גאָלדפאַדענען כמעט גאָרנישט געבליבן, אַ חוץ די דיאַלאָגן פון דער אינטריגע. וויפל איינפאַלערישקייט איז געווען אין די אינטערמעדיעס און טעקסטן! יעדער פערז כמעט איז געווען אַ ווערטער־שפּיל אויף אַן אַקטועלער טעמע פון דער וועלט־פּאָליטיק, אָרטיקע געזעלשאַפטלעכע סאַטירע און אַ שלל פון הומאָר. בראָדערזאָן איז נישט געווען קיין „הומאָריסט". ער איז אָבער געווען איינער פון די הומאָרפולסטע יידישע שרייבער.

און דאַן — טעקסטן צו אַנדערע יידישע טעאַטער־פאָרשטעלונגען. דער עיקר — פאַר דער „ווילנער טרופּע". און איבער אַלעם — „אַראַראַט". „אַראַראַט" איז געווען די קרוין פון משה בראָדערזאָנס טעאַטער־טעטיקייט. ער האָט דאָס טעאַטער געשאַפן, אָנגעפירט, צונויפגעשטעלט די פּראָגראַמען, געשריבן טעקסטן. און ווען דזשיגאַן־שומאַכער האָבן זיך אַרויסגעריסן פון זיין שליטה, געוואָרן „אַראַראַט"־באַלעבאַטים פאַר זיך, האָט ער געשאַפן (קורץ פאַר דער מלחמה) דעם „באַלאַגאַניידן", — ווידער אַן עכט־בראָדערזאָנישער איינפאַל און עכט־בראָדערזאָנישער נאָמען.

די אָנדערטהאַלבן יאָר אין ראַטנפאַרבאַנד — ביזן היטלער־אָנגריף — קאָן מען אָנרופן ביי בראָדערזאָנען: געלעבט פון גרייטן. ער איז געווען דער ליטעראַרישער לייטער פון ביאַליסטאָקער יידישן מיניאַטור־טעאַטער (ווידער: דזשיגאַן־שומאַכער) און געניטשעוועט אַלטע טעקסטן. אויף דער עוואַקואַציע — אין טורטקול — האָט ער שוין געמוזט זיינע וואָרט־שפּילן אויסלאָדן אין ציפערן־שפּילן: ער איז געווען אַ בוכאַלטער אין דאָרטיקן פּאָסט־אַמט. אַ פּנים ער האָט געקענט רעכענען אויפן „שטשאָט", אויף דער פריי־מיטיוועך הילצערנער רעכן־איינריכטונג.

איך דערמאָן עס אַקעגן דעם: אין מאָסקווע האָב איך דערציילט בראָדערזאָנען דעם עפּיזאָד און ער האָט געלאַכט דערפון ביז טרערן. אַ מעשה שהיה: ווען איך בין געווען אויפן „טרוד־פראָנט" האָט זיך איינמאָל אויף מיר מרחם געווען אַ יידישער אינזשיניער (פיינשטיין האָט ער געהייסן, פון מאָסקווע. זאָל זיין נאָמען דערמאָנט ווערן צום גוטן). — ער האָט מיך אַריינ־

גענומען צו זיך אין ביוראָ: אַ געהילף פון בעל־חשבון. איך האָב פּלייסיק, גיך און גוט געמאַכט די חשבונות. אַ קליינינקייט: זיצן אין אַ וואַרעמען ביוראָ, בעסער עסן, ווייניקער אַרבעטן און קריגן נאָך אַ פּאָר רובל. דאָס גליק האָט אָבער אָנגעהאַלטן בלויז צוויי טעג. מיין נאַטשאַלניק, דער אוקראַי־נישער אַנטיסעמיט ראַילקאָ, האָט מיך געוואָלט תיכף צוריקשיקן אויף די שווערסטע אַרבעטן — און האָט געפונען אַ מאָטיוו. ער האָט געזען, אַז איך רעכן אָן אַ „שטשאָט". דאָס איז געווען מיין פאַרברעכן. צעשטערט דעם איינגעשטעלטן סדר.

אָבער בראָדערזאָן האָט נישט געקענט רעכענען אויף אַן אַנדער „שטשאָט" — אויפן שטשאָט פון לעבן. דאָ האָט ער זיך אינגאַנצן פאַר־רעכנט, דערשראָקן זיך פאַרן היינט און נישט פאָרויסגעפילט דעם טראַגישן מאָרגן, וואָס איז ווי אַ שווערער וואָלקן געהאָנגען איבערן סאָוועטישן ייִדנ־טום (וואָס הענגט נאָך ביז היינט צו טאָג). דער וואָלקן פון פאַרניכטונג, פאַרטיליקונג אַלס פאָלקס־קאָלעקטיוו. צו דער פאַרניכטונג ווערן אָנגע־ווענדט פאַרשידענע מיטלען. אין געוויסע צייטן ווערט עס אויך דאָס מיטל פון פיזישן אויסראָטן. דאָס מיטל איז אָנגעווענדט געוואָרן לגבי בראָדער־זאָנען — צוזאַמען מיט די אַנדערע ייִדישע פּני אין ראַטנפאַרבאַנד. אייניקע זענען אויסגעענדיקט געוואָרן אין די תפיסות; אַנדערע זענען דערשאָסן גע־וואָרן „דעם 12טן אויגוסט 1952", ווי ס'איז יאָרן שפּעטער אָפיציעל גע־מאָלדן געוואָרן; אַנדערע זענען מיט ניסים אַרויס, נייערט „ס'דאָקטער הערצל איז לא עליכמדיק" שוין געווען. האָבן זיי זיך אָפּגעמאַטערט די איבערגעבליבענע טעג — שמואל האַלקין ביז 1960; משה בראָדערזאָן — בלויז ביזן 17טן אויגוסט 1956.

מער האָט שוין דער צעפּייניקטער זינגער נישט אויסגעהאַלטן. קוים באַוויזן אַריבערצוטרעטן די שוועל פון באַפרייונג און ער איז —

„...געשטאַנען אויסגעטאָן, אָנגופיק און דער פראָסט
האָט דיינע האָר און אויגן מיט אַ ווייסן מאָך באַגלאָזט".

# י. מ. ניימאַן (א. פויגל)

.1

ווען איך בין, אין יולי 1956, צום ערשטן מאָל געקומען אויף אַ באַזוך קיין ישראל, האָב איך געהאַט צוגעגרייט אַ צעטל מענטשן, וועלכע איך „מוז אומבאַדינגט זען". צווישן די ערשטע אויף דעם צעטל האָט זיך געפונען י. מ. ניימאַן.

מיר האָבן זיך געטראָפן אין אַ קאַפע אויף דיזנגוף, אויפריכטיק זיך אַרומגעכאַפּט און געשמועסט אַ שעה־צוויי. ער האָט מיך אויסגעפרעגט וועגן זיין אַלטן חבר — וועלכן איך האָב טאַקע בשעתו באַקענט ביי אים אין שטוב — אויף משה בראָדערזאָנען (איך האָב קיין ישראל געבראַנגט די ידיעה וועגן בראָדערזאָנס נאָענטן אָנקום קיין וואַרשע און אין יענע טעג האָט די פּרעסע געמאָלדן, אַז בראָדערזאָן איז שוין אָנגעקומען); ער האָט זיך אויסגעפרעגט וועגן אַנדערע חברים, באַקאַנטע; וועגן לאָדזש, וואַרשע. פון תמיד אָן האָב איך געוווּסט, אַז ער רעדט זייער שטיל, אָבער דאַסמאָל האָט ער גערעדט אַ סך שטילער, ממש שווער געווען אויפצוכאַפּן די ווערטער. ער האָט מיר דערציילט וועגן זיין אַרבעט, זיין שאַפן — זיך נישט באַקלאָגט, חלילה (ער איז בכלל נישט געווען פון די „באַקלאָגער"), סיידן אויף זיין געזונט. ער האָט בלויז פעסטגעשטעלט פאַקטן און באַמיט זיך אויפצוקלערן פאַרוואָס עס איז אַזוי און נישט אַנדערש; פאַרוואָס ער געפינט זיך אין אַ געוויסער מאָס אין אַ ווינקל פון דער העברעיִשער פּרעסע (אין „דבר", מיט וועלכן ער האָט נאָך מיטגעאַרבעט מיט יאָרן צוריק פון וואַרשע) און אינגאַנצן — אויסער דער העברעיִשער ליטעראַטור:

— אַן אַרטיקל, אַפילו אַ פעליעטאָן, שרייב איך לייכט אויף העברעיִש. לידער: נאָר אויף ייִדיש, אין דער נשמה שפּילט מיר ייִדיש...

און געווען איז ער דאָך אַ מענטש, ביי וועמען דאָס „שפּילן אין דער נשמה" איז געווען אַן עיקרדיקע זאַך, ממש — אַ תמצית פון לעבן. אַ קינסט־לער־נאַטור, אָנגעלאָדן מיט עמאָציעס, וואָס האָבן פון אים אַרויסגעריסן, ווי די טענער פון אַ פידל־קינסטלער, וועלכער שפּילט אונטער אַ „סור־דינקע", אַ דעמפּער.

אגב, האָט ער די שפּראַך־צוגעבונדנקייט אויך אַריינגעוועבט אין זיין לעצטער סצענישער שאַפונג — „דאַן קישאָט אין שאָטן פון דער פּאַלמע", — וועלכע איז דווקא געשריבן געוואָרן מיטן אויסבליק אויף „הבימה".

„יעדער דיכטער מוז שרייבן אויף דער שפּראַך, וואָס ער האָט איינ־געזאַפּט מיט זיין מאַמעס מילך!".

לעולם האָט זיך י. מ. ניימאַן ס'גאַנצע לעבן באַטראַכט פאַר אַ דיכטער, כאָטש ער איז געווען פאַרטאָן פולשטענדיק אין דער פּרעסע. זיין לעבן אין דער ליטעראַטור האָט ער אָנגעהויבן מיט לידער. ער האָט אויך געצייכנט (אַלס שילער האָט ער אַפילו באַקומען אַ פּריז פאַר אַ צייכענונג צו אַן אַלטער שיל, וועלכע ער האָט געמאַכט בשותפות מיט זיין באַקאַנטן חבר, דעם שפּע־טער באַרימטן פלאַסטיקער מאַרק שוואַרץ), אָבער דאָס איז ביי אים געווען אַ „זייטיקע ליבע". די הויפּט־ליבע איז געווען פּאָעזיע. אַלס פּאָעט איז ער געווען אַ מיטגליד פון בראָדערזאָנס לאָדזשער ליטעראַריש־קינסטלערישער גרופּע, „יונג־יידיש"; אַלס מחבר פון טעקסטן איז ער געווען אַ מיטשעפּער פון ערשטן יידישן מאַריאָנעטן־טעאַטער אין פּוילן, „חד גדיא" (פון בראָ־דערזאָן־ברוינער־קאָן). אַ חוץ די לידער, וואָס זענען דאַן געדרוקט געווען אין „יונג־יידיש" און אין אַנדערע ליטעראַרישע אויסגאַבעס, האָט ער דאָך אַרויסגעגעבן אַ זאַמלונג לידער, זיין „יום־טוב אין דער וואָכן", די דראַמאַטישע פּאָעמע „קדמון" — פאַרנעפּלט, וואָס אַן אמת, געשריבן סימ־באָליש־אַלעגאָריש, כ'וואָלט עס אָנגערופן: קבלה־דיכטונג. בכלל: גראָד, ווי ער איז געווען לייכט און צוגענגלעך — ביי זיין רייכער אינהאַלטלעכקייט און פאָרעם־עלעגאַנץ — אין פעליעטאָן און עסיי, מיט אַ חוש פאַר הומאָר און דינער איראָניע, וואָס האָט געשוועבט, ווי אַ פיינער שמייכל איבער זיינע שורות, אַזוי שווער און פאַרנעפּלט איז ער געווען אין זיין פּאָעזיע, איבערגעמוטשט, איבערגעלאָדן מיט געדאַנק.

נישט צופעליק איז „קדמון" געשריבן געוואָרן אין אַ דראַמאַטישער פאָרעם. ער האָט געהאַט אַ שטאַרקע נטיה צום טעאַטער. ער האָט געהאַלטן, אַז „די פאַרבינדונג פון אַ דיכטער מיטן טעאַטער איז אַ געווינס" (אין זיין אַרטיקל צו משה בראָדערזאָנס 20־יאָריקן יובּילײ פון ליטעראַרישער טע־טיקייט), כאָטש „וואָס פאַר אַ דאַנקבאַרע־אומדאַנקבאַרע אַרבעט" דאָס איז. האָט ער טאַקע, נאָך די „חד־גדיא"־טעקסטן, אָנגעשריבן אינטערמעדיעס צו זיגמונט טורקאָווס מאָדערניזירטער אויפפירונג פון מענדעלעס „דער פריזיוו". דער רעזשיסער־אינסצעניזאַטאָר האָט אין פאָרשטעלונג אַריינ־געפלאָכטן אַן אַלטע פורים־שפּיל און אַדורכגעפירט אַ לץ אין דער פורים־שפּיל און צווישן די בילדער. דעם גאַנצן טעקסט פון לץ, וועלכן ס'האָט גע־שפּילט וו. גאָדיק, האָט אָנגעשריבן י. מ. ניימאַן.

ער האָט אויך דאַן אָנגעשריבן אַ ספּעציעלע פּיעסע פאַר אסתר־רחל קאַמינסקאַ, אידאַ קאַמינסקאַ און זיגמונט טורקאָוו — „שבת־אויבס". אָבער אויך דערפון האָט ער קיין גרויס נחת נישט געהאַט. די פּיעסע איז נישט „שפּילפּעיִק", זי האָט נישט פאַרמאָגט קיין אַקציע, נישט קיין געשטאַלטן, וואָס זאָלן קאָנען לעבעדיק ווירקן פון דער בינע. און ווען אסתר־רחל האָט נישט גענומען צו שפּילן די פּיעסע, — האָט דוד הערמאַן געפּרוּווט צו אַר־בעטן איבער איר, אָבער אויך ער האָט רעזיגנירט צוליב דער נישט־סצע־נישקייט אירער. איז די פּיעסע דערשינען אין בוך־פאָרעם, איז טאַקע גע־ווען אַ נחת זי צו לייענען: אַזויפיל געדיכטע קינסטלערישע שטימונג האָט זי פאַרמאָגט, אַזאַ פיינעם אַראָמאַט פון שבת־קודשדיקייט אין אַ פּויליש־ייִדיש שטעטל. אגב: די גאַנצע פּיעסע איז געווען אָנגעשריבן אין אַן אויס־געהאַלטענעם קויאַווישן ייִדיש (יחזקאל־משה ניימאַן איז געבוירן געוואָרן אין שטעטל זשיכלין, וואָס אין קויאַוויע). דאָס האָט באַוויזן י. מ. ניימאַנס מייסטערשאַפט אין אָפּערירן מיט ייִדישע דיאַלעקטן (בכלל האָט ער פאַר־מאָגט אַ זאַפטיקן, פאַרבנרייכן ייִדיש), ווי אויך — וואָס אַ מפורש ער איז געווען אין די פראַגן פון סטיל און ווי האָט געזאָגט דער טעאָרעטיקער פון עסטעטיק: סטיל איז דער מענטש.

דער גאַנצער לעבנס־באַנעם (און אפשר אויך — טרויעריקע לעבנס־דערפאַרונגען) פון י. מ. ניימאַן, זענען סצעניש אויסגעפורעמט געוואָרן אין

זיין לעצטן טעאַטער־שטיק, אין דער פאַנטאַסטישער קאָמעדיע „דאָן קישאָט אונטערן שאָטן פון דער פּאַלמע".

דער דיכטער האָט אַרויסגעפירט סערוואַנטעסעס העלד — און אַ טייל פון זיינע באַגלייטער — אין אַ צייט, וואָס איז ענלעכער צו אונדזער צייט און אַ סביבה, וואָס קאָן אַפילו דערמאָנען ישראל, כאָטש בעצם איז די האַנדלונג אַ פאַנטאַסטישע, אויסער צייט און באַשטימט אָרט. ער האָט דער שפּיל צוגעגעבן עלעמענטן פון „קאָמעדיאַ דעל אַרטע", אַריינגעפירט אַקטועלע דיגרעסיעס פון די האַנדלענדיקע געשטאַלטן (אָדער סימבאָלן) דירעקט צום עולם; געגעבן דער זאַך אַ יידיש־פאָקסטימלעכע שפּראַך (אין פּרט פון מעטאַפאָרן און אויסדרוקן) און טיילמאָל אַפילו — אַ בדחנישן גראַם; דערביי אָנגעלאָדן די שפּיל מיט פילאָזאָפיע און פּאָעזיע. דאָן קישאָט קאָן זיך פאַרגינען צו זאָגן: „איך מעלק דעם פולן אייטער פון דער זון. די זונשטראַלן זאַמל איך, ווי גאָלדענע מילך אין מיין קרוג". און אַן אַנדער געשטאַלט, פּעגאַזיאָ, ווען ס'ווערט גערעדט וועגן ריטער־מאַניע, ענטפערט: „הלוואי וואָלטן געווען אַ סך מענטשן מיט אַזאַ מאַניע. שענער וואָלט געווען די וועלט".

דער דיכטער האָט צילבאַוווסט „געיידישט" דאָן קישאָטן — אין פאַרשידענע פראַגמענטן, אָנגעבנדיק דער גאַנצקייט דעם טאָן פון אַ יידישער פאָלקס־שפּיל. ער זאָגט: „און וויל דאָס שפּיל איז יידיש — איז עס אויך אַלמענטשלעך!". טעאָרעטיש איז ער טאַקע גערעכט. אָבער לעבעדיק טעאַטער ווערט נישט געבוירן פון טעאָריע. איז טאַקע „דאָן קישאָט" אויך פאַרבליבן אַ בוך־פּיעסע, אַ בוך־קאָמעדיע (אָפּגעדרוקט אין „די גאָלדענע קייט"). און זיינע נישט־אויסגעלעבטע טעאַטער־רעגיונגען האָט י. מ. ניימאַן איבערגעגעבן „א. פויגל". ער האָט זיי אויסגעלעבט אין זיינע טעאַטער־רעצענזיעס און שאַרמאַנטע פעליעטאָנען.

אָבער נישט בלויז וועגן טעאַטער. י. מ. ניימאַן (א. פויגל) האָט געשריבן וועגן פאַרשידענע קונסט־געביטן. אויסגעקאָכט מיט אַלע יידישע קינסטלער פון פוילן (שפּעטער אויך פון אויסלאַנד), איז ער געווען אַ מבין אויף קונסטטווערק און אַ ליבהאָבער פון קונסטווערק. דאָס האָט שוין מן־הסתם איבערגענומען בירושה זיין זון, דער קינסטלער יהודה ניימאַן. אָבער דער

עיקר פון זיין פאַראינטערעסירונג איז געווען ייִדישע קונסט־אַלטערטימ־לעכקייט, דענקמעלער פון אַלטער ייִדישער פאָלקס־קונסט. אויף דער טעמע האָט ער געשריבן אַ סך עסייען און פּאַרש־אַרבעטן. אַ גרעסערע אַרבעט אויף דער טעמע איז געווען געדרוקט אין דעם ענגליש־ייִדישן קונסט־זשורנאַל „מנורה״.

גלייכצייטיק מיט זיין פאַראינטערעסירונג פאַר אַלט־ייִדישער קונסט, האָט ער געהאַט אַ שטאַרקע נייגונג צום ייִנגסטן צווייג פון קונסט — צום ייִדישן פילם. אין די ערשטע שטומע ייִדישע פילמען אין פּוילן, האָט ער אַפילו סטאַטיסטירט, אָדער געשפּילט עפּיזאָדן „כדי זיך צו באַקענען מיט די סודות״. ער האָט צוגערעדט אפרים קאַגאַנאָווסקין ער זאָל אים נאָכטאָן. מיר האָט ער נישט אויפגעהערט איינצורעדן: „פילם איז די צוקונפט־קונסט. די צוקונפט פון דער וועלט געהערט צו דער טעכניק״. נאָר דער מאָמענט איז שוין פאַרבונדן מיט מיינע פּערזענלעכע זכרונות וועגן י. מ. ניימאַנען. דאָס איז אַ קאַפּיטל פאַר זיך; אַ קאַפּיטל, וואָס איז מיר באַזונדערס ליב און טייער.

.2

אין מיינע גאָר יונגע יאָרן האָב איך זיך באַקענט מיט י. מ. ניימאַנען. דאָס איז געווען ווען ער איז אַריבער פון לאָדזש קיין וואַרשע — אַרבעטן אין „היינט״ — און האָט געוווינט אין אַ צימער ביי אסתר־רחל קאַמינסקאַ, אויף אָבאָזשנע 11. פון די ערשטע צוזאַמענטרעפן האָט ער אַרויסגעוויזן צו מיר אַ סך וואַרעמקייט — אפשר דערפאַר, ווייל איך בין דאַן געווען נאָך אַ לאַנגדויערנדיקער שווערער קראַנקייט און איינציקע אָפּעראַציעס, און אפשר דערפאַר, ווייל ער האָט געהערט, אַז איך שרייב לידער (געשריבן האָב איך דאַן אין העברעיִש און פּויליש). ער האָט דווקא גערעדט מיט מיר ייִדיש (כאָטש ער האָט געקענט סיי העברעיִש, סיי פּויליש און איך בין נאָך דאַן נישט געווען צו שטאַרק אין מאַמע־לשון) און האָט מיר געגעבן דעליקאַטע אָנווייזונגען ווי אַזוי צו שרייבן און ווי אַזוי נישט צו שרייבן קיין לידער.

ס'איז געווען אין אַ צייט ווען איך האָב זיך געריסן צו מאַכן צוגריי־טונגען צו פאָרן קיין א״י. ניימאַן, וועלכער איז געווען אַ ציוניסט, האָט זייער

וואָרעם באַגריסט מיינע כוונות, אָבער אָנשטאָט אין דער גערטנער־שול קיין טשענסטאָכאָוו, ווו איך בין געפאָרן זיך לערנען, האָט ער מיר געראָטן לער־נען ערפעס אַ טעכנישן פאַך.

— געדענקט, צו דער טעכניק געהערט די צוקונפט! — האָט ער אי־בערגעחזרט זיין באַליבט ווערטל פון יענע צייטן.

ער האָט מיר דערציילט, אַז אויך ער האָט געלערנט אין אַ טעכנישער שול, אָבער „לײדער נישט געענדיקט".

— ווייל ווער איך זיין ווען איר וועט קאָנען לעבן פון טעכניק און שרייבן וואָס און ווען ס׳וועט אייך געפעלן. ס׳איז אַ מיאוסע זאַך צו לעבן פון שרייבעריי.

ס׳איז געווען מן־הסתם אונטערן איינדרוק פון געוויסע צרות, וואָס ער האָט געהאַט אין זיין רעדאַקציע. וועד־זשע האָט נישט געהאַט קיין ענלעכע צרות ביי זיין אַרבעט? אָבער ניימאַן, דער צאַרטער, שטילער, קוים־רעדנ־דיקער, האָט אַזעלכע צרות געמוזט פיינלעכער אַריבערטראָגן.

אַ וויכטיקע דאַטע אין אונדזערע פאַרבינדונגען איז געווען דער 1טער מאַי 1922. כ׳בין דאַן ערנסט פאַרוואונדעט געוואָרן בעת דער דעמאָנסטראַ־ציע. פוילישע סטודענטן האָבן פאַנאַנדערגעטריבן דעם צוג פון די „צעירי־ציון" און איך, וועלכער בין געגאַנגען ביי דער פאָן, בין מערדערלעך צע־שלאָגן געוואָרן. צו די צרות בין איך נאָך פאַר דעם ברוגז געוואָרן מיט מיין פאָטער. ער האָט מיר פאַרווערט צו גיין אויף דער דעמאָנסטראַציע: „אויב דו וועסט גיין, זאָלסטו נישט אַהיימקומען". דאָס צווייטע האָב איך געפאָלגט — כ׳בין נישט אַהיימגעקומען. מיטיקן האָב איך דאַן געגעסן ביי מיין ברו־דער זיגמונט (אונדזער קראַנקע מוטער איז שוין געווען אויף זומער־ווי־נונג מיט די שוועסטערלעך). האָט מיך י. מ. ניימאַן אַריינגענומען צו זיך אין צימער נעכטיקן. אַ שיינע פּאָר נעכט האָט עס געדויערט — ביז דער פאָטער האָט מיט מיר שלום געמאַכט. זייט דאַן בין איך געוואָרן אַן אָפטער גאַסט אין זיין צימער און דורך אים אַריינגעפירט געוואָרן אין דער ליטע־ראַריש־קינסטלערישער וועלט. ביי אים און דורך אים האָב איך זיך באַקענט מיט יצחק קאַצענעלסאָן, משה בראָדערזאָן און אורי־צבי גרינבערג, יאַנקל אַדלער, מאַרק שוואַרץ, יצחק ברוינער, הענעך באַרטשינסקי, בער האָראָ־

וויץ און ישראל ראַבאָן — און נאָך אַ היפּש ביסל באַדייטנדיקע און ווייניקער באַדייטנדיקע איינוואוינער און געסט פון פּאַרנאַס אויף טלאָמאַצקע 13. פּאַקטיש האָט ער מיר אויך דערמעגלעכט אַ דריסת־רגל אין דער דעמאָלטדיקער ערנסטער יידישער פּרעסע אין וואַרשע. נאָכן טויט פון אסתר־רחל קאַמינסקאַ איז ער צו מיר צוגעקומען און אויף זיין שטיל־פּייערלעכן אופן געזאָגט:

— איטשע, איר דאַרפט אָנשרייבן אַ גרעסערע אַרבעט וועגן דער מאַמען. איר זענט געווען איר סעקרעטאַר; איר האָט שוין געשריבן וועגן איר. ס'איז אייער חוב.

און ער האָט מיך אַוועקגעפּירט צום דעמאָלטדיקן רעדאַקטאָר פון „היינט", אברהם גאָלדבערג, וועלכער האָט באַשטעלט ביי מיר די גרויסע אסתר־רחל־ביאָגראַפיע, וואָס האָט זיך געדרוקט אין המשכים אין „היינט". מן־הסתם נישט אָן זיין ווירקונג האָט מיר א. גאָלדבערג אויך געצאָלט אַ פאַנטאַסטישן (אין מיינע אויגן) האָנאָראַר; פאַר יעדן אַרטיקל אַ האָנאָראַר, ווי מען האָט געצאָלט גאָר חשובע שרייבער.

דאָן איז געווען דאָס ערשטע יאָר פון מיינע וואַנדערונגען מיט טעאַטער איבער פּוילן (כמעט דעם גאַנצן האָנאָראַר פון „היינט" האָב איך דאַן געהאַט צוגעלייגט צו דער דוד הערמאַן־סטודיע). ניימאַן האָט פון מיר פאַרלאַנגט איך זאָל שרייבן רעפּאָרטאַזשן פאַרן „היינט". איך האָב אָבער פאַרלוירן דעם חשק דערצו, געווען פאַרטאָן אין אַנדערע אַבסאָרבירנדיקע ענינים, אָדער געשריבן טעאַטער־שטיק.

— איר האָט אַזאַ געלעגנהייט זשורנאַליסטיש צו זיין טעטיק און לאָזט דורך...

לסוף האָב איך אים געמוזט צוזאָגן, אַז איך וועל בעת מיינע וואַנדערונגען כאָטש באַזוכן אַלטע יידישע שילן און בית־עלמינס אויף די ערטער און מאַכן פאַרצייכענונגען — פאַר אים. איך האָב אים צוגעזאָגט און אַ צייט לאַנג געהאַלטן וואָרט. אַ סך פון מיינע פאַרצייכענונגען האָט ער אויסגענוצט אין זיינע עסייען וועגן אַלטער יידישער קונסט. באַזונדערס האָט אים מיטגעריסן מיין באַשרייבונג פון אַלטן בית־עולם אין סטאָלין (פּאָלעסיע). אַמאָל האָב איך געהאַט אַ שאַרפן צוזאַמענשטויס מיט אלחנן צייטלין.

מיר האָבן זיך קעגנזייטיק באַליידיקט (בעת אַן אַרטיסטן־צוזאַמענפּאָר) און אלחנן צייטלין האָט פאַרלאַנגט פון די מיטאַרבעטער פון דער בירגערלעכער פּרעסע אין וואַרשע, מ׳זאָל מיך באָיקאָטירן, ביז איך וועל זיך נישט אַנט־שולדיקן, ווייל איך האָב באַליידיקט די גאַנצע בירגערלעכע פּרעסע (וואָס איז בעצם געווען אמת). אַלע מיטאַרבעטער פון די בירגערלעכע צייטונגען — מיין ברודער מאַרק, איינשליסלעך — זענען מסכים געווען מיט אלחנן צייטלינען. איין י. מ. ניימאַן האָט זיך אַנטקעגנגעשטעלט און געבראָכן דעם באָיקאָט. אין „היינט" פלעגט מיין נאָמען דערמאָנט ווערן, ווען דאָס איז נאָר געווען אָפּהענגיק פון אים.

דאָס לעצטע מאָל האָב איך אים אין וואַרשע באַגעגנט בעתן אָנהייב פון דער באָמבאַרדירונג. ער האָט דאַן גערעדט נאָך שטילער ווי תמיד. אַ טיפער צער איז געווען אויסגעשפּרייט אויף זיין פּנים. עפּעס האָט ער אויסגעזען שוואַרצער, ווי אַלעמאָל (תמיד איז ער געווען שוואַרץ ,ווי אַ צי־ גיינער). ער האָט בלויז געוויזן מיט די הענט צום הימל:

— פון אַזאַ שיינער וועלט מאַכט מען אַ תל...

איך בין זיכער, אַז צום מיינסטן איז אים אַ שאַד געווען די שיינקייט, וואָס ווערט חרוב, וואָס ווערט פאַרטיליקט. ער איז געווען אַ ריטער פון שיינקייט און אַ קנעכט פון שיינקייט. אַ דיכטער אין דער נשמה, אַ קינסטלער אין זיין מהות און אַ צאַרטער, פיינפילנדיקער מענטש.

ווען איך האָב אים ווידער באַגעגנט אין יולי 1956 אין תל־אָביב, האָט ער מיט מיר אויך גערעדט וועגן פּראָבלעמען פון שיינקייט און מאָראַל, אין גייסט פון זיינע פאָרמולירונגען אין אַן עסיי וועגן היינריך היינע (אין „די גאָלדענע קייט"): „צו געפינען די האַרמאָניע צווישן דער שיינקייט פון גרי־ כנלאַנד און דער יידישער מאָראַל... ...די־אָ זוכעניש איז די גרונט־פּראָבלעם פון אונדזער צייט... די גרונט־פּראָבלעם פון דער גייסטיקער געשטאַלטי־ קונג פון מדינת־ישראל"...

געציילטע וואָכן שפּעטער בין איך געווען אין פּאַריז, מיטן וואַרשעווער יידישן מלוכה־טעאַטער. אונטער די קוליסן ביי אונדז האָב איך כסדר גע־ טראָפן י. מ. ניימאַנס זון, דעם יונגן קינסטלער יהודה ניימאַן, וועלכער האָט געהאַט אַ „האָבי" פון מאַכן פאָטאָגראַפישע אויפנאַמעס. ער איז ממש גע־

װאָרן אַ טייל פון אונדזער פּאַריזער טעאַטער־פּייזאַזש. איין טאָג איז ער פּלוצלינג פאַרשװוּנדן געװאָרן. מען האָט אים טעלעגראַפיש אַרויסגערופן קיין תל־אָביב:

ס'האָט אויפגעהערט צו קלאַפּן דאָס קראַנקע, צעבראָכענע, פּילפּאַכיק־פּאַװוּנדיקטע האַרץ פון זיין פאָטער, י. מ. ניימאַן.

# משה ליפּמאַן

### .1

ערגעץ הינטער די הרי־חושך, אין סאַנטיאַגאָ דע טשילע, איז פּרילינג 1957 געשטאָרבן משה ליפּמאַן. ווייט פון אַ גרעסערן ייִדישן ישוב, אין יענעם ווינקל האָט זיך געענדיקט דאָס אָנגעזעטיקטע מיטן אַרבעטן און פאַרמעסטן שווערע לעבן, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן פינף און זעכציק יאָר פריִער אין דעם אַלטן ייִדישן שטעטל אַפּט (אָפּאַטוו), וואָס אין פּוילן. אויף דעם בית־עולם אין סאַנטיאַגאָ האָט מען מקבר־געווען אַ מענטשן, וועלכער האָט מיט זיך געטראָגן אַן אינטערעסאַנט שטיקל געשיכטע פון ייִדישן טעאַטער אין פּוילן און זיך באַטייליקט אין די טעאַטער־וואַנדערונגען פון ייִדישע אַקטיאָרן איבער דער גאָרער וועלט.

משה ליפּמאַן האָט געהערט צו יענעם דור אַקטיאָרן אין רוסלאַנד און פּוילן — צוגעקומענע צום ייִדישן טעאַטער אין די יאָרן נאָך דער רעוואָלוציע פון 1905. דאָס איז דער דור, וואָס האָט זיך אין צווישן מלחמה־פעריאָד גערעכנט פאַר די „מיטליאָריקע". כ'האָב זיך שוין אַביסל אָפּגעשטעלט אויף דעם דור אַקטיאָרן אין די זכרונות וועגן יצחק לאַטאָוויטש. וואָס עס איז נאָך כדאי צוצוגעבן: נישט בלויז דערוואַקסענע, אויך קינדער האָבן זיך דאַן פאַרקנסט מיט ייִדיש טעאַטער. אויף אַזוי ווייט, אַז אַ פּיפּיקן אימפּרעסאַריאָ איז איינגעפאַלן צו אָרגאַניזירן אַ ספּעציעלע קינדער־טרופּע. נישט קיין קינדער־טעאַטער, אַ טעאַטער פאַר קינדער, נאָר אַ „נאָרמאַל" טעאַטער, וואָס איז געשפּילט געוואָרן פון קינדער. צום מערסטן זענען דאָס געווען בחורים, ייִנגלעך, וועלכע מען האָט באַקלעפּט מיט קליאָטשע־בערד, זיי זאָלן ווערן „פּאַטער־ראָליסטן" און אַריינגעקוועטשט די שטימען אין די העלדזער, זיי זאָלן קלינגען ערנסטער, מיושבדיקער. געציילטע מיידלעך זענען בלויז מיטגעשלעפּט געוואָרן מיטן שטראָם. דאָס וואַכנדיקע אויג פון

דער אָרעמסטער מאַמען אַפילו האָט אָפּגעהיט איר טאָכטער נישט אַראָפּצו־זינקען צו די „קאָמעדיאַנטן". איז דעריבער אויסגעקומען די ייִנגלעך אויך צו שפּילן פרויען־ראָלן. צווישן אַזעלכע פרויען־ראָליסטן האָט זיך אַרויס־געשלאָגן משה ליפּמאַן. ער איז געווען ממש אַ פּרימאַדאָנע — ביי זיינע 14־15 יאָר. אַוועק פון די עלטערנס היים, וואָס האָט זיך שוין דאַן געפונען ערגעץ הינטערן אייזערנעם טויער אין וואַרשע און איז געוואָרן אַן אַקטיאָר ביי ייִדן.

זייער גיך איז משה ליפּמאַן געשטיגן אויפן אַקטיאָרישן לייטער פון די וואַנדער־טעאַטערס. ווען ער איז ביי די 18־19 יאָר געוואָרן אַ רייפער מאַן, האָט מען אים אַ דאַנק זיין פיינער פיגור און שטים, אָנגעהויבן צו אַנגאַ־זשירן אין ערנסטע אַנסאַמבלען, ביז ער איז — נאָך פאַרן אויסברוך פון דער ערשטער וועלט־מלחמה — געוואָרן אַ פּאַרטנער פון דעם דעמאָלט־דיקן ליבלינג יוליוס אַדלער; געשפּילט מיט אים „יאַגאָ" און „אָטעלאָ" און ענלעכע ראָלן אין אַדלער־רעפּערטואַר. אין די יאָרן פון דער ערשטער וועלט־מלחמה האָט ער מיט ליפּאָווסקיס טרופּע אויסגעוואַנדערט סי־ביר און דעם רוסישן וויטן מזרח. אייניקע האָבן זיך פון דאָרט — דורך כינע — אַריבערגעקריגן קיין אַמעריקע. ליפּמאַן איז צוריקגעקומען אין זיין היים, קיין פּוילן — דורך רוסלאַנד און אוקראַינע, דורך זיין אָנטייל אין ערשטן אָדעסער ייִדישן מלוכה־טעאַטער.

דער צווישן־מלחמה־פּעריאָד איז געווען די בלי־צייט פון ליפּמאַנס טעאַטער־קאַריערע. פאַרשידענע קאָלעקטיוון אין וואַרשע אונטער זיין אָנ־פירונג אָדער דורך עמעצן אַנדערש, ביז זיין אָנפירן אַ יאָר צייט מיטן פּאָ־פּולערן „צענטראַל"־טעאַטער; פאַרשידענע כאַפּ־אונטערנעמונגען, ווי גרוי־סע אימפּרעזעס אין וואַרשעווער צירק און ערנסטערע פּרוּוון אונטער זיין דירעקציע; זיין באַטייליקונג אין „וויקט", מאָריס שוואַרץ־אַנסאַמבל, „טעאַ־טער פאַר יוגנט" א"אַנד', גאַסטשפּילן אין דרום־אַפריקע, אין רומעניע, ווין און טשעכאָסלאָוואַקיי. דאָס אָנפירן פאַרשידענע וואַנדער־טרופּעס אין פּוילן. ער איז נישט געווען קיין איבערקלייבער ביים אָננעמען אַרבעט. נישט איינ־מאָל האָט מען אים געקאָנט זען שפּילן אַ ביליקן קיטש און אַליין אויפפירן עפּעס אַזעלכעס (אַמאָל אויך אַליין פאַרפאַסן אַ מאַכערייקע) און קורץ נאָכ־

דעם אויפליכטן מיט די העלסטע קאָלירן פון סצענישן טאַלאַנט אין אַן ערנסטער קינסטלערישער פאָרשטעלונג און אַליין אויפפירן אַזאַ פאָרשטעלונג.

אין דער רשימה פון זיינע קרעאַציעס, וואָס האָבן איבערגעלאָזט אַ דויערנדיקן רושם, האָט מען געקאָנט געפינען: הער גראָסגליק אין שלום אַשס „יחוס״, זשאַן וואַלזשאַן אין וויקטאָר הוגאָס „דער גיבור אין קייטן״, דער טעאַטער־דירעקטאָר אין חנא גאָטעספעלדס „געוואַלד, ווען שטאַרבט ער?״ און „מאַשקע חזיר״ אין י. ד. בערקאָוויטשעס פּיעסע (אַלע — אין ליפּמאַנס רעזשי); „דער יצר־הרע״ אין גאָלדפאַדענס „לא תחמוד״, גענע־ראַל וועראַ אין ראָמען ראָלאַנס „וועלף״, כּאָניע דער קברן אין דוד פּינסקיס ״אוצר״ (אַלע אין „וויקט״, אין דער רעזשי פון זיגמונט טורקאָוו); דעם ניע־שאַווער צדיק אין י. י. זינגערס „יאָשע קאַלב״״ (דובלירט מיט מאָריס שוואַרץ); „קאַליבאַן״ אין שעקספּירס „שטורעם״ (אין דער רעזשי פון לעאָן שילער) און דער גביר אין יעקב פּרעגערס „מלך פּריילעך״ (אין דער רעזשי פון מ. וויכערט — ביידע אין „טעאַטער פאַר יוגנט״). ערשט זיינע גע־שטאַלטן אין די יידישע פילמען! ס'איז נישט געווען קיין אין יידישער פילם אין פּוילן, ליפּמאַן זאָל אין אים נישט שפּילן איינע פון די וויכטיקסטע ראָלן, אויב ער האָט זיך נאָר דאַן געפונען אין לאַנד און נישט געווען פאַרנומען אין אַן אַנדער פילם. ער האָט געהערט צו די פּאָטאָ־ און פּאָנאָגענישסטע יידישע אַקטיאָרן אין פּוילן. דערביי האָט ער געהאַט אַן איינגעבוירן געפיל פאַר מאָס, אַ טאַקט ביים שפּילן פאַר דער קאַמערא און דערמיט אויסער־געוויינלעך קולטורעל געווירקט. נאָר צום שטאַרקסטן — אַלס סענדער בריניצער, אין דער פאַרפילמונג פון אַנ־סקיס „דיבוק״ (רעזשי: מ. וואַשינ־סקי).

אויף דער בינע — אַלס אַקטיאָר — ביי זיין גאַנצער אויסערלעכער קעלט און געצוימטקייט, האָט ער געהאַט אויפבליצן פון שטאַרקן אַקטיאָ־רישן פייער. ווען עס האָט געוואַכט איבער אים אַ רעזשיסערדיש אויג, איז עס אים שטענדיק אַרויס צום גוטן. ער איז דאַן אַרויס פאַרגאַנצטער, שליי־מותדיקער. ער האָט אָבער געהאַט אַקטיאָרישע גלאַנץ־תקופות, ווען ער איז אַליין געווען באַלעבאָס. באַזונדערס אין דעם שוין דערמאָנטן פעריאָד

פון „צענטראַל"־טעאַטער. אַלס רעזשיסער איז ער געווען אַ דערפאַרענער בינ־פאַכמאַן, וועלכער האָט געקאָנט גוט צונויפמאָנטירן, „מאַכן" אַ פאָר־שטעלונג. אַזוי אַרום האָט ער געמאַכט אַ צאָל פאָרשטעלונגען, וואָס האָבן זיך קונה־שם געווען („גיבור אין קייטן", „געוואַלד ווען שטאַרבט ער", מיטרעזשי פון קאַציזנעס „דוכס", מיט א. מאָרעווסקין — אַלץ אין „צענ־טראַל"; „ציאַנקאַלי" פון פרידריך וואָלף — אין „סקאַלאַ").

זיין שעפערישע רייפקייט האָט אָנגעהאַלטן די מלחמה־יאָרן אין ביאַ־ליסטאָקער יידישן מלוכה־טעאַטער, ווו ער האָט זיך אויסגעצייכנט אַלס מענדל אָוואַדיס אין פּרץ מאַרקישעס פּיעסע „משפחה אָוואַדיס" (רעזשי: א. מאָרעווסקי); נאָכאַמאָל קאַליבאַן אין שעקספּירס „שטורעם" (רעזשי: מ. וויסקינד); באַגוסאַלווסקי אין מ. דאַניעלס „יוליס" (רעזשי: וויסקינד־מינדלין), און לסוף — דער אינקוויזיטאָר אין לערמאָנטאָווס „שפּאַניער" (אין דער איבערזעצונג פון אהרן קושניראָוו און רעזשי פון מאָריס נאָרוויד).

ליפּמאַן האָט אויך נישט גערוט אויף דער עוואַקואַציע אין סאַמאַר־קאַנד. ער איז דאָרט געוואָרן אַ גלעזער — פאַר פּרנסה (דאָס פאַך האָט ער זיך אויסגעלערנט אין געציילטע וואָכן) און שפּעטער אויך אָנגעהויבן צו אָרגאַניזירן פאָרשטעלונגען, צונויפגעשטעלט אַן אַנסאַמבל, וועלכער איז כמעט אין קאָמפּלעט געקומען אין יאָר 1946 קיין פּוילן, דאָרט געוואָרן דאָס „לאָדזשער יידישע טעאַטער", אונטער דער לייטונג פון משה ליפּמאַן".

אַן ערך אָנדערטהאַלבן יאָר האָט ער געפירט דאָס לאָדזשער טעאַטער, אַן אויפהער צוגעגרייט פּיעסן, כדי צו קאָנען עקזיסטירן ביי דעם קליינעם יידישן ישוב, וואָס איז דאַן געווען אין לאָדזש. פאַרשטייט זיך, אַז דאָ איז נישט געווען קיין רייד וועגן שעפערישע פאַרמעסטן. ס'זענען אָבער דאַן געקומען צום וואָרט די מעלות פון משה ליפּמאַן דעם אויסגעצייכנטן טעאַטער־באַלמעלאָכע, אַלס אַקטיאָר, רעזשיסער און אָרגאַניזאַטאָר.

פון לאָדזש איז ער אַוועק קיין דרום־אַמעריקע. אַן אָפּשטעל־סטאַציע איז געווען פּאַריז און דערנאָך האָט זיך אָנגעהויבן די תקופה פון זיין טעאַ־טער־טעטיקייט אין בוענאָס־איירעס. ליפּמאַן איז דאַן געווען שוין אַ דער־שעפּטער פון קראַנקייטן. דער פיזישער צושטאַנד פון זיין אָרגאַניזם דער־מעגלעכט אים מער נישט צו באַווייזן אין דער פולער מאָס זיין טעאַטער־

קראַפט. די פּיעסן, וועלכע ער פירט אויף זענען צונויפגעסטריגעוועטע פאַרשטעלונגען, אַפילו א. קאַציזנעס „דעם ייִדנס אָפּערע" און פּ. ביזבערגס „חנה סענעש". אויך מיט זיין שפּילן קאָן ער מער נישט אימפּאָנירן.

ער מאַכט נאָך אַ טורנע איבער דרום־אַמעריקע, גאַסטשפּילן אין ישראל. אָבער דאָס זענען שוין די לעצטע אויפצאַפּלען פון יוסטן פאַר־דינסטפולן אַקטיאָר און טעאַטער־מענטש. פאָרט ער צוריק קיין דרום־אַמעריקע, באַזעצט זיך אין סאַנטיאַגאָ דע טשילע, ווו ער האָט איבערגע־נומען אַ דרוקעריי און אַרויסגעגעבן אַ ייִדישע צייטונג. דאָרט טאַקע האָט ער פאַרענדיקט זיין מיפול, אַקטיוו לעבן, וואָס איז אַזוי שטאַרק געווען פאַרבונדן מיט ייִדיש טעאַטער, פאַר וועלכן ער האָט גאָרנישט ווייניק אויפגעטאָן אין פאַרשידענע מקומות, אונטער פאַרשידענע געאָגראַפישע ברייטקייטן און אויף פאַרשידענע שטחים.

.2

מיך האָט דער גורל אַ סך יאָר צונויפגעפירט מיט משה ליפּמאַנען. אייגנטלעך האָב איך ביי אים געזאָלט אָנהייבן מיין טעאַטער־אַרבעט — אין „צענטראַל"־טעאַטער, אין יאָר 1924. ער האָט מיך דאַן אָנגענומען אַלס פּראַקטיקאַנט (ס'איז דערפון גאָרנישט געוואָרן, ווייל דער אַרטיסטן־פאַר־איין האָט נישט דערלאָזט). האָב איך געהאַט די מעגלעכקייטן פון דער נאָענט צו אָבסערווירן זיין אַרבעטן אין „צענטראַל", אין די יאָרן 1924־1925. דעם סעזאָן פון „וויקט" אין קאַמינסקיס טעאַטער (1926־1927) זענען מיר גע־ווען צוזאַמען. אין 1928 האָב איך אייניקע וואָכן געשפּילט אין זיין אַנסאַמבל אין ווילנע, לידע, ביאַליסטאָק א"אַ. איך דערמאָן דאָ לידע, ווייל דאָרט איז אונדז אויסגעקומען איבערצולעבן אַ זעלטענעם פּאָגראָם: ייִדן האָבן פּאָגראָ־מירט פּאָליאַקן.

אין יענעם טורנע האָבן מיר געשפּילט ה. לייוויקס „הירש לעקערט", י. ד. בערקאָוויטשעס „משהקע חזיר", יעקב וואַקסמאַנס „בערעק יאָסעלע־וויטש" און עפּעס אַ רעווי־פּראָגראַם — אַלץ אונטער מ. ליפּמאַנס רעזשי. אין לידע האָט אונדז דער פּוילישער אייגנטימער פון קינאָ געשטערט אין מיטן אַ פאָרשטעלונג, צוליב אַ סיכסוך מיטן אימפּרעסאַריאָ. ער האָט אויס־

געלאָשן די ליכט און אָנגעשטעלט אייניקע ווילע יונגען זיי זאָלן אונדז באַפאַלן. ליפּמאַן, מיט זיין שותף חיים סאַנדלער, זענען געשטאַנען טויט־בלאַסע און נישט געוווּסט ווי אַרויסצוקריכן פון דער לאַגע. מיר, אייניקע יונגע אַקטיאָרן, האָבן זיך אָבער גיך צונויפגערעדט מיט אַ גרופּע אָרטיקע יונגעלייט און באַשלאָסן נישט צו לאָזן זיך, שטעלן אַ ווידערשטאַנד און אַפילו אָנגרייפן. אין געציילטע מינוטן זענען די פּוילישע ווילע יונגען פעסט צעשלאָגן געוואָרן און זיי האָבן אָנגעהויבן צו אַנטלויפן אין פּאַניק. די צעווילדעוועטע ייִדישע יונגעלייט האָבן דאַן גענומען דעמאָלירן דאָס קינאָ: מען האָט צעהאַקט שפּיגלען און לאָמפּן, אַרויסגעריסן די סטרונעס פון קלאַוויר, געבראָכן דאָס מעבל.

פאַרשיכורט פון דער דאָזיקער פאַרניכטונג־אַרבעט, האָט מען זיך אַרויסגעלאָזט אין גאַס אַריין און געשלאָגן יעדן פאַרבייגייענדיקן פּאָליאַק. די פּאָליציי האָט זיך פאַר שרעק באַהאַלטן אין די לעכער. די ייִדישע יונגעלייט האָבן געבושעוועט און גלייכצייטיק אָפּגעהיט אונדז, ביז מיר זענען פאַרטאָג איינגעשטיגן אין צוג — אַוועקצופאָרן פון לידע.

דער דאָזיקער „פּאָגראָם” האָט שפּעטער שטאַרק אָפּגעהילכט אין דער פּוילישער פּרעסע, באַזונדערס אין דער אַנטיסעמיטישער, וועלכע האָט געליאַרעמט, אַז מען האָט „געטרעטן דעם פּוילישן נאַציאָנאַלן כבוד” — און אין סיים, ווו אַ צאָל דעפּוטאַטן האָט וועגן דעם אַריינגעטראָגן אינטערפּעלאַציעס, אין וועלכע מ'האָט געפאָדערט צו „באַשטראָפן די חוצפּהדיקע ייִדן”.

אייניקע יאָר שפּעטער זענען מיר גאָר נאָענט געוואָרן. מיר האָבן זיך מתחתן געווען און געוווינט צוזאַמען. מיר האָבן זיך אויך צונויפגעטראָפן אין דער אַרבעט — אין מאָריס שוואַרץ־אַנסאַמבל; אַ בשותפותדיקער טורנע ווין־טשעכאָסלאָוואַקיי (1937־1938); אין ייִדישן מלוכה־טעאַטער אין ביאַליסטאָק, האָב איך געהאַט די מעגלעכקייט גרינטלעך צו דערקענען משה ליפּמאַנען — דעם מענטש און אַרטיסט. וואָס עס האָט אויף מיר איבערגעלאָזט דעם שטאַרקסטן איינדרוק איז געווען די אומגעהייערע אַרבעטזאַמקייט און אַרבעט־פעיִקייט זיינע. נישט געווען קיין איין אַרבעט, דוכט זיך, דער מענטש זאָל נישט טאָן, אויב מען האָט באַדאַרפט (אַפילו אויב מען האָט

נישט באַדאַרפט אַמאָל אויך). ער האָט זיך געקאָנט אויסלערנען אַלץ צו טאָן. אַ צייט לאַנג, אין די צוואַנציקער יאָרן, איז ער געווען אַ שותף צו זיין ברודערס אַ דרוקעריי אין וואַרשע, האָט ער זיך אויסגעלערנט דרוקער־אַרבעטן און זאַץ (אַפּנים דאָס האָט אים געבראַכט צו דער דרוקעריי אין סאַנטיאַגאָ דע טשילע). אין די גאָר יונגע יאָרן איז ער געווען אַ לערן־ייִנגל ביי אַ זייגערמאַכער, פלעגט ער אַליין פאַרריכטן זייגערס. ווען מיר האָבן זיך אַ צוויי יאָר פאַר דער מלחמה איבערגעצויגן פון דער ענגער דירה אויף סאָלנע, אין אַ נייער דירה אויף לעשנע — האָט ער אַליין געמאַכט אַ סך סטאָליער־ און שלאָסער־אַרבעטן, גאַנצע אינסטאַלאַציעס. וועגן זיין גלע־זעריי אין סאַמאַרקאַנד האָב איך שוין דערמאָנט, וויל איך בלויז צוגעבן אַן עפּיזאָד, אין פאַרבינדונג דערמיט.

זומער 1942, ווען כ׳בין ס׳ערשטע מאָל געווען אין טאַשקענט, האָט מיך דער האַרציקער בנימין זוסקין אומבאַדינגט געוואָלט באַקענען מיט שלמה מיכאָעלסן. דער אָנקומענדיקער מיכאָעלס האָט, דערהערנדיק מיין נאָמען גלייך געמאַכט אַ מין וויץ:

— איך האָב געהערט, אַז אייער שווער, ליפּמאַן, מאַכט גאָלדענע גע־שעפטן מיט גלעזעריי. מען וואָלט זיך באַדאַרפט פאַרקוקן אויף אים און אויך אויסלערנען אַ מלאכה.

אַוודאי האָט עס מיכאָעלס נישט געמיינט ערנסט. אָבער דאָס באַווייזט, ווי שטאַרק עס האָט זיך פאַרשפּרייט דער שם פון ליפּמאַנס נייער באַשעפ־טיקונג. אגב איז אויך געווען אמת, אַז ער האָט פון גלעזעריי געהאַט שיין פּרנסה.

זיין עיקר־אַרבעט און עיקר־פּאַראינטערעסירונג איז אָבער תמיד גע־ווען טעאַטער. די דאָזיקע „מלאכה״ האָט ער געקענט אַלזייטיק און דורך און דורך. האָט מען באַדאַרפט (ווי בעת אונדזער טורנע אין דער טשעכאָ־סלאָוואַקיי), האָט ער צונויפגעשטעלט און צוגעמאַליעוועט דעקאָראַציעס; האָט מען באַדאַרפט — איז ער געווען אַ טעאַטער־פריזירער; נישט בלויז געמאַכט די גרימען (סטאַטיסטן און אַקטיאָרן, וואָס האָבן נישט צופיל גע־קענט), נאָר אויך צונויפגעשטוקעוועט פּאַרוקן און בערד. האָט מען באַ־דאַרפט, — איז ער געווען אַ באַלייכטער, טאַפּיצירער, סטאָליער. גאַנצע

נעבט פלעגט ער זיצן און איבערמאַכן פּיעסן, איבערשרייבן, שרייבן ראָלן און פון אין דער פרי — מאַכן רעפּעטיציעס, שטעלן די בינע. קיינמאָל נישט מיד, קיינמאָל נישט אָפּשטייענדיק.

אַ כאַראַקטעריסטישער עפּיזאָד וועגן זיין וויטאַליטעט:

אַרום ימים־נוראים 1940 האָט דאָס ביאַליסטאָקער יידישע מלוכה־טעאַטער געזאָלט אָנהייבן די גאַסטראָלן אין בריסק. די ערשטע פּרעמיערע — פּרץ מאַרקישעס „משפּחה אָוואַדיס", ווו ליפּמאַן האָט געשפּילט די שווערע ראָל (פּאַקטיש די הויפּט־ראָל) פון מיטלסטן אָוואַדיס. ערב דער פּרעמיערע האָט ער געקריגן אַן ערנסטן האַרץ־אָנפּאַל. דער דאָקטער פאַר־אָרדנט אַ בעט־רעזשים אויף אייניקע וואָכן. צומאַרגנס גייט ליפּמאַן שפּילן — טראָץ דעם שאַרפסטן פאַרבאָט פון דאָקטער. „איך וועל נישט אַראָפּ־רייסן קיין פּרעמיערע". דער דאָקטער געפינט זיך אין זאַל, קומט כסדר אַריין אים אונטערזוכן, מאַכן איינשפּריצונגען און זאָגט צו מיר:

— דאָס איז עפּעס אַ פענאָמען, קעגן אַלע כללים פון דער מעדיצין... מיט וועלכן כוח ער שפּילט היינט, ווייס איך נישט.

איך האָב אים געענטפערט: „מיטן כוח פון טעאַטער־בלוט".

דער דאָקטער האָט זיך פאַרטראַכט און לסוף געענטפערט:

— איך הייב שוין אָן צו גלייבן, אַז עס עקזיסטירט טאַקע עפּעס אַזעלכעס...

נאָך דער מלחמה האָט משה ליפּמאַן ווידער באַוויזן, אַז עפּעס אַזעל־כעס האָט טאַקע עקזיסטירט.

דער עקשן משה ליפּמאַן האָט זיך נישט געוואָלט אונטערגעבן. ער האָט געשלעפּט מיט די לעצטע כוחות; געשלעפּט — שוין אינגאַנצן אָן כוחות. ביז ס'האָט אים פאַרשלעפּט קיין טשילע — צום קבר זיינעם. צו דער איי־ביקער רו פון אַן אומרויִקן גייסט אין יידישן טעאַטער פון פּוילן, דעם פאַרדינסטפולן אַקטיאָר, רעזשיסער, טעאַטער־דירעקטאָר און טעאַטער־פּראָלעטאַריער משה ליפּמאַן.

# ישראל שומאַכער

.1

אין אַ הייסן ישראלדיקן זומער־טאָג איז אין תל־אָביבער שפּיטאָל געשטאָרבן דער ייִדישער בינע־קינסטלער ישראל שומאַכער. אַ פּיין איז געווען צו זען, ווי ער האָט זיך לאַנגע חדשים פּריִער געמאַטערט, געראַנגלט מיט זיין שווערער קראַנקייט, פיזיש איינגעגאַנגען און איינגעשרומפּן געוואָרן, ביז — ביז ער האָט זיך אַפילו אויפגעהערט צו וויצלען, צו חכמהן. און דאָס איז דאָך אייגנטלעך געווען דער לייטמאָטיוו פון זיין לעבן, פון זיין סצעניש שאַפן.

עטלעכע און דרייסיק יאָר — זייט ער האָט, אַלס אַביטוריענט פון דער העברעיִשער גימנאַזיע אין לאָדזש, אָנגעהויבן אין משה בראָדערזאָנס סטודיע און דערנאָך אין „אַראַראַט" — האָט ער זיך געוויצלט און געחכמהט. מיט דעם איז ער אויפגעשטיגן אויף די בינע־ברעטער, דערוואָרבן זיך ליבע ביים עולם, איבערגעקומען תפיסות און ענקאַוועדע־לאַגערן, אויסגעווען אין אַלע גרעסערע ייִדישע ישובים פון דער וועלט. מיט דעם האָט ער זיך אויך אויפגעהאַלטן אין די לאַנגע חדשים פון קראַנקייט, ביז ער האָט פאַרלוירן זיין באַוווסטזיין.

אין משך פון אַ 30 יאָר — כמעט אַ סיאַמער צווילינג מיט דזשיגאַנען. אין דעם פּאָרל איז ער געווען די פאַרקערפּערונג פון מוח, פון שכל. ער איז געווען דער געבוירענער „אַלץ־ווייסער" און אָפּלאַכער, דער סקעפּטיקער און גריבלער. אויב אַ לץ — איז אַ פילאָזאָפירנדיקער לץ; אויב אָפּשפּעטן — איז מיט אינטעלעקטועלער פאַרטיפונג. אַ גריבלער אין די טיפענישן און זוכער פון גייסטיקע מדרגות אין דער פאָלקס־חכמה און אין דער פּאָליטיש־געזעלשאַפטלעכער סאַטירע.

אַ מנגן דורך און דורך, האָט ער געזוכט האַרמאָניע אין ליניע און פאַרב.

איינער פון די באַדייטנדיקסטע טאַלאַנטן אין יידישן מיניאַטור־טעאַטער אויף גאָר דער וועלט, איז ער געווען דער אינטעליגענטסטער פאָרשטייער פון דעם טיפּ טעאַטער. זיינע וואָרט־קאַלאַמבורן, האַלבע טענער און שטי־מונג־שפּילערייען, זענען געווען דורכגעזאַפּט מיט קולטור, טיפער מענטשן־קענטעניש און חוש פאַר אַ פיינערן טיפּ הומאָר. אַן אידעאַלער פאַרקער־פערער פונעם „לאָדזשער מענטש" — דעם יידישן קליינבירגער, וועלכער איז פעיִק געווען אויסצוטראַגן גרויסקייטן אין דער אינדוסטריע און האַנדל, אין דער קונסט און אין לעבן.

שומאַכער איז געווען פון די קינסטלער, וועלכע צייכענען זיך אויס מיט זייער אייגנאַרטיקער „האַנטשריפט"; מיט אַ טאָן און ניואַנסן, וואָס לאָזן זיך נישט נאָכמאַכן, מיט וועלכע מען ווערט געבוירן; מיט אויסדרוק־מיטלען, וואָס זענען אייגן בלויז אים אַליין. דערמיט איז ער געקומען אין דער יידישער קליינקונסט און מיט דעם האָט ער אויך פאַרענדיקט זיין בינע־און לעבנס־קאַריערע. אַזאַ קינסטלער — מיט די פעיִקייטן, אייגנשאַפטן, פערזענלעכן שאַרם אויף דער בינע און אייגנאַרט ווערט זעלטן געבוירן.

און אַוועק איז ער אין דער בלי־צייט פון שעפערישע כוחות ביי אַ קינסטלער, אין יאָר 1961 — קוים 53 יאָר אַלט.

.2

שומאַכערס נאָמען איז נישט־צערייסלעך געווען פאַרבונדן מיטן אויפ־בלי פון דער יידישער קליינקונסט אין פוילן און מיט די דערפאָלגן פון דעם זשאַנר אין גאָר דער יידישער וועלט.

די יידישע קליינקונסט, דאָס מיניאַטור־טעאַטער, האָט געהאַט פאַר־שריבן אַ שיין בלעטל אין פּנקס פון יידישן טעאַטער אין פוילן. אַן אָנהייב דערפון איז געווען אין לאָדזש, אין יאָר 1922, דאָס ערשטע יידישע מאַר־יאָנעטן־טעאַטער אין פוילן „חד־גדיא", אונטער דער אָנפירונג פון משה בראָדערזאָן און הענעך קאָן, ביי דער נאָענטסטער מיטאַרבעט פון קינסטלער יצחק ברוינער און שרייבער י. מ. ניימאַן.

סוף 1925 שאַפט זיך אין וואַרשע דאָס קליינקונסט־טעאַטער „אַזאַ־זעל", אונטער דער אָנפירונג פון טעאַ אַרטשישעווסקאַ, ביי דער נאָענטס־

טער מיטאַרבעט פון הענעך קאָן, משה בראָדערזאָן, דעם קינסטלער הענריק בערלעווי און רעזשיסער דוד הערמאַן. דאָס טעאַטער האָט דווקא יאָ אריכת־ימים, אָבער בראָדערזאָן האָט דאָרט צו ווייניק אָרט פאַר זיינע שעפערישע טעאַטער־אַמביציעס, גרינדעט ער אַ טעאַטער־סטודיע אין לאָדזש, פון וועלכער עס וואַקסט אַרויס (אין יאָר 1928) דער „אַראַראַט". דעם טעאַטערל איז עס באַשערט צו פאַרנעמען אַן אַנגעזען אָרט אויפן פעלד פון ייִדישער קליינקונסט.

דער סטיל פון טעאַטערל איז געווען נאָענט צום „אַזאַזעל" — סיי אידעאָלאָגיש, סיי קינסטלעריש־ליטעראַרישער שטאָף, פאָלקסטימלעכע עלעמענטן, נייגונג צו סטיליזאַציע.

דאָס טעאַטער האָט זיך גיך דערוואָרבן אַן אָנגעזעענע פּאָזיציע. זיינע וואַרשעווער גאַסטשפּילן האָבן אים געשאַפן אַ שם פאַר דער גאַנצער פּראָווינץ. עס האָט אויסגעברייטערט די פּראָגראַמען מיט שאַפונגען פון אַנדערע שרייבער (בראָדערזאָן איז אָבער פאַרבליבן דער הויפּט־מחבר); קאָמפּאָזיטאָרן (צו הענעך קאָן — דוד בייגעלמאַן, הערץ רובין). לכתחילה איז עס געווען אַ קאָלעקטיוו פון דילעטאַנטן, — פעיִקע טאַקע, נאָר רויע און אָן בולטע אינדיווידואַליטעטן. אָבער גאָר גיך האָבן זיך פון קאָלעקטיוו אַרויסגעהויבן צוויי אַקטיאָרן — ש. דזשיגאַן און י. שומאַכער. זיי זענען מיט דער צייט געוואָרן די „סטאַרן", די פירער, רעזשיסאָרן און באַלעבאַטים — זיי זענען געוואָרן דער „אַראַראַט".

דזשיגאַן און שומאַכער זענען ביידע געווען באַשאָנקען מיט שאַרפזין, שלאָגפערטיקייט צו טרעפלעכער סאַטירע, שטאַרקן „וויס־קאָמיקאַ". מיט זייערע אינדיווידועלע אייגנשאַפטן, וועלכע האָבן זיך קעגנזייטיק אויסגעשפּילט און צונויפגעשפּילט — האָבן זיי געשאַפן אַן אויסגעצייכנטע פּאָר פון קאָמיקער־סאַטיריקער. דזשיגאַן — דער קוועקזילבערדיקער, באַוועגלעכער, מיט אַ חוש פאַר פּלאַסטיק, פון זשעסט און אַן אורשפּרינגלעכן, פאָלקסטימלעכן קאָמיזם; שומאַכער — מיט זיין מנגנישקייט, פּיקחות, דעם פילאָזאָפירן פון אַ קליינשטעטלדיקן משכיל, וועלכער קען די מלאכה פון דעקן ווייניק וויסן מיט אַ סך פּרימיטיווער חכמה און קאָן דעריבער מאַכן דעם אָנשטעל פון אַן אַלץ־ווייסער. דער צוזאַמענשטויס פון די צוויי קעגנ־

זעצלעכע עלעמענטן איז געווען דער עיקר־כוח פון דזשיגאַן־שומאַכערס ווירקונג און באַווירקונג.

זיי האָבן זיך בעצם נישט געביטן אין זייערע פאַרקערפּערונגען און מ׳האָט עס גאָרנישט פאַרלאַנגט פון זיי. זיי האָבן שטענדיק געווירקט אין זייער נאַטירלעכער סטיכיע און דאָס איז נישט געוואָרן צוגעגעסן. זיי זענען געווען קאָנקורענצלאָז אין זייער זשאַנר. די אַטריבוטן פון זייער קינסטלערישער באַווירקונג זענען אויך געוואָרן: זייער חוש פאַרן אַקטועלן און די לייכטקייט צו דערטראָגן דאָס סאַטיריש־קאָמישע צום צושויער.

דער דזשיגאַן־שומאַכער „אַראַראַט״ האָט אַזוי עקזיסטירט אין פּוילן ביזן אויסברוך פון דער מלחמה, געפאָרן אויף גאַסטשפּילן קיין אויסלאַנד און ווען די היטלער־האָרדעס האָבן פאַרגאָסן פּוילן, האָבן דזשיגאַן־שומאַכער אָרגאַניזירט אין ביאַליסטאָק אַ נייע ווערסיע פון „אַראַראַט״ און אַלס „ביאַליסטאָקער יידישער מיניאַטור־טעאַטער״ געפּייערט טריומפן איבער די רחבותן פון ראַטנפאַרבאַנד.

עוואַקוירטע בעת דער דייטש־סאָוועטישער מלחמה קיין מיטל־אַזיע, האָבן זיי נאָך געשפּילט אין דעם וויטן סטאַלינאַבאַד, ביי דער אַפגאַניסטאַנער גרענעץ, אָבער אין דערזעלבער צייט געמאַכט באַמיונגען אַרויסצופאָרן מיט דער פּוילישער אַרמיי פון גענעראַל אַנדערס קיין איראַן. זיי זענען טאַקע אָנגענומען געוואָרן אין דער אַנדערס־אַרמיי, אָבער די פּוילישע זשאַנדאַרמעריע האָט זיין אַליין איבערגעגעבן אין די הענט פון ענקאַווועדע און זיי זענען פאַרמשפּט געוואָרן אויף אַ סך יאָרן „אויסבעסערונג־לאַגער״ (אַזוי האָט צערטלעך געהייסן די סאָוועטישע קאַטאָרגע) אַלס „פאַרעטער פונעם פאָטערלאַנד״.

3.

אין די טעג ווען דזשיגאַן־שומאַכער זענען אַרעסטירט געוואָרן, האָבן מיר (אידאַ קאַמינסקאַ, מאיר מעלמאַן און איך) זיך געפונען אין טאַשקענט, וווּ מיר האָבן געמאַכט באַמיונגען צו פאַרמלוכהשן דעם פרונזער יידישן אַנסאַמבל, אונטער דער לייטונג פון אידאַ קאַמינסקאַ. אין טאַשקענט האָט דאַן געוויילט דער קונסט־מיניסטער פון מאָסקווע, סאָלאָדאָווניקאָוו. פּרץ

מאַרקיש האָט אונדז צוגעזאָגט צו פועלן ביי סאָלאָדאָווניקאָוון ער זאָל באַ־שטעטיקן אונדזער פאַרמלוכהשונג.

איך האָב זיך גראָד געפונען פאַרן בנין פון דער קונסט־פאַרוואַלטונג, ווען מאַרקיש איז אַראָפּגעקומען פון סאָלאָדאָווניקאָוון. אויף מיין פראַגע, ווי עס האַלט מיט אונדזער ענין, האָט מאַרקיש געענטפערט, אַז ער ווייסט נישט וואָס ס׳איז געשען: סאָלאָדאָווניקאָוו וויל מיט אים איצט נישט רעדן וועגן דער גאַנצער זאַך. האָב איך געפרעגט, צי עס איז נישט אַמאָל צוליבן אַרעסט פון דזשיגאַן־שומאַכער (דעם טאָג איז טאַקע אָנגעקומען קיין טאַש־קענט די ידיעה וועגן אַרעסט). מאַרקיש, וועלכער האָט נאָך וועגן דעם נישט געהאַט געוווּסט, איז ממש ווייס געוואָרן (ער איז געווען שטאַרק חבריש מיט די „מיניאַטורניקעס" און אפשר צוליב דעם זיך דערשראָקן) און אָנגע־הויבן צו שטאַמלען, אַז אויב דאָס איז  אַ פּאָליטישער ענין, וועט ער זיך מער נישט מישן אין דעם.

פון אונדזער פאַרמלוכהשונג איז גאָרנישט געוואָרן. אַזאַ אָפּקלאַנג האָט געהאַט דער אַרעסט פון דזשיגאַן־שומאַכער. אָבער ביזן אַרעסט זענען זיי געווען די ליבלינגען פון דער יידישער קולטור־וועלט אין ראַטנפאַרבאַנד. שומאַכער האָט מיר אָפּט דערציילט, ווען זיי זענען צוריקגעקומען פון אַ טורנע קיין ביאַליסטאָק, ווי עס קעכלען זיך מיט זיי אַלע גדולים אין מאָס־קווע, אין קיִעוו און מינסק. מען האָט זיי באַזונגען אין רעצענזיעס און באַנ־קעט־רעדעס, מען האָט זיי נישט געקאַרגט קיין לויב־ווערטער און פּלוצ־לינג — האָבן זיך אַלע אָפּגעקערט פון זיי, ווי מען וואָלט זיי קיינמאָל נישט געקענט, ווי זיי וואָלטן קיינמאָל נישט עקזיסטירט. אָן דער מינדסטער פאַראינטערעסירונג מיטן עצם־ענין — אפשר איז עס גאָר אַ בילבול, אָדער אַ טעות?

און ס׳איז גאָרנישטאָ זיך צו וווּנדערן דערויף: דער מינדסטער חשד פון אַ פּאָליטישן פלעק האָט נישט בלויז טריף־געמאַכט אַ מענטשן אין ראַטנפאַרבאַנד, נאָר אויך זיין משפחה און פריינד. אין דעם ריזיקן לאַנד איז, דוכט זיך, נישט געווען קיין איין יידישע משפחה, וואָס זאָל נישט האָבן געבראַנגט עפּעס אַ קרבן פאַר די „רייניקונגען". איז נישט קיין וווּנדער, אַז אויף יעדן האָט געציטערט די הויט. און אין דעם איז טאַקע געגאַנגען

דעם רעזשים: אָנצוּוואַרפן אַ פּחד און צו האַלטן אין שרעק די בירגער. דאָס איז געווען דאָס געווער פון סטאַלין־רעזשים.

ס'איז באמת אַ נס, אַזביידע קינסטלער האָבן איבערגעהאַלטן אַלע תּפיסה־פּייניקונגען און לאַגער־גרוילן. אמת, נישט ווייניק האָבן זיי גע־האַט צו פאַרדאַנקען פּראָסטע ייִדישע פאָלקס־מענטשן, וועלכע האָבן זיי דערקענט אין לאַגער און אַרויסגעהאָלפן (אָפטמאָל זענען דאָס געווען „בלאַטע", ווייל די האָבן פאַר גאָרנישט און פאַר קיינעם נישט קיין מורא־געהאַט). דאָס האָט געהאָלפן אַריבערצוטראָגן די צרות, אָבער שומאַכער איז פון די לאַגערן אַרויס אַ שווער קראַנקער, מיט שטאַרק־אָנגעגריפענע נירן. דאָס איז לסוף געוואָרן די סיבה פון זיין פריצייטיקן טויט.

און טראָץ דער קראַנקייט, ווען ער האָט זיך נאָך דער באַפרייונג אומגעקערט מיט דזשיגאַנען קיין פּוילן, האָט ער זיך ווידער מיט פרישע כּוחות און האָפענונגען אַריינגעוואָרפן שאַפן נייע קליינקונסט־פּראָגראַמען, אין וועלכע שומאַכערס ראַפינירטער הומאָר האָט אויפסניי אויפגעשיינט. „אַבי מען זעט זיך", „פעטער מען קען אייך", אָדער ווי די פּראָגראַמען האָבן געהייסן — דאָס איז אַלץ נישט וויכטיק. וויכטיק איז געווען די לאָ־דונג פון הומאָר, וואָס זיי האָבן אין די פּראָגראַמען אַריינגעגעבן. הומאָר און שאַרזש. פאַר סאַטירע איז קיין אָרט נישט געווען. ווייל וואָלט מען עפּעס געפּרוווט פון דעם מין, וואָלט באַלד אַרויסגעקראָכן עפּעס אַנטי־סאָוועטיש — אַלס רעזולטאַט פון די אָנגעהויפטע איינדרוקן און איבערלעבונגען. און דאָס וואָלט ווידער געשמעקט מיט אַ לאַנגדויערנדיקן „פּאַנסיאָן" אַלאַ אַק־טיובינסק (דער לאַגער, ווו זיי זענען די מערסטע צייט געווען פאַרשפּאַרט). איז געבליבן איין אויסוועג — וואָס ווייטער אַוועק פון די לאַגערן־שכנות, אַרויס אויף דער וועלט.

שומאַכער האָט אַפילו פאַרהאַנדלט מיט מיר וועגן אַן אויפפירונג פון אַ גאַנצער פּיעסע מיט זיי. עס האָט זיך געהאַנדלט וועגן חיים סלאָוועס „המנס מפּלה", אין נידערשלעזישן טעאַטער (איך האָב טאַקע שפּעטער אויפגעפירט די פּיעסע — אָבער אָן דזשיגאַן־שומאַכער). סיי־ווי איז בע־סער, וואָס זיי האָבן פריִער געקריגן אַ דערלויבעניש אַרויסצופאָרן קיין אויסלאַנד, אַז נישט וואָלטן זיי געמוזט מיט מיר טיילן די קלעפּ, וואָס איך

האָב באַקומען פֿאַרן אויפֿפֿירן „המנס מפּלה" — פֿאַרן „נאַציאָנאַליזם און פֿאָרמאַליזם" פֿון דער פֿאָרשטעלונג.

אגב: אַלס אָנפֿאַנגער האָט שומאַכער געפּרוּווט אויפֿצופֿירן אַ גאַנצע פּיעסע מיט אַ שול־אַנסאַמבל (גאָלדפֿאַדענס „בר־כוכבא", אויף פּויליש); אין „אַראַראַט" איז געמאַכט געוואָרן אַ פּרווו אויפֿצופֿירן מיט זיי אַ גאַנצע פּיעסע (אין דוד הערמאַנס רעזשי). ס׳האָט אים געצויגן צו גרויסע פֿאָר־שטעלונגען, צו „פֿולמעטראַזשיק" טעאַטער. ענדלעך האָט עס שומאַכער דערגרייכט, נאָך זיין פֿונאַנדערגיין זיך מיט דזשיגאַנען. אַ פֿאָרשטעלונג, אין וועלכער אויך איך בין געווען פֿאַרמישט. און דאָס איז טאַקע געווען זיין לעצטער אַרויסטריט אין לעבן.

.4

כ׳האָב געקענט שומאַכערן פֿון זיינע ערשטע שריט אין „אַראַראַט". וואָס אַן אמת בין איך פֿון תּמיד אָן געווען אַ גרעסערער חסיד פֿון דזשיגאַנס אורשפּרינגלעכן הומאָר, פֿון זיין סטיכישן קאָמיזם. דאָס האָט נישט איינ־מאָל פֿאַרדראָסן שומאַכערן און ער האָט עס גאָרנישט באַהאַלטן פֿאַר מיר. פֿאַרקערט, ער פֿלעגט מיר גאַנץ אָפֿט שיקן שטעכווערטלעך אויף דעם חשבון. ביי אים האָב איך אָבער פֿון תּמיד אָן באַוווּנדערט זיין חכמה, שאַרפֿזין און אינטעליגענץ, וואָס האָט מיט אַ ביטערע שמייכל אַראָפּגע־שיינט פֿון אים, ווען ער איז נאָך געווען אַ יונגערמאַן, אָבער שוין מיט אַ גלאַנציקן פּליך. אין זיינע יונגע יאָרן האָט ער אויסגעזען אַ סך עלטער און רייפֿער, ווי ער איז געווען אין דער ווירקלעכקייט — צוליבן פּליך. גראָד אַזוי ווי אין די לעצטע יאָרן פֿון זיין לעבן, נישט געקוקט אויף דער קראַנקייט, האָט ער אויסגעזען אַ סך יונגער, ווי ער איז באמת געווען. איך האָב הנאה־געהאַט פֿון זיינע גלייכווערטלעך, שטעכווערטלעך, וויצן און וואָרט־קאַלאַמבורן, מיט וועלכע ער האָט געשאָטן אַפֿילו אויפֿן קראַנקן־בעט, ווען כ׳האָב אים אַ קורצע צייט פֿאַר זיין טויט, באַזוכט אין שפּיטאָל. אין הומאָר איז ער אַרומגעשווומען, ווי אַ פֿיש אין וואַסער. מיט הומאָר האָט ער געאָטעמט.

זייט זייער אַוועקפֿאָרן פֿון פּוילן, האָט ער, מיט דזשיגאַנען, געהאַט אָן

אַ שיעור אַרויסטריטן אין איראָפּע,ביידע אַמעריקעס און דער עיקר — אין ישראל. דאָ האָט ער זיך אויסגעבויט אַ היים, צוריקגעפונען אַלטע חסי־דים און דערוואָרבן זיך אָן אַ צאָל נייע. אין די טורנעען — און אין די פּראָגראַמען, וואָס זענען געשטעלט געוואָרן אין ישראל, איז געווען אַ סך איבערחזרונגען פון זייערע פאַרמלחמהדיקע אויפטוען, אָבער ס׳איז אויך געווען אַ סך נייער מאַטעריאַל, נייע חכמה. שומאַכער איז אומגעהויער פּאַרטיפּט געוואָרן, סיי אין צוזאַמענשטעל פון די טעקסטן, סיי אין אויס־פירן זיי. ער איז געוואָרן אַ הומאָריסטישער פילאָזאָף, אַ פילאָזאָפירנדיקער סאַטיריקער. אַפילו אין די אַנטי־סאָוועטישע נומערן, וואָס פלעגן זיך אי־בערחזרן אין יעדן פּראָגראַם און אין וועלכע ער האָט געפונען אַן אויס־לאָדונג פון זיינע אָבסערוואַציעס, פון די טרויעריקע דערפאַרונגען אין די סאָוועטישע לאַגערן.

עס איז געווען אַ פאַרלוסט פאַר ביידן — און אַ גרויסער פאַרלוסט פאַר דער יידישער קליינקונסט, ווען דאָס פּאָרל דזשיגאַן־שומאַכער האָט זיך „געגט”. אַ רעזולטאַט דערפון איז געוואָרן מיין ענגע צוזאַמענאַרבעט מיט שומאַכערן. עס האַנדלט זיך וועגן דער אַרבעט איבער דער אויפפי־רונג פון שלום אַשס „קידוש השם” מיטן „יידישן פאָלקס־טעאַטער” אין ישראל.

וואָס אַן אמת האָב איך נישט געוואָלט זיך לאָזן אַריינבציען אין דער אַרבעט. די דראַמאַטיזאַציע האָט געזאָלט מאַכן דער רעזשיסער פון דער פאָרשטעלונג, יוסף שייך — שטיצנדיק זיך אויף מאָריס שוואַרצס דראַמאַ־טיזאַציע. ער האָט זיך געווענדט צו מיר, אַלס לייטער פון בית שלום אַש אין בת־ים, איך זאָל קאָנסולטירן זיין אַרבעט. נאָך אייניקע צוזאַמענטרעפן איז ער צוגעשטאַנען צו מיר — מיר זאָלן צוזאַמען מאַכן די דראַמאַטיזאַציע. לסוף האָב איך זיך געלאָזט אָנרעדן און דאָס האָט דערפירט צו מיינע אָפטע צוזאַמענטרעפן מיט שומאַכערן.

ווייל שומאַכער, וועלכער האָט זיך אַנגאַזשירט צו שפּילן „דאָס היי־ליקע שניידערל”, האָט זיך מיט לייב און לעבן אַריינגעוואָרפן אין דער אַר־בעט איבער דער גאַנצער פאָרשטעלונג. ס׳איז געווען זיין אַמביציע צו באַווייזן, אַז ער קאָן אַליין אויך עפּעס אויפטאָן און טאַקע עפּעס ווערטיקס.

האָט ער זיך באַפרידיקט מיט דער אַרבעט איבער זיין ראָל, פאַר וועלכער ער האָט כסדר געפונען (ביי שלום אַשן — און נישט בלויז...) נייע פראַג־מענטן און נייע אַקצענטן. ער האָט ממש טעראָריזירט מיט זיין עקשנות און צודרינגלעכקייט, סיי שיינען, סיי מיך — אַלס דראַמאַטיזאַטאָרן — און שיי־נען, אַלס רעזשיסער. נישט איינמאָל איז אויסגעקומען זיך שאַרף צו אַמ־פּערן מיט אים, ווייל ער האָט זיך צוגעגעבן וויצן און ווערטלעך, טאַקע פּאַלקסטימלעכע, טרעפלעכע — אָבער נישט פון שלום אַשן. ער פלעגט זיך עקשנען: „שלום אַש אַליין וואָלט עס זיכער באַגריסט. ער וואָלט אַליין הנאה־געהאַט דערפון". און ווען מיר האָבן נישט געקאָנט דורכקומען — האָט ער אונדז פשוט געשטעלט פאַר געשעענע פאַקטן.

איך בין טאַקע געווען אַ שאַרפער קעגנער פון זיינע צוגאָבן, אָבער כ'האָב געמוזט מודה־זיין, אַז די באַגרינדונג זיינע איז געווען געמאַכט מיט אַן איי־זערנער לאָגיק. ער האָט אַרגומענטירט מער־ווייניקער אַזוי:

כדי אויפצופירן היינטיקע צייטן „קידוש השם", מוז מען אַרויסהייבן די עלעמענטן פון ווידערשטאַנד (ווי מיר האָבן עס געוואָלט טאָן), אָבער אויך — פון בטחון. דער טרעגער פון בטחון איז דאָס הייליקע שניידערל. זיין געווער איז: הייטערקייט, הומאָר, פרייד. ער טראָגט די פרייד צווישן די פאַרוואָגלטע יידן און דאָס דאַרפן מיר אַרויסבאַקומען.

אין דער פאָרשטעלונג האָט ער טאַקע די עלעמענטן באַוויזן אַרויס־צובאַקומען. ס'איז אָבער נישט אַרויסגעקומען ביי אים די הערא?ק, די דערהויבנקייט. עס האָבן אים, זעט אויס, שוין פשוט געפעלט די פיזישע כוחות דערצו. ווייל געשפילט האָט ער שוין אַ קראַנקער, מיטן כוח פון איינשפּריצונגען און מעדיצינען.

זיין לעצטער עפנטלעכער אַרויסטריט איז געווען אויף אַ דיסקוסיע־אָוונט וועגן „קידוש־השם" אין בית שלום אַש. ס'האָט זיך איינגעזאַמלט אַן עולם פון אַ פאָר הונדערט פערזאָן. ס'איז געווען נאָכדעם, ווי ד. ב. מאַל־קין האָט אין אַ ראַדיאָ־רעצענזיע שאַרף אַראָפּגעריסן די פאָרשטעלונג. אין מיין אַרויסטריט האָב איך אויך קריטיקירט די „צוגאָבן" צו שלום אַשן. האָט דער קראַנקער שומאַכער זיך געהייסן פירן צום דיסקוסיע־אָוונט. הינטער די אָרעמס האָט מען אים ממש אַריינגעטראָגן און ער האָט געענט־

פערט די קריטיקער. מיט די לעצטע כוחות האָט ער דאַן אַרויסגעזאָגט זיין אני־מאמין וועגן טעאַטער, וועגן זיין אויפפאַסונג פון „קידוש השם", וועגן זיין אַקטיאָרישער שליחות: ברענגען פרייד און דערמונטערונג דעם יידישן מענטשן. אונטער אַלע באַדינגונגען, ביי יעדער געלעגנהייט. ער האָט עס געטאָן אין פוילן און אויסלאַנד — פאַר דער מלחמה. אין ראַטנפאַרבאַנד — אויף דער פריי און אין די לאַגערן. ער טוט עס אומעטום די גאַנצע צייט נאָך דער באַפרייונג. זייט צען יאָר — אין ישראל. ער וועט עס טאָן ביזן סוף פון זיין לעבן.

ליידער איז עס אים מער נישט אויסגעקומען צו טאָן. צומאָרגנס האָט ער שוין נישט געשפּילט. וו. הייבלום האָט אים געמוזט פאַרטרעטן.

אים איז מער נישט פאַרבליבן, ווי צו ברענגען אַ ביסל אויפהייטערונג אין שפּיטאָל — אין משך פון די לאַנגע חדשים, וואָס ער האָט זיך דאָרט געמאַטערט. ביז ער האָט פאַרלוירן זיין באַוווסטזיין, בעת די גסיסה־ווייען.

# דיאַנאַ בלומענפעלד

### .1

זייער שווער איז מיר געווען זיך צו נעמען שרייבן אַ דערמאָנונג, אָדער אָפּשאַצונג פון דיאַנאַ בלומענפעלד. ס׳האָט געמוזט פאַרביי אַ לענגערע צייט זינט איר אַוועקגיין, כ׳זאָל באַקומען די נייטיקע רויִקייט און שרייבערישע אָביעקטיווקייט, כדי צו קאָנען שרייבן וועגן איר, מיין שוועגערין, אין משך פון קרוב צו 40 יאָר די לעבנס־באַגלייטערין פון מיין ברודער יאָנאַס.

...יאָרן פון אַרבעט צוזאַמען, יאָרן פון צונויפשרייבן זיך...

באַקענט האָב איך זיך מיט איר קודם דורך דער פאַרמיטלונג פון איר ברודער פּנחס. ווען דיאַנאַ האָט, אין יאָר 1923, חתונה־געהאַט מיט יאָנאַסן, בין איך געווען אין לעמבערג, געאַרבעט צווישן דער יוגנט. אין אַ געוויסן טאָג איז אין לאָקאַל אויף קאַזשימיעזשאַווסקאַ 15 צו מיר אַרויפגעקומען אַן עלעגאַנטער אונטעראָפיצער פון דער פּוילישער אַרמיי, זיך פאַרגעשטעלט: „איך בין אַ שוואָגער פון דיין ברודער יאָנאַס". און ווייל מיר האָבן ביידע נישט געקאָנט זיין אויף זייער חתונה, האָבן מיר אין צווייען פאַר זיך גע־פּראַוועט די שמחה. קורץ נאָכדעם האָב איך זיך באַקענט מיט דיאַנען אין „צענטראַל"־טעאַטער, וווּ זי האָט געשפּילט דעם מיניסטערס טאָכטער אין די „זיבן געהאָנגענע". מיר זענען געוואָרן מיטגלידער פון איין משפּחה.

דיאַנאַ, איינע פון דער גאַנץ־בכבודיקער צאָל קינדער אין דער חסי־דיש־מיוחסדיקער משפּחה בלומענפעלד, האָט ווי אַ סך חסידישע טעכטער (און ווי איר עלטערע שוועסטער, גוטע, די פּוילישע אַרטיסטן און רעזשי־סערין גוסטאַווואַ בלאָנסקאַ־קאָנדראַט) — געענדיקט אַ גימנאַזיע, ווי אויך אַ פּוילישע, דראַמאַטישע שול. נאָך להיפוך צו איר שוועסטער, וועלכע איז באַלד אַוועק צום פּוילישן טעאַטער און דאָרט שוין פאַרבליבן, האָט עס דיאַנען געצויגן צום יידישן טעאַטער. און ווען פאַר ווילנע האָט זיך אָר־

גאַניזירט די טרופּע פון אסתר־רחל קאַמינסקאַ, מיט אידאַ קאַמינסקאַ און זיגומנט טורקאָוו (שפּעטער איז די טרופּע געוואָרן דער קערן פון „צענטראַל"־טעאַטער אין וואַרשע און דאַן — דער וואַרשעווער ייִדישער קונסט־טעאַטער „וויקט"), איז זי גלייך צוגעשטאַנען צו דער טרופּע, ווו זי האָט זיך טאַקע פאַרבונדן מיט יאָנאַסן — אויך אַ מיטגליד פונעם קאָלעקטיוו. אַזוי אַרום איז איר סצענישער אַרויסטריט אין ייִדיש געווען כמעט פון אָנהייב אָן פאַרבונדן מיטן „וויקט", ווו זי האָט אויך אָנגעהויבן קינסטלעריש צו שטייגן (אין „סערקעלע", אין „קוני־לעמל" א"אַ).

נאָכן צעפאַלן זיך פון ערשטן „וויקט", הייבט יאָנאַס אָן זיינע פּרוּוון פון אַ וואַנדערנדיק קאַמער־טעאַטער און דיאַנאַ איז אין צענטער פון דעם טעאַטער. מען שפּילט ק. שיינהאַרס „טייוולס־ווייב", לוי וווערנעיס „די רומענערין" („קאָפּ צי שלאַק?"), אַ געוויסע צייט אויך מיינע (אַ נישט־געלונגענע) ערשטלינג־פּיעסע „גיהנום" — און דיאַנאַ שפּילט אומעטום די אייגציקע פרויען־ראָל, וואָס איז אין יעדן פאַל געווען אַ גאַסטראָליאָרן־ראָל. זי ווערט טאַקע אַ דאַנק דעם אַלץ רייפער סצעניש, באַהערשט די בינע־טעכניק און הייבט זיך אָן באַווייזן אַלס סצענישע אינדיווידואַליטעט.

אַ האַלב יאָר האָב איך דאַן געשפּילט דיאַנעס יונגער פּאַרטנער (ערשטע העלפט 1926. ס'איז אין טורנע אויך צוגעקומען מאַקס האַלבעס פּיעסע „די זינד פון דער יוגנט") און איך האָב באַוווּנדערט איר גרויסן בינע־טעמפּעראַמענט, איר חוש פאַר הומאָר, איר קוועקזילבערדיקייט אויף דער בינע. דאַן האָב איך מודה געווען, אַז זי איז געווען גערעכט מיט אירע טענות צום גורל צוליב איר פיגור (זי איז געווען אַ קליינגעוויקסיקע), וואָס האָט איר געשטערט צו שפּילן העלדינס. כאָטש אין די שפּעטערע יאָרן האָט זי מיט אירע אויסדרוק־מיטלען גובר־געווען, אין אַ גרויסער מאָס, דעם מכשול פון דער פיגור און געשפּילט מיט דערפאָלג פאַרשידענע כאַראַקטער־העלדינס.

.2

אַ וויכטיקער עטאַפּ אין איר קינסטלערישער אַנטוויקלונג איז געווען דער סעזאָן 1926־1927 — די גרינדונג פון קראָקעווער ייִדישן טעאַטער

— דאָס ערשטע געזעלשאַפטלעכע ייִדישע טעאַטער אין פּוילן, אונטער דער לייטונג פון יאָנאַס טורקאָוו.

שוין דער פאַקט אַליין, וואָס אין דעם געזעלשאַפטלעך־הפקרדיקן גע־ראַנגל פון ייִדישן טעאַטער פאַר זיין קיום און פון די איבערמענטשלעכע אָנשטרענגונגען פונעם בעסערן ייִדישן טעאַטער צו עקזיסטירן, איז אין אַ פאַרוואָרפענער פראָווינץ־שטאָט (פון ייִדישן טעאַטער־שטאַנדפּונקט, פאַר־שטייט זיך) אויפגעקומען אַ געזעלשאַפטלעך ייִדיש טעאַטער און דאָס אַליין האָט שוין געהאַט אַ היסטאָרישע באַדייטונג. אויך דער פאַקט, אַז דאָס טעאַטער איז צונויפגעשטעלט געוואָרן פון כמעט אויסשליסלעך יונגע כו־חות, אין דעם אַ גרויסע צאָל אָרטיקע, קראָקעווער, אַ טייל געקומענע פון פּוילישע טעאַטער־שולן (פון זיי איז אַרויסגעוואַקסן אַזאַ באַדייטנדיקער כוח אין ייִדישן טעאַטער, ווי רחל האָלצער) האָט געהאַט זיין באַזונדערן אויסדרוק און צוגעגעבן אַ ספּעציעלן כאַראַקטער דער נייער טעאַטער־אינס־טיטוציע.

די געזעלשאַפטלעכע הילף און קאָנטראָל איבערן טעאַטער איז ווידער געווען דער מאָראַלישער כוח, וואָס האָט דער יונגער אינסטיטוציע געגעבן קרעדיט סיי ביים עולם, סיי ביי דער ייִדישער טעאַטער־וועלט.

אין משך פון דעם סעזאָן האָט יאָנאַס טורקאָוו אויפגעפירט פיל פּיעסן (געציילטע זאַכן זענען אויפגעפירט געוואָרן פון אַנדערע, ווי אַ שטייגער פון פּוילישן רעזשיסער א. פּיעקאַרסקי) פון ייִדישן און אייראָפּעיִשן רע־פּערטואַר. אין רוב פון די פּיעסן האָט דיאַנאַ בלומענפעלד געשפּילט די הויפּט־ראָלן, וואָס האָט אומגעהייער באַרייכערט איר דערפאַרונג און אויסגעלערנט זי פריי צו אָפּערירן מיט אירע סצעניש מיטלען. דאָס האָט זיך בולט אַרויסגעוויזן, ווען נאָך וואַנדערונגען, און אויך נאָכן שפּילן די הויפּטראָל אין יאָנאַס טורקאָווס פאַרפילמונג פון י. אָפּאַטאָשוס „אין פּוי־לישע וועלדער", איז דיאַנאַ ווידער אַרויסגעטראָטן אין וואַרשע. דאָסמאָל — אין „וויניט" („וואַרשעווער נייַ ייִדיש טעאַטער") אין „עליזעום", ווידער אַ געזעלשאַפטלעך טעאַטער, אַ פּרוּוו, וואָס יאָנאַס טורקאָוו האָט געמאַכט איבערצוחזרן די קראָקעווער דערפאַרונג אויפן וואַרשעווער באָדן.

אין דער ערשטער פּרעמיערע פון „וויניט" — דוד הערמאַנס אויפפּי־

רונג פון י. ב. ציפורס „אויפשטאַנד", האָט דיאַנאַ באַוויזן מיט איר „מאַגדאַ" ווי שטאַרק זי קאָן זיין אויך אין דראַמאַטישע ראָלן; אין דער צווייטער פּרעמיערע — „וואָלפּאָנע" פון בען־דזשאָנסאָן, אין דער באַאַרבעטונג פון סטעפאַן צוויג, און רעזשי פון יאָנאַס טורקאָוו, ווי זאַפטיק זי איז נאָך אַלץ אין קאָמעדיעס.

דעם ווייטערדיקן סעזאָן, אין רעפּרעזענטאַטיוון טעאַטער „נאָוואָש־טשי", דערשיינט זי מיט דערפאָלג אין פאַרשידנאַרטיקע ראָלן (ביילקע אין „200.000" פון שלום־עליכם; קאַראָלינע אין „צוויי קונילעמל" פון גאָלד־פאַדען און אַ דראַמאַטישע כאַראַקטער־ראָל אין אי. באַבעלס „בעני קעניג" — אַלע פּיעסן אין דער אויפפירונג פון מנחם רובין, ווי אויך אַ צאָל עפּיזאָדן אין אַנדערע אויפפירונגען). אָבער דאָס איז צו ווייניק פאַר איר טעמפּע־ראַמענט און סצענישע אַמביציעס. אַ סעזאָן שפּעטער האָט זי שוין ברייטערע מעגלעכקייטן: אין קאַמינסקיס טעאַטער איז זי די פּאַרטנערין פון זיגמונט טורקאָוו אין זיינע אויפפירונגען „דאָס הויז פון פאַרברעכער" פון דיצענ־שמידט און „מאַשע" אין שלום אַשס „אָנקל מאָזעס". די צוויי ראָלן רוקן זי נאָך בולטער אַרויס אין דער ערשטער ריי פון די יונגע שוישפּילערינס פון ערנסטן יידישן טעאַטער.

זי פאָרט דאַן אַלס פּאַרטנערין פון זיגמונט אין זיין ערשטן טורנע קיין מערב־אייראָפּע, וואָס איז גלייכצייטיק געוועזן איר ערשטער אויסלענדישער טורנע (אויך מיינער, וויל איך בין געוועזן דער דריטער פּאַרטנער אין דעם טורנע). בעלגיע, פראַנקרייך — אַ נייער עולם, נייע באַדינגונגען — און טאַקע גאָרנישט קיין געהויבענע — פון טעאַטער־שפּילן, אַ נייע וועלט. דיאַנאַ מוז אויף גיך אַריינשפּרינגען אין אַ צאָל נייע ראָלן, זי וויל אָבער דערביי נישט רעזיגנירן פון זען פראַנצויזיש טעאַטער, פון לערנען זיך אין דער רייזע. איך האָב דאַן באַוווּנדערט די אויסערגעוויינלעכע כוחות אירע — אַן עצה זיך צו געבן מיט דעם אַלץ, כסדר נישט־דערשלאָפן, כדי וואָס מער צו געניסן, צו לערנען פון דער אויסלענדישער רייזע.

דאָס קאַמער־טעאַטער, וואָס ווערט דאַן ווידער אָרגאַניזירט פון יאָנאָס טורקאָוו, ווערט אויפסניי אַ פעלד פאַר דיאַנאַס אויפשטייג. די אויפפירונגען באַריס לאַווּרעניעווס „דער 41סטער" — איר „מאַרוסיאַ" אין דער אויפפי־

דונג, ווערט די סענסאַציע פון טאָג אין וואַרשע, דערנאָך אין טורנע איבער פוילן. מיט דער ראָל דערגרייכט זי איר גרעסטן קינסטלערישן דערפאָלג אין יענע יאָרן. עס איז געווען ביי איר אַ מייסטערשטיק פון גוט־דורכגעטראַכטער און טיף־דורכגעפילטער אַקטיאָרישער שאַפונג. דאָס פשוטע רוסישע פישער־מיידל, מיט איר געזונטער ערדישקייט און הומאָר, וואַקסט ביי איר אויס נאַטירלעך, אָן פובליציסטיק און פאָזע — צו אַן אמתער העלדין פון דער רעוואָלוציע. זי איז זוכה צו אויספריכטיקע קאָמפּלימענטן פאַר דער ראָל מצד דעם מחבר, דעם באַקאַנטן רוסישן שרייבער ב. לאַווערעניעוו, וועלכער האָט געוויילט איניקע טעג אין פוילן.

נאָך אַן איבערייס אין איר אַקטיאָרישן שאַפן (צוליבן געבורט פון איר איינציקער טאָכטער), זעען מיר דיאַנאַ בלומענפעלד איין סעזאָן אין מאָריס שוואַרצס אַנסאַמבל („סערעלע“ אין „יאָשע קאַלב“, „ציפּעלע“ אין „גאָט, מענטש און טייוול“), פון וואַנעט זי גייט אַוועק צוזאַמען מיט יאָנאַס טורקאָוון, כדי צו באַנייען זייער קאַמער־טעאַטער. זי שאַפט דאַן נייע ראָלן און געשטאַלטן (פּאַדאַרס „די קירכן־מויז“ און „מאַטורע“, מאַראַזאָוויטש־שטשעפּקאָווסקאַס „די מוטער“ א״אַ), שפּילנדיק מיט אַן אַלץ שטייגנדיקן דערפאָלג אין וואַרשע, אין דער גאַנצער פוילישער פּראָווינץ, אין לעטלאַנד און ליטע. פאַרן אויסברוך פון דער מלחמה פייערט זי מיט יאָנאַס טורקאָוון אַ טריומף אין אַ. צוואַידזשינסקיס צוויי־פּערזאָניקער פּיעסע „פּרווידס טעאַטער פון חלומות“ און דאָ הייבט זיך אָן גאָר אַ ניי קאַפּיטל אין איר לעבן און שאַפן: דאָס וואַרשעווער געטאָ.

.3

אַ פּויליש שפּריכוואָרט זאָגט: „נויט איז די מוטער פון דערפינדונג“. די געטאָ־נויט האָט פאַרוואַנדלט דיאַנאַ בלומענפעלד אין אַ פאָלקס־זינגעריך, צומאָל — אין דער פּאָפּולערסטער קינסטלערין פון וואַרשעווער געטאָ.

ס׳האָבן זיך אין וואַרשעווער געטאָ, נאָך דער „סטאַביליזאַציע“ פון דער לאַגע ביז די אָנהייבן פון דער מאַסן־ליקווידאַציע — געשאַפן טעאַטערס אויך. אָבער דאָס זענען אַלץ געווען טעאַטערס און טעאַטער־פאָרשטעלונגען אויף אַ מדרגה, צו וועלכער דיאַנאַ האָט זיך בשום אופן נישט

געוואָלט אַראָפּבייגן. זי האָט אויך געשפּילט אין געטאָ־פאָרשטעלונגען, צווישן זיי איר גרויסן דערפאָלג פון קורץ פאַרן אויסברוך פון דער מלחמה „פרוידס טעאַריע פון חלומות" — אָבער בלויז דאַן, ווען יאָנאַס טורקאָוו האָט מיט איר געשפּילט. און איידער נאָך עס זענען אין געטאָ אָרגאַניזירט געוואָרן טעאַטערס, האָט מען געפּרוווט מאַכן קינסטלערישע אויפטריטן אין פאַרשידענע קאַפעען און עפנטלעכע לאָקאַלן. ביי די אויפטריטן טאַקע האָט דיאַנאַ געפּרוווט איר מזל ווי אַ פאָלקס־זינגערין און — געוואָרן איינע פון די באַליבטסטע פאָלקס־זינגערינס ביי ייִדן.

איך מוז מודה־זיין, אַז ווען איך האָב אין מאָסקווע צום ערשטן מאָל דערהערט אין די ייִדישע אוידיציעס פון וואַרשעווער ראַדיאָ זינגען דיאַנאַ בלומענפעלד, איז עס געווען פאַר מיר אַן אומגעהייערע איבערראַשונג. איך האָב געוווּסט, אַז זי איז געווען מוזיקאַליש און האָט געהאַט אַ סאָלידע מוזיקאַלישע אויסבילדונג (אַ חוץ דער דראַמאַטישער שול), כ'האָב אָבער אויך געוווּסט, אַז זי האָט געהאַט זייער אַ קליינע שטימע און קיינמאָל נישט געהאַט קיין חשק צו וואָקאַלישע פּראָדוקציעס. בין איך אָנגענומען איבער־ראַשט געוואָרן, ווי פיין און אויסדריקלעך איר שטים האָט געקלונגען אויף די כוואַליעס פון עטער. מיט דעמזעלבן געפיל האָט זי מן־הסתם געזונגען דורך אַ מיקראָפאָן אין די לאָקאַלן און דאָס איז געווען איינע פון די סיבות פון איר גרויסן דערפאָלג. איינע — ווייל די אויסגעצייכנטע שוישפּילערין האָט נישט געקאָנט סתם זינגען לידער. זי האָט זיי אויך אויסגעשפּילט מיט די באַזונדערע פאַרבן און טענער פון איר כאַראַקטעריסטישן טאַלאַנט.

דיאַנאַ האָט אויך געהאַט די זכיה, צוזאַמען מיט יאָנאַסן, צו זיין די איינציקע ייִדישע קינסטלער, וואָס זענען לעבן־געבליבן פון וואַרשעווער געטאָ. אויך די ערשטע, וואָס האָבן אויף די כוואַליעס פון עטער — נאָך פון לובלין, גלייך נאָך דער באַפרייונג — איבערגעשיקט לעבעדיקע גרוסן פון די קליינע ערשטלעך געראַטעוועטע ייִדן אין פּוילן. און דיאַנאַ האָט דאָך דאַן איבערגעלעבט די שרעקלעכע טראַגעדיע פון אַ מוטער, וועלכע האָט נישט געקאָנט אָפּגעפינען איר איינציק קינד. איר קליין טעכטערל איז געהאַט געבליבן אין וואַרשע, ווען די עלטערן זענען געווען אויף דער צווייטער זייט ווייסל, דורכגעמאַכט דעם פּוילישן וואַרשעווער אויפשטאַנד

קעגן די דייטשן און זי איז אַפּילו נישט געפונען געוואָרן גלייך נאָך דער באַפרייונג פון וואַרשע. כ׳האָב טאַקע אין יענע טעג, דורך אומוועגן פון מיליטערישע געלעגנהייטן — באַקומען אין מיין מקום־מקלט אין מיטל־אַזיע אַ בריוו פון דיאַנען: „אויב זי וועט גאָר בקרוב נישט צוריקגעפינען איר טעכטערל, זענען אויך אירע טעג געציילטע״. און דער נס איז געשען: דאָס עלף־יאָריקע מיידעלע, וואָס האָט זיך שוין געהאַט געפונען אין אַ דייטשישן לאַגער פאַר מיליטערישע געפאַנגענע אַלס אָנטיילנעמערין (!) אין וואַרשעווער אויפשטאַנד, איז אַליין צוריקגעקומען קיין וואַרשע. אָבער ביז איר קומען, די חדשים אין אונטערערדישן בונקער, דאָס געטאָ און די אַרישע זייט — דאָס אַלץ האָט פעסט חרוב־געמאַכט דאָס געזונט פון דיאַנען.

נישט געקוקט דערויף גייט אַוועק אַ צייט פון אויפטריטן פאַר די געראַטעוועטע ייִדן אין פוילן. פרייד און טרויער מישן זיך צונויף בעת די אויפטריטן און צוזאַמענטרעפן מיט די געראַטעוועטע. אַ יאָר נאָך דער באַפרייונג פאַרלאָזט זי פוילן און האָט אין משך פון איבער צוויי יאָר קאָנצערט־אויפטריטן פאַר די געראַטעוועטע ייִדן אין די לאַגערן און אין די באַנייטע ישובים פון אונגאַרן, עסטרייך, איטאַליע, פראַנקרייך — ביז זי קומט אָן מיט יאָנאַס טורקאָוון אין די פאַרייניקטע שטאַטן פון אַמעריקע. דאָרט — אַ צאָל קאָנצערט־טורנעען איבער צפון־אַמעריקע; פאַרשידענע טעאַטער־פּרוּוון, אַרויסטריטן אין ראַדיאָ און טעלעוויזיע. נאָך אייניקע יאָר — ווידער אַ גרויסער טורנע אין פיר וועלט־טיילן: דרום־אַמעריקע, אייניקע לענדער פון אייראָפּע, ישראל (כמעט אַ יאָר צייט גאַסטשפּילן, בעיקר מיט גאַנצע טעאַטער־פאָרשטעלונגען) און דרום־אַפריקע. דאָס צעשטערטע געזונט לאָזט אָבער כסדר וויסן וועגן זיך. ס׳גייען אַריבער וואָכן, ווען דיאַנאַ מוז כסדר ליגן צו בעט — ביזן אויפטריט אויף דער בינע און גלייך נאָכן אויפטריט. זיי מוזן מקצר־זיין זייער וועלט־טורנע און צוריקקומען קיין ניו־יאָרק. דאָרט טרעט זי שוין זעלטענער אַרויס — מיט קאָנצערטן, פאָרשטעלונגען (צוו׳ אַנד׳ — יאָנאַס טורקאָווס אויפפירונג פון דער דראַמאַטיזאַציע פון יצחק באַשעוויס „משפחה מושקאַט״) און איז געצוווּנגען זיך שוין מער צו פאַרנעמען מיט שרייבערישער אַרבעט, מיט איבערזעצונגען. איר געזונט־צושטאַנד איז זי מחייב צו אָפּגעהיטקייט, צו אויסמיידן

אָנשטרענגונגען. אָבער צי איז אַ טעמפּעראַמענט, ווי דיאַנאַ בלומענפעלד געווען בכוח צו פאָלגן אַזעלכע באַפעלן?

.4

אַ באַזונדער קאַפּיטל איז דיאַנאַ שבכתב.

נאָך פאַר דער מלחמה האָט זי אָנגעהויבן איבערצוזעצן פּיעסן, דער עיקר פאַר איר אייגענעם געברויך. ס׳רוב פון די איבערגעזעצטע פּיעסן פון איר רייכן רעפּערטואַר זענען אירע איבערזעצונגען.

שרייבן זעלבסטשטענדיק האָט דיאַנאַ בלומענפעלד, דוכט זיך, קיינמאָל נישט געפּרוווט. אַפילו מיט אַזאַ שפע פון איבערלעבונגען אין די אָקופּאַציע־יאָרן, באַגנוגנט זי זיך אַפּנים דערמיט, וואָס איר מאַן האָט די אַלע איבערלעבונגען אַריינגענומען אין זיינע פינף ביכער וועגן יענער גרוילי־קער תקופה און וועגן די מענטשן פון דער תקופה.

די לעצטע יאָרן פון איר לעבן האָט זיך דיאַנאַ גענומען אינטענסיוו צום איבערזעצן ביכער, דער עיקר וועגן די איבערלעבונגען פון יענע גרויל־צייטן. אַזוי האָט זי איבערזעצט פאָלאַ אַפּענשלאַקס „יאַנוש קאָר־טשאַק" און העלענאַ שערעשעווסקאַס „צווישן צלם און מזוזה". זי האָט זיך אויך געגרייט צום איבערזעצן יוזעף זשעמיאַנס בוך „די פּאַפּיראָסן־פאַרקויפער פונעם פּלאַץ פון די דריי קרייצן". נאָר דאָס האָט זי שוין נישט באַוויזן צו טאָן.

וואָס ס׳ווילט זיך אונטערשטרייכן איז איר אומגעהייער ערנסטע באַ־ציִונג און אינערלעכע אָנגאַזשירונג אין דער דאָזיקער אַרבעט. אין אַ גרוי־סער צאָל בריוו פון די לעצטע פאַר יאָר, וואָס כ׳האָב באַקומען פון דיאַנען — געזען האָב איך זיך נישט מיט איר פון יאָר 1939: ווען איך בין געקו־מען צוריק פון ראַטנפאַרבאַנד קיין פּוילן — איז זי שוין פון דאָרט אַוועק; איז אונדזער דיאַלאָג אין משך פון די לעצטע יאָרן געווען נאָר דורך בריוו. האָט זי אין די לעצטע פאַר יאָר אין די בריוו זייער אָפט זיך שואל עצה־געווען אין פראַגן פון סטיל, פון ווערטער, פון שפּראַך־ניואַנסן. זייענדיק שטאַרק פאַרפּוילישט דורך איר שול־דערציִונג, האָט זי אָבער כסדר גע־זוכט צו מאַכן איר ייִדיש לעבעדיקער, זאַפטיקער; געוואָלט ס׳זאָל זיין לי־

טעראַריש ריין און וואָס מער פֿאָלקסטימלעך, באַפרייען זיך פון די פוילישע־השפּעות אין זאַצנבוי און אויסדרוק. זי האָט מיט אינטענסיווער אַרבעט, מיט עקשנות, אַ סך דערגרייכט אויפן געביט פון באַהערשן דעם יידישן שפּראַך־אינסטרומענט.

ביז דער טויט האָט זי פּלוצלינג און אַזוי אומגעריכט אַוועקגעריסן אין אַ ניו־יאָרקער שפּיטאָל. איר אָנדענק איז אויף אַ שיינעם אויפן פֿאַר־אייביקט געוואָרן מיט אַ טעאַטער־ווינקל אין „בית יצחק קאַצענעלסאָן", אין דעם מוזיי פון קיבוץ לוחמי הגיטאות.

יאָ, ס'איז מיר זייער שווער געווען זיך צו נעמען שרייבן אַ דערמאָנונג וועגן דיאַנאַ בלומענפעלד, און שרייבנדיק, האָב איך זיך שוין באַמיט צו ברענגען, כמעט טעלעגראַפיש — פאַקטן פון דיאַנען און איר שאַפן און אויסמיידן, ווי ווייט מעגלעך, די עמאָציאָנעלע מאָמענטן, כדי נישט צו פֿאַרלירן די מאָס פון אָביעקטיווקייט און זאַכלעקייט. איך האָף אָבער, אַז דערמיט האָב איך נישט פאַרמינערט די פאַרדינסטן און ווערטן פון דיאַנאַ בלומענפעלד, די שיינע און פאַרבנרייכע געשטאַלט פון דער קינסטלערין.

# משה גראָסמאַן

.1

מיט משה גראָסמאַנען האָט מיך געבונדן אַ פריינטשאַפט פון קנאַפּע 40 יאָר — פון די גאָר יונגע יאָרן, ווען דער מוח, דאָס האַרץ און דאָס געמיט האָבן ערשט אָנגעהויבן צו ברויזן, צו באַאומרויִקן, צו זוכן אויסדרוק — וועגן פאַר גערדאַנק און טאַט.

ער, דער געקומענער פון שטעטל קוראָוו, אין לובלינער געגנט, האָט אויף די ייִדישע גאַסן פון וואַרשע, אין די קרייזן פון דער אויפוואַכנדיקער ייִדישער יוגנט, שוין דאַן אַריינגעבערענגט דעם חידוש זיינעם צו אַלע פאַרוויקלטקייטן און פאַרפּלאָנטערנישן פון לעבן, דעם שטורמישן פּראָטעסט קעגן אומגערעכטיקייטן און עוולות און די פאַרביסנקייט פון וועלן מתקן זיין, אויסוואָרצלען שלעכטס, לייטערן. אַן אויסדרוק אין וואָרט האָט ער דערצו געגעבן אין זיינע ערשטע דערציילונגען („האַמער און האַרפע") און אין ראָמאַן אויפן פאָן פון ייִדישן געזעלשאַפטלעכן לעבן אין וואַרשע, אין אָנהייב צוואָנציקער יאָרן („פלאַמען און רויך"). אָנגרייפעריש, שאַרף, צו־מאָל פאַמפלעטיש, איז ער געווען אין די דאָזיקע ליטעראַרישע אויסברוכן פון צאָרן, וואָס האָבן ביי זייער שרייבערישער אומבאַהאָלפנקייט, געטראָגן אין זיך אַ גלייִכקע אָנלאָדונג פון יושר־זוכעניש און סאָציאַלער קעמפערישקייט.

אַ פאַרבונדהענער מיט די ציוניסטיש־סאָציאַליסטישע יוגנט־קרייזן, איז ער אין משך פון יאָרן געשטאַנען נאָענט צו די לינקע פּועלי־ציון. אָבער דער אויפשטייג פון דער היטלער־כוואַליע האָט אים אַ שטויס געטאָן ווייטער, צום עקסטרעם־לינקן קרייז שרייבער. אין דער אַטמאָספער שאַפט ער זיינע ביאָגראַפישע ראָמאַנען וועגן קאַרל מאַרקס און ראָזאַ לוקסעמבורג — ווערק, וואָס שאַפן אים אַ פּאָזיציע אין דער ליטעראַטור.

## משה גראָסמאַן

די מאָסקווער פּראָצעסן פון 37סטן יאָר גיבן אים — דעם יושר־זוכדיקן — אַ וואַקל אויך אויף דעם נייעם וועג זיינעם, דערנעענטערן ווידער צום ציוניסטישן געדאַנק, רופן אַרויס ביי אים אַ באַדערפעניש צו באַקענען זיך פּערזענלעך מיטן ארץ־ישראלדיקן לעבן און שאַפן. אין רעזולטאַט — זיין רייזע קיין ארץ־ישראל קורץ פאַרן אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה; דאָס פאָרן צום לעצטן פאַרמלחמהדיקן ציוניסטישן קאָנגרעס; דער געדאַנק פון אַ ביאָגראַפישן ראָמאַן וועגן טעאָדאָר הערצל.

דער היטלער־קאַטאַקליזם ברענגט אים אין די סאָוועטישע געביטן פון געוועזענעם פוילן און דאַן הייבט זיך אָן די גרויסע לעבנס־טראַגעדיע פון משה גראָסמאַן. כאָטש עס האָבן זיך געעפנט פאַר אים גוטע פּערספּעקטיוון פון אַ שרייבערישער קאַריערע, קאָן ער נישט שלום מאַכן מיטן קרומען שפּיגל פון אַ נייער וועלט, מיט וועלכן ער איז געשטעלט געוואָרן פּנים אל פּנים; מיט שענדן פון פאַרהייליקטן גלויבן; מיט צעטרעטן מענטשלעכע ווערטן און ווערדע. פון דעם האָבן זיך גענומען זיינע גרויל־וואַנדערונגען איבער סאָוועטישע לאַגערן און תּפיסות; דער גיהנום פון ליידן, וואָס האָט באַקומען זיין אויסדרוק אין די צוויי בענד „אין פאַרכישופטן לאַנד פון לעגענדאַרן דזשוגאַשווילי". די איבערגעלעבטע ליידן — פיזישע און גייסטיקע — טראָגט גראָסמאַן מיט זיך שוין ביזן סוף פון זיין לעבן; זיי האָבן אויך צעשטערט זיין אָרגאַניזם, נישט געקוקט אויף זיין העראָישן יאָרנלאַנגן געראַנגל מיט די פאַרשידנסטע חולאתן — דערפירט צום פריצייטיקן סוף פון זיין לעבן, כאָטש ער האָט אין ישראל, ווו ער איז געקומען זיך אַקטיוו באַטייליקן אין דער באַנייונג פון פאָלק, אויך איבערגעלעבט זיין אייגענע באַנייונג. אָנגעהויבן אַ לעבהאַפטע זשורנאַליסטישע אַקטיוויטעט: אַרויסגעגעבן אַ ראָמאַן־פּאַמפלעט „דער ווידוי פון אַ רעוואָלוציאָנער" (אין וועלכן — כאָטש ער איז געווידמעט דער לעבנס־געשיכטע פון הערש־מענדל — זענען פאַראַן אַ סך עלעמענטן פון זיין אייגענעם ווידוי) מיטגעאַרבעט אין העברעישע צייטונגען און מיטרעדאַגירט אַ יידישע צייטונג („דאָס וואָרט") און דער עיקר — געשאַפן זיין „היימיש".

„היימיש" איז געווען גראָסמאַנס עמוד,ביי וועלכן ער האָט אויסגעדאַוונט זיינע תפילות פאַרן יידישן פאָלק און אויסגעשאָלטן זיינע תוכחות אויף אַלע

שונאים — מיט דער גאַנצער פאַרביטערטקייט, צומאָל גאַליקייט פון זיין צעװייטיקטער נשמה. אין משך פון די איבער פינף יאָר װאָס ער האָט אַרויסגעגעבן „היימיש", האָט ער די בלעטער פון דעם זשורנאַל פאַרװאַנדלט אין אַ מזבח, אויף װעלכן ער האָט אומאויפהערלעך מקריב געװען שטיקער פון זיין לעבן, זיין איך — זיך אינגאַנצן, מיט זיין גאַנצער אָן פשרהדיקער קעמפערישקייט און יושר־זוכערישקייט. װען ער איז געװען גערעכט און װען ער איז געװען אומגערעכט — איז עס ביי אים געקומען פון גאַנצן האַרצן און פון זיין נישט־מיד־װערנדיקער אמת־זוכעניש.

עס האָט געברענט אין אים אַ פייער פון זוכן מענטשלעכע און ייִדישע אויסלייטערונג. דאָס פייער האָט אים אפשר אויך צוביסלעך פיזיש פאַר־צערט. אָבער ער האָט עס נישט געװאָלט אָפּשװאַכן. אַפילו װען זיין אָר־גאַניזם איז שוין געװען דערשעפּט ביזן לעצטן גראַד, װען ער האָט שוין נישט געקאָנט גיין, רעדן — האָט ער אַלץ געשריבן אין שיין פון דעם דאָזיקן פייער.

ביז עס איז ענדגילטיק פאַרלאָשן געװאָרן, און מיט אים — דאָס טראַ־גישע לעבן פון ייִדישן שרייבער, קעמפער און אמת־זוכער — משה גראָס־מאַן.

## .2

דער אָנהייב פון אונדזער באַקאַנטשאַפט איז געװען סוף 1922, אויף דזשיקע 11, אין לאָקאַל פון „צעירי ציון", װוּ איך בין געװאָרן טעטיק גלייך נאָך מיין פאַרענדיקן די אַרבעט אויף דער חלוצים־פאַרם אין גראָכאָװ. איך בין דאַן נישט באַשטעטיקט געװאָרן אויף צו קריגן אַ סערטיפיקאַט קיין א"י (אָפיציעל האָט עס געהייסן צוליב מיינע יונגע יאָרן. אָבער איך האָב חושד געװען, אַז די סיבה איז גאָר געװען מיין ראַדיקאַלקייט) און כ'בין געװען אָנגעלאָדן מיט פּראָטעסט, מיט בונט. די דאָזיקע אָנלאָדונג האָב איך געהאָפּט אויסצולאָדן אין דער דאַן געשאַפענער צ"ס־יוגנט ביי די „צעירי־ציון".

משה גראָסמאַן האָט שוין זייט אַ לענגערער צייט געאַרבעט (כאָטש ער איז געװען בלויז אַ צװיי יאָר עלטער פון מיר) כדי צו העלפן מפרנס

צו זיין די הונגעריקע משפּחה. אָבער ער האָט שוין דאַן געשריבן אויך און געזוכט אין זיין שרייבן אויסצולאָדן זיינע רעוואָלט־שטימונגען. רעוואָל־טירט האָט ער קעגן אַלץ און אַלעמען: קעגן זיין נויט און קעגן נויט בכלל; קעגן דער ליטעראַטור און ליטעראַטן, פֿאַרוואָס מען „לאָזט אים נישט אַריין אין דער ליטעראַטור" (ווי ס'האָט זיך אין יענע יאָרן אויסגעדריקט אַ צווייטער, דעמאָלטדיקער אָנפֿאַנגער, דער יונגער יצחק באַשעוויס); קעגן די חברים פֿון דער אָרגאַניזאַציע, צו וועלכער ער האָט געהערט (ער איז געווען טעטיק אין האַנדלס־אָנגעשטעלטע־פֿאַראיין ביי די לינקע פּוע"צ) און קעגן זיך אַליין אַפּילו. אַ סך פֿון די שטימונגען האָט ער טאַקע אויס־געדריקט אין זיינע דערציילונגען „האַמער און האַרפֿע" און אין דעם ראָ־מאַן־פּאַמפֿלעט „פֿלאַמען און רויך".

איך האָב דאַן נאָרוואָס אָנגעהויבן צו שרייבן ייִדיש (געשריבן האָב איך ממש פֿון די קינדער־יאָרן אָן, אָבער — פּויליש און העברעיִש) און גראָסמאַן האָט מיך געוואָלט אַריינעמען אין זיין קרייז — פֿון אומצופֿרי־דענער, פּראָטעסטירנדיקער און רעוואָלטירנדיקער יוגנט. אָבער מיין דע־מאָלטדיקער רבי, ד. ב. מאַלקין, האָט מיך געשטויסן אין אַן אַנדער ריכ־טונג. ער האָט אויף מיינע פּלייצעס אַרויפֿגעלייגט די לאַסט פֿון אָנפֿירן מיט דער נייער יוגנט־באַוועגונג, פֿון רעדאַגירן איר זשורנאַל („ייִדישע אַר־בעטער־יוגנט"). איך בין אַוועקגעשיקט געוואָרן אויף אַרבעט קיין לעמ־בערג (ווו ס'זענען געווען גרעסערע גרופּעס רעכטע פּועלי־ציון־יוגנט, — מיט וועלכע די צ"ס־יוגנט האָט זיך דאַן פֿאַראייניקט), לויט אַ פֿאַראָרדענונג פֿון בערל לאָקער — און מיין נאָענטער קאָנטאַקט מיט גראָסמאַנען איז אי־בערגעריסן געוואָרן.

ווייטערדיקע יאָרן האָבן אונדז געפֿירט אויף פֿאַרשידענע וועגן: איך בין אַוועק ביז איבער די אויערן אין טעאַטער־אַרבעט און וואַנדערונגען; גראָסמאַן האָט זיך איינגעאָרדנט אויף אַ פּאָסטן אין דער אַדמיניסטראַציע פֿון „היינט", אַלץ מער באַפֿעסטיקט דאָרט זיין פּאָזיציע און זיך — עקאָנאָ־מיש. ער איז געוואָרן „פֿאַרבאַלעבעסלט" און איך — אַלץ מער „פֿאַרבאָ־העמעט". פֿלעגן מיר זיך צייטנווייז טרעפֿן — ביי די קאָרטן־טישלעך אין וואַרשעווער ליטעראַטן־פֿאַראיין און נישט געזוכט קיין גרעסערע דערנענ־טערונג.

אָנהייב דרייסיקער יאָרן האָט ביי אונדזביידן געמאַכט אַן ענלעכע איבערקערעניש. אונטערן דרוק פון וואַקסנדיקן היטלעריזם האָבן מיר זיך ביידע דערנענטערט צו דעם עקסטרעם־לינקן לאַגער און ווידער געקריגן אַ געמיינזאַמע שפּראַך. אָבער צו פּערזענלעכער דערנענטערונג האָט עס ווייניק געקאָנט העלפן, ווייל איך בין דאַן זעלטן געווען אין וואַרשע — אָדער כ׳בין געווען אין אויסלאַנד, אָדער אַרומגעפאָרן איבער פּוילן. אַלץ מער פרעמדקייט האָט זיך אַריינבאַקומען צווישן אונדז און ווען איך בין אין 1938 צוריקגעקומען קיין פּוילן (אַנטלויפנדיק פון היטלעריסטישן אָנגריף אויף דער טשעכאָסלאָוואַקיי), איז שוין פאַרגעקומען אַפילו אַ ריס צווישן אונדז. די מאָסקווער פּראָצעסן פון 1937־1938 האָבן גראָסמאַנען אויפגעטרייסלט. ער האָט אָנגעהויבן — פון אָנהייב איינגעהאַלטן, דאַן אַלץ אָפענער — מיט שוים אויף די ליפּן, גאַליקע, שאַרפע אָנגריפן אויפן ראַטנפאַרבאַנד. אויך פאַר מיר זענען די מאָסקווער פּראָצעסן געווען אַן אויפטרייסלונג, אָבער איך האָב נישט געוואַגט צו צווייפלען אין זייער גערעכטיקייט און אפשר אויך — אין זייער צוועקמעסיקייט. איז געקומען צווישן אונדז צו געגנוג שאַרפע ווערטער־אויסטוישן. מיר האָבן כמעט אויפגעהערט צו רעדן צווישן זיך. די פאַרפרעמדטקייט איז אַזוי ווייט דערגאַנגען, אַז מיר האָבן פּלוצלינג, אין אַ געוויסן טאָג, ווידער אָנגעהויבן זיך צו אירצן און אָנגעהויבן זיך קאַלט צו באַגריסן פון דערווייטנס.

3.

באַגעגנט האָב איך זיך ווידער מיט מ. גראָסמאַנען אין האַרבסט 1939, אין ביאַליסטאָק. עס איז פאַר מיר אַפילו געווען אַ גרויסע איבערראַשונג, ווייל איך האָב געוווסט, אַז ערב דעם אויסברוך פון דער מלחמה איז ער געווען אויפן ציוניסטישן קאָנגרעס אין דער שווייץ. ער האָט מיר בקיצור דערציילט, אַז ער האָט נישט געקאָנט איבערלאָזן די משפּחה אויף הפקר, האָט ער זיך בעתן מלחמה־אויסברוך אומגעקערט קיין וואַרשע. איצט איז ער געקומען קיין ביאַליסטאָק דערליידיקן ענינים, ווייל די משפּחה געפינט זיך ערגעץ אין באַראַנאָוויטשער געגנט; ער האָט אונטערגעשריבן אַן אָפּמאַך מיטן מאָסקווער פאַרלאַג „דער עמעס" אויף אַרויסצוגעבן זיין בוך

„קאַרל מאַרקס״. בינו לבינו האָט ער מיר געמאַכט אַ ביסל קאָמפּלימענטן פֿאַר מיין האַלטונג אויף דעם שוין באַרימט־געוואָרענעם אָוונט אין ביאַליס־טאָקער שרייבער־פֿאַראיין, ווו כ׳האָב געהאַט אַ צונויפֿשטויס מיט ש. ל., אַן אָנפֿאַנגנדיקן קריטיקער, וואָס האָט זיך אַרויסגעוויזן פֿאַר אַ גוט־אַוואַנ־סירטן מוסר. עס איז דאַן געווען עפּעס אַ מאָדנע צעטומלטקייט אין גראָס־מאַנס רייד. עס האָט זיך געפֿילט, אַז דער מענטש געפֿינט זיך אין אַ גייס־טיקן היני־הער־פּלעט, לעבט איבער אַ שווערן אינערלעכן געראַנגל. מער האָב איך אים שוין אין ביאַליסטאָק נישט געזען און נישט געהערט וועגן אים.

ביז אין אַ געוויסן טאָג פֿון סוף 1941 — אין מיטל־אַזיע, אין סאַמאַר־קאַנד. אין מיין שטיבל אין דער אַלטשטאָט, איז אַריינגעקומען אַ יונגערמאַן, וועלכן איך האָב געקענט פֿון זען; געוווּסט, אַז ער איז פֿון די אינטעליגענ־טערע אַרבעטער — פֿון די פּוילישע לינקע קרייזן — און אַ ליבהאָבער פֿון דער יידישער ליטעראַטור. אַ שטאַרק איבערגענומענער האָט ער מיר דערציילט, אַז די שרייבער שלמה בערלינסקי און משה גראָסמאַן זענען היינט געקומען פֿון עפּעס אַן אוזבעקישן קאָלכאָז,ביידע אויסגעהונגערט און אָפּגעריסן. בערלינסקי איז אַוועק זוכן זיך ערגעץ אַן אָנשפּאַר און גראָסמאַן ליגט — כמעט אָן באַוווּסטזיין, מיט גאָר הויכער טעמפּעראַטור — אויף דער ערד, אין אַן אָרעם שטיבל פֿון אַ בוכאַרער ייִד. נישט געקוקט אויף מיין שלעכטן געזונט־צושטאַנד (כ׳בין געווען נאָך אַ שווערן מאַלאַריע־אָנ־פֿאַל), בין איך באַלד אַוועק מיט דעם יונגערמאַן צו גראָסמאַנען. ער האָט מיך כמעט נישט דערקענט, עפּעס געשטאַמלט. קוים מיט צרות איז מיר אין דעם שטיבל געלונגען צו פֿאַרשלעפּן אַ באַקאַנטן מעדיקער, דעם קראָ־קעווער ד״ר א. פֿרידמאַן, וועלכער האָט פֿעסטגעשטעלט: טיפֿוס, מיט אַ טאָפּלטער לונגען־אַנטצינדונג, פּליוס אַלגעמיינע דערשעפּונג פֿון אָרגאַ־ניזם. שוועך פּראָגנאָזן, — האָט געזאָגט דער דאָקטער — צי אַזאַ דער־שעפּטער אָרגאַניזם וועט בכוח זיין איבערצוהאַלטן די קראַנקייטן, יעדנ־פֿאַלס מוז מען אים תיכף אַריינגעבן אין אַ שפּיטאָל.

ווען דער ליבער דאָקטער האָט עס געזאָגט, האָט ער אַליין זיכער נישט געגלייבט, אַז דאָס וועט אונדז געלונגען. דאָס אָנקומען אין אַ שפּיטאָל —

אַפילו פאַר אָנשטעקנדיקע קראַנקע — איז געווען אַ חלום. טיפוס־עפּידע־מיע האָט געבושעוועט אין סאַמאַרקאַנד און אין דער אומגעגנט. נישט בלויז אַלע בעטן אין די געציילטע שפּיטאָלן זענען געווען פאַרנומען, נייערט אַלע דורכגענג, פאָדלעגעס, נישעס. איין קראַנקער איז געלעגן צוגעפּרעסט צום צווייטן, איינער נעבן אַנדערן, אַזוי ווי אַ שלעכט־אָרגאַניזירטע אויסשטע־לונג פון חולאים. אויסער דעם: אויף די גאַסן פון דער אַלטשטאָט זענען געלעגן קראַנקע, שטאַרבנדיקע, אָדער שוין געשטאָרבענע. קיינער האָט זיך אויף זיי נישט אומגעקוקט. גיכער האָט מען זיך שוין אומגעקוקט אויף די געשטאָרבענע, אויב זיי זענען געווען צוגעדעקט מיט אַ פּאַפּיר, אָדער אַ שמאַטע. זיי פלעגט מען מאַסנווייז אַרויפלייגן אויף די „אַרבעס" (צוויי־רעדערדיקע וואָגנס), כדי צו קאָנען דערוויילאַוועקכאַפּן דאָס פּאַפּיר, צי די שמאַטעס, מיט וועלכע זיי זענען געווען צוגעדעקט.

איך האָב אָנגעהויבן צו מאַכן פאַרצווייפלטע באַמיִונגען צו געפינען אַ פּראָטעקציע מען זאָל גראָסמאַנען אַריינגעמען ערגעץ אין אַ שפּיטאָל. כ׳בין קודם־כל אַוועק צו דער אָרטיקער אָפּטיילונג פון סאָוועטישן שרייבער־פאַראיין. דער סעקרעטאַר, אַן אוזבעק, וואָס זיין גאַנצע שרייבערישקייט איז מן־הסתם באַשטאַנען אין שרייבן באַריכטן צו דער ענקאַוועדע, האָט מיך קודם־כל געפרעגט, צי גראָסמאַן איז אַ מיטגליד פון זייער פאַראיין. זאָגן אים, אַז ער איז געווען, נאָר צוליב אַרעסט איז ער געוואָרן אויס, וואָלט באַטייט גלייך צו באַגראָבן דעם ענין. האָב איך אים געענטפערט מיט אַן אומוועג, אַז ער איז אַ מיטגליד פון פּוילישן פּען־קלוב און דער עיקר — געפערלעך קראַנק.

— מיר האָבן דער פּוילישער רעגירונג געגעבן הונדערט מיליאָן רובל, זאָל זי זיך מיט אים פאַרנעמען, — האָט מיר דער סעקרעטאַר רויִק געענט־פערט.

— די פּוילישע רעגירונג געפינט זיך אין קויבישעוו און דאָ ליגט אַ שרייבער קראַנק אויף טיפוס...

רעד צו דער וואַנט.

איך האָב געפּרוווט בעטן יִדישן שרייבער זיי זאָלן זיך פאַראינטע־רעסירן מיט גראָסמאַנס גורל: גערעדט מיטן דיכטער כאַשטשעוואַצקי, מיט

אורי פינקעל, מיט אַנדערע. אַלע האָבן זיך אָפּגעטרייסלט, ווי נאָר זיי האָבן דערהערט, אַז ס׳האַנדלט זיך וועגן גראָסמאַנען — אַ מענטש, וואָס איז נאָר וואָס אַרויס פון תפיסה. צוריקגערעדט האָבן זיי טאַקע גאָרנישט געקאָנט העלפן אויך. ווי האָט מיר געענטפערט אורי פינקעל:

— כ׳לעב קוים אַליין... אַ נאַכטוועכטער, אַליין נישט זיכער מיטן פּאָסטן.

ערשט דער דירעקטאָר פון כּאַרקאָווער יידישן מלוכה־טעאַטער, ט. לוקסענבורג, האָט מיר געראָטן:

— גייט צום נסתר. ער איז דער איינציקער, וואָס וועט אייך אפשר העלפן.

איך האָב אים געפאָלגט און — דאָס האָט געראַטעוועט גראָסמאַנס לעבן. גלייכצייטיק איז דאָס געווען דער אָנהייב פון מיין באַקאַנטשאַפט מיט דעם וווּנדערלעכן יידישן שרייבער און מענטש, דעם איידלסטן פון דער יידישער שרייבער־משפּחה אין ראַטנפאַרבאַנד — דעם נסתר.

.4

דאָ מוז איך מאַכן אַ שטיקל דיגרעסיע פון דער אייגנטלעכער טעמע און ווידמען אייניקע שורות דער ליכטיקער געשטאַלט פונעם נסתר.

ווען איך בין אַריין מיט לוקסענבורגס רעקאָמענדאַציע אין דעם נסתרס האָטעל־צימער, אין דער ניי־שטאָט, האָב איך קודם־כל געהאַט דעם איינדרוק: פּרץ. עס איז טאַקע געווען אַ סך ענלעכקייט אין דעם גרויסן שווער, אין די אַראָפּהענגענדיקע גרויע וואָנסן, עפּעס אין דער האַלטונג.

דער נסתר האָט געטראָגן אַן אַלטן טערקישן שלאַפראָק און איז געווען איינגעהילט אין קנוילן רויך פון פּאַפּיראָסן. ער האָט אויף מיר געקוקט מיט מילדע, פיינפולע אויגן פון אונטער געדיכטע ברעמען. עס האָט זיך באַלד געשאַפן ביי מיר אַן אַבסאָלוטער צוטרוי צו אים און איך האָב גערעדט אָפן, געזאָגט אַלץ, וואָס איז מיר געלעגן אויפן האַרצן.

דער נסתר האָט אויפמערקזאַם אויסגעהערט און מיט אַ זיפץ געפרעגט:

— פאַרוואָס זענט איר באַלד נישט געקומען צו מיר? דאָס זענען דאָך

מענטשעלעך, וואָס ציטערן פאַר דער אייגענער פעל. און איך בין אַן אַלטער ייִד, איך האָב שוין פאַר גאָרנישט קיין מורא...

ער האָט זיך תיכף טעלעפאָניש פאַרבונדן מיט זיין פריינד, דעם הויפּט־דאָקטער פון שטאָטישן שפּיטאָל, איבערדערציילט אים, וואָס ער האָט געהערט פון מיר וועגן גראָסמאַנס מעמד און שפּעטער מיר געגעבן אינסטרוקציעס. די אינסטרוקציעס האָבן טאַקע אויסגעזען ווילד אין מיינע אויגן, זיי האָבן זיך אָבער אַרויסגעוויזן אַלס זייער אַ גוטער אויסוועג:

— נעמט מיט נאָך עמעצן אייער קראַנקן חבר אויף אַ וועגעלע, פירט אים אַוועק צום שטאָטישן שפּיטאָל און לאָזט אים פּשוט ליגן אויף דער גאַס, וואָס נעענטער צום שפּיטאָל־אַריינגאַנג. טוט עס מאָרגן באַלד אין דער פרי. דער הויפּט־דאָקטער וועט אים זען ליגן אויף דער גאַס, וועט ער אים אונטערזוכן און אַזוי אַרום קאָנען אַריינעמען אין שפּיטאָל אַריין.

זעענדיק מיין פאַרוואונדערונג, האָט ער צוגעגעבן:

— האָט צוטרוי און גלייבט מיר, אַז דאָס איז די איינציקע מעגלעכקייט. דערנאָך קומט גלייך צו מיר, וועל איך אייך שוין זאָגן, ווי ס׳האַלט מיט דעם ענין.

איך האָב אים, פאַרשטייט זיך, געפאָלגט און מיט דעמזעלבן פּוילישן בחור, וואָס איז צו מיר דער ערשטער געקומען וועגן גראָסמאַנען (ער איז איינציקע יאָר שפּעטער געוואָרן גראָסמאַנס שוואָגער — זיי האָבן ביידע חתונה געהאַט מיט צוויי שוועסטערס), האָבן מיר דעם קראַנקן אַוועקגעפירט און „אונטערגעוואָרפן" פאַרן שפּיטאָל.

ווען איך בין צוריקגעקומען צום נסתר, האָט ער מיט שמחה דערציילט, אַז גראָסמאַן האָט שוין אַ בעטל אויפן קאָרידאָר פון שפּיטאָל; זיין מצב איז טאַקע זייער אַ שווערער, אָבער דער דאָקטער זאָגט צו אַלץ צו טאָן, כדי אים צו ראַטעווען.

דער נסתר האָט מיך דערנאָך פאַרהאַלטן און געבעטן כ׳זאָל אים דערציילן וועגן באַקאַנטע פון פּוילן, דער עיקר — שרייבער; וועגן זייער לעבן און וועגן ייִדישן לעבן אין פּוילן בכלל. ער פלעגט מיר בלויז פון צייט צו צייט איבעררייסן די דערציילונג מיט אַ „באמת?", „פאַנטאַסטיש". וואָס מער איך האָב אים דערציילט, אַלץ מער „פאַנטאַסטיש" איז עס געווען פאַר

אים. צום סוף האָט ער מיך געבעטן איך זאָל עפּטער צו אים אַריינקומען. ער האָט מיך נישט באַדאַרפט אַ סך צו בעטן. אויב ס'האָט מיך נאָר נישט אָנגעכאַפּט קיין אָנפאַל פון מאַלאַריע, האָב איך זיך מיט פרייד געשלעפּט אין דער נייער שטאָט פון „כודזשים", כדי צו שמועסן מיטן נסתר.

געוועזן בין איך מיט אים אינגאַנצן אָפנהאַרציק. איך האָב אים אויך געשטעלט דראַסטישע פראַגן, אַפילו געפרעגט וועגן קולבאַקן. ער האָט מיט אַ טיפן פיין געענטפערט — מיט פאַנאַנדערגעמען די הענט, ווי איינער זאָגט: „איך ווייס גאָרנישט". דערביי בין איך געוואָויר געוואָרן, אַז ער אַליין איז אַ קרבן פון 37סטן יאָר (זיין זון). כ'האָב געזען וויפל ווייטיק עס פאַר־שאַפט אים דאָס דערמאָנען די ענינים. האָב איך שוין בעת די ווייטערדיקע צוזאַמענטרעפן — און אין טאַשקענט, ווו כ'האָב אים געטראָפן חדשים שפּע־טער (ער איז אַהין אַריבערגעפאָרן צום מאָסקווער יידישן מלוכה־טעאַ־טער) — נישט געפרעגט מער וועגן דעם. סיי־ווי איז דער נסתר שוין גע־וואָרן מיין איינציקער און אַלייניקער אַדרעס פאַר פאַרשידענע קהלישע צרות און זאָרגן, וועלכע איך האָב אַליין אויף זיך גענומען בעת מיין זיין די מלחמה־יאָרן אין ראַטנפאַרבאַנד. און נישט אין איין זאַך האָט ער מיר ממשותדיק געהאָלפן, אָדער ריכטיקער — געהאָלפן די, פאַר וועמען איך האָב זיך געמיט.

די דאָזיקע שורות מזכיר צו זיין דעם נסתר בעטן זיך באַזונדערס, אין פאַרבינדונג מיט משה גראָסמאַנען. ראשית, ווייל אים, דעם נסתר, האָט גראָסמאַן געהאָט אין אַ גרויסער מאָס צו פאַרדאַנקען די ווייטערדיקע צוואַנ־ציק יאָר פון זיין לעבן; והשנית — ווייל זייענדיק אַפּנים שלעכט אינפאָר־מירט, האָט גראָסמאַן אין זיינע זכרונות וועגן יענע טעג נישט גאָר פּינקט־לעך איבערגעגעבן דעם נסתרס רייד און רעאַגירונג אויף מיין ערשטער ווענדונג צו אים.

.5

צי דאַרף מען באַשרייבן דעם מעמד, אין וועלכן גראָסמאַן איז אַרויס פון שפּיטאָל — אַ דאַנק דער פּענאָמענאַלער אויסהאַלטעוודיקייט פון זיין אָרגאַניזם און דער גרויסער זאָרג, וואָס עס האָט אַרויסגעוויזן דעם נסתרס

באַקאַנטער דאָקטער? — דאָס וואָלט געקאָנט שאַפן דעם איינדרוק, אַז עס ווערט דורכגעפירט אַ פאַרגלייך, צווישן די וואָס זענען געראַטעוועט גע־וואָרן פון די היטלעריסטישע פאַרניכטונג־לאַגערן און מענטשן, וועלכע זע־נען אַרויס פון אַ סאָוועטישן שפּיטאָל. און דאָס וואָלט געווען אומגערעכט — כאָטש די אויסערלעכע סימנים זענען כמעט געווען די זעלבע. ווייל גראָס־מאָן איז אַרויס פון שפּיטאָל אַ „מוסולמענער" (לויט דער לאַגער־טערמי־נאָלאָגיע) און ס'איז פאַר אַ גרופּע זיינע פריינד געשטאַנען די פראַגע: ווי אַזוי העלפט מען אים ער זאָל אויף אַן אמת קאָנען אויפהאַלטן דאָס געראַ־טעוועטע לעבן?

אין שייכות דערמיט דערמאָנט זיך אַ קאָמישער עפּיזאָד, וואָס איז געווען כאַראַקטעריסטיש פאַר דער דעמאָלטדיקער סאָוועטישער ווירק־לעכקייט און פאַר אַ געוויסער קאַטעגאָריע סאָוועטישע מענטשן.

קודם־כל האָט מען באַדאַרפט פאַרזיכערן דעם רעקאָנוואַלעסצענט ער זאָל האָבן ברויט צו דער זעט. צוליב דיזעלביקע טעמים האָבן מיר אין יע־נער צייט — דורך פאַרשידענע באַקאַנטשאַפטן — דערליידיקט אַן אַרבעט אין אַ בעקעריי. אַ יונגן וואַרשעווער געזעלשאַפטלעכן טוער און זון פון דעם באַקאַנטן זשורנאַליסט, רעדאַקטאָר פון „היינט", אברהם גאָלדבערג, דעם אַדוואָקאַט יוסף גאָלדבערג, דעם שפּעטער טרויעריק־באַרימט־געוואָ־רענעם פּולקאָווניק יאַצעק רוזשאַנסקי פון דער פּוילישער זיכערקייט. ער איז אויך געקומען פון אַ קאָלכאָז אַן אויסגעהונגערטער און קראַנקער — מיט אַ קראַנק קינד אָלס צולאָג. נאָך אייניקע וואָכן אַרבעטן אין דער בע־קעריי איז ער דיק געוואָרן — נישט צום דערקענען. אויך זיין פאַמיליע האָט זיך גיך געשטעלט אויף די פיס. ברויט, דאָס ליימיקע, שוואַרצע, מיט דער טייוול ווייסט וואָס געמישטע, איז געווען אַ לעבנס־פראַגע. גראָסמאַנען, אין זיין מעמד, וואָלט מען נישט צוגענומען צו אַרבעטן אין אַ בעקעריי (אגב — האָבן זיך אַזעלכע אַרבעטן נישט געוואַלגערט אין די גאַסן...). האָבן מיר מיט דער הילף פון אַ פריינד, אַ וואַרשעווער „שומר", מ. לאָופּ־גאָס (איצט — מאַלופי, פאָרזיצער פון דער ראַיאָן־מוניציפּאַליטעט יבניאל), געוואָנדן זיך צו אַ דירעקטאָר פון אַ ברויט־מאַגאַזין, וועגן וועלכן מען האָט אונדז דערציילט, אַז ער איז פריינדלעך צו די פּוילישע פּליטים (נישט אַלע

סאָוועטישע ייִדן־פּאַרטייער זענען געווען אַזוי) מיט דער בקשה ער זאָל גראָסמאַנען אַרויסגעבן צום פּאַרקויפן אַביסל פון דעם ברויט, וואָס „בלייבט" ביים דירעקטאָר. דאָס איז געווען כמעט אַ לעגאַליזירטע גנבה, — אַלע דירעקטאָרן פון ברויט־מאַגאַזינען האָבן געהאַט צו פאַרקויפן ברויט, וואָס איז „געבליבן" — מען האָט בלויז באַדאַרפט אַ פאַרקויפער, צו וועלכן מען קאָן האָבן צוטרוי, אַז ער וועט נישט מסרן. האָבן מיר גאַראַנטירט פאַר גראָסמאַנען און אַריינגעשאַצט אין נדן: אַ ייִדישער שרייבער.

— אַ שרייבער? — האָט זיך דערפרייט דער דירעקטאָר. — איז ער אויך אַ וויצלער?

מיר האָבן נישט געוווסט ווי אַזוי צו ענטפערן ס'זאָל זיין לטובה. דער דירעקטאָר האָט אונדז אָבער באַלד קלאָר־געמאַכט:

— ס'איז דאָ אַ באַקאַנטער סאָוועטישער שרייבער, פּושקין, איז ער אַ גרויסער וויצלער. אויב אייער שרייבער איז אַזאַ וויצלער, ווי פּושקין, וועט ער ביי מיר האָבן אַ גוט לעבן...

מיר האָבן אים מיטן גרעסטן ערנסט אויסגעהערט און צוגעזאָגט, אַז ער קאָן זיין ווי פּושקין, מעג אַפילו פּושקין ווערן אַ „סאָוועטישער שרייבער". מילא, אַבי גראָסמאַן האָט אַ געוויסע צייט געהאַט ברויט צו דער זעט.

אָבער דאַן האָט שוין אָנגעהויבן צו בושעווען גראָסמאַנס שנאה צום ראַטנפאַרבאַנד. דאַן האָט אויך משה גראָסמאַן, דער פאַרברענטער אפּיקורס, אָנגעהויבן צו ווערן שטאַרק רעליגיעז. די איבערגעלעבטע פּיין פון תפיסות און לאַגערן, די קראַנקייטן — דאָס האָט אַרויסגערופן ביי אים אַזאַ רעאַקציע. און אפשר איז זי געקומען צוליב דער געדאַנקלעכער אויפטרייסלונג, ווי ביי אַן אַנדער שרייבער, אַן אַפּיקורס, מרדכי אַלער, וועלכער איז שוין אין סאַמאַרקאַנד געווען מיט באָרד און פּיאות, געלערנט אין ישיבה.

מיר איז נישט געווען צום האַרצן זיין פרומקייט־רעצידיוו און שוין לגמרי האָב איך נישט געקאָנט פאַרטראָגן זיין אַנטי־סאָוועטישן פּאַראָקסיזם. וויפל איך האָב זיך נישט באַמיט אים צו וואָרענען, אַז זיין רעדן קאָן זיך שלעכט ענדיקן — האָט ער זיך געהאַלטן ביי זיינס. ער איז געבליבן לעבן

בלויז כדי דאָס אַלץ צו דערציילן. דאַן אָט אַפּנים איז שוין געבוירן געוואָרן דער געדאַנק וועגן „לאַנד פון לעגענדאַרן דזשוגאַשווילי".

און נישט בלויז רעדן — ער האָט ביי יעדער געלעגנהייט געשריבן דאָס זעלבע. פאַרשטייט זיך — פּריוואַט געשריבן, אין בריוו. אָבער ווער עס ווייסט אַביסל וועגן דער אַרבעט פון ענקאַוועדע־צענזור, פון אַלע אירע פּראָפעסיאָנעלע און נישט־פּראָפעסיאָנעלע אַגענטן, וועט פאַרשטיין, ווי גרויס די סכנה איז געווען.

איך האָב אים אין בריוו פון פרונזע, — ווו איך האָב זיך שוין געפונען נאָך מיין באַפרייונג פון „טרוד־פראָנט" און נאָך דער סיבירער וואַנדערונג — געוואָרנט וועגן די סכנות, וואָס ער ציט אַרויף אויף זיך און אויך אויף אַלע, מיט וועמען ער שטייט אין קאָנטאַקט, עס האָט אָבער נישט געהאָלפן. ער האָט ווייטער גערעדט און געשריבן, ביז ער איז אויפסניי אַריין אין תפיסה, אין סאַמאַרקאַנד. ווייזט אויס, אַז דער בעכער פון זיינע ליידן איז נאָך נישט געווען איבערפולט.

.6

באַגעגנט האָבן מיר זיך ווידער — נאָך דער מלחמה — אין לאָדזש. גראָסמאַן איז דאַן געווען סעקרעטאַר פון יידישן ליטעראַטן־פאַראיין, אָפּן גערעדט וועגן פאָרן קיין א"י (אין יענער צייט איז עס נאָך אַפילו נישט געווען געפערלעך), וועגן אַ הערצל־ראָמאַן, וואָס ער וויל שרייבן, אָדער אפשר — וועלכן ער אַרבעט שוין. פּלוצלינג נעמט ער מיך אַוועק אין אַ זייט און כאַפּט אַריין אַ פאַרטרוילעכן שמועס מיט מיר: צי האָב איך בדעה צו בלייבן אין פּוילן? אויב יאָ — איז בעסער מיר זאָלן זיך האַלטן פון דער ווייטן. ער פאָרט בקרוב אַוועק. דאָס אַלץ, וואָס ער האָט מיר דערציילט אין מיטל־אַזיע; דאָס אַלץ, וואָס האָט אין אים דאַן געברויזט און געבלוטיקט — דאָס אַלץ וועט ער אָנשרייבן. איז בעסער פאַר מיר זאָלן זיין פון דערווייטנס.

דערמיט איז ער טאַקע גערעכט געווען. ער האָט אָבער פאַרגעסן, שרייבנדיק זיין „דזשוגאַשווילי", אַז די פאַראינטערעסירטע מענטשן קאָנען זייער לייכט דעשיפרירן קריפּטאָמינען און נעמען־קירצונגען. ער האָט

אויף אַזאַ אופן מיך אייניקע מאָל דערמאָנט צום גוטן — לויט אים — נישט אָפּגעבנדיק זיך קיין חשבון, וויפל שלעכטס ער קאָן מיר אָפּטאָן דערמיט.

דערפאַר, ווען איך בין פון פוילן געקומען קיין ישראל אַלס טוריסט, האָט גראָסמאַן, וועלכער האָט דאַן אָנגעהויבן אַרויסצוגעבן „היימיש", מיך געפרעגט, צי זאָל ער זיין אָפּגעהיט שרייבנדיק וועגן מיר. ערשט ווען איך בין שוין געקומען זיך באַזעצן אין ישראל, האָט ער זיך אויסגעלאָדן מיט זיין האַרציקער באַגריסונג אויפן קבלת־פּנים־אָוונט, וועלכן ער האָט מיר פּראַקטיש איינגעאָרדנט אין יידישן שרייבער־פאַראיין אין תל־אָביב.

ס'איז פאַר מיר אַ נחת געווען צו זען, ווי גראָסמאַן האָט אויפגעבליט אין ישראל. דער עיקר — צוליב „היימיש". דער זשורנאַל איז געוואָרן אַ פּאָזיציע, אַן אינסטיטוציע. ס'איז געוואָרן אַ בריק, וואָס האָט פאַרבונדן כמעט די גאַנצע יידישע וועלט. גראָסמאַן האָט זיך אין דער אַרבעט אויסגעלעבט מיט דער פולער ברוסט: אַלס פּאָלעמיסט, פּאַמפלעטיסט, כראָניקער פון יידישן קולטור־שאַפן אין גאַר דער וועלט און טאַקע אַלס שרייבער. איך האָב אַפילו געהאַט טענות: צו וואָס זיין דאָן־קיכאָטישער קאַמף מיט ווינט־מילן אין זיינע געוויסע אַרויסטריטן?

דערויף האָט ער מיר געענטפערט:

— אַנדערש קאָן איך נישט. מיין גאַנץ לעבן אַזוי.

דאָס איז געווען דער אמת. אַ גאַנץ לעבן האָט אין אים געברענט אַן אינערלעך פייער, וואָס האָט אים נישט געלאָזט רוען אויף לאָרבערס, בלויז געניסן פון דערפאָלגן. און אַפילו איצט, ווען ער איז געווען גוט סיטויִרט, דערוואָרבן זיך אַ פּאָזיציע און אָנזען, האָט ער בשום־אופן נישט געוואָלט, אַז דאָס זאָל זיין אויפן חשבון פון איינשטילן דאָס פייער. דערווייל האָט די שווערע קראַנקייט געמאַכט אַן אַלץ שטאַרקערע פאַרניכטונג אין אָרגאַניזם. מען קאָן שוין נישט פאַרשטיין, וואָס ער רעדט — ער וויל דערמיט נישט שלום־מאַכן און רעדט ווייטער.

איך בין געווען ביי אים קורץ פאַר זיין טויט. ער איז אַרומגעלייגט געווען מיט בערג פּאַפּירן: קאָרעקטורן, כתב־ידן, גאַטיצן, אויסשניטן. ער האָט אויך קיין מינוט נישט געוואָלט צולאָזן דעם געדאַנק, אַז דאָס איז דער לעצטער נומער „היימיש", וואָס ער רעדאַגירט, אַז אויך דעם נומער וועט

ער שוין נישט באַווייזן צו פֿאַרענדיקן. אויך איך האָב נישט געוואָלט צולאָזן דעם געדאַנק, אַז אין דעם נומער „היימיש" וועל איך דאַרפֿן אָנשרייבן אַ נעקראָלאָג וועגן אים. אָבער אַן אומדערטרעגלעכע פּיין איז עס פֿאַר מיר געווען — דאָס רעדן מיט אים. איך האָב אים נישט געוואָלט באַווייזן, אַז איך פֿאַרשטיי נישט קיין וואָרט וואָס ער רעדט און אויף דער מערהייט זיינע פֿראַגן געענטפֿערט סתם אין דער וועלט אַריין. ער ווידער האָט זיך נישט אָנגעשטויסן, אַז איך פֿאַרשטיי אים נישט, נייערט געמיינט, אַז איך ענטפֿער נישט צו דער זאַך צוליב אַ קראַנקייט, וואָס האָט מיך שוין דאַן געמאַטערט און נישט געוואָלט מיר דאָס אַרויסווייזן. מיר האָבן זיך געזעגנט צום לעצטן מאָל, אָנווינטשנדיק זיך קעגנזייטיק אַ גיכע רפֿואה.

זיין ווינטשעניש איז מקוים געוואָרן. מיינע — ליידער נישט.

חול המועד סוכות 1961 איז ער אויסגעגאַנגען אויפֿן וועג אין שפּיטאָל אַריין.

# מיכאל קליין

.1

אַליין אַן ערנסט קראַנקער, בין איך אַוועק אויפן בית־עולם קרית־שאול, מספיד צו זיין מיכאל קליינען ביי זיין אָפענעם קבר. איך האָב נישט געקאָנט אָפּזאָגן דעם לעצטן חסד דעם עלטסטן יידישן אַקטיאָר פון פוילן, דעם „סעניאָר פון דער יידישער אַקטיאָרן־משפחה".

אָט דער טיטל איז אים שטאַרק געפעלן געוואָרן, מיכאל קליינען. אפשר נישט ווייניקער ווי אין די יונגע יאָרן, ווען מען פלעגט אים אַנאָנסירן מיט גרויסע אותיות אויף רוסיש: „די באַרימטע שיינקייט („קראַסאַוויעץ"), דער ליבלינג פון עולם, דער באַוווּסטער אַרטיסט און זינגער מיכאל קליין" (אַזאַ אַפיש האָט זיך געפונען אין אסתר־רחל קאַמינסקאַ טעאַטער־מוזיי ביים „יִוואָ", אין ווילנע).

קיין „קראַסאַוויעץ" האָט ער קיינמאָל נישט געמוזט זיין, לויט מיינע באַגריפן. אָבער אַ ליבלינג פון עולם איז ער טאַקע געווען. נישט צוליב דער שיינקייט — אין יענע יאָרן זענען אויף די יידישע בינעס געווען אַ סך אמתע מענער־שיינקייטן; נישט צוליב דער אַקטיאָרישקייט, ווייל אַז מען האָט אָנגעהויבן וועגן דעם צו רעדן, איז מען גלייך אַריבער אויף זיין גע־זאַנג... און נישט צוליבן זינגען, ווייל ער האָט בלויז געהאַט אַ שטאַרק קול, דאַקעגן זענען דאַן אין יידישן טעאַטער געווען אַן אַ צאָל געבוירענע זינגער־טאַלאַנטן, מנגנים מיט זיסע שטימען און אומבאַגרענעצטע מאָדולאַציע־פעיִקייטן, ובכן: צוליב וואָס איז ער געוואָרן דער ליבלינג? — מן־הסתם צוליב אַלץ צוזאַמען. צוליב דער אייגנאַרטיקער קאָמפּאָזיציע, דעם באַזונ־דערן צוזאַמענשטעל פון אַ יידישער טעאַטער־דערשיינונג, וואָס האָט גע־טראָגן דעם נאָמען מיכאל קליין. און אפשר אויך צוליב דעם אויסערגע־וויינלעכן טעמפּעראַמענט, וואָס דער מענטש האָט פאַרמאָגט און וועלכן ער

האָט איינגעהיט ביזן לעצטן טאָג פון זיין לעבן, ביז אין זיין טיפער עלטער.

ווי אַלט איז ער געווען? — דאָס האָט קיינער נישט געוווּסט גענוי. יש אומרים, אַז ער איז געשטאָרבן ביי די 80 יאָר. לויט די דאָקומענטן, וועלכע איך האָב בשעתו ביי אים געזען (ער פלעגט זיי שטענדיק באַהאַלטן און באַזונדערס אייפעריק געהיטן דאָס בלעטל, ווו ס'זענען געווען אויפ־געשריבן די יאָרן), איז ער אַלט געווען 75 יאָר. אַז מען איז שטאַרק צו אים צוגעשטאַנען, האָט ער זיך געהאַלטן מער־ווייניקער ביי די יאָרן, כאָטש ער האָט עס קיינמאָל נישט געוואָלט מודה־זיין: „וואָס איז דער חילוק? סיי־ווי בין איך דער עלטסטער אַקטיאָר, דער סעניאָר". אָבער, אַז די דאָקומענטן זענען געווען איבערגעמאַכטע, דאָס אונטערליגט נישט קיין ספק. ס'האָט געקאָנט זיין אויף מער און ס'האָט געקאָנט זיין אויף ווייניקער. אויף מער — צוליבן פריזיוו אין די צאַרישע צייטן, אויף ווייניקער — צוליב טעאַטער־דירעקטאָרן און אויסלענדישע אימפּרעסאַריאָס, וועלכע פלעגן זיך שרעקן פאַר אַ באַיאָרטן פּאָס — אומאָפּהענגיק ווי דער בעל־הפּאָס האָט אויסגעזען און געהאַלטן זיך.

און אויסגעזען האָט קליין שטענדיק אונטער זיינע יאָרן. אונטער די וואָס אין פּאָס און אונטער די אמתע — אַוודאי און אַוודאי. קורץ פאַרן טויט האָבן נאָך זעלטענע גרויע האָר זיך אַדורכגעפלאָכטן אין זיין טשופּרינע — טאַקע נישט קיין געדיכטע, אָבער אַ גאַנץ יוסטע, וואָרצלדיקע. צי דערפאַר ווייל ער איז געווען אַ העלער שאַטין און ס'האָט זיך ווייניק אָנגעזען די גרויקייט? מן־הסתם נישט. ווייל ביי די שלייפן האָט מען זי בולטער אָנגעזען. אויך דאָס פּנים האָט נישט דערציילט פון זיינע יאָרן, אויסגעזען אַ סך יונגער, טראָץ צאָלרייכע שווערע יאָרן פון וואַנדער און וואָגלעניש, איבער רעוואָלוציעס און מלחמות. אייביק היימלאָז און אָן אַ משפּחה, אַן „אייזער־נער קאַוואַליר". מען האָט זיך אַפילו געוויצלט, אַז אַ דאַנק דעם קאָנסער־ווירט ער זיך אַזוי גוט, ער האָט נישט ווער ס'זאָל אים פאַרקירצן די יאָרן... אָבער איך וויס, ווי געקלאָגט ער האָט אויף דער איינזאַמקייט זיינער, ווי זי איז אים שווער געפאַלן, אָבער גובר זיין זי האָט ער נישט געקאָנט. דער עיקר צוליבן טעאַטער, ווייל דאָס איז געווען דער תמצית פון זיין לעבן. אין וואָס פאַר אַ פאָרעם ס'זאָל נישט זיין, וואָס פאַר אַ מין טעאַטער —

אַבי דערשיינען פאַרן עולם, פילן דעם אַטעם פון עולם; גלייבן — אָדער איינרעדן זיך, אַז דער עולם איז פאַרקוקט אין אים, פאַרצוקט אים ממש, שלינגט זיין יעדעס וואָרט, וואָס האָט געקלונגען האַרטלעך, זיין יעדע האַ־מעטנע באַוועגונג און יעדן קרום פון זיין נישט צו־באַוועגלעך פּנים.

און ער האָט אויפריכטיק געגלייבט אין דעם אומבאַגרענעצטן כוח פון זיין פּנים. ווען מיר האָבן, נאָכן צוריקקומען פון אידאַ קאַמינסקאַ קיין פוילן פון מאָסקווע, געהאַט אַ גרויסע באַראַטונג וועגן די פראַגן פון טעאַ־טער אין צענטראַל־קאָמיטעט פון די ייִדן אין פוילן — איז מיכאל קליין אַרויס מיט אַ „שווערער באַשולדיקונג" קעגן דעם לייטער פון לאָדזשער טעאַטער — משה ליפּמאַן; ווען אידאַ קאַמינסקאַ איז צום ערשטן מאָל גע־קומען זען ביי זיי אַ פאַרשטעלונג, האָט אים ליפּמאַן געגעבן צו שפּילן „אַ ייִד מיט אַ בלעכענער באָרד". דאָס האָט פאַרשטעלט זיין קליין, קאָנקורענצ־לאָז בינע־פּנים... ער האָט הייליק געגלייבט, אַז ליפּמאַן איז באַגאַנגען קעגן אים אַ שרעקלעכע עוולה; נאָכמער — אַן עוולה קעגן טעאַטער. און שוין דאַן האָט קליין געמוזט זיין ווייט איבער די זעכציק.

אייניקע יאָר שפּעטער, ווען איך האָב אים אין נידערשלעזישן ייִדישן טעאַטער געגעבן צו שפּילן אין פּרץ הירשביינס „שמידס טעכטער" אַ ייִדן מיט אַ באָרד (נישט מיט קיין „בלעכענע", חלילה, נאָר מיט אַ קורץ בערדל), האָט ער מיך אָנגעקוקט מיט אַן אומענדלעכן טרויער אין די אויגן: נישט שוין־זשע וויל איך אים טאָקע „איינשפּאַנען" אין אַ באָרד? — דאָס איז פאַר אים געווען אַ גרויסע טראַגעדיע.

שוין אין ישראל, ווען איך האָב אים געפרעגט, ווי ס'גייט אים, האָט ער מיר האַלב אין שפּאַס, האַלב אין ערנסט געענטפערט:

— ביסט שוין צופרידן: איך שפּיל ייִדן מיט בערד אויך... אַז מען פאַרגינט מיר נישט מיין אייגן פּנים.

ער פלעגט זיך אַפילו פאַרקלענערן די גרויס פון זיינע יובילייען. נאָך פאַרן אַוועקפאָרן פון פוילן, האָט ער געוואָלט פייערן זיין 35־יאָריקן בינע־יובילײ. זאָג איך אים:

— אין 1907 ביסטו דאָך שוין געווען אַ פּאָפּולערער אַקטיאָר אין וואַר־שע. י. ל. פּרץ האָט דיך דערמאָנט אין רעצענזיעס...

—אַזוי? פּרץ? זעסטו... נו, זאָל זיין אַ פערציק־יאָריקער יובילײ.
און ער האָט דאָך שוין געשפּילט טעאַטער נאָך אין 1905. אַנדערע זאָגן — נאָך פריִער. אָבער פון אים אַליין איז שווער געווען צו דערגיין. דאָס איז געווען זיין סוד. גראָד ווי זיין סוד איז געווען דאָס אויסערגעוויינלעכע קאָנסערווירן זיך.

.2

ער האָט זיך זייער ווייניק געביטן זייט איך האָב אים געזען אַרום 1920, נאָך זיין צוריקקומען פון רוסלאַנד, ביזן יאָר 1961, ווען כ׳האָב אים צום לעצטן מאָל געזען הינטער די קוליסן פון אַ תל־אָביבער טעאַטער. ער האָט נאָך געשפּילט, כאָטש דער קאַנסער האָט אים שוין אויפגעריסן די געדערים.

איין צייט איז בלויז געווען ווען ער האָט זיך שטאַרק געהאַט געביטן. אָבער דאָס איז געווען אַ ספּעציעלע צייט:

פרילינג 1942, אין מיטל־אַזיע, סאַמאַרקאַנד. טויזנטער און טויזנטער פּליטים האָבן געגעסטיקט אין פינצטערע לעכער פון דער אוזבעקישער אַלטשטאָט „כודזשום". קליין האָט דאָרט געוווינט כמעט אין שכנות מיט מיר. מיך האָט דאַן געפּייניקט אַ שווערע קדחת, די אַזוי־גערופענע „דריי־טאָגיקע מאַלאַריע". קליין פלעגט אַמאָל אַריינקומען צו מיר, אַ זיפּך־געטאָן און אַנטרינען געוואָרן. אים איז אויך נישט צו גוט געווען, איז אים נאָך שווערער געווען צוצוקוקן יענעמס ליידן.

אין סאַמאַרקאַנד האָט געבושעוועט אַ טיפוס צווישן די פּליטים. די שפּיטאָלן זענען געווען איבערפולט. מענטשן האָבן געקרענקט אויף די גאַסן, געשטאָרבן אויף די גאַסן. וואָכנלאַנג האָט זיך קליין צו מיר נישט געוויזן. נאָר קיינער האָט זיך דאַן מיט אַזעלכע זאַכן נישט איבערגענומען: אַ נאָרמאַלע דערשיינונג. און אַז ס׳איז דערגאַנגען אַ ידיעה וועגן עמעצנס טויט, איז מען אָפטמאָל אָפּגעקומען מיט אַ „ברוך דיין אמת" — און ווייטער גע־ווען פאַרטאָן אין די אייגענע צרות.

איינמאָל ברענגט מען מיר אַ בריוול פון אַ שפּיטאָל, ווייט הינטער דער נייער שטאָט. אַ בריוול פון מיכאל קליינען. ער איז נאָך אַ טיפוס, דאַרף

פאַרלאָזן דעם שפּיטאָל. די קליידער האָט מען אים צוגעגנבעט. ער בעט איך זאָל אים עפּעס ברענגען, ער זאָל נישט מוזן נאַקעט אַרויס פון שפּיטאָל.

ווען איך בין אַריינגעקומען אין שפּיטאָל מיט אַ פּעקל שמאַטעס און אַ פלעשל מילך, האָט מען מיך אַריינגעפירט אין אַ וואַרט־צימער, ווו ס׳איז געזעסן אַ מענטש אין צעריסענע שפּיטאָל־תחתונים. איך האָב אים נישט דערקענט: אויסגעדאַרט, דאָס פּנים געשוואָלן, אינגאַנצן אין מכות, די אויגן ממש פאַרקלעפּט פון געשווילעכץ, דער קאָפּ אָפּראַזירט. לויטן געוויין האָב איך ערשט דערקענט מיכאל קליינען.

אין משך פון געציילטע וואָכן איז ער מיטן כוח פון זיין איבערמענטש־לעכער וויטאַליטעט געקומען צו זיך, צוריק באַקומען זיין אייגן פּנים. עס זענען בלויז פאַרבליבן די העפטן פון די שרעקלעכע מכות, וואָס ער האָט געהאַט.

ער האָט מיר דאַן געשוואוירן, אַז ביז טויט וועט ער מיר דאַנקבאַר זיין, ווייל איך האָב אים כלומרשט צוריק אומגעקערט צום לעבן. און אומ־געקערט צוריק צום לעבן האָבן אים די פאַרבאַרגענע פאַנטאַסטישע לעבנס־כוחות, וואָס האָבן אין אים געשטעקט. דאָס האָט פון אים אויך אַרויסגע־קוואָלט סיי אין לעבן, סיי אויף דער בינע. דאָס איז געווען זיין אייגנטלעכער כוח.

אין סאַמאַרקאַנד האָט זיך קליין געריסן: „שיקט מיך צום האָפּקאָם (געמיינט — „אָבקאָם״, געמיינט קרייז־קאָמיטעט) פון דער פּאַרטיי, איך וועל שוין אַלץ דערליידיקן!״. ער האָט פאַרמאָגט אַן אויסערגעוויינלעכע פעיִקייט צו ממיתן שפּראַכן און צו פאַרדרייען נעמען פון מענטשן, פון אינסטיטוציעס, פון שטעט. אַ באַרג מיט קוריאָזן זענען פאַראַן אין שייכות דערמיט. אָבער דאָס אַלץ איז נישט וויכטיק. אַ פאַקט איז, אַז אָן שפּראַך (אָדער מיט פאַרדרייטע שפּראַכן) און וויסן, האָט ער געקאָנט אָנשפּאַרן, ווו קיינער האָט קיין דריסת הרגל נישט געהאַט, דערשלאָגן זיך צו עפּעס בעסערס, ווי ווער עס איז.

אין אַזעלכע פאַלן פלעגט ער תמיד דערציילן, ווי אַזוי ער האָט אסתר־רחל קאַמינסקאַ מיט איר טרופּע אַרויסגעשלעפּט קיין ווילנע פון ראַטנ־פאַרבאַנד, וואָס האָט זיך דאַן געטרונקען אין בלוט פון בירגער־קריג. ער

האָט אָנגעשפּאַרט צו די װיכטיקסטע קאָמיסאַרן, געװען אַזש בײַ לונאַ־טשאַרסקין און האָט זײַנס דורכגעזעצט: געקריגן אַ דערלויבעניש פאַר דער טרופּע אַװעקצופאָרן. „װער נאָך װאָלט עס באַװיזן אַחוץ מיר?״.

ער האָט שטאָלצירט, אַז ער האָט געהערט צו דער אסתּר־רחל־גװאַר־דיע, געװען קלאַראַ יאָנגס פּאַרטנער, געשפּילט „ליטעראַריש טעאַטער״ מיט אידאַ קאַמינסקאַ און זיגמונט טורקאָװ, געװען אין מלוכה־טעאַטער.

װעגן זײַן שפּילן אין מלוכה־טעאַטער — אַ קלײנער עפּיזאָד, װעלכן ס'איז כדאַי צו פאַרצײכענען: סוף 1940 האָט מען אָנגעהויבן צו רעדוצירן דעם גרויסן אַנסאַמבל פון ביאַליסטאָקער יידישן מלוכה־טעאַטער. אַלס פּאָרזיצער פון פּראָפעסיאָנעלן ראַט בין איך אַװעק אין קונסט־מיניסטעריום קיין מינסק, כדי צו אינטערװענירן אין דער פראַגע. דער עיקר איז מיר געגאַנגען װעגן אײניקע עלטערע אַקטיאָרן, װעמען ס'האָט געדראָט די רע־דוקציע. אין װײַסרוסלאַנד איז דאַן געװען אַ קונסט־מיניסטאָרין, אַ יידישע פרוי, פעני איסאַקאָװנאַ דאַדיאָמאָװאַ. זי איז טאַקע געװען די פרוי פון אַ גענעראַל, אַ װײַסרוס, אָבער זי האָט זיך געהאַלטן זײער יידישלעך (אַפילו אַרײַנגעװאָרפן יידישע זאַצן אין שמועס) און דאָס מיניסטאָרן־בענקל האָט איר נישט געהאַט פאַרדרייט דעם קאָפּ. װען ס'איז אַרויסגעשװוּמען די פראַגע פון קליינס רעדוקציע, האָב איך איר אויפגעװיזן, אַז ער איז שוין עטלעכע און דרײַסיק יאָר אויף דער בינע, ער קאָן זיך נישט איבערקװאַליפיצירן אַאַז״װ. דערויף האָב איך באַקומען אײן ענטפער: אַ מלוכה־טעאַטער איז נישט קײן פילאַנטראָפּישע אינסטיטוציע, נישט קײן מושב־זקנים. דאַדיאַ־מאָװאַ האָט אַרגומענטירט זאַכלעך, אָבער ברוטאַל. און װען כ'האָב געזאָגט, אַז ס'איז פאָרט אַ שאָד: אַן אַלטער אַקטיאָר, אַן אָרנטלעכער מענטש, — האָט זי מיר איבערגעריסן:

— אָרנטלעכער מענטש? אַזאַ אַמט איז אין טעאַטער נישטאָ, לויט אונ־דזער קאַדרען־צעטײלונג...

און ס'איז מיר קוים מיט צרות געלונגען אָפּצושרײַען די גזירה. אָבער אויף אַ קורצער צײַט: ס'איז פאָרגעקומען היטלערס אָנפאַל, אונדזער עװאַ־קואַציע, די װאַנדערונג אין מרחקים.

װאָס ס'איז כדאַי צו דערמאָנען: אומעטום, בײַ אַלע געלעגנהײטן און

רעזשימען, איז קליין געווען געזעלשאַפטלעך — פון די אַקטיוויסטע. כ׳האָב זיך מיט אים צונויפגעטראָפן ביי אַרבעטן אין אַרטיסטן־פאַראיין, ווו ער איז געווען אָפטמאָל דער איניציאַטאָר און דורכפירער פון רעוואָלוציעס און פוטשן; אין פאַרשידענע ראַטן פון טרופעס, אין דער פאַרוואַלטונג פון אַרטיסטן־פאַראיין נאָך דער מלחמה. ער איז געווען אַ מיטגליד פון אַדמי־ניסטראַציע־אַמט פון נידערשלעזישן יידישן טעאַטער, ווען איך בין געווען דער קינסטלערישער לייטער. עס פלעגט אָפטמאָל אויסקומען זיך צו קריגן — און געקריגט האָט ער זיך מיטן גאַנצן טעמפעראַמענט — אָבער שטענ־דיק איז געווען גוט מיט אים צו אַרבעטן, ווייל ער האָט ליב געהאַט די אַר־בעט, די אַרבעט אויף דער בינע און די געזעלשאַפטלעכע אין טעאַטער. אויסער דעם, מחוץ דעם קרייז פון פאַראינטערעסירונגען, האָט ער נישט געהאַט קיין אַנדער לעבן.

איך בין זיך מודה ומתוודה: כ׳האָב אים שטאַרק אָפגערעדט, ווען ער האָט אין יאָר 1950 באַשלאָסן צו פאָרן קיין ישראל; אַ יידישער אַקטיאָר, ביי די זיבעציק, וואָס ועסטו דאָרט טאָן?

— כ׳האָב געפונען מיין שוועסטער־טאָכטער. אַן איינציקע משפחה, און אַ חוץ דעם: יידן, אַזויפיל יידן, אַ יידישע מדינה. מיכאל קליין וועט נישט אונטערגיין.

ער איז טאַקע נישט אונטערגעגאַנגען. געשפילט, געפּראַוועט יובי־לייען. חנה ראָווינאַ האָט זיך באַטייליקט אין זיין יובילײ, וועגן יידישע קינסטלער איז שוין אָפגערעדט. יעדער האָט געהאַט צו אים אַ סענטימענט, ביי יעדן האָט ער געוועקט זכרונות פון די יונגע יאָרן. און ער אַליין האָט אַלץ געהאַלטן, אַז ער איז יונג...

די לעצטע צוויי יאָר האָט ער זיך ווידער געפּאָרעט ביי אַ יובילײ. געוואָלט פייערן 50 יאָר בינע־טעטיקייט. איך האָב זיך געוויצלט: וואָרט נאָך אַ צוויי יאָר, וועסטו מיט אַ רייך געוויסן פייערן אַ 60־־יאָריקן יובילײ. דאָסמאָל האָט ער די וויצן אָנגענומען פאַר אַ גוטער מטבע, בתנאי איך זאָל רעדן אויף זיין יובילײ און אָנשרייבן וועגן אים. כ׳האָב אים געמוזט צונויפ־פירן מיט ד. ב. מאַלקינען, וועלכער האָט אים אויך צוגעזאָגט דאָסזעלבע.

לסוף האָב איך גאָר געזאָגט אַ הספּד אויף זיין קבר. און איצט שרייב איך די דערמאָנונג.

אַ דערמאָנונג וועגן אַן אינטערעסאַנטער געשטאַלט פון יידישן טעאַ־טער אין פוילן. כמעט 60 יאָר געשיכטע פון דאָזיקן טעאַטער אין זיינע פאַרשידענע פאָרמאַציעס, געזעלשאַפטלעכע און קינסטלערישע דערשיי־נונגען.

# חנן לעווענשטיין

.1

זיין אויסערלעכקייט האָט בשום־אופן נישט געפּאַסט צו זיין נאָמען.

חנן — אין מיין עמאָציאָנעלן זכרון איז דער נאָמען פאַרבונדן מיט אַלעקס שטיינס דביקותדיקע אויסגעצויגנקייט אין דעם ראַמעאָ פון אַנ־סקיס „דיבוק״ ביי די „ווילנער״, מיט זיין שיר־השירימדיקייט און יענע־וועלטיקייט. חנן לעווענשטיין איז אויסערלעך געווען כולו גשמיות, כולו גוף, כולו ערדישקייט.

אָבער אין דער נשמה זיינער האָט אַפּנים פון וויגל אָן געזונגען אַ שיר־השירים פון ליבע. קודם־כל — פון ליבע צו טעאַטער.

ער האָט קיינמאָל נישט געהערט צו דער מזרח־וואַנט פון יידישן טעאַ־טער אין פוילן. כאָטש נאָך דער מלחמה האָט אויסגעזען, ווי ער וואָלט אָנ־געהויבן זיך צו רוקן צו דער מזרח־וואַנט — אָט־אָט דערגרייכט ער צו איר. די פּרעסע האָט שוין ברייטער געשריבן וועגן זיינע ראָלן, באַזונדערס — וועגן „זלמן דער פּראָצענטניק״ אין יעקב ראָטבאַומס אויפפירונג פון י. זאָנשיין־מ. גערשענזאָנס „הערשעלע אָסטראָפּאָליער״; ער איז אויסגעצייכנט געוואָרן פון דער פּוילישער רעגירונג מיט אַ גאָלדענעם פאַרדינסט־קרייץ. טאַקע אַרום דער הונדערטסטער פאָרשטעלונג פון דער אויפפירונג האָט זיך זיין האַרץ צעבונטעוועט, ער איז שווער קראַנק געוואָרן און שוין פאַר־בליבן אַן אינוואַליד ביז זיין טויט, פרילינג 1962, אין ישראל.

ער איז געווען ווי אויסגעהאַקט פון שטיין: אַ גרויסער, פליכעוואַטער קאָפּ; פּנים־שטריכן — ווי קאַרבן פון צעאַקערטער ערד; ברייטפּלייציק, שווער אין די באַוועגונגען, ממש האַמעטנע. פון די יונגע יאָרן אָן אויסגעזען ווי אַ יוסטער באַלעבאָס, אַ פּויער, וואָס זיצט אויף זיינע פּאָר צענדליק מאָרג ערד. אָ בליק, כמעט אָ פּאָרנעפּלטער פון העלע, האַלב־וואַסערדיקע

אויגן און מיט אַ שטים, וואָס האָט מיט איר קראַפט און מעטאַל אָפּטמאָל דערמאָנט אַלעקסאַנדער גראַנאַכן.

זיין אויסערלעכקייט איז לגמרי נישט געווען קיין טעאַטראַלישע. אָבער געצויגן צום טעאַטער האָט אים פון די יונגסטע יאָרן אָן, נאָך אין זיין געבוירן־שטאָט, טשענסטאָכאָוו (דאָרט איז ער אויף דער וועלט געקומען, אין יאָר 1897 אַלס וויפלטער זון ביי דעם דאָרטיקן משכיל, דעם קאָרעספּאָנדענט פון דער דעמאָלטדיקער יידישער פּרעסע, משה לעווענשטיין).

מעגלעך, אַז דער פאָטער האָט אים נאָך מקרב געווען צום טעאַטער, פּונקט ווי זיין עלטערן ברודער, וועלכער איז קורץ נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה אַוועק קיין אַמעריקע, דאָרט געוואָרן פון די פירנדיקע כוחות אין „אַרטעף", שפּעטער — אין אַנסאַמבל פון „פאָלקס־אָרדן" (ער איז געשטאָרבן אייניקע יאָר פאַר חננען). ביידע האָבן שוין אין טשענסטאָכאָוו אָנגעהויבן אונטערצוזינדיקן אין אָרטיקע דראַמאַטישע קרייזן, ביז די ערשטע וועלט־מלחמה האָט חננען אַרויסגעפירט אויף אַ טעאַטער־בינע.

פאַרשטייט זיך, נישט אַזוי פשוט און גלייך. ביי די דייטשן איז ער אוועקגעשיקט געוואָרן אויף אַרבעט קיין דייטשלאַנד. דאָרט האָט ער זיך אָנגעזעטיקט מיט טעאַטער, כאַפּנדיק דערביי צייטנווייז אַ שפּיל אין אַ בערלינער יידישן קרייז; נאָכן סוף פון דער ערשטער וועלט־מלחמה — אַהיימגעקומען און גלייך מאָביליזירט געוואָרן אין דער ניי־אַנטשטאַנענער פּוילישער אַרמיי.

דאָן איז אויך געשאַפן געוואָרן אַ קאָנצענטראַציע־לאַגער פאַר יידישע זעלנער אין יאַבלאָננע, הינטער וואַרשע. חנן לעווענשטיין, אַלס סאָלדאַט פון דער פּוילישער אַרמיי, האָט זיך געפונען אין דעם קאָנצענטראַציע־לאַגער. דאָס איז געווען, ווען די פּוילישע אַרמיי איז אַריינגעדרונגען טיף אין ראַטנפאַרבאַנד.

אָבער דאָס מענטשלעכע מזל האָט אַ טבע זיך שנעל צו בייטן: די פּוילישע אַרמיי הייבט אָן אַריינצוכאַפּן געזונטע קלעפּ פון די רויטע רייטער. די פּוילישע אַרמיי־אָנפירונג איז געצווונגען די יאַבלאָננע־אַרעסטאַנטן צו וואַרפן אויפן פראָנט און בקרוב געפינט זיך חנן לעווענשטיין אין דער סאָוועטישער געפאַנגענשאַפט. די יונגע סאָוועטישע מאַכט איז זייער פריינד־

לעך צו אירע קריגס־געפאַנגענע, זי גיט זיין די מעגלעכקייט צו פאַרלאָזן די לאַגערן, אויסווילן זיך אַן אָרט ווו צו זיין און אַ שול צו לערנען. לעווענ־שטיינען געלינגט אַזוי אַרום אַנצוקומען קיין לעבינגראַד אין דער ייִדישער טעאַטער־סטודיע פון אַלעקסאַנדער גראַנאָווסקי — אַ סטודיע, פון וועלכער ס'איז אויסגעוואַקסן דאָס מאָסקווער ייִדישע קאַמער־טעאַטער.

פאַר גראַנאָווסקין זענען לעוועַנשטיינס סצענישע מיטלען, ווי אויסגע־חלומט: די פעלדזיקייט פון זיין אויסזען, דאָס דונערן פון זיין שטים. דער יונגער אַדעפּט פון סצענישער קונסט דערגרייכט גיך די ראָל פון האָלאָ־פערנעס אין העבעלס „יהודית" — אַ ראָל, וועגן וועלכער נישט איין אַק־טיאָר האָט געחלומט אין זיין קאַריערע. און ווער ווייסט ווי ס'וואָלט זיך ווייטער אַנטוויקלט זיין סצענישער וועג, ווען ער ווערט נישט — אין יאָר 1921 — צוריק אומגעקערט קיין פּוילן, בעתן אויסטויש פון די געפאַנגענע.

אָבער פּוילן פון יענע יאָרן איז נישט דאָס רעוואָלוציאָנערע לעניג־גראַד. קודם־כל בלייבט ביי לעוועַנשטיינען אַ פלעק אויף דער אַנקעטע: דאָס זיין און לערנען זיך אין ראַטנפאַרבאַנד. ווער שמועסט נאָך, אַז זיין עלטערער ברודער איז געווען אַן אַלטער רעוואָלוציאָנער און אין יענע יאָרן —אַן אָנגעזעענער קאָמוניסטישער טוער, איז שוין חנא במילא טריף, מ'האָט אויף אים אַן אויג.

שוין דאָס איז גענוג, אַז ער זאָל נישט געפינען קיין אָפענע טירן אין ייִדישן טעאַטער. זיין אויסערלעכקייט איז אויך נישט קיין געזוכטע. „פאַ־טער־ראַליסטן האָבן מיר גענוג אין פאַראיין" — איז געווען דאַן די אָפּי־ציעלע שטעלונג. די יאָרן זענען נישט וויכטיק — דאָס אויסזען דעצידירט צי מען קאָן זיין אַ „יונגער אַקטיאָר", צי נישט.

שלעפּט זיך חנן לעוועַנשטיין אַרום יאָרנלאַנג איבער דער פּראָווינץ מיט רעציטאַציעס; כאַפּט אַמאָל אַריין אַ שפּיל מיט צופעליקע טרופּעס, אָבער דער עיקר אַרבעט ער מיט דראַמאַטישע קרייזן. ער האָט דווקא חתונה מיט אַ פאַרמעגלעכער כלה, האָט אַ מעגלעכקייט אַריינצוגיין אין פאַמיליען־געשעפט, ווערן אַ באַלעבאַטישער ייִד. אים ציט אָבער צום טעאַטער. גע־לינגט אים די טעאַטער־אַרבעט טיילווייז צו פאַרבינדן מיטן זיין אין דער

היים. אין בענדין ווירקט אַ גוטער דראַמאַטישער קרייז — „די מוזע". הייבט זיך אָן אַ יאָרנלאַנגע פאַרבינדונג פון לעווענשטיינען מיט דעם קרייז.

.2

די באַוועגונג פון ייִדישע דראַמאַטישע קרייזן אין פוילן פאַרדינט אַן אויספירלעכע, ברייטע אָפּהאַנדלונג. זי איז לויט איר פאַרנעם און כאַראַקטער געווען אַן אמתע פאָלקס־באַוועגונג.

אַ סך הונדערטער ייִדישע דראַמאַטישע קרייזן — בעסערע און ערגערע, ערנסטערע און הפקרדיקע — האָבן געווירקט אין צווישן־מלחמה־פעריאָד אין פוילן. אַ סך טויזנטער, צענדליקער טויזנטער ייִדישע יוגנט־לעכע זענען אַדורך די דאָזיקע דראַמאַטישע קרייזן. אַ טייל האָט געפונען אין די קרייזן זייער ערשטער טעאַטער־שול און טעאַטראַלע אויסבילדונג; אַ טייל האָט זיך בלויז געזעלשאַפטלעך און קולטורעל אויסגעלעבט אין די קרייזן. אַ פאַקט איז, אַז ס׳רוב ייִדישע אַקטיאָרן אין פוילן האָבן זייערע ערשטע שריט געשטעלט אין די פאַרשידענע דראַמאַטישע קרייזן.

צווישן די קרייזן זענען געווען אַזעלכע, וואָס זענען אין פּרט פונעם ניוואָ פון זייער טעאַטער־שפּילן, רעזשי, אויסשטאַטונג — געשטאַנען אַ סך העכער ווי נישט איין ייִדיש טעאַטער. אַזאַ איז געווען דער גאָלדפאַדען־קרייז אין סטאַניסלאַוואָוו, וואָס איז טאַקע אין די ערשטע צייטן פון דער ראַטנמאַכט אין מערב־אוקראַיִנע (אָדער מזרח־גאַליציע) — אין 1940 — פאַרוואַנדלט געוואָרן אין ראַיאָן־טעאַטער (שפּעטער איז עס אוקראַיִניזירט געוואָרן, אין הסכם מיט דער סאָוועטישער אַסימילאַציע־פּאָליטיק); אַזאַ איז געווען דער „יוואַל"־קרייז אין פּשעמישל, וואָס איז איייניקע יאָר אָנגעפירט געוואָרן פון באַרימטן ייִדישן אַדוואָקאַט און געזעלשאַפטלעכן טוער, ד״ר לייב לאַנדאַו (ער האָט עס דער ערשטער אויפגעפירט ש. אַנ־סקיס „דיבוק", נאָך פאַר ד. הערמאַנען ביי די „ווילנער", און אַליין געשפּילט דעם צדיק); אַזאַ קרייז איז שפּעטער געוואָרן „מאַסקאַ" אין לעמבערג, אָנגעפירט פון דעם דאַן יונגן רעזשיסער העניריק לופט, ביי דער נאָענטער מיטאַרבעט פון קינסטלער פריץ קליינמאַן; דער ש. אַנ־סקי און י. גאָרדין־קרייז אין לעמבערג; די קרייזן אין זשעשאָוו (ריישע) און טאַר־

נאָוו; דער ענלעכער אין געוויסע פּרטים צום גאָלדפאַדען־קרייז — „יידישע בינע" אין וולאָצלאַוועק, ווו איך האָב געהאַט דאָס פאַרגעניגן צו זיין איינציקע חדשים רעזשיסער, האָבנדיק אַלס פּאַרגייער: דוד הערמאַן, יעקב וויסליץ, אַדאַם דאָמב, אַלס נאָכגייער — יעקב ראָטבאום, דוד ליכט, סימי ווײַנשטאָק א״אַ; די קרייזן אין ווילנע, גראָדנע, ביאַליסטאָק, לאָדזש און אַפילו וואַרשע („יידישע בינע", „אַרפּעוש", „צוקונפט"). צו דער קאַטע־גאָריע קרייזן האָט אויך געהערט די בענדינער „מוזע", מיט וועלכער לעווענשטיין איז געווען יאָרנלאַנג פאַרבונדן.

דער קרייז האָט געפירט אַ רעגולערע אַרבעט, אויפגעפירט אַ סך ערנסטע פּיעסן און געמאַכט ערנסטע פאָרשטעלונגען, געהאַט אַ ברייטע געזעלשאַפטלעכע פעריפעריע. פון דעם קרייז זענען אַרויסגעקומען די אַק־טיאָרן נחום מעלניק און משה פּאָטאַשינסקי; מיט דעם קרייז האָבן ספּאָ־ראַדיש מיטגעאַרבעט דוד הערמאַן און אברהם מאָרעווסקי. ס'איז געווען, קאָן מען זאָגן, אַ היימיש טעאַטער, אָדער טעאַטער־לאַבאָראַטאָריע.

אָבער ביי אַ געלעגנהייט פלעגט זיך לעווענשטיין אַרויסכאַפּן מיט אַ פּראָפעסיאָנעל טעאַטער. כ'האָב אים געזען שפּילן אין אַנסאַמבל פון די כאַשס אין מאַרקס אַרנשטיינס אויפפירונג פון לייוויקס „גולם"; אייניקע מאָל איז ער געווען (אין פאַרשידענע פעריאָדן) אין דער „ווילנער טרופּע", אָבער בלויז קורץ, שוין דאַן געווען געבונדן מיט דער היים, ווו ס'האָט זיך דערווייל געהאָדעוועט אַ טעכטערל.

די פאַרבינדונג מיט דער היים ווערט איבערגעריסן דורך דער מל־חמה. לעווענשטיין ווערט פאַרוואָרפן אין מערב־אוקראַינע און ווערט אַנ־געשלאָסן — אַלס ערשטער אַקטיאָר — אין טאַרנאָפּאָלער געגנטלעכן יידישן טעאַטער. דאָרט שפּילט ער „טביה דער מילכיקער", אין אַ סאָווע־טישער דראַמאַטיזאַציע, און אַ צאָל אַנדערע שטיק־טראָגנדיקע ראָלן.

אָבער ווי לאַנג דויערט עס בסך־הכל? באַלד מוז ער זיך עוואַקוירן אין גראָזני, אַ שטאָט ביי קאַווקאַז, און דאָרט ווערט ער אַנגענומען — מן־הסתם אין זכות פון זיין לענינגראַדער טעאַטער־שול — אַלס אַקטיאָר אין אַ רוסיש טעאַטער. קיין צו גוטער רוסיש גייט אַפילו נישט אַרויס פון זיין מויל, שפּילט ער אויסלענדער, דייטשן אין די דאַן אַקטועלע מלחמה־

פּיעסן. אַמאָל האָט אים אַפילו געוואָלט דורס־זיין אַן אינוואַליד, וואָס איז געזעסן אין דער ערשטער ריי — געוואָלט שלאָגן מיט זיין קוליע, ווען ער האָט געשפּילט עפּעס אַ געסטאַפּאָ־שעף. מ׳האָט אים קוים אָפּגעראַטעוועט און מ׳האָט קוים איבערצייגט דעם אינוואַליד, אַז דאָס איז אַזאַ סאָוועטישער מענטש, ווי ער, וואָס שפּילט בלויז דעם דייטש.

אָבער אויך פון דאָרט מוז מען זיך בקרוב עוואַקויִרן — ערגעץ העט אַייפן ווייטן מזרח, אין די סיבירער רחבותן פון קראַסנאָיאַרסקי קראַי. ווידער — אַלס ערשטער אַקטיאָר אין רוסישן טעאַטער — מיט זיין ביטערן רוסיש.

אין יענער צייט פלעג איך קרעגן פון אים אָפטע בריוו אין מיין מקום־מקלט אין פרונזע. בריוו מיט טיפער בענקשאַפט נאָך יידיש טעאַטער, נאָך דער אייגענער סביבה. ס׳איז אים גוט און פיין, ער האָט עסן צו דער זעט (אַ זעלטענע זאַך אין יענע צייטן) און אַ גוטע היים; אַן אָנגעזעענע פּאָזיציע אין דאָרטיקן רוסישן טעאַטער און געלט, אָבער איינס פעלט אים: די סביבה, און דאָס איז ווי לופט צו אָטעמען.

פון זיין סיבירער אַזיל עוואַקויִרט ער זיך (אַ סך חדשים פאַר מיר) צוריק קיין פוילן, באַזעצט זיך אין ריכבאַך, דעם דעמאָלטדיקן יידישן צענטער אין נידערשלעזיע. ער הייבט דאָרט אָן צו אַרבעטן אין דער קולטור־אָפּטיילונג פון יידישן קאָמיטעט, מאַכט רעציטאַציע־אָוונטן, אָרגאַניזירט אַ קליינעם אַנסאַמבל פאַר קאָנצערט־אָוונטן, ביז מיר באַגעגענען זיך ווידער אין נידערשלעזישן יידישן טעאַטער, וואָס איז אין העלפט 1946 געגרינדעט געוואָרן פון יידישן אַרטיסטן־פאַראיין. אין פוילן (אונטער דער אָנפירונג פון שעפטל זאַק, יצחק טורקאָוו־גרודבערג און יעקב קורלענדער). חנן לעווענשטיין איז פון די ערשטע, וואָס טרעט אַריין אינעם קאָלעקטיוו פון טעאַטער און בלייבט אין אים ביזן שאַפן דאָס יידישע מלוכה־טעאַטער אין פוילן, וואָס איז אַנטשטאַנען פון אַ צוזאַמענגוס פונעם לאָדזשער און נידערשלעזישן יידישן טעאַטער.

ווען דער קורצער, פיר־יאָריקער תקופה פון נידערשלעזישן יידישן טעאַטער, מיט וועלכער חנן לעווענשטיין איז געווען אַזוי ענג פאַרבונדן, איז כדאי זיך אַביסל אָפּצושטעלן.

3.

און נישט בלויז וועגן טעאַטער, נאָר וועגן ייִדישן נידערשלעזיע בכלל.

אין דעם אַלמאַנאַך, דעם 50סטן נומער פון דער צייטשריפט „נידערשלעזיע״, וואָס איך האָב דאַן רעדאַגירט, איז געווען מיינס אַ גרעסערע עסיי א״נ „מיר, נידערשלעזישע ייִדן״. כ׳האָב זיך דאָרט באַמיט צו באַווייזן, אַז נידערשלעזיע האָט אויסגעפורעמט אַ ספּעציעלן טיפּ ייִד: די ייִדן, באַפרייטע פון די טויטן־לאַגערן (אַזעלכע האָבן זיך געפונען אַ סך אויף דער נידערשלעזישער ערד, ד״ה — אַ סך לאַגערן און פאַרהעלטנישמעסיק אַ סך באַפרייטע), וועלכע האָבן זיך באַזעצט אין נידערשלעזיע אויף דער לאַנדווירטשאַפט און אין די שטעטלעך; די געקומענע ייִדישע אָרעמקייט פון ראַטנפאַרבאַנד (און אין נידערשלעזיע האָט זיך דאַן באַזעצט דער עיקר די אָרעמקייט, ווייל דאָ האָבן זיי לייכטער באַקומען דירות, מיט מעבל אַפילו) — זיי אַלע האָבן מיט זיך מיטגעבראַכט אַ טראַדיציע פון פאָלקסטימלעך־ייִדישן אויסלעבן זיך און אַ ווילן ממשיך צו זיין אין דעם גייסט. ווען איך בין געווען דער גענעראַל־סעקרעטאַר פון די ייִדישע קאָמיטעטן אין נידערשלעזיע (צווייטע העלפט 1946), זענען אין די קאָמיטעטן געווען רעגיסטרירט קרוב צו 100 טויזנט ייִדן. ס׳זענען געבויט געוואָרן אַלץ נייע ייִדישע ווירטשאַפטלעכע און קולטור־אינסטיטוציעס; ס׳זענען אויפגעקומען פאַנטאַסטישע פּלענער וועגן שאַפן אין נידערשלעזיע אַ ייִדישע אויטאָנאָמע געגנט („אַ נקמה פאַר אונדזער חורבן״). אמת, דורך די נידערשלעזישע גרענעצן איז אומאויפהערלעך געאַנגען אַ שטראָם ייִדן אין די לאַגערן אויף יענער זייט גרענעץ — מיט דער „בריחה״ און צוליב אַנדערע אויסזיכטן (אויסוואַנדערונג איבערן אָקעאַן) און דער שטראָם האָט מיטגעשלעפּט אַ סך נידערשלעזישע ייִדן. געווען פאַלן, ווען גאַנצע שטעטלעך זענען אויסגעליידיקט געוואָרן איבער נאַכט פון ייִדן — מיטן ייִדישן קאָמיטעט, זיינע שטעמפּלען און קאַסע... באַזונדערס שטאַרק איז דער אָפּפלוס געוואָרן קורץ נאָכן קיעלצער פּאָגראָם. ס׳איז אָבער גלייכצייטיק געווען אַ צופלוס פון פרישע רעפּאַטריאַנטן און ס׳האָט שוין אויסגעזען, אַז דער ישוב וועט זיך סטאַביליזירן מיט אַ באַפעלקערונג פון אַן ערך זעכציק טויזנט ייִדישע נפשות. דאָס האָט נאָך אַלץ געגעבן גוטע פּערספּעקטיוון פאַר דער אויס־

פאָרמירונג פון אַ טיפּ „נידערשלעזישע ייִדן" — ייִדישע ייִדן, וואָס שווי־מען קעגן דעם שטראָם פון אַלפּוילישער אַסימילאַציע; גוטע מעגלעכקייטן פאַר אַ גאָר לעבהאַפטער ייִדישער קולטור־געזעלשאַפטלעכער אַרבעט, פאַר אַן אַנטוויקלונג פון די צאָלרייכע אינסטיטוציעס.

צווישן די אינסטיטוציעס איז אפשר די לעבהאַפטיקסטע געווען דאָס נידערשלעזישע ייִדישע טעאַטער. די ערשטע צייט האָט עס זיך געראַנגלט מיטן גאָרדין־רעפּערטואַר און שלום־עליכמס „שווער צו זיין אַ ייִד"; אין יאָר 1917 האָט דאָס טעאַטער דערגרייכט צוויי באַדייטנדיקע דערפאָלגן — פּרץ הירשביינס „גרינע פעלדער", אין דער רעזשי פון יעקב קורלענ־דער (און אַ חלק אין דעם דערפאָלג האָט אויך געהאַט לעווענשטיין מיט זיין שפּילן) און „דער אינספּעקטאָר איז געקומען" פון דזש. ב. פּריסטלי, אין דער רעזשי פון יעזשי וואַלדען. דאַן קומט די אויפפירונג פון אידאַ קאַ־מינסקאַ: איר באַאַרבעטונג פון א. גאָלדפאַדענס „צוויי קוני־לעמל"; אידאַ קאַמינסקאַס גאַסטשפּילן מיט „מירעלע אפרת" און „דער פריינד וועט קומען ביינאַכט" — אַ פראַנצויזישע פּיעסע וועגן אָקופּאַציע מיט אַ שטאַרקן ייִדישן מאָמענט. אין די וויטערדיקע אויפפירונגען: דוד פּינסקיס „דער אוצר" (רעזשי: י. גרודבערג) און „טיפּע וואָרצלען" פון א. ד'איסאָ און דזש. גאָו (רעזשי: י. קורלענדער), שפּילט חנן לעווענשטיין די הויפּט־ראָלן און זיין כאַניע דער קברן („אוצר") און דער סענאַטאָר („טיפּע וואָרצלען") — רוקט אים אַרויס אויפן אויבנאַן פון די ייִדישע אַקטיאָרישע כוחות אין נאָכמלחמהדיקן פּוילן.

אין נידערשלעזישן טעאַטער ברעכט אויס אַ קריזיס: ש. זאַק און י. קורלענדער (פון דער אָנפירונג); אייניקע באַדייטנדיקע כוחות פון אַנסאַמבל פאָרן אַוועק קיין אויסלאַנד און אויף מיר ווערט אַרויפגעלייגט די לאַסט ווייטער אָנצופירן מיטן טעאַטער. כ'האָב אָבער בלויז איבערגענומען די קינסטלערישע אָנפירונג און צו דער געשעפטלעכער אָנפירונג ווערט גע־ווילט אַ ראַט: י. ווידעצקי, מ. קליין און ח. לעווענשטיין. זייט דאַן געהערט ער צו דער אָנפירונג פון טעאַטער ביז דער צונויפשמעלצונג מיטן לאָדזשער ייִדישן טעאַטער. אין דער צייט האָט ער אויך אייניקע באַדייטנדיקע אַק־טיאָרישע דערגרייכונגען: דער שמיד אין פּרץ הירשביינס „שמידס טעכ־

טער״ (רעזשי: י. גרודבערג), דער קאָזאַק אין י. רובינשטיינס „קעגנזייטיקע ליבע״ (רעזשי: י. גרודבערג), המן אין חיים סלאָוועסעס „המנס מפּלה״ (רעזשי: י. גרודבערג), דער סוחר אין „מאַנסעראַ״ פון עמאַנועל ראָבלעס („דער גרויסער נסיון״ — רעזשי: י. ראָטבאַום).

אין דער צייט פון „מאַנסעראַ״ קומט פאָר די ליקווידאַציע פון נידערשלעזישן טעאַטער — זיין צונויפשמעלצונג מיט לאָדזש. אַוודאי איז דער דאָזיקער אַקט געווען אַ שריט פאָרויס אין דער אַנטוויקלונג פון ייִדישן טעאַטער אין פוילן. די פאַרמלוכהשונג פון אַ ייִדיש טעאַטער איז בלי שום ספק אַ וויכטיקע דערגרייכונג.

דאָס נייע מלוכהשע ייִדישע טעאַטער אונטער דער קינסטלערישער אָנפירונג פון אידאַ קאַמינסקאַ און דירעקציע פון מ. מעלמאַן, האָט טאַקע באַקומען אַ נייעם שוווּנג און נייע מעגלעכקייטן. די פאַרמלוכהשונג איז געווען אַן אַקט פון וווּקס, פון אויסברייטערונג. אָבער — ווי פּאַראַדאָקסאַל דאָס זאָל נישט קלינגען — איז עס אויך געוואָרן אַן אַקט פון פאַרשמעלערונג. אַנשטאָט צוויי ייִדישע טעאַטערס אין פוילן, איז פאָרט געבליבן בלויז איינס. דאָס נידערשלעזישע טעאַטער האָט פאַרענדיקט זיין עקזיסטענץ, כאָטש די באַזע פון מלוכה־טעאַטער איז אַריבערגעפירט געוואָרן קיין ווראצלאַוו אין דעם ספּעציעל־אויפגעבויטן בנין פאַרן נידערשלעזישן טעאַטער — דאָס טעאַטער א״נ פון אסתר־רחל קאַמינסקאַ. און מיטן אונטערגיין פון נידערשלעזישן טעאַטער, זענען אויך באַדייטנדיק פאַרקלענערט געוואָרן די שעפערישע געלעגנהייטן פאַר חנן לעווענשטיינען: אין „אַ גאָלדפאַדען חלום״ (רעזשי: י. ראָטבאַום) שפּילט ער צוויי עפּיזאָדן, אָבער אויך מיט דעם מאַכט ער אַ רושם; אין „30 זילבערשטיק״, פון האָוואַרד פאַסט (רעזשי: י. ראָטבאַום) — ווידער אַן עפּיזאָד, אאַז״וו. ערשט ביי דער שוין פריִער דערמאָנטער אויפפירונג פון „הערשעלע אָסטראָפּאָליער״ געלינגט אים ווידער צו באַקומען אַ הויפּט־ראָל, אין וועלכער ער צייכנט זיך שטאַרק אויס און — ווערט קראַנק, אַן אינוואַליד אויף דער בינע און אין לעבן.

אַוודאי האָט ער נישט געהאַט קיין שום אויסזיכטן פאַר זיך, ווען ער האָט אין אָנהייב 1957 אויסגעוואַנדערט קיין ישראל. אין פוילן האָט ער געהאַט זיין געזיכערטן געהאַלט און מעדיצינישע אויפזיכט. אַלע האָבן פון

פאָרויס געוווסט, אַז אין ישראל דערוואַרט אים די שווערע וועגעטאַציע פון אַ „סאָציאַלן פאַל". אָבער זיין פרוי, מיט וועלכער ער האָט חתונה־געהאַט אין נידערשלעזיע, האָט זיך געלאָזט מיטרייסן מיטן אַלגעמיינעם שטראָם, וואָס איז דאַן געגאַנגען פון פוילן קיין ישראל און זיי זענען, צוזאַמען מיט זייער קליין יינגעלע, אַוועק אין וואַנדערוועג.

ס'איז באמת געווען עפּעס אַ נס ווי אַזוי ער, דער חרוב־קראַנקער אויף אַ גאַנצן אַנסאַמבל קראַנקייטן, האָט זיך (מיט דער הילף און אונטער דער אויפזיכט פון „מלבן") געמאַטערט, נישט קאָנענדיק כמעט אַרויסגיין פון דער היים.

די לעצטע פינף יאָר אין ישראל האָט ער שוין אויסגעלעבט אַלס געוועזענער יידישער אַקטיאָר. אָבער מיט יאָרן פריער האָט ער דאָך גע־פּרוווט צו ריזיקירן אַ הויכן פלי; צייטנווייז דערגרייכט געוויסע שפּיצן און איבערגעלאָזט נאָך זיך אַ גוטן נאָמען אין דער געדעכעניש פון טעאַטער־עולם און אין דער געדעכעניש פון זיינע חברים.

# הערש האַרט

### .1

אַ וועלט פאַר זיך אין יידישן לעבן און אין יידישן טעאַטער־לעבן בפרט, איז געווען גאַליציע, גאַנץ עסטרייך־אונגאַרן, ביז דער ערשטער וועלט־מלחמה. אין פאַרגלייך צו רוסלאַנד און רוסיש־פוילן — צוויי וועלטן.

אויב אין רוסלאַנד איז געווען ביזן יאָר 1905 אַ פאַרבאָט אויף יידיש טעאַטער און מען האָט זיך געמוזט דעקן אונטער דער מאַסקע פון יידיש־דייטש, זענען אין גאַליציע און אין אַנדערע געגנטן פון עסטרייך־אונגאַרן, אַרויסגעגעבן געוואָרן אַ סך קאָנצעסיעס אויף יידיש טעאַטער פאַר אויס־געדינטע אונטעראָפיצערן פון דער אַרמיי. ס׳האָט זיך דעריבער געשאַפן אַ שפּאָר ביסל אַזעלכע טעאַטערס. אָנגעהויבן מיטן פּאָפּולערן לעמבערגער גימפּל־טעאַטער (וואָס האָט, אגב, לכתחילה געזאָלט זיין אַ „פּויליש־יידיש״ טעאַטער און אויפן פּראָטעסט פון פּאָליאַקן איז דאָס וואָרט „פּויליש״ אַראָפּ־גענומען געוואָרן), זענען געשאַפן געוואָרן שטענדיקע טעאַטערס און וואַנ־דער־טרופּעס פון גלימער, ק. מ. עבעל, בער האַרט, א. מעלצער, מ. אָק־סעלראָד און נאָך און נאָך. זיי האָבן — אויסער דער „קייזערליך אונד קע־ניגליכע״ מדינה, זיך אויך אַריינגעכאַפּט קיין רומעניע, אַרומגעוואַנדערט איבער די באַלקאַן־לענדער, אַנגעשפּאַרט אין קאָנסטאַנטינאָפּאָל, אַפילו אַלעקסאַנדריע און קאַיר. בלויז דאָס גרויסע רוסלאַנד איז פאַר זיי געווען פאַרמאַכט. נישט ווייל מען האָט געמוזט שפּילן „יידיש־דייטש״ — דאָס וואָלט פאַר אַ גאַליציאַנער כלל נישט געווען קיין שטער, נאָר ווייל קיין רוסלאַנד האָט נישט געטאָרט אַריינקומען קיין אויסלענדישער ייִד, סיידן מיט אַ שמד־צעטל אין קעשענע.

אין גאַליציע, ווי געזאָגט, האָט מען זיך נישט געמוזט דעקן מיט „יידיש־דייטש״, אָבער די טעאַטער־באַלעבאַטים האָבן „געדייטשט״ דאָס טעאַטער פון ליבע צו עצם דייטש. מען האָט געוואָלט זיין „אינטעליגענ־

טער", „איראָפּעיִשער" — האָט מען פאַרדייטשמערישט דעם זאַפּטיקן, אייגנאַרטיקן גאַליציאַנער ייִדיש, וואָס האָט געלעבט אין די מיילער פון די אַקטיאָרן. דאָרט איז עס דאָך נישט געווען שווער: מען האָט געלערנט דייטש שוין די אין די פאָלקס־שולן; גערעדט אין די גאַסן; אַפילו ייִדן צווישן זיך אַליין האָבן זיך באַמיט וואָס־מער צו פאַרדייטשמערישן זייער לשון.

אַ ראַדיקאַלע ענדערונג איז פאָרגעקומען נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה, ווען גאַליציע איז איינגעשלאָסן געוואָרן אין דער ניי־אַנטשטאַנע־נער פּוילישער מלוכה. אַ טייל גאַליציאַנער אַקטיאָרן זענען געבליבן אין ווין און פון דאָרט אַוועק אין דער וועלט אַריין. די אין פּוילן־פאַרבליבענע האָבן זיך שטאַרק געמוזט מאַטערן, אַרומוואַנדערן איבער די קלענסטע שטעטלעך, נישט געקאָנט עקזיסטירן אַלס זעלבשטענדיקע טעאַטערס — אַפילו ביי גימפּעלן (אין לעמבערג) קוים־קוים וועגעטירט, אָדער ביי בער האַרטן אין דראָהאָביטש א"אַ. די סיבות: סיי די שפּראַך, סיי אין דער מערהייט פאַלן די קוואַליטעט פון גאַליציאַנער ייִדישן אַקטיאָר, וואָס איז פאַרבליבן אין פּוילן. בלויז געציילטע זענען פולשטענדיק איינגעשלאָסן געוואָרן אין פּויליש־ייִדישן טעאַטער־לעבן און צווישן זיי — הערש האַרט.

ווען ער האָט באַשלאָסן צו פאַרבינדן זיך מיט טעאַטער, איז ער נישט אַוועק צו זיין ברודער, דעם טעאַטער־דירעקטאָר בער (בערנאַרד) האַרט. ער האָט געהאַט גרעסערע אַספּיראַציעס און אָנגעהויבן ווירקן אויף איי־גענער האַנט.

געקומען איז ער צום טעאַטער נאָך אַ שטורמישער יוגנט. ער איז נאָך קיין צוואַנציק יאָר נישט אַלט געווען, ווען ער איז אַלס סטודענט פון דער האַנדלס־אַקאַדעמיע אַוועק אין פּילסודסקיס לעגיאָנען. אַלס אינוואַליד (מיט אַ פאַרוווּנדעטן פוס), האָט ער אָנגעהויבן אין פּוילישן טעאַטער, באַלד זיך איבערגעוואָרפן צום ייִדישן, אָרגאַניזירנדיק מיט שלמה פּריזאַמענטן אַ פּיי־נערן אַנסאַמבל, וואָס איז פון גאַליציע אַוועק אין דער טשעכאָסלאָוואַקיי, קיין אונגאַרן, מיט אַזעלכע פאָרשטעלונגען, ווי י. ל. פּרצעס „אין פּאָליש אויף דער קייט" און אַ דראַמאַטיזאַציע פון „דריי מתנות", מיט ספּעציעלער מוזיק, וואָס איז קאָמפּאַנירט געוואָרן פון באַגאַבטן קאָמפּאָזיטאָר חנא וואָלפּ־סטאַל. צוריקקומענדיק פון אויסלאַנד באַטייליקט ער זיך אין דער פּוילישער

אויפפירונג פון קאַראַל אַדוועגטאַוויטשעס ש. אַנ־סקיס „טאָג און נאַכט״. נאָך יאָרנלאַנגן אַרומבלאָנדזשען, ווערט ער אַנגאַזשירט אין „וויקט״ אויפן טורנע קיין רומעניע און קומט צוריק פון דאָרט שוין אַלס מיטגליד פון דער גרויסער פויליש־יידישער טעאַטער־משפחה.

אַלס געוועזענער לעגיאָנער און דעמאָביליזירטער אָפיצער פון דער פוילישער אַרמיי, באַקומט ער אַ קאָנצעסיע אויף טעאַטער און ער פירט דאַן אָן מיט קליינקונסט־אַנסאַמבלען און גרויסע אַנסאַמבלען, שפילנדיק אַליין אויך. דערביי האָט ער זיך דערוואָרבן אַ שם מיט אייניקע ראָלן, ווי דער מיניסטער פלעווע אין „אַזעף״ (אין „עליזעום״־טעאַטער). ער ווערט אַ געווונטשענער מיטגליד פון יעדן אַנסאַמבל.

אויך געזעלשאַפטלעך ווערט ער טעטיק אין פאַראיין. נאָכדעם ווי מ. יווויליער האָט פאַרלאָזט דעם אַמט פונעם פאַרוואַלטער אין אַרטיסטן־פאַר־איין, פאַרנעמט הערש האַרט אין משך פון אייניקע יאָר דעם פאָסטן פון גע־נעראַל־סעקרעטאַר, און האָט גרויסע פאַרדינסטן ביים דערליידיקן פאַר־שידענע אָפיציעלע ענינים ביי די מאַכט־אָרגאַנען. אַ דאַנק אים טאַקע האָב איך געקאָנט אין יאָר 1932 אַרויספאָרן קיין לאָנדאָן, אָנשטאָט אַריינצופאַלן אין תפיסה, אַלס פאָליטיש־פאַרדעכטיקטער.

אין משך פון די יאָרן ביז דער מלחמה פלעג איך זיך מיט אים אָפט צונויפטרעפן אין פאַרשידענע אַנסאַמבלען, ביי דער אַרבעט אין דער פאַר־וואַלטונג פון אַרטיסטן־פאַראיין און תמיד האַרציק הנאה־געהאַט פון זיין ליבער חברישקייט און אויסערגעוויינלעכער פעיִקייט צו דערציילן פראַנט־עפּיזאָדן, טעאַטער־קוריאָזן און סתם מעשהלעך. אין דעם איז ער געווען אַ מייסטער. ער האָט זיי אויך, פאַרשטייט זיך, נישט ווייניק צוגעפּוצט, אָבער ער האָט עס געמאַכט אַזוי געשיקט און באַחנט, אַז ס׳האָט זיך געוואָלט אים הערן און הערן. האָט ער טאַקע תמיד געהאַט אַ גרויסן עולם צוהערער און גערן דערציילט זיינע הומאָרפולע געשיכטעס.

.2

ווען היטלער האָט פאַרפלייצט פוילן, האָבן מיר זיך ביידע באַגעגנט אין ביאַליסטאָק, אין דאָרטיקן יידישן מלוכה־טעאַטער. לכתחילה האָב איך

געמיינט, אַז כ׳בין דאָרט אין אַ סך בעסערער לאַגע פון אים און וועל אים דאַרפן „פּראָטעזשירן״: ער איז דאָך אַ געוועזענער פּילסודסקי־לעגיאָנער און די סאָוועטישע מאַכט קאָן אים דערפאַר רודפן. אָבער אַרויסגעוויזן האָט זיך, אַז מיר זענען ביידע געווען דיזעלבע מיוחסים. סיי אים, סיי מיר — און נאָך אַ דריטן: ראובן זיגלבוים, האָט מען אָפּגעזאָגט אַרויסצוגעבן כשרע סאָוועטישע פּעסער. אים — אַלס געוועזענעם אָפיצער פון דער פּוילי־שער אַרמיי; ראובן זיגלבוימען — אַלס ברודער פון אַרטור זיגלבוים, דעם באַקאַנטן בונדישן טוער; מיר — אַלס ברודער פון מאַרק טורקאָוו, דעם באַ־קאַנטן „קאָנטררעוואָלוציאָנער״. דורך פאַרשידענע אומוועגן און צרות האָבן מיר זיך אַלע דריי געכשרט און ס׳האָט אונדז צוזאַמען געפּאַקט אין מאָגי־לעוו, ווו מיר זענען געווען אויף גאַסטשפּילן, — דער אָנפאַל פון היטלערן אויפן ראַטנפאַרבאַנד.

קורץ פאַר דעם האָט האָרט אַפילו געפייערט אַ באַדייטנדיקן אַקטיאָ־רישן טריומף: אין מ. נאַרווידס אויפפירונג פון לערמאָנטאָווס „שפּאַניער״ האָט ער זיך אויסגעצייכנט מיט זיין דאָן אַלוואַרעס.

ער איז געווען אונדזער „מיליטערישער ספּעציאַליסט״ בעת דער אַוויאַציע־באָמבאַרדירונג פון מאָגילעוו און בעת דעם באַשיסן אונדזער עשאַלאָן פון אויבן. ער האָט אונדז געגעבן די גרויס, דעם קאַליבער פון די באָמבעס, מיט וועלכע מען באַוואַרפט אונדז, זייער כוח און פאַר־נעם. אָפטמאָל, בעת דער געפערלעכסטער שיסעריי, האָט ער געקאָנט ביי אונדז אַרויסרופן הילכיקע געלעכטערס און אַזוי אַרום אונדז געמונטערט און געשטאַרקט.

בעת דער עוואַקואַציע זענען מיר צעשיידט געוואָרן. דורך פאַרשידענע דרכים איז ער אָנגעקומען קיין פרונזע, אין קירגיזיע און איך — קיין סאַ־מאַרקאַנד, אין אוזבעקיסטאַן. מיר האָבן זיך אַפילו צונויפגעשריבן, אָבער וואָס פאַראַ טעם האָט געהאַט אַ צונויפשרייבן זיך אין יענע יאָרן? — אַ בריוו האָט געקאָנט גיין אייניקע חדשים און מערסטנטייל בכלל נישט דער־גיין.

פּלוצלינג דערהאַלט איך פון אים אַ פּאָסטקאַרטל פון דער באַנקנופּ־סטאַציע לוגאָוואָי: ער געפינט זיך דאָרט אַלס אָפיצער פון אַנדערס אַרמיי.

בקרוב פֿאָרט ער אַוועק קיין איראַן; איך זאָל אים תיכף ענטפֿערן, צי כ׳בין מסכּים, וועט ער אַלץ טאָן, כּדי מיך אויך אַרויסצושלעפּן.

כ׳האָב אים נישט געענטפֿערט, ווייל מיין ענטפֿער וואָלט צו אים סיי ווי נישט דערגאַנגען. דאָס קאַרטל איז צו מיר אָנגעקומען, ווען ער איז שוין געווען אויסער די גרענעצן פֿון ראַטנפֿאַרבאַנד. נאָך דער מלחמה בין איך געוווּיר געוואָרן, אַז ער איז מיט דער אַנדערס־אַרמיי אָנגעקומען קיין ארץ־ישראל; זיך אויסבאַהאַלטן אַ צייט אין אַ קיבוץ. דאַן האָט ער אָנגעהויבן צו אָרגאַניזירן אַ העברעיִש „פֿאָלקס־טעאַטער", געווען טעטיק אין דער „הגנה", אָנטייל־גענומען אין דער באַפֿרייונג־מלחמה. נאָכן דערגרייכן די אומאָפּהענגיקייט, אַוועק צו קרובים קיין אַמעריקע, צוריקגעקומען קיין ישראל, אָרגאַניזירט ייִדישע אַנסאַמבלען; געשפּילט אין ייִדישע און העברעיִשע טעאַטערס; אָרגאַניזירט דעם ייִדישן אַרטיסטן־פֿאַראיין אין ישראל, געווען זיין פּרעזיצער, געוואָרן דער אַדרעס פֿון ייִדישן אַקטיאָר און ייִדיש טעאַטער אין ישראל.

אַלס אַזאַ האָב איך אים מיט פֿרייד ווידער באַגעגנט בעת מיין ווייַלן אין ישראל אויף דער טוריסטן־רייזע און בעת מיין אָנקומען אַלס עולה. ער האָט עס מיך באַגריסט צו מיין אָנקומען אין נאָמען פֿון דער ייִדישער טעאַטער־משפּחה אין ישראל.

ס׳האָט זיך ווידער אָנגעהויבן פֿאַר מיר אַ צייט פֿון הערן און הנאה־האָבן פֿון זיינע עפּיזאָדן און מעשׂהלעך. זיין טישל אין קאַפֿע „כּסית" אין תּל־אָביב, אויף דיזענגאָף איז תּמיד געווען אַ צענטראַלער פּונקט פֿאַר די אַקטיאָרן, סיי די אַרטיקע, סיי געסט. מ׳האָט זיך געוויצלט: דער „פֿאָטער" פֿון ייִדישע אַקטיאָרן, פֿון ייִדישן טעאַטער אין ישראל. אין דעם וויץ איז געווען אַ סך אמת. עפּעס אַ פֿאָטערלעכקייט, אַביסל אַ יאָוויאַלע, אָבער אַ האַרציקע, האָט געשטראָמט פֿון אים.

אַ פֿרילינג־אָוונט 1962. איך בין געציילטע חדשים נאָך זייער אַ שווערער קראַנקייט, נאָך אַן אָפּעראַציע. כ׳האָב זיך איינמאָל פֿאַרגונען אַרויסצוגיין אין אָוונט אויף אַ שפּאַציר, צום קאַפֿע „כּסית". הערש האַרט איז געזעסן ביי אַ טישל, מיך האַרציק באַגריסט און געפֿרעגט, וואָס איך מאַך. כ׳האָב אים געענטפֿערט:

— כ׳באַמי זיך נישט אונטערצוגעבן.

ער האָט געשיינט:

— אַזוי, ברודער, האַלט זיך, נישט אונטערגעבן זיך! אונדזער גוואַר־דיע גיט זיך נישט אַזוי לייכט אונטער!

אַ שעה שפּעטער האָט ער שוין נישט געלעבט.

צומאָרגנס האָב איך נאָך נישט קאָנענדיק פריי באַוועגן מיטן מויל (נאָך דער אָפּעראַציע) — געמוזט האַלטן אַ הספד איבער הערש האַרטן פאַרן איכילאָוו־שפּיטאַל.

מיט אים איז פאַרשווונדן געוואָרן איינע פון די ליבסטע און מאַרקאַנ־טסטע געשטאַלטן אין פּייזאַזש פון דער דיזענגאָף־גאַס אין תל־אָביב, אין דער סביבה פון יידישן טעאַטער אין ישראל.

# אברהם מאָרעווסקי

**.1**

דעם 10טן מערץ 1964, אַ וואָך פאַר זיין 78סטן געבוירנטאָג, איז אין וואַרשע געשטאָרבן אברהם מאָרעווסקי.

אַ ווולקאַן, וואָס האָט 45 יאָר אַריינגעבראַכט אַ ברויזנדיקן אומרו אין יידישן קולטור־לעבן, אין יידישן טעאַטער־שאַפן — איז פאַרלאָשן געוואָרן. ס'איז אַוועק אין דער אייביקייט דער אַקטיאָר, רעזשיסער, שרייבער־עסייִסט.

מען קאָן פאַרשידן אָפּשאַצן זיינע פאַרדינסטן און אויפטוען זייט ער האָט זיך אויף פעסט פאַרבונדן מיטן יידישן קולטור־לעבן און טעאַטער־שאַפן ביים סוף פון דער ערשטער וועלט־מלחמה — סיי אין זיין געבוירן־שטאָט, ווילנע, סיי אין דער „ווילנער טרופּע", ווו ער איז אייניקע מאָל געווען טעטיק צו פאַר חדשים; אין דער גרינדונג פונעם „יידישן מיעוטים־טעאַטער" אין ריגע און בעת זיינע לאַנגדויערנדיקע גאַסטשפּילן און אויפ־ברויזן איןביידע אַמעריקעס; בעת זיינע באַנייטע אויפטריטן אין פוילן (אָנהייבנדיק פונעם וואַרשעווער „נאָוואָשטשי"־טעאַטער) און דער אַרבעט אין מאָריס שוואַרץ־אַנסאַמבל; דעם קאָנצערטן־באַזוך אין ארץ־ישראל (1938), דאָס „טעאַטער פאַר יוגנט" (נאָכן צוריקקומען פון א"י), דאָס ביאַ־ליסטאָקער מלוכה־טעאַטער (אין די סאָוועטישע צייטן), פאַרוואָגלונג אין ראַטנפאַרבאַנד — ביז זיין צוריקקומען קיין פוילן (סוף 1956). 45 יאָר אָנ־געפילטע מיט אויפשטייגן און שטרויכלונגען, מיט טעאַטראַלע און (קינאָ־מאַטאָגראַפישע) גלאַנץ־לייסטונגען; מיט אַ רייכער פען־שעפערישקייט, וואָס האָט פאַרמאָגט אַזעלכע פּאָזיציעס, ווי זיין ווערק וועגן שעקספּיר און שיילאָק (פאַר דער מלחמה) און די בענד זכרונות „אַהין און צוריק" (געשטאָרבן איז ער ביים שרייבן דעם 5טן באַנד). פאַרשידנס קאָן מען זאָגן וועגן דער אָדער

יענער פּאָזיציע פון זיין שאַפן — איינס מוז מען אָבער דערמאָנען און אונ־טערשטרייכן: ווי מאָרעווסקי זאָל נישט האָבן געוועזן און וואָס ער זאָל נישט האָבן געטאָן האָט ער אַריינגעבראַכט אַן אינטעלעקטועלע, שעפערישע יוי־רוגג, אַן אומרו, וואָס האָט געווירקט באַפרוכפּערנדיק און סטימולירנדיק. אָפילו ווען ער פּערזענלעך איז דערביי געשטרויכלט געוואָרן. עס איז גע־ווען דער אומרו פון זיין מוח און האַרץ, פון זיין הייס בלוט און שטורמישן טעמפּעראַמענט.

געקומען פון אַ יידיש־טראַדיציאָנעלער ווילנער משפּחה און דערצויגן אין דער רוסישער טעאַטער־וועלט, איז ער זיין גאַנץ לעבן געווען אַן אי־נערלעך־צעשפּאָלטענער, אַ צעצווייטער און ס׳איז כסדר אין אים פּאָרגע־קומען אַ געראַנגל צווישן יידישן און רוסישן. איז ער געווען אין רוסישן טעאַטער, האָט דער יידישער צומיש מן־הסתם גורם־געווען דעם געראַנגל; ווען ער איז אַריבער אין יידישן טעאַטער — דער רוסישער צומיש; אין פילם האָט אים פאַרפאָלגט דאָס טעאַטראַלישע און אין טעאַטער האָט ער געזוכט די ברייטע מעגלעכקייט פון פילם; אין יידישן טעאַטער האָט ער געשלעפּט די גרויסע לאַסט פון אָפּהיטן ליטעראַטור־ווערטן און אין דער ליטעראַטור, אין שרייבן, האָט אויף אים געדריקט ווי אַ לאַסט דער דורכ־אויסיקער טעאַטראַלער צוגאַנג. אָבער איבער אַלעם איז תמיד אין אים געווען דער אַקטיאָר, דער בלוט־אַקטיאָר, מען קען זאָגן: אַן אַקטיאָר אין וועלט־באַנעם.

ער האָט פאַרגעטערט שעקספּירן — געווען אפשר דער בעסטער יידישער שעקספּיר־קענער — און האָט אַ לעבן־לאַנג געחלומט וועגן אַ יידיש שעקספּיר־טעאַטער. ווען ס׳איז אים אויסגעקומען אין יידיש צו שפּילן אַ שעקספּיר־געשטאַלט (שעקספּיר־פּראָספּעראָ אין „שטורעם״ — סיי אין „טעאַטער פאַר יוגנט״, סיי אין ביאַליסטאָקער יידישן מלוכה־טעאַ־טער) איז ער געווען אין זיבעטן הימל. ווייל ער האָט געהאַלטן טעאַטער פאַר אַן עבודת הקודש און שעקספּירן — פאַרן כהן־גדול פון דער עבודה.

ווען ער האָט זיך פאַרבונדן מיט דער שאַפונג פון זיין פריינד ש. אַנ־סקי, מיטן „דיבוק״ — נאָך לאַנגע אינערלעכע געראַנגלען און ראַנגלענישן מיטן אַרום — איז ער געוואָרן דער מיראַפּאָליער צדיק. אויף דער בינע און

אויפן פילם. אומפאַרגעסלעך און קאָנקורענצלאָז. עפּעס אַ מיסטישע פאַר־בינדונג האָט זיך ביי אים געשאַפן מיט דער ראָל. ער, דער נישט־רעלי־גיעזער (כאָטש — יום־כיפור געפאַסט, „לזכר די עלטערן") — איז זיך געגאַנגען טובל־זיין און געפאַסט אין טאָג פון יעדער „דיבוק"־פּרעמיערע זיינער; און אין וואַרשע — מתפלל געווען אויף אַן־סקיס קבר ביים אוהל־פּרץ אייניקע יאָר שפּעטער האָט ער זיך אויף אַן ענלעכן אופן פאַרבונדן מיט זיין באַקאַנטסטן חברס — אלתר קאַציזנעס „דוכס". ער איז געוואָרן דער אַלטער דוכס.

אין כאַראַקטער — אַ קאַפּריזנע קינד, וואָס האָט געטראָגן אין זיך די ירושה־לאַסט פון אַ צעפּיעשטשעטן גבירישן בן־יחיד און אַ קינסטלער־נאַטור דורך און דורך, איז ער געווען איינער פון די רייכסטע אינטעלעקטן אין דער יידישער טעאַטער־וועלט. אַ מענטש פון שעפערישער מחשבה און פאַרטיפונג. אַ גרויסער קינסטלער און גייסטרייכע פערזענלעכקייט. אַ קינס־טלער אין דעם זין, ווי ער אַליין האָט עס כאַראַקטעריזירט אין דעם פערטן באַנד פון זיינע זכרונות:

„קינסטלער איז קודם־כל — דענקער! טרעגער פון אַבסטראַקטן געדאַנק, דאָס הייסט: פילאָזאָף.

„קינסטלער איז — דיכטער! באַרופענער געזאַלבטער דיכטער. נישט דער, וואָס «שרייבט און גראַמט», נאָר דער וואָס זוכט און גע־פינט אין אַלע אָן אויסנאַם פאַקטן פון לויפנדיקע טעג און יאָרן דעם ריטם פון אייביקער האַרמאָניע. אַ דיכטער פילט ריטם און האַרמאָניע אָפט דאָ, וווּ אַנדערע בני־אָדם זעען בלויז קאָנפליקטן, קאָליזיעס, קאַקאָפאָניעס, גרילצנדיקע שטערונגען.

„און ענדלעך: קינסטלער איז — טרוימער! זיין פּראַקטיש לעבן, זיין טאָג און נאַכט און אַלע זיינע יאָרן זענען איינגעטונקען אין שטראָמען פון פאַנטאַזיע.

„די אַלע אויסגערעכנטע מידות, וואָס באַצייכענען קינסטלער, זענען אין דער גרעסטער מאָס נוגע דעם בינע־קינסטלער: דעם אַקטיאָר!".

ער איז געװען אַ פּילפּאַרביקער קנויל פֿון שאַפֿונג־פּאָטענצן און אויפֿ־בליצן.

װאָס קאָן מען דען אַרויסהייבן ביי אים אויפֿן אויבנאָן? על־פּי שׂכל פֿון זיינע אייגענע רייד — דעם אַקטיאָר. ער אַליין האָט געהאַלטן, אַז דאָס איז זיין אָרט און אויפֿגאַבע אין לעבן, זיין אני־מאמין. און געװען איז ער דורכויס אַקטיאָר — אויף דער בינע און אויסער איר. מיט יעדער באַװעגונג פֿון זיין מאַסיװן קערפּער; מיט יעדן קנייטש פֿון זיין גרויס, אויסדריקלעך פּנים; מיט יעדן אויפֿגלאַנץ פֿון זיינע גליִענדיקע אויגן. אַן אַקטיאָר מיט טיפֿן גלויבן אין שליחות פֿון שוישפּיל און שוישפּילער אויף דער בינע און דורך איר — אין לעבן. אָט דער גלויבן האָט עס דעם יונגן אברהם מנקר געפֿירט פֿון װילנער ייִדישן געטאָ־געסל אין די פּאַלאַצן פֿון דער „אימפּעראַטאָרסקער" רוסישער קונסט, געמאַכט אים פֿאַר „מאָרעװסקי". פֿון דאָרט — אין די װאַנדערונגען פֿון רוסישע פּראָװינץ־אַקטיאָרן; דערנאָך אויף די ברעטער פֿון די ייִדישע בינעס אויף אַ האַלבער װעלט און אין דער פֿילם־קונסט. אַן אַקטיאָר מיט אַ שטורמישן טעמפּעראַמענט און שאַרפֿן אויסדרוק — אינערלעכן און אויסערלעכן — מיט װעלכן ער האָט אָפּטמאָל גובר געװען די שטערונגען פֿון זיין קראַנקן האַלדז און צעריסענע שטים־בענדער; מיט אויפֿשטייגן און אויסגליטשונגען, דאַנקיכאָטישקייט און קאַפּריזן פֿון אַן אמתער קינסטלער־נאַטור.

איז ער אָבער אויך געװען אַ רעזשיסער, װאָס האָט שטאַרק בייגעשטייערט צו דער אייראָפּעיִזירונג פֿון ייִדישן טעאַטער, צום אַרויספֿירן עס פֿון דער געטאָ־ענגשאַפֿט און אַריינהויכן אין דער ייִדישער טעאַטער־סביבה, אַ פֿיינערע, אויסגעאיידלטע, ראַפֿינירטע, קינסטלערישע אַטמאָספֿער.

און ער איז אויך געװען אַ שרייבער, װאָס האָט אָפֿט איבעראַשט מיט זיינע בליצנדיקע פּאַראַדאָקסן, מיט דער אָריגינעלקייט פֿון געדאַנק און װאָרט־אויסדרוק. אַ שרייבער מיט אַ באַזונדערער אָנלאָדונג, װען עס איז געקומען צו טעאַטער און צו „טעאַטער און לעבן". אַ שעקספּיראָלאָג און פּרעדיקער פֿון עקסטרעמע עליטאַר־קינסטלערישע טעאַטער־טעאָריעס. אַ פּאַראַדאָקסן־ריטער און װאָרט־מייסטער, װאָס האָט פֿאַרמאָגט די פֿעיִקייט בילדעריש איבערצוגעבן זיין רייכע געדאַנקען־װעלט און זכרונות.

א. מאָרעװסקי דערציילט (אין צװייטן באַנד פון זיינע זכרונות) װי שלום אַש האָט זיך באַגייסטערט מיט זיין, מאָרעװסקיס, פעדער, געהייסן אים אַװעקזעצן זיך און שרייבן, װייל „איר זענט אַזאַ שרייבער, װי איך"... אװדאי איז דאָ געװען אַ היפּשע גוזמא — פון אַשן מן־הסתם, נישט פון מאָרעװסקין. װייל מאָרעװסקי אַליין גיט באַלד צו, אַז דוד בערגעלסאָן האָט אים געזאָגט: „איר זענט אַ מענטש מיט אַ פעדער אין האַנט, אָבער קיין שריפטשטעלער זענט איר נישט". און אַביסל גערעכט זענען טאַקע געװעןביידע גרויסע יידישע שרייבער: מאָרעװסקי האָט געקענט שרייבן, שיין שרייבן, אינטערעסאַנט שרייבן. אָבער קיין שריפטשטעלער — אין זין פון באַהערשן זיין אייגענע פעדער — איז ער נישט געװען.

װייל אומעטום און אין אַלץ איז ער געװען דער היפּוך פון רוטין, פון רוען אויף לאָרבערס — אָפטמאָל אַפילו קעגן שכל־הישר און אָנגענומענע קאַנאָנען; אָפטמאָל קעגן דעם גלייכן דרך און געזעלשאַפטלעכע קאָנװענצן. נייערט שטענדיק דרייסט, אָריגינעל און באַפרוכפּערנדיק — צומאָל אין אַ פאַרקערטער ריכטונג, װי ער האָט עס אַליין געװאָלט. דאָס איז אפשר געװען דאָס פאַראַדאָקסאַלע ביי דעם פאַראַדאָקסן־מייסטער און פאַרליבטן אין פאַראַדאָקסן. פאַראַדאָקסן האָבן געפינקלט אין אַלע זיינע פען־שאַפונגען. אויך זיינע בינע־שאַפונגען זענען אָפטמאָל פול געװען מיט פאַראַדאָקסן. באַזונדערס — זיין טעאַטער־אָרגאַניזאַציאָנעלע טעטיקייט. ער האָט פאַרבליפט מיט דער טיפקייט און מקורדיקייט פון זיין פאַראַדאָקס. אויף דער בינע, אין שריפט און — אין לעבן. זיין געדאַנקען־גאַנג — אין שרייבן, װי אויך אין שאַפן סצענישע געשטאַלטן — האָט געקאָנט זיין אַ העל־דורכזיכטיקער און צומאָל אַ ביז טונקלקייט־פאַרפּלאָנטערטער. ער איז געװען פול מיט סתירות און האָט געקאָנט מאַכן ממש קאָרקברעכערישע שפּרונגען פון עקסטרעם צו עקסטרעם — אָבער אויך דאָס האָט געהאַט ביי אים אַ באַזונדערן חן. לחלוטין נישט אָריענטירט אין סאָציאַל־פּאָליטישע פראַגן, האָט ער אויך אין דעם נישט איינמאָל גענומען אַ װאָרט און געקאָנט פראָקלאַמירן: „פּילסודסקי און טראָצקי — די צװיי גרעסטע גייסטער פון דער רעװאָלוציע" (נאָך פּילסודסקיס טויט); ענטוזיאַזמירן זיך מיט ארץ־ישראל — דװקא זייענדיק אין ראַטנפאַרבאַנד (װעגן די לעצטע יאָרן זיינע, אין

פוילן, איז דאָך שוין אָפּגערעדט. ער האָט זיך געריסן, קראַנקערהייט, מיט אַלע כוחות קיין ישראל, אַפּילו „ס׳זאָל מיר אויסקומען אויפן וועג צו שטאַרבן״). אויף אַלץ האָט ער רעאַגירט עמאָציאָנעל, מיט אַ גרויסער אָנ־לאָדונג פון אינטעלעקט און האָט אויך באַוויזן אַזוי משפּיע צו זיין דעם אַרום — פון דער בינע, אין שריפט און אין לעבן. איינע פון די גייסטרייכ־סטע פּערזענלעכקייטן אין יידישן קולטור־לעבן, אַ זעלטענע קינסטלער־דערשיינונג אין גרויסן פאַרנעם.

.2

איבער פערציק יאָר האָט געדויערט מיין באַקאַנטשאַפט מיט מאָ־רעווסקין. עטלעכע און דרייסיק יאָר — אַ נאָענטע באַקאַנטשאַפט, טראָץ דעם 20־יאָריקן אונטערשיד אין עלטער צווישן אונדז. כ׳האָב אַ סך מאָל צוזאַמענגעאַרבעט מיט אים — אין פאַרשידענע ערטער און באַדינגונגען; צוזאַמען איבערגעלעבט אַ געוויסע טייל פון די מלחמה־גרוילן; געפּירט מיט אים אַ לעבהאַפטע קאָרעספּאָנדענץ, ווען מיר זענען געווען דערווייַ־טערט פון זיך, פאַרברענגט מיט אים טעג און נעכט — אין שמועסן, דיס־קוסיעס, שפּאַצירן, אַמפּערנישן. דאָס איז מיר געווען דער גייסטיק־נאָענט־סטער מענטש אין דער יידישער טעאַטער־וועלט און גלייכצייטיק — נישט געווען נאָך איינער, מיט וועלכן איך זאָל זיך האָבן אַזויפיל געאַמפּערט און געשפּאַרט — סיי פּנים־אל־פּנים, סיי שריפטלעך.

עס ליגן פאַר מיר צענדליקער בריוו פון מאָרעווסקין (אויסער דער גרויסער צאָל בריוו, וואָס זענען ביי מיר פאַרפאַלן געגאַנגען ביי „פאַרשי־דענע געלעגנהייטן״ — פאַר דער מלחמה און נאָך דער מלחמה); בריוו, וואָס זענען פול מיט די וואַרעמסטע וואָרט־צערטלערייען און מיט די שאַרפסטע זידלערייען. ער האָט געקאָנט אָנהייבן זיינע בריוו מיט: „איציקל מיין קרוין, מיין נשמה״; אַנדערע — מיט אָפּטמאָל נישט צענזורירבאַרע זידלערייען, אָדער מיט סאַרקאַסטישע באַצייכענונגען, ווי „הויכגעשעצטער פאַרטיידי־קער פון מיינע אומשולדיקע קרבנות״.

אַזוי האָבן מיר אויך בעל־פּה אין משך פון צענדליקער יאָרן נישט אויפגעהערט זיך צו אַמפּערן. וויכוחים וועגן קאָנקרעטע אַקטועלע ענינים

און אַבסטראַקטע פּרינציפּיעלע פּראַגן. אַ לאַנגע צייט האָבן מיר געפירט צווישן זיך אַ פאַרביטערטן געראַנגל אין ביאַליסטאָקער יידישן מלוכה־טעאַטער. איך אַלס פאָרזיצער פון „אָרטיקן קאָמיטעט" אין טעאַטער האָב געמוזט זייער שאַרף באַקעמפן זיין אופן פון פירן דאָס טעאַטער. ער איז באַזייטיקט געוואָרן פון דער אָנפירונג, אָבער דאָס האָט נישט געשטערט אונדזערע האַרציקע באַציונגען פריוואַט.

ער איז געווען מיט מיר אויפריכטיק, גראָד ווי איך מיט אים, אַפילו אין גאַנץ דראַסטישע פראַגן. דעם 1טן מאַי 1941, ווען מיר האָבן אין ביאַליסטאָק פאַרביימאַרשירט מיט די פענער פאַר דער טריבונע, ווו ס'איז געזעסן די גאַנצע פאַרטיי־סמעטענע פון דער געגנט (מאָרעווסקי האָט דווקא געוואָלט טראָגן די גרויסע רויטע פאָן פון טעאַטער) און מיר האָבן זיך אָפּגעשטעלט אויף אַ קורצן אָפּרו, האָט ער מיר געגעבן אַ זאָג:

— איציקל, גלויבט מיר, דאָס איז אַלץ פּוסט, פּייערווערק. אמתן סאָציאַליזם האָב איך איבערגעלעבט מיט דריי יאָר צוריק אין חיפה, אויפן הר הכרמל...

געווען פאַלן, ווען ער פלעגט געדולדיק אויסהערן מיינע פאָרוואורפן אויף זיין אַדרעס, אַ ביסל זיך ברוגזן און באַמיען זיך צו איבערצייגן מיך — מיט אַרגומענטן און סתם חנדלעך — אַז איך בין נישט גערעכט; ער האָט מיר אָבער בשום־אופן נישט געקאָנט מוחל זיין, וואָס איך האָב אין מיין דערציילונג „אַ שעקספּיר־פאַרשטעלונג" — אַרויסגעהויבן דעם אַרטיסט ש. לאַנדוי, וועלכן ער האָט נישט פאַרטראַגן. ער האָט אַפילו אויף אַ צייט איבערגעריסן מיט מיר די קאָרעספּאָנדענץ און נאָכן באַנייען זי — כסדר געשיקט שטעכווערטלעך אויף דעם חשבון; עס האָט אים אויך פאַרדראָסן טאָמער איך האָב געזאָגט, אָדער געשריבן, אַ גוט וואָרט וועגן רעזשיסער דוד הערמאַן, אָדער וועגן אַרטיסט אייזיק סאַמבערג, צי גאָר — באַראַטאָוו. געווען אַ צאָל פּערזענלעכקייטן אין יידישן טעאַטער, וועמענס נעמען עס האָבן געווירקט אויף אים אויפרייצנדיק. אין דערזעלבער צייט האָט ער נישט געקאָנט משלים זיין אויב מען האָט געזאָגט אַ שלעכט וואָרט וועגן מענטשן, וואָס זענען ביי אים באַזונדערס באַליבט געווען: וועגן זיין רוסישן טעאַטער־רבין דאַלמאַטאָוו (ער פלעגט, דערמאָנענדיק דעם נאָמען, צו־

געבן: „זכרונו לברכה״), וועגן ש. אַנ־סקי, אָדער אלתר קאַציזנע. עס האָט אים אויך געקאָנט אַרויספירן פון גלייכגעוויכט אַ שלעכט וואָרט וועגן דעם טעאַטער־דירעקטאָר משה קאַרפּינאָוויטש: „דאָס איז דאָך זייד. אַ בן־רב!״. אגב — די דאָזיקע באַצייכענונג האָט זיך ביי אים אָפט איבערגעחזרט. רבנים האָט ער אפשר נישט תמיד הויך געשעצט, אָבער אַ בן־רב איז ביי אים געווען אַ מאָס פון גרויסער מענטשלעכער קוואַליטעט.

איך האָב מיט אים צוזאַמענגעאַרבעט אין וואַרשעווער „נאָוואָשטשי״־טעאַטער, געגאַנגען גאַנצע נעכט שפּאַצירן נאָך די פאָרשטעלונגען פון „דאַנ־טאָנס טויט״ — אין נאַכט־לאָקאַלן און ביי די ברעגעס פון דער ווייסל; אַ לאַנגע צייט מיטגעאַרבעט ביי מאָריס שוואַרצן און אין מאָריס שוואַרץ־אַנסאַמבל, אָנדערטהאַלבן יאָר געווען צוזאַמען אין ביאַליסטאָקער ייִדישן מלוכה־טעאַטער; צוזאַמען איבערגעלעבט די באָמבאַרדירונג פון מאָגילעוו (אין יוני 1941) און די באַשיסונג פון אונדזער עשאַלאָן, ווען מען האָט אונדז עוואַקויִרט קיין צענטראַל־רוסלאַנד; נאָך יאָרן צעשיידונג, ווען איך האָב (אָנהייב 1956) אָפּגעדרוקט אַ וואַרעם אַרטיקל וועגן אים אין דער וואַרשע־ווער „פאָלקסשטימע״, צו זיין 70סטן געבוירנטאָג — האָט ער נישט אויפ־געהערט צו טענהן, אַז דאָס טאַקע האָט אים מחיה מתים געווען און באַוויִזן צוריקצופאָרן פון זיין אוראַלער גלות; די צייט פון זיין צוריקקומען קיין פוילן, ביז מיין אַוועקפאָרן, האָבן מיר נישט בלויז צוזאַמענגעאַרבעט, נייערט אויך געווען שכנים. האָב איך אָפטמאָל געהערט קאַפּיטלעך פון זיינע זכרו־נות „גלייך פון דער פעדער אַרויס״.

געזעגנט האָב איך זיך מיט אים, ווען ער איז געלעגן אין שפּיטאָל מיט אַ צווייטער האַרץ־טראָמבאָזע (ער האָט נישט געטאָרט רעדן — אָבער ווען און וועמען האָט ער דען געפאָלגט אין אַזעלכע פאַלן?). איך ווייס נישט, צי ער האָט עפּעס פאַרשטאַנען, אָדער פאָרויסגעפילט אין שייכות מיט מיין אַוועקפאָרן. ער האָט פון מיר פאַרלאַנגט: „שרייבט!״. און ווען איך בין שוין געווען אין ישראל און זיך געפונען אונטער אַ שטרענגן חרם פון דער ייִדי־שער סביבה אין פוילן, האָט ער זיך אויסגעלאַכט פון דעם חרם, נישט אויפגעהערט צו מיר צו שרייבן. און טאָמער איך האָב נישט אַזוי גיך גע־ענטפערט, האָט ער אַלאַרמירט: „וואָס איז געשען?״.

זיינע בריוו זענען געווען קורצע (און צומאָל — לענגערע אויך) עסייען, מיט שאַרפֿזיניקע ווערטער־שפּילן, מיט אַמפּערנישן און טענות — צו מיר, צו אַנדערע, צו דער וועלט. ער האָט פֿאַרלאַנגט פֿון מיר צו ענדערן מיין מיינונג וועגן דעם אָדער יענעם — געפּרוּווט מיר אויפצוצווינגען זיין מיי־נונג. און איין עיקרדיקער לייטמאָטיוו איז געווען אין די בריוו זייט אייניקע יאָר: מיר מוזן זיך אויסטענהן — אויספירלעך אויסטענהן — אין ישראל. ער וויל נאָך זיין אין ישראל. אַפילו ער זאָל דאַרפֿן באַצאָלן מיטן לעבן דערפֿאַר. און טאַקע — אויפטרעטן פֿאַרן ישראלדיקן עולם. אַי, דאָס האַרץ? — נישט ער וועט פֿאָלגן דאָס האַרץ, — דאָס האַרץ מוז אים פֿאָלגן.

דעם לעצטן בריוו האָב איך אים געשריבן געציילטע טעג פֿאַר זיין טויט. באַצייטנס — צו זיין 78סטן געבוירנטאָג. ער האָט אים שוין נישט דערהאַלטן.

פֿון זיינע בריוו, וואָס איך האָב דערהאַלטן, וואָלטן מען געקאָנט צו־זאַמענשטעלן אַ גאַנץ פֿאַרנעמיק ביכל. פֿון מיינע זכרונות וועגן אים, עפּי־זאָדן פֿון בשותּפֿותדיקע איבערלעבונגען — אַ באַנד אַ גרויסן. און אייגנט־לעך פֿאַרדינט זיך מאָרעוווסקי אַן אויספירלעכע מאָנאָגראַפֿיע — אפשר מער, ווי יעטוועדע פּערזענלעכקייט אין ייִדישן טעאַטער צוליב זיין אייגנ־אַרטיקייט, פּילפּאַרביקייט און קאָמפּליצירטקייט.

איך האָב פֿון אים אַ סך, אַ סך צו דערציילן, אָנהייבנדיק פֿון אונדזערע צוזאַמענטרעפֿן אין קוראָרט טרוסקאַוויעץ (זומער 1927), ווו ער האָט רע־פּעטירט מיט דער „ווילנער טרופּע" אַ נייע אויפֿלאַגע פֿון אַן אַלטן פּריץ — ווידער זיינע אַ גלאַנץ־לייסטונג — אין י. פּרעגערס „דער נסיון"; דער־נאָך, ווען ער איז צוריקגעקומען פֿון זיין לאַנגער נסיעה איבער ביידע אַמע־ריקער (1930), אין וואַרשעווער „נאָוואָשטשי", ווו ער האָט אימפּאָנירט מיט זיין מעכטיקן דאַנטאָן אין ביכנערס „דאַנטאָנס טויט" און איך האָב געהאַט דעם כּבֿוד צו פֿירן מיט אים שאַרפֿע וויכּוחים — אויף דער בינע, אַלס סען־זשיסט; אויסער דער בינע — ביי דער אָפּשאַצונג פֿון דער פֿראַנ־צויזישער רעוואָלוציע, פֿון טעאַטער־פּראָבלעמען, פֿראַגן פֿון ליטעראַטור.

כּמעט דאָס גאַנצע יאָר 1936 און אַ העלפֿט 1937 זענען מיר צוזאַמען געווען ביי מאָריס שוואַרצן און אין מאָריס שוואַרץ־אַנסאַמבל. אויסגעוואַנ־

דערט פוילן אין דער לענג און אין דער ברייט. ער האָט אַפילו אין זיין קברן אין י. י. זינגערס „יאָשע קאַלב" זיך נישט באַפרידיקט מיט שאַבלאָן, און אין כאַצקל דראַכמע פון גאָרדינס „גאָט, מענטש און טייוול" אַריינגעבראַכט דאָס מאָרעווסקי־זוכערישע, ווי ער האָט עס מיט אַ פופצן יאָר פריִער געטאָן אין לייוויקס „שמאַטעס" (דער אַלטער מאַזאָ).

מיר האָבן פאַרזוכט דעם טעם פון פאַרשידענע קאָמוניקאַציע־מיט־לען, האָטעלן, רעסטאָראַנען און טעאַטערס. איז אַוודאי דאָ וועגן וואָס צו דערציילן. אָבער מיר ווילט זיך גאָר דערמאָנען אַן עפּיזאָד פון אַן אַנדער מין, וואָס איז כאַראַקטעריסטיש פאַר מאָרעווסקיס געדאַנקען־עקוויליבריס־טיק: אין לעמבערג איז פאָרגעקומען דער פּראָצעס פון אַנטיסעמיטישן רע־דאַקטאָר טומען, וועלכער האָט דערשאָסן זיין געליבטע. די סענסאַציע פון פּראָצעס איז געווען: טומענען האָט פאַרטיידיקט דער באַרימטער פאַרטיי־דיקער פון שטייגערן, ד"ר לייב לאַנדוי, קעגן וועלכן טומען האָט בשעתו (אין זיין צייטונג „וויעק נאָווי") געפירט אַ ווילדע העצע. דער האַרציקער טעאַטער־פריינד, ד"ר לאַנדוי, האָט דאַן געשאַפן דריי אייַנטריטס־קאַרטן אויפן סענסאַציאָנעלן פּראָצעס פאַר קלאַראַ סעגאַלאָוויטש, מאָרעווסקין און פאַר מיר. נאָך לייב לאַנדויס מייסטערהאַפטער פאַרטיידיקונג־רעדע, אין וועלכער ער האָט טומענען געמאַכט פאַר אַ דעגענעראַט און קרעטין, בעטנ־דיק דערפאַר פאַר אים אַ מילדע שטראָף — ווען מיר האָבן גראַטולירט דעם ד"ר לאַנדוי — האָט זיך מאָרעווסקי אָנגערופן:

— איר ווייסט, דאָקטער, איך וואָלט פאַרלאַנגט פאַר אים אַ באַפרייונג־אורטייל. טשעכאָוו האָט געזאָגט, אַז אויב מען ווייזט אויף דער בינע אַ ביקס, מוז זי אויסשיסן. ווען נישט דאַרף מען זי נישט ווייזן. איז אויב מען דער־לויבט אַ מענטשן צו האַלטן אַ רעוואָלווער, טאָ ווען זאָל אים אַ מאַן באַנוצן, אויב נישט דאַן ווען ער ווערט געפּאַטשט פון אַ פרוי?

מיר האָבן עס אָנגענומען פאַר אַ שפּאַס. מאָרעווסקי האָט עס אָבער גע־מיינט ערנסט. און געווען איז עס איינער פון זיינע פּאַראַדאָקסן, וועלכע ער פלעגט בדרך־כלל באַטראַכטן פאַר ריכטיקע געדאַנקען אין דער צייט, ווען ער האָט זיי אימפּראָוויזירט.

און אַן עפּיזאָד פון דער סצענישער פּראַקטיק: אין ביאַליסטאָקער

ייִדישן מלוכה־טעאַטער האָט מאָרעװסקי געפּייערט זיין צװייטן סצעניִשן דערפּאָלג (נאָך פּראָספּעראָ אין „שטורעם״), אין דער ראָל פון אַלטן פּױלישן רעװאָלוציאָנער, אין דאַניעלס „יוליס״. מיר שפּילן די לעצטע סצענע, װען דער װילנער אַרבעטער־ראָט באַשליסט צו באַגיין זעלבסטמאָרד, כדי נישט אַריינצופאַלן אין די הענט פון גענעראַל זשעליגאָװסקיס זעלנער. מאָרעװ־סקי (דאַן אַן אַלטער פּױלישער דרוקער־אַרבעטער) געזעגנט זיך מיט מיר, מיט יוליסן. ער גלייכט זיך דערנאָך אויס, ציט אָפּ זיין טרענטש און טרייסלט אָפּ אַ שטויבעלע פון זיך. אַן עלעקטרישער שטראָם האָט אין מיר אַ שלאָג־געטאָן פון אים. כ׳האָב אַזש אױפגעציטערט, װען ער איז צו צו די טרעפּ, כדי אַראָפּצוגיין אין קעלער. איך האָב אים שפּעטער געזאָגט, אַז כ׳האָב זיך דערשראָקן פאַר זיין גאַנג — אַזוי סוגעסטיװ האָט ער געװירקט. װי ער װאָלט אויף אַן אמת גרייט געװען צו באַגיין זעלבסטמאָרד, האָט ער גע־ענטפערט:

— װען דער רעװאָלװער איז אויף אַן אמת געלאָדן, װאָלט איך זיך טאַקע דערשאָסן. װייל אַראָפּגייענדיק אין קעלער שיס איך צו זיך יעדן אָװנט.

קורץ פאַר היטלערס אָנפאַל אויפן ראַטנפאַרבאַנד, האָט מאָרעװסקי װידער זוכה געװען צו אַן אַקטיאָרישן טריומף — אַלס אַלטער משה אין י. לערמאַנטאָװס „שפּאַניער״ (אין דער איבערדיכטונג פון א. קושניראָװ). דרך־אגב װילט זיך דערמאָנען: דאָס איז געװען איינע פון די שענסטע אויפפירונ־גען, װאָס איך האָב װען עס איז געזען אין ייִדישן טעאַטער. דער רעזשי־סער מאָריס נאָרװיד, דער סעצנאָגראַף — אַ מינסקער קינסטלער װ. קראָל און דער קאָמפּאָזיטאָר — דער װאַרשעװער פּליט ישראל שייעװיטש, האָבן געשאַפן אַ האַרמאָניש סצעניש קונסטװערק. און אַ חוץ מאָרעװסקין האָבן אויך סאָניאַ ליימאַן, עני ליטאַן, ליזאַ שלאָסבערג, בערטאַ ליטװינאַ, משה ליפּמאַן, אברהם קראַמער, הערש האַרט א״אַנד׳ — געשאַפן באַדייטנדיקע קרעאַציעס. איך האָב געהאַט דאָס פאַרגעניגן ביי דער פאָרשטעלונג צו אַר־בעטן אַלס אַסיסטענט פונעם רעזשיסער. נאָך דער פּרעמיערע האָב איך גע־זאָגט מאָרעװסקין, אַז זיין איכה־געזאַנג האָט ביי מיר ממש אַרויסגערופן טרערן.

— דאָס האָב איך אַרויסגעטראָגן פונעם ווילנער שולהויף — האָט ער מיר ערנסט געענטפערט.

געציילטע טעג שפּעטער. מיר ווערן עוואַקויִרט פונעם ברענענדיקן מאָגילעוו. דער עשאַלאָן ווערט כסדר באָמבאַרדירט. מען מוז זיך אָפט אָפּשטעלן און באַהאַלטן פאַזע דער באַן־ליניע. מאָרעוווסקי באַהאַלט דעם קאָפּ און די גאַנצע מאַסיווע פיגור שטעקט אַרויס ווי אַ ציל פאַרן מאַשין־געווער, פון וועלכן די נידעריק־פליִענדיקע היטלער־רויבפייגל האָבן אונדז באַשאָסן.

— מאָרעוווסקי, באַהאַלט דעם הינטן, מען וועט אים אייך אַראָפּשיסן, — רופן מיר צו אים.

— איז מה רעש? סיי־ווי איז דאָך נישטאָ וואָס צו עסן... אַבי דער קאָפּ זאָל בלייבן גאַנץ.

אין צענטראַל־רוסלאַנד האָבן מיר זיך צעשיידט. ער איז אַוועק אויף אוראַל, אין אַ רוסיש טעאַטער. אַ צייט דאָרט געווען קינסטלערישער אָנפירער, רעזשיסער, געשפּילט וויכטיקע ראָלן — ער האָט נישט אויפגעהערט שפּעטער (שוין אין פּוילן) צו דערציילן וועגן זיין גאָראָדניטשי אין „רעוויזאָר" פון גאָגאָל, וועגן אייניקע אָסטראָווסקי־געשטאַלטן. אָבער נאָך דער מלחמה האָט מען אים אָנגעהויבן אַוועקצושטופּן אָן אַ זייט, ביז מען האָט אים אינגאַנצן אַרויסגעשטופּט פון דער רוסישער בינע.

נאָך פופצן יאָר, ווען מיר האָבן זיך ווידער באַגעגנט אין וואַרשע, איז ער שוין געווען אַ חורבה פון אַמאָליקן מאָרעוווסקי, נישט ווייל ער איז געווען אַריבער די שבעים — די וויטאַליטעט זיינע האָט זיך אַבסאָלוט נישט גערעכנט מיט די יאָרן, — נייערט ווייל ער איז געווען אַ גאַנצער קאָמפּלעקס פון קראַנקייטן. ער איז קוים געגאַנגען, קוים זיך גערירט. אָבער דער מוח און דער טעמפּעראַמענט זענען געבליבן יונג.

די ערשטע קבלת־פּנים אויפטריטן זיינע זענען געווען קאָנצערט־אָוונטן, ביי וועלכע איך האָב געגעבן דאָס אַריינפיר־וואָרט און די בינד־ווערטער. דער עיקר פון זיין אויפטריט — מאָנאָלאָגן פון זיין באַליבטן „האַמלעט" (אין זיין איבערזעצונג), ווייל — ווי קאָן ער אָן שעקספּירן? קורץ נאָכדעם — די אויפפירונג פון „דיבוק" — נישט אין דוד הערמאַנס, נייערט אין זיין, מאָרעוווסקיס קאָנצעפּציע, וואָס האָט געפּרווט צו פאַר־

וואַנדלען דעם „דיבוק” אין אַ ראָמאַנטיש־רעאַליסטישן פאָלקלאָר־ספּעק־טאַקל. ער האָט ווידער געגלאַנצט מיט אַלע שיינען אין מיראָפּאָליער צדיק. אָבער אָפּטמאָל שוין געמוזט אַרויסכאַפּן אויף דער בינע דאָס פלעשעלע מיטן ביטראָ־גליצערין, מיט וועלכן ער האָט זיך נישט געשיידט. און אויך דעם „דיבוק” האָט ער שוין צו־לאַנג נישט געקאָנט שפּילן, כאָטש ער האָט געחלומט צו שפּילן „שיילאָק” און אַליין אויפפירן שעקספּירס ווערק לויט זיין אויסגעפּיעסטעוועטער קאָנצעפּציע.

איין טרייסט איז ביי אים פאַרבליבן: די פעדער. ער איז טאַקע געוואָרן אויסערגעוויינטלעך פּראָדוקטיוו מיט דער פעדער.

און זאָל אונטערגעשטראָכן ווערן: די פּוילישע רעגירונג און די יידישע געזעלשאַפטלעכקייט האָבן געשאַפן פאַרן אַלטן, צעבראָכענער מאָרעווסקי די בעסטע באַדינגונגען צו לעבן און — טאַקע שאַפן. ער איז געווען אַרומ־גערינגלט מיט ווילטיק און כבוד, אויסגעצייכנט געוואָרן מיטן קאָמאַנדאָרן־אָרדן פון „פּוילנס באַנייונג”. אָבער דאָס געזונט האָט אים שוין קיינער נישט געקאָנט אומקערן.

אויף אַלע פראַגן וועגן זיינע נאָכמלחמהדיקע יאָרן אין רוסלאַנד, האָט ער געענטפערט אַ מאַך־טוענדיק מיט דער האַנט, ווי ער וואָלט וועלן אָפּ־ווישן די יאָרן. מען האָט קוים געקאָנט ביי אים אַרויסשלעפּן:

— ווען נישט מיין טייערע מאַניע מיט אירע קלאַוויר־לעקציעס, וואָלט איך שוין לאַנג געשטאָרבן פון הונגער.

די צווייטע פרוי זיינע, די פּיאַניסטין מאַניע לענצנער — זיין גרויסע ליבע, וועלכע האָט אים באַגלייט עטלעכע דרייסיק יאָר פון זיין לעבן, ביזן טויט — האָט זיך געגרויטלט דערביי. זי האָט אים פאַרגעטערט — נישט בלויז ווי אַ מאַן, נייערט ווי אַ קינסטלער — און מורא געהאַט, אַז די רייד קאָנען פאַרמינערן זיין ווערט אין עמעצנס אויגן.

אָבער נישט דאָס האָט געקאָנט פאַרמינערן זיין ווערט, גראַד, ווי ס'האָבן עס נישט געקאָנט טאָן זיינע שטרויכלונגען, פעלערן און פאַלשע שריט. דאָס זענען געווען עפּיזאָדן פון זוכענישן און ראַנגלענישן, וואָס האָבן נישט גע־קאָנט קלענער־מאַכן די ווערט, וואָג, באַדייטונג און אויפטוען פונעם גרויסן קינסטלער און אייגנאַרטיקער פּערזענלעכקייט אינעם יידישן לעבן — אברהם מאָרעווסקי.

## ביכער פון דעמזעלבן מחבר:

1) יידיש טעאַטער אין פוילן — פאַרלאַג „יידיש־בוך", וואַרשע, 1951

2) די מאַמע אסתר (ביאָגראַפישע דערציילונג);
פאַרלאַג „יידיש־בוך", וואַרשע, 1953.

3) סאָוועטישע דראַמאַטורגיע (עסייען);
פאַרלאַג „יידיש־בוך", וואַרשע, 1955.

4) וואַרשע — דאָס וויגעלע פון יידישן טעאַטער (עסייען);
פאַרלאַג „יידיש־בוך", וואַרשע, 1956.

5) וואַרשעווער פורים־שפּילער (היסטאָרישער ראָמאַן);
פאַרלאַג „יידיש־בוך", וואַרשע, 1957.

6) פנימער און מאַסקעס (דערציילונגען און סקיצן);
150סטער באַנד פון דער ביכער־סעריע „דאָס פּוילישע יידנטום",
בוענאָס־איירעס, 1960.

# דאָס פּוילישע ייִדנטום

ביכער-סעריע פון דעם צענטראַל-פאַרבאַנד פון פּוילישע ייִדן
אין ארגענטינע

רעדאַקטאָר: מאַרק טורקאָוו

פאַרלאַג־לייטער: אברהם מיטלבערג

## ביז איצט דערשינען:

1) מאַרק טורקאָוו — מלכה אָװשיאַני דערציילט... (אויספאַרקויפט)
2) ה. ד. נאָמבערג — י. ל. פּרץ (אויספאַרקויפט)
3) וו. גראָסמאַן־וויערניק — טרעבלינקע (אויספאַרקויפט)
4) פּרץ גראַנאַטשטיין — מיין חרוב שטעטל סאָקאָלאָוו (אויספאַרקויפט)
5) ישראל טאַבאַקסבלאַט — חורבן לאָדזש (אויספאַרקויפט)
6) זרובבל — באַרג חורבן (אויספאַרקויפט)
7) אלחנן צייטלין — אין אַ ליטעראַרישער שטוב (אויספאַרקויפט)
8) ד״ר ח. שאָשקעס — פּוילן — 1946 (אויספאַרקויפט)
9) ז. סעגאַלאָוויטש — טלאָמאַצקע 13 (אויספאַרקויפט)
10) מ. נודעלמאַן — געלעכטער דורך טרערן (אויספאַרקויפט)
11) ד״ר מאיר באַלאַבאַן — די יידן־שטאָט לובלין (אויספאַרקויפט)
12) ישראל אפרת — היימלאָזע יידן (אויספאַרקויפט)
13) ד״ר יעקב שאַצקי — אין שאָטן פון עבר (אויספאַרקויפט)
14) דוד פלינקער — אַ הויז אויף גזשיבאָוו (אויספאַרקויפט)
15) ד״ר הלל זיידמאַן — טאָגבוך פון וואַרשעווער געטאָ (אויספאַרקויפט)
16) זאַמלונג פון דאָקומענטן — קינדער־מאַרטיראָלאָגיע (אויספאַרקויפט)
17) חיים גראַדע — פּליטים (אויספאַרקויפט)
18) ש. קאַטשערגינסקי — פּאַרטיזאַנער גייען!... (אויספאַרקויפט)
19) פרידע זרובבל — נע ונד (אויספאַרקויפט)
20) מרדכי שטריגלער — מאַידאַנעק
21) יעקב לעשצינסקי — אויפן ראַנד פון אָפּגרונט (אויספאַרקויפט)
22) ז. סעגאַלאָוויטש — געברענטע טריט (אויספאַרקויפט)
23) אברהם טייטלבוים — וואַרשעווער הייף
24) טאַניאַ פוקס — אַ וואַנדערונג איבער אָקופּירטע געביטן
25) ש. ל. שניידערמאַן — צווישן שרעק און האָפענונג (אויספאַרקויפט)
26) לעאָ פינקלשטיין — מגילת פּוילן (אויספאַרקויפט)
27) יאָנאַס טורקאָוו — אַזוי איז עס געווען... (חורבן וואַרשע)
28) ש. איזבאַן — „אומלעגאַלע״ יידן שפּאַלטן ימען
29) יעקב פּאַט — הענעך
30) ד״ר י. קערמיש — דער אויפשטאַנד אין וואַרשעווער געטאָ

31) **שמחה פאַליאַקיעוויטש — אַ טאָג אין טרעבלינקע**
32) **מרדכי שטריגלער — אין די פאַבריקן פון טויט** **(אויספאַרקויפט)**
33) אברהם נחתומי — אין שאָטן פון דורות
34) **יחיאל לערער — מיין היים** **(אויספאַרקויפט)**
35) יוסף וואָלף — לייענענדיק פּרצן...
36) צפּורה קאַצענעלסאָן־נאַכומאָוו — יצחק קאַצענעלסאָן
37) י. הירשהויט — פינצטערע נעכט אין פּאַוויאַק
38) נחום סאָקאָלאָוו — פּערזענלעכקייטן
39) רחל קאָרן — היים און היימלאָזיקייט (לידער)
40) א. אלמי — מאָמענטן פון אַ לעבן
41) מנשה אונגער — פּשיסכע און קאָצק **(אויספאַרקויפט)**
42) מ. בורשטין — איבער די חורבות פון פּלוינע
43) מ. קיפּניס — הונדערט פאָלקס־לידער **(אויספאַרקויפט)**
44) **ז. סעגאַלאָוויטש — מיינע זיבן יאָר אין תל־אביב** **(אויספאַרקויפט)**
45) ד״ר ד. שאָשקעס — אַ וועלט וואָס איז פאַרביי... **(אויספאַרקויפט)**
46) שלמה וואַגאַ — חורבן טשענסטאָכאָוו
47) **אברהם זאַק — יאָרן אין וואַנדער** **(לידער)**
48־49) **ש. איזבאַן — פאַמיליע קאַרפּ** **(אויספאַרקויפט)**
(פּרעמירט דורכן צבי־קעסעל־ליטעראַטור־פאָנד, מעקסיקע 1950)
50) **ד״ר א. מוקדוני — מיינע באַגעגענישן (זכרונות)**
51) **ר. שושנה־קאַהאַן — אין פייער און פלאַמען** **(אויספאַרקויפט)**
52) י. י. טרונק — די יידישע פּראָזע אין פּוילן
53) יאָנאַס טורקאָוו — אין קאַמף פאַרן לעבן **(אויספאַרקויפט)**
54) יצחק פּערלאָוו — די מענטשן פון „עקזאָדוס 1947״ **(ראָמאַן)**
55) פּנחס ביזבערג — שבת־יום־טובדיקע יידן
56־57־58) **שלום אַש — פּעטערבורג־וואַרשע־מאָסקווע** (אויספאַרקויפט)
59) ד״ר פיליפּ פרידמאַן — אָשוויענטשים
60) **ב. ראָזען — טלאָמאַצקע 13**
61־62) **דוד פלינקער — אין שטורעם (ראָמאַן)**
63) יאַנוש קאָרטשאַק — משהלעך, יאָסעלעך, ישׂראליקלעך **(אויספאַרקויפט)**
64־65) **מרדכי שטריגלער — „ווערק צע״** **(אויספאַרקויפט)**
(פּרעמירט דורכן האָפּער־לייב ליטעראַטור־פאָנד ביים יידישן קולטור־קאָנגרעס, בוענאָס־איירעס, 1951)
66) היים גראַדע — שיין פון פאַרלאָשענע שטערן
67) רבקה קוויאַטקאָווסקאַ — פון לאַגער אין לאַגער
68) **יואל מאַסטבוים — מיינע שטורמישע יאָרן** (זכרונות)
69) אליהו טראָצקי — גלות דייטשלאַנד
70) **ד״ר י. שאַצקי — קולטור־געשיכטע פון דער השכלה** **(אויספאַרקויפט)**
71) **נחמן מייזיל — געווען אַמאָל אַ לעבן...** **(אויספאַרקויפט)**
72) **י. י. טרונק — סימכע פּלאַכטע פון נאַרקאָווע** **(אויספאַרקויפט)**
**(פּרעמירט דורכן צבי־קעסעל־פאָנד, מעקסיקע, 1951)**

73) יהודה עלבערג — אונטער קופערנע הימלען (אויספאַרקויפט)
(פרעמירט דורכן ליטעראַטור־פאָנד אין סאַן־פּאַולאָ, בראַזיל, 1951)
74) ד״ר א. מוקדוני — אויסלאַנד
75) זיגמונט טורקאָוו — פראַגמענטן פון מיין לעבן
76) יהושע פערלע — יידן פון אַ גאַנץ יאָר
(פרעמירט מיט דער פרץ־פרעמיע פון יידישן פען־קלוב אין פוילן
און ליטעראַטור־פרעמיע פון „בונד״ אין פוילן, וואַרשע, 1937
77) יעקב לעשצינסקי — ערב חורבן
78) דניאל טשאַרני — ווילנע
79) ז. סעגאַלאָוויטש — דער לעצטער לאָדזשער ראָמאַן (אויספאַרקויפט)
80) יזכור־בוך — בעלכאַטאָוו (אויספאַרקויפט)
81) מ. י. שעליובסקי — אויף אַ פולער וואָך
82—83) יצחק פערלאָוו — דער צוריקגעקומענער (ראָמאַן)
84) יוסף אָקרוטני — דאָס בוך פון די עלנטע
85—86) מרדכי שטריגלער — גורלות (אויספאַרקויפט)
87) ד״ר יוסף טענענבוים — גאַליציע — מיין אַלטע היים
88) זלמן שזר — שטערן פאַרטאָג (זכרונות) (אויספאַרקויפט)
89) משה דוד גיסער — דאָס געזאַנג פון אַ לעבן (אויספאַרקויפט)
90) ז. י. אנכי — ר׳ אבא און אַנדערע כתבים
91—92) עמנואל רינגעלבלום — קאַפּיטלען געשיכטע
93) שמעון האָראָנטשיק — אין גערויש פון מאַשינען (ראָמאַן)
94) גרשם באַדער — מיינע זכרונות (קראָקע)
95—96) יאָנאָס טורקאָוו — פאַרלאָשענע שטערן (אויספאַרקויפט)
(פרעמירט דורכן צבי קעסעל ליטעראַטור־פאָנד, מעקסיקע 1954).
97—98) אַלטער קאַציזנע — שטאַרקע און שוואַכע (ראָמאַן)
99) פועה ראַקאָווסקי — זכרונות פון אַ יידישער רעוואָלוציאָנערין
100) מאַרק טורקאָוו — די לעצטע פון אַ גרויסן דור (אויספאַרקויפט)
101) י. הירשהויט — יידישע נאַפט־מאַגנאַטן
(פרעמירט דורכן מרדכי־סטאַליאַר־ליטעראַטור־פאָנד, ביי „די אידישע
צייטונג״, בוענאָס־איירעס, 1955).
102) משה זאַנשיין — יידיש וואַרשע
103) פ. מינץ (אַלעקסאַנדער) — די געשיכטע פון אַ פאַלשער אילוזיע
104) י. י. טרונק — די וועלט איז פול מיט נסים (ראָמאַן)
105־106־107) מיכאל באָרוויטש — אַרישע פאַפּירן
(פרעמירט דורכן ניימאַן־פאָנד, פאַריז, 1958).
108—109) מרדכי שטריגלער — געאַרעמט מיטן ווינט (ראָמאַן)
110—111) ד״ר א. מוקדוני — וואַרשע און לאָדזש
(פרעמירט דורכן האָפּער־לייב ליטעראַטור־פאָנד, ניו־יאָרק, 1956).
112) ברוך האָגער — מלכות חסידות
(פרעמירט דורכן מרדכי־סטאַליאַר־ליטעראַטור־פאָנד, בוענאָס־איירעס, 1956).
113) ב. שעפנער — נאָוואָליפּיע 7 (אויספאַרקויפט)

114) פנחס שטיינוואַקס — ייִדן צום געדענקען
115) ק. צעטניק — דאָס הויז פון ליאַלקעס (אויספאַרקויפט)
116) מאַקס ווײַנרײַך — פון בײדע זײַטן פּלויט
117) אליעזר וויזל — און די וועלט האָט געשוויגן
118) ש. בערלינסקי — ירושה
(פּרעמירט דורכן ייִדישן קולטור־קאָנגרעס, ניו־יאָרק, 1957)
119) ד״ר יוסף טענענבוים — צווישן מלחמה און שלום
120) יוסף אָקרוטני — סוף קאַפּיטל
121) זיגמונט טורקאָוו — טעאַטער־זכרונות פון אַ שטורמישער צײַט
122) בער י. ראָזען — פּאַרטרעטן
123) אברהם טענענבוים־ארזי — לאָדזש און אירע ייִדן
124—125) משה קאַגאַנאָוויטש — די מלחמה פון ייִדישע פּאַרטיזאַנען
126—127) אברהם זאַק — קנעכט זענען מיר געווען
(פּרעמירט דורך דער באָריס סוראַוויטש־פּרעמיע, ניו־יאָרק, 1957)
128) יעקבֿ גלאַטשטיין — ווען יאָש איז געפאָרן
129—130) דוד פלינקער — נײַע צײַטן (ראָמאַן)
(פּרעמירט דורך דער מרדכי סטאָליאַר־פּרעמיע, בוענאָס־איירעס, 1958)
131) משה יודל שעליובסקי — אין דער וועלט אַרײַן
(פּרעמירט דורך דער האָפּער־לייב־פּרעמיע, ניו־יאָרק, 1958)
132) ד״ר יצחק שוואַרצבאַרט — צווישן בײדע וועלט־מלחמות
133) לעאָן לענעמאַן — דער חשבון בלײַבט אָפן
134) שלמה פראַנק — טאָג־בוך פון לאָדזשער געטאָ
135) מ. באַקאַלטשוק — זכרונות פון אַ ייִדישן פּאַרטיזאַן
136) פנחס וועלנער — אין יענע טעג
137) אלימלך ראַק — זכרונות פון אַ ייִדישן האַנטווערקער־טוער
138) הירש אַבראַמאָוויטש — פאַרשווונדענע געשטאַלטן
(פּרעמירט דורכן צבֿי־קעסעל־פאָנד, מעקסיקע 1959)
139) ב. טערקעל — צווישן שאַקאַלן
140) י. ל. וואַלמאַן — פּוילישע ייִדן (ראָמאַן)
141—142) נ. שמן — דאָס געזאַנג פון חסידות (אויספאַרקויפט)
143—144) צבֿי כהן — שטורמישע דורות (ראָמאַן)
145) יאָנאָס טורקאָוו — נאָך דער באַפרייאונג
146) העלענאַ שערעשעווסקאַ — צווישן צלם און מזוזה (אויספאַרקויפט)
147) פנחס שטיינוואַקס — ייִדישע מאַמעס צום געדענקען
148) וואָלף מערקור — די וועלט איז כּלעם (אויספאַרקויפט)
149) ראובן בן־שם — פּוילן ברענט...
151) שלמה פריזאַמענט — בראָדער זינגער
152) דוד לעדערמאַן — פון יענער זײַט פּאַרהאַנג (אויספאַרקויפט)
150) יצחק טורקאָוו־גרודבערג — פּנימער און מאַסקעס

153) שיינע־מרים בראָדערזאָן — מיין ליידנס־וועג מיט משה בראָדערזאָן
154) פּאָלאַ אַפּענשלאַק — יאַנוש קאָרטשאַק
155) שלמה ברייִנסקי — מענטשן פון זשעלעכאָוו
156) זיגמונט טורקאָוו — די איבערגעריסענע תקופה
157־158) אינזש׳ דוד דאַווידאָוויטש — קונסט־געשיכטע פון שולן אין פוילן
159) א. אַלמי — זאַמלבוך
160) ד״ר יצחק לעווין — ייִדן אין אַלטן פוילן
161) מלך ראַוויטש — דאָס מעשה־בוך פון מיין לעבן
(פּרעמירט דורך דער צבי־קעסלער־פּרעמיע, מעקסיקע 1962
162) ישראל עמיאָט — פאַרדעקטע שפּיגלען
163־164) הערשל ה. ווייַנרויך — קאָמיסאַרן (ראָמאַן)
165) ישעיה טרונק — געשטאַלטן און געשעענישן
166) אברהם זאַק — אין אָנהייב פון פרילינג
167) שלמה שאַפּירא — זכרונות פון אַ מאַראַן
168) ב. טערקעל — די זון פאַרגייט ביים אַמו־דאַריאַ
169) ד. זאַקאַליק — אין שטורעם
170) ג. קאַנטאָראָוויטש — פאַרשוווּנדענע ייִדישע ישובים
171) מלך ראַוויטש — צווייטער באַנד פון זכרונות
172) קהת קליגער — די שיינע רויז...
173) יצחק טורקאָוו־גרודבערג — אויף מיין וועג...

## עס גרייט זיך צום דרוק:

דוד לעדערמאַן — די לעצטע טריט
נחמן בלומענטאַל — ליטעראַטור אונטער דער נאַצי־אָקופּאַציע
ד״ר ל. וואָלמאַן — ייִדישע דאָקטוירים אין פוילן
יעקב צינעמאַן — די שטאָט ביים טייך סאַן

